


# שמינ׳ס ... גרויסע

# וועלט-ביבליאטעק



PT
2318
.Y5
A32
1908



# היינריך היינע.

(אַ ביאָגראַפישע סקיצע).

ווער איז היינריך היינע? —

וועגען איינעם אַ ענגלישען פּאָעט שטערן האָט אַמאָל היינריך היינע געשריבען פאָלגענדע ווערטער:

„ער איז געווען דאָס שוים-קינד פון דער בלייכער טראַגישער מוזע. איין מאָל, ווען עס איז אויף איהר אָנגעפאַלען אַ גרויזאַמע צערטליכקייט, האָט איהם די מוזע געקושט דאָס האַרץ אַזוי געוואַלדיג, אַזוי ליעבעס-שטאַרק, אַזוי היציג-זויגענד, אַז זיין האַרץ האָט אָנגעהויבען צו בלוטען און האָט פּלוצלונג פערשטאַנען אַלע שמערצען פון דער וועלט און איז אָנגעפילט געוואָרען מיט אונענדליכען מיטלייד. אָרעמעס, יונגעס פּאָעטישעס האַרץ! נאָר מנעמאָזינעס יונגערע טאָכטער, די ראָזיגע געטין פון לאַכען, איז שנעל צוגעשפּרונגען און האָט גענומען דאָס ליידענדע יונגעל אין איהרע אָרעמס, און האָט זיך בעמיהט איהם פרעהליכער צו מאַכען מיט לאַכען און זינגען, און האָט איהם אַלס צאַצקע געגעבען די קאָמישע מאַסקע און די נאַרישע גלעקעלעך, און האָט וויך געקושט זיינע ליפּען, און האָט איהם אויף זיי אַרויפגעקושט איהר גאַנצען לייכט-

זײַן, איהר גאַנצען טראַציגען פערלאַנג, איהר גאַנצע װיציגע אָנרײַצונג. און פון דעמאָלט אָן זעגען זײַן האַרץ און זײַנע ליפּען אַרײַנגעפאַלען אין אַ שרעקליכע סתירה; װען זײַן האַרץ איז אָפּט אויפגערעגט זעהר טראַגיש, און ער װיל אַרויסרעדען זײַנע טיעפסטע בלוטענדע געפיהלען פון האַרצען, דאַן, צו זײַן אײַגענער פערװאונדערונג, פלאַטערען אַראָב פון זײַנע ליפּען די לאַכעדיגסטע, װיציגסטע װערטער".

מיט די דאָזיגע װערטער קאָן מען צום בעסטען האַראַקטעריזירען טאַקי הײַנע'ן אַלײַן.

היינריך היינע איז געבאָרען געװאָרען אין דער ענדע פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט בײַ יודישע עלטערן אין די סעלדאָרף דעם 13־טען דעצעמבער; נאָר דאָס יאָהר פון זײַן געבורט איז נישט גענוי בעװאוסט: אַ טייל זאָגען, אַז דאָס איז געװען אין יאָהר 1797, אַנדערע װידער זאָגען, אַז אין יאָהר 1799.

זײַן פאָטער שמשון הײַנע, װעלכער איז געבאָרען געװאָרען אין האַנאָװער אין יאָהר 1765, איז אין יאָהר 1796 געקומען קײַן דיסעלדאָרף, װאו ער האָט געגרינדעט אַ טוך־געשעפט. װי הײַנע אַלײַן דערצעהלט, איז זײַן פאָטער געװען אַ גאַנץ פרעהליכער מענש, „זײַן שטימע האָט אַרײַנגעדרונגען גלײַך אין האַרצען אַרײַן, אַזוי װי זי װאָלט גאָרנישט געדאַרפט האָבען קײַן װעג דורכ'ן אויער". ער איז געװען אַ גאַנץ פעהיגער, געשיקטער מענש, און עס איז איהם געלונגען צו בעקומען אַלס פרוי די אײַנציגע טאָכטער פון דעם יודישען דאָקטאָר פאָן־געלדערן, די שענע פעירא, װעלכע מען האָט שפּעטער גערופען בעטי.

דאָס קינד, װאָס איז זײ געבאָרען געװאָרען, האָבען זײ אַ נאָמען געגעבען האַררי (אהרן); דעם נאָמען הײַנריך האָט הײַנע אָנגענומען ערשט שפּעטער, װען ער האָט זיך געטויפט. די מוטער האָט איהם זעהר זאָרגפעלטיג ערצויגען און האָט אויף איהם געהאַט אַ געװאַלדיגען אײַנדרוק. צום ערשטען האָט האַררי בעזוכט אַ קריסטליכע שולע, װאָס איז געװען בעשטימט דערהויפּט פאַר מײַדלעך, ערשט דערנאָך איז ער אַרײַנגעטרעטען אין אַ יודישע פריװאַט־שולע. פון יאָהר 1807

ביז 1814 האָט ער בעזוכט דאָס דיסעלדאָרפער ליצעאום. היינע איז נישט געווען קיין גוטער שילער, ווי מען איז געוועהנט דאָס אָנצונעמען, האָטש ער איז געווען זעהר פעהיג און איז גאַנץ פריה רייף געוואָרען.

זיין פאָטער האָט נישט געוואָלט, ער זאָל זיך אָבגעבען מיט שטודירען, נאָר ער זאָל בעסער ווערען אַ סוחר. אמת, ער אַליין האָט אין זיינע געשעפטען נישט געהאַט קיין גליק, דערפאַר אָבער איז זיין ברודער, שלמה היינע׳ן, געגאַנגען זעהר גוט און ער האָט אין האַמבורג געהאַט אַ אייגענע באַנק־קאַנטאָר. לויט זיין פאָטערס וואונש האָט ער געזאָלט אָנהויבען זיין קאַריערע אין פראַנקפורט אַם מאַין. אַהין האָט איהם דער פאָטער געבראַכט אין יאָהר 1815 און איהם אָבגעגעבען צו אַרבייטען ביי אַ באַנקיר אין געשעפט. היינע האָט אין געשעפט פערבראַכט פירצעהן טעג, נאָה אין פראַנקפורט איז ער געבליבען צוויי מאָנאַטען, כדי „צו שטידערען גאַנץ אַנדערע זאַכען", ווי ער האָט אַליין געזאָגט. דאַן איז ער צוריקגעפאָהרען צו זיינע עלטערן און האָט איינציגע מאָל ווידער געפרובט זיך נעהמען צו עפּעס אַ געשעפט. אין יאָהר 1816 איז ער געקומען קיין האַמבורג און מיט דער הילף פון זיין פעטער שלמה היינע, האָט ער געעפענט אַ אייגענע געשעפט אונטערן נאָמען „האַררי היינע עט קאָמפּ."; דאָס איז געווען אין יאָהר 1818, נאָר נאָך איידער עס איז פערביי אַ יאָהר האָט ער דאָס געשעפט געמוזט ליקווידירען.

אין יענער צייט האָט היינע דורכגעלעבט זיין ערשטען ראָמאַן, וועלכען ער האָט זיין גאַנץ לעבען נישט פערגעסען. ער האָט זיך שטערבליך פערליעבט אין זיין קוזינע אַמאַליע, זיין פעטערס טאָכטער. צום ערשטען האָט עס אויסגעזעהן, ווי זי ליעבט איהם אויך, אָבער דערנאָך איז זי פערלאָבט געוואָרען מיט אַנ׳אַנדערן. היינע׳ס ליעבע צו איהר איז געווען זעהר אַ טיעפע און אַ שטאַרקע, און אַ דאַנק דיזער ליעבע האָט ער אָנגעהויבען שרייבען זיינע ערשטע געדיכטע.

עפענטליך איז היינע אַרויסגעטרעטען אַלס דיכטער צום ערשטען מאָל אין דעם זשורנאַל „האַמבורגער וועכטער", אין וועלכען ער האָט אין יאָהר 1817 אָבגעדרוקט איינציגע ליעדער אונטער דעם פסעוודאָנים „סי פריידהאָלד ריעזענהאַרף"

(צוזאַמענגעשטעלט פון די אותיות „דיסעלדאָרף“ און „האַרדי היינע). אין דיזע ליעדער האָט מען שוין דערקענט דעם קינפטיגען גרויסען טאַלענט.

זיין רייכער פעטער האָט אָבער נישט שטאַרק געהאַלטען פון פאָעזיע און האָט גאָרנישט געוואָלט וויסען פון האַרדי'ס פאָעטישען טאַלענט. ער האָט ערקלערט, אַז ער איז בערייט אויסצוהאַלטען האַרדי'ן אויף זיין חשבון דריי יאָהר, נאָר מיט דעם תנאי, אַז ער זאָל אַריינטרעטען אין אוניווערזיטעט, ענדיגען יוריספרודענץ און זאָל דערנאָך קומען אין האַמבורג פּראַקטיצירען אַלס אַדוואָקאַט.

דעם עקזאַמען בייים אַריינטרעטען אין אוניווערזיטעט האָט ער אַפּילו נישט זעהר גוט אָבגעגעבען, דאָך איז ער אָנגענומען געוואָרען אין דער באָנער אוניווערזיטעט צו שטודירען די רעכטס-וויסענשאַפטען. נאָר וועגען די דאָזיגע וויסענשאַפטען, וואָס האָבען געזאָלט ווערען זיין פאַך, האָט זיך היינע גאַנץ ווייניג געקימערט, ווייל זיי האָבען זיין האַרץ גאָרנישט צוגעצויגען. דערפאַר אָבער האָט ער זעהר פלייסיג שטודירט היסטאָרישע, ליטעראַרישע און קונסט-וויסענשאַפטען. אין באָן האָט זיך היינע בעקאַנט מיט איינינגע בערימטע לייט פון יענער צייט, און איינינגע פון זיי האָבען אויף איהם געהאַט זעהר אַ גרויסען איינפלוס. צו יענער צייט איז זיין פאָעטישע טעטיגקייט נאָך גרעסער געוואָרען; ער האָט פערענדיגט איינינגע ליעדער, וועלכע ער האָט אָנגעהויבען אין האַמבורג, און געשריבען נייע. אין באָן האָט היינע אויך אָנגעהויבען זיין זשורנאַליסטישע טעטיגקייט. אין דעם סטודענטישען לעבען האָט זיך היינע אויך בעטייליגט, נאָר אַ ביסעל אָב-געהאַלטענער; ער איז געוועזען אַ מיטגליעד פון דער „בורשענשאַפט“ און האָט געטראָגען דאָס שוואַרץ-רויט-גאָלדענע באַנד און די רויטע מיץ, נאָר ער האָט זיך נישט אָבגעגעבען מיט די צו גרויסע סטודענטישע אַוואַנטורען. ער האָט נישט געראויכערט און נישט געטרינקען.

די פריינד זיינע האָבען זיך אָבער אַרומגעזעהן, אַז היינע'ס שטודיום אין באָן געהט גאַנץ שווער, און דעריבער האָבען זיי איהם געצוואונגען אין הערבסט פון יאָהר 1820 פערלאָזען די באָנער אוניווערזיטעט. אַ קורצע צייט האָט ער פערווײלט

ביי זיינע עלטערן, און דאַן האָט ער מעהרערע וואָכען געמאַכט א רייזע צו פוס דורך וועסטפאַלען ביז געטינגען. די איינ־דריקען, וואָס ער האָט געהאַט פון דער דאָזיגער רייזע, האָט ער געשילדערט אין זיין בעריהמטען בוך „די האַרצרייזע".

אין געטינגען איז היינע ווידער אָנגעקומען אין אוני־ווערזיטעט, נאָר דאָ איז עס אויך ניט געגאַנגען בעסער ווי אין באָן. אַנשטאָט צו שטודירען דאָס, פון וואָס ער דאַרף שפּעטער ציהען פרנסה, ד. ה. די רעכטס־וויסענשאַפטען, האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט היסטאָריע און ליטעראַטור. נאָר אין געטינגען האָט ער ניט לאַנג פערבראַכט: איין מאָל, ווען היינע איז געזעסען ביים מיטאָגס־טיש האָט ער זיך צעווערטעלט מיט איינעם א סטודענט און האָט איהם אַרויסגערופען אויף א דועל. אַלס דער פּראָרעקטאָר האָט זיך דאָס דערוואוסט האָט ער איהם אַרויסגעטריבען פון געטינגען אויף א משך פון א האַלב יאָהר.

דאַן, אין יאָהר 1821, איז היינע אַוועק קיין בערלין. דאָס איז פאַר איהם געווען א זעהר וויכטיגער שריט, ווייל אין דער הויפטשטאָדט בערלין האָט ער געהאַט די געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט די בעריהמטעסטע מענשען פון יענער צייט, מיט גייסטיגען לעבען, מיט אַלערליי נייע אידעען און שטרע־מונגען, וועלכע האָבען אויף איהם שטאַרק געווירקט, און ער איז אין גיכען געוואָרען זעהר ענטוויקעלט.

אין בערלין האָט ער פערבראַכט דריי יאָהר, אַלץ שטו־דירענדיג פלומרשט די יוריספּרודענץ, נאָר אין אמת'ען האָט ער גאַנץ וועניג זיך אינטערעסירט מיט זיין שטודיום. אַנשטאָט דעם האָט ער אונטער דיעזער צייט געשאַפען פיעל פון זיינע בעריהמטעסטע פּאָעטישע ווערק, און ער האָט שוין אָנגעהויבען צו ווערען בעריהמט.

ווי אין באָן אַזוי אויך אין געטינגען האָט זיך היינע אַפילו גאַנץ ווייט געהאַלטען פון די יודישע קרייזען, נאָר דאָך האָט זיין יודישע אָבשטאַמונג און זיין ערציהונג געהאַט אויף איהם א גרויסע ווירקונג און ער האָט זיי גאַנץ טיעף אין האַרצען גע־פיהלט, בפרט נאָך ווען ער האָט איינגעזעהן, אז צוזאַמען מיט אַלע איבעריגע יודען איז איהם אויך אויסגעקומען צו ליידען פון אונגערעכטיגער בעדריקונג. אין בערלין איז איהם אויס־

געקומען זיך געהנטער צו בעקענען מיט די יודישע קרייזען, בעזונדערס מיט עדוארד גאנז, לעאפאלד צונץ און משה מאזער, וועלכע האבען געשטרעבט איינצופיהרען רעפארמען אין יודי־שען לעבען, כדי עס צוצופאסען צו די פארערונגען פון דער נייער צייט. צו דעם צוועק האבען זיי אין יאהר 1819 געגרינ־דעט א „פעראיין פאר קולטור און וויסענשאפט פון די יודען".
פון יאהר 1822 איז היינע געווארען א פלייסיגער מיטגליעד פון דעם דאזיגען פעראיין; א געוויסע צייט האט ער זאגאר זיך אונטערגענומען צו זיין א לעהרער פאר היסטאריע אין א בערלינער שולע פאר יודישע יונגלעך.

דערווייל אבער האט מען איהם געדרונגען, ער זאל וואס גיכער ענדיגען זיין שטודיום. די לאגע פון זיינע עלטערן איז ערגער געווארען, דאס געשעפט איז געגאנגען שלעכט און זיין פאטער האט עס געמוזט אבלאזען. פונ'ם קליינעם קאפיטאל, וואס איז איהם געבליבען, האט ער קוים געקאנט ערנעהרען די פאמיליע. היינע איז דאן אוועקגעפאהרען צו זיינע על־טערן, כדי זיך דארט צוגרייטען אבצולעגען א עקזאמען אויף א אדוואקאט, נאר אפילו אין דער צייט, ווען ער האט געמוזט זיין איינגאנצען פערטהון מיט זיין שטודיום, האט ער זיך אויך מעהר אינטערעסירט מיט דער פאעזיע און האט אונטער דער צייט געשאפען פיעל בעריהמטע ווערק.

נאר דאך האט ער געמוזט זעהן ענדיגען וואס גיכער זיין שטודיום, אויב ניש, וואלט איהם אויסגעקומען זיך צו צעקריגען מיט זיין רייכען פעטער, וועלכער האט איהם אויס־געהאלטען. ער איז ווידער געפאהרען אין געטינגען ענדיגען זיין שטודיום, און דאך האט ער נישט אויפגעהערט צו שאַ־פען אין ליטעראטור, צו וועלכער עס האט איהם געצויגען אהן אויפהער. צו יענער צייט האט ער צווישען די איבעריגע בעקלערט און אנגעהויבען צו בעארבייטען זיין בעריהמטען ראמאן „דער רבי פון באכאראך".

ענדליך האט היינע דעם 3־טען מערץ פון יאהר 1825 אבגעלעגט א עקזאמען. נאר ער האט דאן געקלערט, אז כל זמן ער וועט בלייבען א יוד, וועט ער קיין צוטריט ניש האבען אין די נויטיגע ערטער, און עס וועט איהם זעהר שווער זיין

צו מאַכען אַ קאַריערע, און טראָץ דעם, וואָס היינע איז געווען אַ יוד מיט'ן גאַנצען האַרצען, האָט ער דאָך איינגעשטימט איבערצוגעהן כלומרשט צו'ם קריסטליכען גלויבען, און דאָס האָט איהם זיין גאַנץ לעבען פערשאַפט געוואַלדיגע געוויסענס-ביסען און שאַרפע ליידען.

געטויפט האָט ער זיך צוליעב זיין אַדוואָקאַטען-קאַריערע, נאָר מיט דער דאָזיגער קאַריערע איז איהם געגאַנגען ווי מיט זיין סוהרישער קאַריערע: ער האָט נישט געהאַט קיין הצלחה; און ענדליך האָט ער געמוזט מודה זיין, אַז ער איז צו דעם אַלעם נישט פעהיג און האָט בעשלאָסען זיך אָבצוגעבען נאָר מיט ליטעראַטור. אין די יאָהרען 1826 און 1827 האָט ער אָנגעהויבען אַרויסגעבען זיינע פּאָעטישע און פּראָזאַאישע ווערק. דער ערפאָלג, וואָס דיזע ווערק האָבען געהאַט, איז געווען אונגעהויער גרויס. מען האָט באַלד אַנערקענט, אַז מען האָט דאָ צו טהון מיט אַ פּאָעט און אַ שריפטשטעלער פון דער ערשטער מדרגה.

דאַן האָט היינע פאָרגעלעגט דעם פערלעגער קאַמפּע אַרויסצוגעבען זיינע ליעדער אין איין בוך. דער פערלעגער האָט צו'ם ערשטען גאָרנישט געוואָלט הערען וועגען דעם, נאָר נאָך אַ לאַנגען צורעדען האָט ער איינגעשטימט אַרויסצוגעבען דאָס בוך אויף זעהר שלעכטע בעדינגונגען פאַר היינע'ן: פאַר 50 לואידאָרען, און דאָס אויך נישט באַרע געלד, האָט היינע פערלאָרען דאָס רעכט אויף אַלע אויפלאַגען פון דיזען בוך.

דאָס איז געווען דאָס „בוך דער ליעדער", וועלכעס האָט געווירקט אויף אַלעמען ווי אַ פייער און האָט אויסגעהאַלטען אָהן אַ שיעור אויפלאַגען. קאַמפּע, דער פערלעגער, איז פון דאָס דאָזיגע קליינע ביכעל רייך געוואָרען, נאָר היינע איז געבליבען דער זעלבער קבצן ווי פריהער.

צו דער זעלבער צייט האָט ער אַרויסגעגעבען זיינע „רייזע-בילדער", אין וועלכע ער בעריהרט די פּאָליטישע פראַגען און האָט געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג אַלס פּאָליטישער פּובּליציסט. אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט ער רעדיגירט מינכען אַ פּאָליטישע צייטונג, וועלכע איז אָבער אין אַ האַלב יאָהר אַרום אָבגעשטעלט געוואָרען. אין מינכען האָט ער זיך

בעקאַנט מיט אַ מיניסטער, און האָט פון איהם געהאָפט צו בעקומען אַ רעגיערונגס־שטעלע. ער האָט צו דעם צוועק געמאַכט אַ רייזע קיין איטאַליען, נאָר אײדער ער איז נאָך געקומען קיין רוים האָט ער דערהאַלטען אַ ידיעה, אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבען (אין יאָהר 1828).

זיין האָפנונג צו בעקומען אַ רעגיערונגס־שטעלע האָט איהם אָבגענאַרט. היינע האָט זיך ווייטער בעשעפטיגט מיט פּאָליטיק און פּובליציסטיק. ער איז געוואָרען איינער פון די הויפּט־קעמפּפער פאַר דער פרייהייט. אין יענער צייט האָבען אָנגעהויבען אָנקומען ידיעות וועגען דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. היינע האָט בעשלאָסען צו פאָהרען קיין פּאַריז. איידער ער איז אָבגעפאָהרען אין פּאַריז האָט ער פערבראַכט אַ קורצע צייט אין האַמבורג, וואו איהם איז אויסגעקומען איבערצולעבען אַ פּאָגראָם אויף יודען, פון וועלכען עס האָט אויך געליטען זיין פעטער, שלמה היינע. דעם 3־טען מאַי פון יאָהר 1831 איז היינע אָנגעקומען אין פּאַריז.

אין פּאַריז האָט ער געשריבען אין דייטשע צייטונגען וועגען פּאָליטיק; זיינע פּאָליטישע אַרטיקלען זענען אויך געדרוקט געוואָרען אין בעזונדערע בראָשורען. נאָר באַלד אין גיכען האָט די דייטשע רעגירונג אָנגעהויבען איהם שטאַרק רודפ'ן, ווייל ער האָט געלויבט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און קריטיקירט די דייטשע רעגיערונג. נאָך פריהער זענען אַלע זיינע פּאָליטישע ווערק פערבאָטען געוואָרען; איצט איז עס דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז היינע'ן איז פערבאָטען געוואָרען צוריקצוקומען אין דייטשלאַנד. נאָר וואָס מעהר די רעגיערונג האָט איהם פערפאָלגט, אַלץ בעריהמטער איז ער געוואָרען. יעדעס פון זיינע ווערק איז געלעזען געוואָרען נאָך פיעל מעהר גראַדע, ווייל זיי זענען געווען פערבאָטען. צו דער זעלבער צייט איז מען אויך אין פראַנקרייך געוואָרען זעהר אויפמערקזאַם אויף איהם; מען האָט איהם דאָרט גערופען „אַ כמעט פראַנצויזישער זשעניע". באַלד האָבען איהם איינגעלאַדען די בעסטע פראַנצויזישע זשורנאַלען מיטצואַרבייטען אין זיי, און היינע האָט געדרוקט אין זיי אַ גאַנצע רייהע אַרטיקלען פון ליטעראַרישען, היסטאָרישען און פילאָזאָפישען אינהאַלט.

אויך אין דייטשלאַנד איז אונטער דער דאָזיגער צייט ערשינען אַ גאַנצע רייהע פון זיינע פּאָעטישע און פּאָליטישע ווערק, פון וועלכע מיר וועלען בעזונדערס דערמאָהנען זיין בוך „איבער בערנע". צום ערשטען איז היינע געוועזען זעהר בע־פריינדעט מיט דעם בעריהמטען פּאָליטישען קעמפּפער לודוויג בערנע (אויך אַ געטויפטער יוד), און זייערע מיינונגען איבער פּאָליטיק האָבען געשטימט מיט אײנאַנדער. נאָר מיט דער צייט וועגען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און האָבען געפיהרט אַ שאַר־פע פּאָלעמיק. אין דער בראָשורע „איבער בערנע" האָט היינע צו שאַרף אַרויסגעטרעטען קעגען איהם, און פיעל פון זיינע דייטשע פריינד וועגען איהם דעריבער געוואָרען שונאים. היינע האָט אין דיעזער בראָשורע געהאַט גערעדט אויך וועגען בער־נע'ס אַ פריינדין מיט אַ זעהר מיאוס'ען טאָן, און דער מאַן פון דיעזער פרוי, שלמה שטרויס פון פראַנקפורט, האָט היינע'ן דעריבער אַרויסגערופען אויף אַ דועל, וועלכער איז פאָרגע־קומען דעם 7־טען סעפּטעמבער פון יאָהר 1841.

אַכט טאָג פאַר דעם האָט זיך היינע פערהייראַטעט מיט מאַטילדע קרעסצענצע מיראַט. זי איז געוועזען אַ איינפאַכע, אונגעבילדעטע דאָרפס־מיידעל, וועלכע איז אָנגעקומען צו איה־רער אַ מוהמע אין פּאַריז אַלס פערקויפערין אין איהר שוה־געוועלב. היינע האָט זיך מיט איהר בעקאַנט, און זיי האָבען זיך פערליעבט. זי איז געוועזען אַ גוטע, טיכטיגע פרוי, וועלכע האָט זיך בעטייליגט אין זיין פרייד און לייד, און בעזונדערס איז זי איהם געוועזען איבערגעגעבען און געטריי שפּעטער, ווען ער איז קראַנק געוועזען און האָט אַזוי געדאַרפט האָבען אַ וועכטערין און אַ פערזאָרגערין.

איצט אָבער איז פאַר איהם אָנגעקומען אַ שווערע צייט פון נויט און דלות. טראָץ דעם, וואָס ער איז שוין געוועזען אַזוי בעריהמט, האָט איהם זיין פעדער גאַנץ וועניג איינגע־בראַכט, האָטש זי האָט רייך געמאַכט זיינע פערלעגער. פון יאָהר 1837 ביז יאָהר 1848 האָט היינע בעקומען שטיצע פון דער פראַנצויזישער רעגיערונג 4800 פראַנק אַ יאָהר, אַלס איינער פון די וועניגע, וועלכע האָבען צוליעב זייערע איבערצייגונגען געליטען אין זייער פאָטערלאַנד און צוגעשטאַנען צו דער פראַנ־

צוויזישער רעוואָלוציע. אַזאַ סומע פלעגט היינע אויך בעקומען פון זיין פעטער שלמה היינע יעדעס יאָהר, און האָטש היינע איז געוועהנט געוועזן ברייט צו לעבען, דאָך איז ער ווי אָן געוועזן אַ נערוועז־קרענקליכער, און דערצו נאָך האָט זיין עס איז אויסגעקומען. נאָר אין יאָהר 1843 איז זיין פעטער געשטאָרבען, און דער יורש קאַרל היינע האָט נישט געוואָלט ווייטער געגעבען די שטיצע, ווייל זי איז נישט געוועזן בפירוש דערמאָהנט אין דער צואה. היינע האָט געמוזט פערפיהרען אַ פראָצעס, וועלכען ער האָט אין אַ לאַנגע צייט אַרום אפילו יאָ געוואונען, נאָר דערווייל האָט ער איהם פערשאַפט וועהר פיעל קרענקונג, און פון גרויס עגמת נפש האָט זיך מיט איהם אין יאָהר 1845 געטראָפען אַ נערווען־שלאַג.

ווי עס ווייזט אויס איז היינע שוין פון געבאָרען שאַג לעבען, וואָס איז נישט געוועזן קיין גאַנץ נאָרמאַלעס, פערשאַפט זיין נערווען־שוואַכקייט און אויך האָט ער געליטען פון אַנדערע זאַכען. פון אָנהויב יאָהר 1848 איז זיין געזונדס־צושטאַנד זעהר שלעכט געוואָרען. אין מאַי פון יענעם יאָהר האָט ער זיך געמוזט צו בעט לעגען און איז פון זיין קראַנקען־בעט שוין מעהר נישט אויפגעשטאַנען ביז זיין טויט, וואָס איז ערשט געקומען אין אַכט יאָהר אַרום. גאַנצע אַכט יאָהר איז ער געלעגען ווי אַ געבונדענער אין שרעקליכע ליידען און שמערצען.

אונטער דער דאָזיגער צייט האָט היינע נאָך אַרויס־געגעבען אַ גאַנצע רייהע פאָעטישע ווערק. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך פיעל געאַרבייט ביי זיינע „מעמואַרען", וועלכע זענען אָבער נאָך זיין טויט פערשוואונדען געוואָרען, ווי עס ווייזט אויס האָבען זיינע קרובים זיי פערניכטעט, ווייל היינע האָט זיי אין די „מעמואַרען" געשילדערט נישט אין זעהר העלע פאַרבען.

4 דעם זייגער פאַרטאָג דעם 17־טען פעברואַר פון יאָהר 1856 איז היינע געשטאָרבען. עס איז בעוואוסט, אַז פאַר זיין טויט האָט היינע חרטה געהאַט אויף זיין איבערגאַנג צום קריסטענטום און ער האָט שטאָלצירט מיט דעם, וואָס ער איז אַ יוד. אַז היינע איז אין האַרצען געבליבען אַ געטרייער יוד,

קאָן מען אויך אַרויסזעהן פון זיינע ווערק, בעזונדערס פון זיינע יודישע ווערק.

---

עס איז נישט דאָ דער אָרט, אין אַזאַ קורצגעפאַסטע ביאָגראַפיע, צו שילדערן היינע'ס בעדייטונג אין דער וועלט-ליטעראַטור, בפרט נאָך, אַז דער יודישער לעזער האָט נישט פאַר זיך קיינע ביישפּיעלען פון היינע'ס שאַפען. מיר פיהרען דעריבער דעם לעזער גלייך איבער צו היינע'ן גופא, און נאַטירליך, קודם-כל — צו זיין יודישעס ווערק „דער רבי פון באַכאַראַך".



# דער רבּי פוּן באַכאַראַך.

(אַ פראַגמענט).

---

## קאַפּיטעל I.

ניעדעריגער אַראָבּ־צו פוּן רהיין־שטראָם, דאָרט וואו די בּרעגען פוּן שטראָם פערליערען זייער לאַכענדע מינע, די בּערג און די פעלזען מיט זייערע אונגעוועהנליכע הורבות פוּן פעסטונגען און שלעסער שטעלען זיך פאָר מוראדיגער און אָרום און הערשט אַ ערנסטערע, ווילדערע הערליכקייט, דאָרט ליעגט אַזוי ווי אַ פורכטבּאַרע לעגענדע פוּן פאַרצייטען, די פינסטערע, אוראַלטע שטאָדט בּאַכאַראַך. נישט שטענדיג זענען געוועזען אַזוי צעפוילט און איינגעפאַלען די דאָזיגע מויערן מיט זייערע בּלינדע וועכטער־טורעמס, וואָס אין זייערע שפּאַלטען פייפט איצט דער ווינד און די שפּאַצען האַלטען זייערע נעסטען; אין די דאָזיגע אָרעמע, בּלאָטיגע, מיאוס'ע גאַסען, וועלכע מען דערזעהט דורכ'ן צעשטערטען טויער, האָט נישט שטענדיג געהערשט יענע וויסטע שטילקייט, וועלכע ווערט נאָר פוּן צייט צו

צײַט איבערגעריסען פון שרײַענדע קינדער, שילטענדע ווײַבער, און ברומענדע קיה. די דאָזיגע מויערן זענען אַמאָל געווען שטאָלץ און שטאַרק, און אין די דאָזיגע גאַסען האָט זיך אַמאָל בעוועגט פרישעס, פרײַעס לעבען, מאַכט און פראַכט, פרעהליכקײַט און טרויער, פיעל ליעבע און פיעל שנאה. באַכאַראַך איז אַמאָל געווען איינע פון יענע שטעדט, וואָס די רוימער האָבען געגרינדעט אין דער צײַט פון זייער הערשאַפט איבער'ן רהיין, און די אײַנוואָהנער, האָטש עס זענען דערנאָך געקומען אויף זיי זעהר שטורמישע צײַטען און האָטש זיי זענען שפּעטער אַרונטערגעפאַלען אונטער דער הערשאַפט פון האָהענשטויף און צום לעצטען אונטער דער הערשאַפט פון וויטעלסבאַך, דאָך איז זיי געלונגען, לויט דעם בײַשפיעל פון פיעל אַנדערע רהיינישע שטעדט, אײַנצוהאַלטען פאַר זיך אַ פרײַ לעבען. די פיהרונג פון דער שטאָדט איז געווען איבערגעגעבען צו אַ פעראײניגונג פון אײַנצעלנע קאָרפּאָראַציעס; די קאָרפּאָראַציע פון די פּאַטריצישע אַלטבירגער און די קאָרפּאָראַציע פון די צעהען, וועלכע איז ווידער צעטיילט געווען לויט די פערשידענע פּראָפעסיעס, פלעגען זיך שטענדיג אַרומקריעגען צווישען זיך, ווײַל יעדע פון זיי האָט געחאָלט בעקומען די מאַכט אין איהרע הענד, אַזוי אַז אַקעגען אויסענווענדיג פלעגען זיי זײַן פעסט פעראייניגט כדי זיך צו בעשיצען און צו קעמפּפען מיט דעם שכנות'דיגען רויב-אַדעל, אינווענדיג אָבער האָבען זיי שטענדיג געפיהרט מחלוקת צוליעב זייערע אינטערעסען; דעריבער האָבען זיי גאַנץ וועניג געלעבט צוזאַמען פרײַנדליך, דערפאַר איז צווישען זיי געווען זעהר פיעל אונצוטרויען, און אָפט פלעגען זאָגאַר אויסברעכען סכסוכים. דער הערשענדער פאָגט (דער הויפט פון שטאָדט) איז געזעסען אין דעם הויכען שלאָס סאַרעק, און פלעגט אַראָבפליהען יעדעס מאָל, ווען מען האָט איהם גערופען, און אויך פיעל מאָל, ווען מען האָט איהם אפילו נישט גערופען. די גײַסטליכע האָבען געהערשט אין פינסטערניש דורך די פערפינסטערונג פון דעם גײַסט. איין קאָרפּאָראַציע, וואָס איז אַם מייסטען געווען אָבגעזונדערט, אָהנמעכטיג און ביסלעכווײַז בעראויבט פון אַלע בירגערליכע רעכטע, איז געווען די געמיינדע פון יודען, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין באַכאַראַך נאָך אין דער צײַט פון די רוימער, און שפּעטער, ווען מען האָט יודען שטאַרק גע'רודפ'ט, האָבען זיי צווישען זיך אַרײַנגענומען גאַנצע מחנות נײַ־אָנגעקומענע יודען, וועלכע זענען

אַנטלאָפֿען צו זוכען רעטונג בײַ זיי.

די גרויסע רדיפות און פֿערפֿאָלגונגען אויף יודען האָבען זיך אָנגעהויבען מיט די קרייץ־צוגען און צום שרעקליכסטען זענען זיי געווען אין מיטען פֿון 14־טען יאָהרהונדערט, בשעת דער ענדע פֿון דער מגפֿה, וועלכע האָט, ווי אַנדערע עפּענטליכע אינגליקען, אויסגעבראָכען מסתמא דורך די יודען; מען האָט פֿערזיכערט, אַז זיי האָבען אַראָבגעבראַכט גאָטס צאָרן, און מיט דער הילף פֿון קרעציגע האָבען זיי פֿערגיפֿטעט די ברונענס. די גרייצטע מאַסע, בעזונדערס די מהנות פֿון די פֿלאַזשעלאַנטען, ד. ה. האַלבנאַקעטע מענער און ווייבער, וואָס האָבען תשובה געטהון און זיך דעריבער אַליין געפּייניגט און דערבײַ געזונגען פֿרומע ליעדער, זענען דורכגעגאַנגען דורך דער גאַנצער רהיין־געגענד און דורך דאָס איבעריגע דרום־דײַטשלאַנד, און אונטערוועגס האָבען זיי דערמאָלט אויסגעהרג׳עט פֿיעל טויזענדער יודען, אָדער זיי געפּייניגט, אָדער געצוואונגען זיי צום שמד. א צווייטע בעשולדיגונג, וואָס האָט נאָך פֿון פֿריהערער צייט, דורכ׳ן גאַנצען מיטעלאַלטער ביז׳ן אָנהויב פֿון פֿאָריגען יאָהרהונדערט, געקאָסט די יודען זעהר פֿיעל בלוט און שרעק, איז געווען דער נאַרישער, אונזיניגער בלבול, וועלכער איז אין די כראָניקען און לעגענדען וויעדערהאָלט געוועזען ביז צום עקעל, אַז די יודען גנבה׳נען די קריסטליכע הייליגע האָסטיען, וועלכע זיי שטעכען דורך מיט מעסערס, ביז עס רינט אַרויס בלוט, און אַז אום פּסח שעכטען זיי קריסטליכע קינדער, כדי צו טרינקען זייער בלוט צום סדר. די יודען, וועלכע זענען פֿון שטענדיג אָן געווען פֿערהאַסט צוליעב זייער גלויבען, צוליעב זייער רייכקייט און צוליעב זייערע הובות, וואָס זיי האָבען געהאַט בײַ קריסטען, זענען אין יענע צייט אינגאַנצען געווען איבערגעגעבען אין די הענד פֿון זייערע פֿײַנד, וועלכע האָבען זעהר לייכט געקאָנט זיי אונטערברענגען, ווען זיי האָבען נאָר פֿערשפּרייט אַזאַ מין ידיעה, אַז מען האָט ערמאָרדעט אַ קינד, אָדער גאָר אונטערגעוואָרפֿען אין אַ יודיש הויז אַ בלוטיגען קערפּער פֿון אַ קינד, און זענען בײַנאַכט בעפֿאַלען אויף דער יודישער פֿאַמיליע, און דאַן האָט מען געמאָרדעט, גערויבט און גע׳שמד׳ט, און גרויסע וואונדער זענען געשעהן דורך דאָס טויטע געפֿונענע קינד, וועלכעס די קירכע האָט סוף כל סוף געמאַכט פֿאַר אַ הייליגען. אַזאַ מין הייליגער איז געוועזען סאַנקט ווערנער, און פֿון זײַן כבוד וועגען איז

אין אָבערוועזעל געגרינדעט געוואָרען יענע פּראַכטיגע אַבטיי, וואָס איצט שטעלט זי פאַר בײַם רהײַן איינע פון די שענסטע הורבות, און מיט דער גאָטישער שענקײַט פון איהרע לאַנגע שפּיצבויגיגע פענסטער, מיט איהרע שטאָלץ־אַרויסשטעקענדע זײַלען און מיט איהרע שענע שטיין־שניצערײַען ענטציקט זי אונז אַזוי פיעל, ווען מיר פאָהרען פערבײַ־איהר אין אַ היַטערן גרינעם זומער־טאָג און מיר ווייסען ניט, וואָס זי איז אַמאָל געווען און ווי אַזוי זי איז אויפגעקומען. צום כבוד פון דעם דאָזיגען הײַליגען זענען בײַם רהײַן געבויט געוואָרען נאָך דרײַ אַנדערע גרויסע קירכען, און יודען אָהן אַ שעור זענען געטוידט אָדער געפּײַניגט געוואָרען. דאָס איז געשעהן אין יאָהר 1287, און אויך אין באַכאַראַך, וואו עס איז געבויט געוואָרען איינע פון די דאָזיגע סאַנקט־ווערנער־קירכען, זענען די יודען אויסגעשטאַנען פיעל צרות און יסורים. דאָך צוויי הונדערט יאָהר נאָך דעם איז זיי שוין נישט אויסגעקומען צו לײַדען פון אַזעלכע אָנפאַלען פון פאָלקס־צאָרן, האָטש מען האָט זיי נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט פײַנד צו האָבען, און זייער לעבען איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין געפאַהר.

נאָר וואָס מעהר די שנאה פון דרויסען האָט זיי געדריקט, אַלץ מעהר פעראייניגט און פערטרויט האָבען די יודען פון באַכאַראַך געלעבט צווישען זיך, אַלץ טיעפער און שטאַרקער איז געוואָרען זייער פרומקײַט און יראת־שמים. אַ מוסטער פאַר אַלעמען, ווי זיך צו פיהרען ווי גאָט האָט געבאָטען, איז געווען דער דאָרטיגער רב רבי אברהם, וועלכער איז נאָך געווען אַ יונגער מענש, נאָר צוליעב זײַן גרויסקײַט אין לערנען איז ער שוין געווען ווײַט און ברייט בערימט. ער איז געבאָרען געוואָרען טאַקי אין דער זעלבער שטאָדט, און זײַן פאָטער, וועלכער איז אויך דאָרט רב געווען, האָט איהם אָנגעזאָגט פאַר'ן טויט, אַז ער זאָל אויך ווערען רב אין ער זאָל די שטאָדט באַכאַראַך קיינמאָל נישט פערלאָזען, אפילו ווען זײַן לעבען וועט דאָרט שטעהן אין סכנה. דער דאָזיגער בעפעהל און אַ שאַפע מיט זעלטענע ביכער — דאָס איז געווען אינגאַנצען, וואָס עס האָט איהם איבערגעלאָזט זײַן פאָטער, וועלכער האָט דורכגעלעבט זײַנע יאָהרען אין אָרעמקײַט און אין לערנען. דאָך איז רבי אברהם געווען זעהר רײַך; זײַענדיג פערהייראַטעט מיט דער איינציגער טאָכטער פון זײַן פאָטערס ברודער, וועלכער האָט זיך בעשעפטיגט מיט'ן האַנדעל פון

טײַערע שטײנער, האָט ער נאָך זײַן טויט געירשה'נט זײַן גאַנץ גרויסעס פערמעגען. אײניגע שלעכטע צינגער אין שטאָדט האָבען אפילו גע־געבען אָנצוהערעניש, אַז דער רב האָט התונה געהאַט מיט זײַן פרוי טאקי נאָר צוליעב איהר געלד. נאָר אַלע ווײַבער האָבען דאָס אָב־געלייקענט, און זיי האָבען אויך געוואוסט צו דערצעהלען פערשידענע מעשיות, ווי דער רב איז נאָך פאַר זײַן רײַזע נאָך שפּאַניען שוין געווען פערליעבט אין שרה'ן — אײגענטליך האָט מען זי גערופען די שענע שרה — און ווי שרה האָט זיעבען יאָהר געמוזט וואַרטען, ביז דער רב איז צוריקגעקומען פון שפּאַניען, און דערצו נאָך האָט ער זי מקדש געווען קעגען איהר פאָטערס ווילען און אויך קעגען איהר אײגענער אײַנשטימונג. וואָרום יעדער יוד קאָן אַ יודיש מעדעל מאַכען פאַר זײַן געזעצליכע פרוי, ווען עס געלינגט איהם, איהר אָנצוטהון אויפ'ן פינגער אַ קידושין־פינגערל זוּן דערבײַ צו זאָגען די ווערטער: „הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל!"— דערמאָהנענדיג שפּאַניען פלעגען מענשען מיט שלעכטע צינגער שמייכלען דערבײַ גאַנץ בעזונדערס; און דאָס איז געווען צוליעב אַ דונקעלער ידיעה, אַז רבי אברהם האָט אין דער גרויסער ישיבה אין טאָלעדאָ אפילו זעהר פלײַסיג געלערנט די תורה, נאָר צוזאַמען דערמיט האָט ער אויך אָנגענומען קריסטליכע מנהגים און האָט אַרײַנגעזויגען אין זיך דעם גײַסט פון פרײַדענקען, גלײַך ווי יענע שפּאַנישע יודען, וועלכע זענען דעמאָלט געשטאַנען אויף אַ זעהר הויכע מדרגה פון בילדונג. גאָר אינוועניג אין האַרצען האָבען אפילו די מענשען מיט די שלעכטע צינגער אויך ניט געגלויבט, אַז די דאָזיגע ידיעה זאָל זײַן אמת. וואָרום פון זינט דער רב איז צוריקגעקומען פון שפּאַניען האָט ער זיך געפיהרט אין לעבען זעהר ריין, פרום און ערנסט, די קלענסטע דינים און מנהגים האָט ער אָבגעהיט מיט דער גרעסטער שטרענגשאַפט, אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג פלעגט ער פאַסטען, און נאָר אום שבת און יום־טוב פלעגט ער עסען פלײש און טרינקען ווײַן; דעם גאַנצען טאָג האָט ער פערבראַכט אין דאַוונען און לערנען, בײַטאָג פלעגט ער לערנען גאָטס תורה מיט תלמידים, וועלכע זענען זיך אָנגעפאָהרען קײַן באַכאַראַך צוליעב זײַן רוהם, און בײַנאַכט פלעגט ער בעטראַכטען די שטערן פון הימעל אָדער די אויגען פון דער שענער שרה. קײַן קינדער האָט דער רב ניט געהאַט, און דאָך האָט אַרום איהם ניט געפעהלט קײַן לעבען און בעוועגונג. דער

גרויסער זאַל פון זײַן הויז, וועלכעס איז געווען נעבען דער שוהל, איז שטענדיג געשטאַנען אָפען פאַר דער גאַנצער געמיינדע; יעדער פלעגט אַהין אַרײַן און אַרויסגעהן אָהן שום אומשטענדען; דאָרט פלעגט מען קומען גאָט בעטען אין אַ שלעכטע מינוט, אָדער נײַעס הערען, אָדער מאַכען פערזאַמלונגען בשעת אַנ'אַלגעמיינער נויט; דאָרט פלעגען זיך די קינדער שפּיעלען שבת אין דער פריה, בשעת מען האָט אין שוהל געלייענט די סדרה פון דער וואָך; דאָרט פלעגט מען זיך פערזאַמלען אויף התונות און אויף לויות, און דאָרט האָט מען זיך געקריגט און זיך איבערגעבעטען; דאָרט האָט אַ דערפרוירענער אין וועג געפונען אַ וואַרעמען אויוועז און אַ הונגעריגער — אַ געדעקטען טיש. אויסער דעם האָבען זיך אַרום רב שטענדיג אַרומגעדרעהט זעהר פיעל קרובים, ברידער און שוועסטער מיט זייערע ווײַבער און קינדער, ווי אויך זײַנע און זײַן פרוי'ס פעטערס און מוהמעס, אַ גאַנץ גרויסע משפחה, און זיי אַלע האָבען דעם רב געהאַלטען אַלס דעם הויפּט פון דער פאַמיליע, פלעגען אין זײַן הויז אַרײַנקומען אין פריה אין שפּעט, און אין גרויסע ימים טובים פלעגען זיי דאָרט אַלע צוזאַמען עסען. אַזעלכע אַלגעמיינע פאַמיליען־מאָהלצײַטען זענען פאָרגעקומען בעזונדערס בײַ'ם סדר אום פסח. דאָס איז אַ גאַנץ אַלטער, וואונדערבאַרער מנהג, וואָס נאָך איצט היטען איהם אָב די יודען אין דער גאַנצער וועלט אין דער נאַכט צו'ם פערצעהנטען טאָג פון מאָנאַט ניסן, צו דעם עביגען אָנדענקען פון זייער בעפרייאונג פון דער קנעכטשאַפט פון מצרים. דער דאָזיגער סדר ווערט אָבגעריכט אויף אַזאַ אופן:

באַלד ווי עס ווערט נאַכט צינדט די ווירטין פון הויז אָן די ליכט, פערדעקט דעם טיש מיט אַ טישטוך, לעגט אויפ'ן מיטען טיש דרײַ מצות, פערדעקט זיי מיט אַ טישטיכעל, און אויף דעם דאָזיגען העכערען פלאַץ שטעלט זי זעקס קליינע טעלערלעך, אין וועלכע עס געפינען זיך סימבאָלישע שפּײַזען: אַ איי, פּעטרושקע, מרור, זרוע און חרוסת — אַ מישונג פון ראָזינקעס, אינגבער און ניס. צו דעם דאָזיגען טיש זעצט זיך דער פאָטער פון הויז מיט אַלע קרובים און געסט און לייענט פאַר זיי פאָר פון דער הגדה, וואָס איהר אינהאַלט איז אַ זעלטזאַמע מישונג פון אַלטע לעגענדען, פון וואונדערבאַרע מעשות פון מצרים, פון מערקווירדיגע ערצעהלונגען, וכּוחים, תפילות און יום־טוב־ליעדער. אין מיטען פון דעם דאָזיגען סדר קומט פאָר

אַ גרויסער מאָהלצייט, און זאָגאַר בשעת'ן לייענען די הגדה פערזוכט מען אַביסעל די סימבאָלישע שפּייזען אין בעשטימטע צייטען, אויך עסט מען די מצה און מען טרינקט פיער כוסות רויטען ווייַן. אומעטיג־פרעהליך, ערנסט־שפּיעלענד און לעגענדאַריש־געהיימניספאָל איז דער האַראַקטער פון יענער סדר־נאַכט און דער פון אַלטע צייטען אָנגענומענער זינגענדיגער טאָן, מיט וועלכען דער פאָטער פון הויז לייענט די הגדה און וועלכען עס האַפען אונטער פון צייט צו צייט אין האָר אויך די צוהערער, קלינגט אַזוי שוידערהאַפט־האַרציג, אַזוי מוטערליך־איינשלעפערענדיג, און צוגלייך אַזוי האַסטיג־אויפוועקענדיג, אַז אפילו די יעניגע יודען, וועלכע זענען שוין לאַנג אָבגעפאַלען פון זייער עלטערנס גלויבען און יאָגען זיך נאָך פרעמדע פרייד און פרעמדען כבוד, ווערען אויך ערשיטערט אין טיעפסטען האַרצען, בשעה עס דרינגען אַריין צופעליג אין זייערע אויערן די אַלטע, גוט בעקאַנטע פסח־טענער.

אינ'ם גרויסען זאַל פון זיין הויז איז איין מאָל געזעסען רבי אברהם, און צוזאַמען מיט זיינע קרובים, תלמידים און די איבעריגע געסט האָט ער אָבגעריכט דעם סדר. אין זאַל האָט אַלץ געבלאַנקט מעהר ווי געוועהנליך; איבער'ן טיש איז געוועזען פערשפּרייט אַ פערשיעדענפאַרביגער זיידענער טישטוך, וואָס זיינע גאָלדענע פרענזלעך זענען אַראָבגעהאַנגען ביז צו דער ערד; היימיש האָבען געגלאַנצט די טעלערלעך מיט די סימבאָלישע שפּייזען, ווי אויך די הויכע בעכער פול מיט ווייַן, אויף וועלכע עס זענען געוועזען אויסגעקריצט לויטער הייליגע געשיכטען; די מאַנסלייט זענען געזעסען אין זייערע שוואַרצע מאַנטלען און שוואַרצע פלאַכע היטלען און ווייסע קיטלען; די פרויען, אין זייערע טייערע קליידער פון לאָמבאַרדישע שטאָפען, האָבען אַרום קאָפּ און האַלז געטראָגען זייער גאָלד־און פערל־ציערונגען; און די זילבערנע שבת'דיגע מנורה האָט פאַנאַנדערגעגאָסען איהר יום־טוב'דיגעס ליכט איבער די פרומע, צופרידענע געזיכטער פון די אַלטע און יונגע. אויף אַ פורפורנער סאַמעט־קישען אויף אַ שטוהל, וואָס איז געוועזען העכער ווי די איבעריגע, איז רבי אברהם געזעסען אָנגעלעהנט ווי דער דין איז, און האָט געלייענט און געזונגען די הגדה, און דער פערשיעדענער האָר האָט מיטגעשטימט אָדער געענטפערט ביי די פאַסיגע שטעלען. דער רב האָט אויך געטראָגען אַ שוואַרצען יום־טוב'דיגען מאַנטעל, זיינע איידעלע, אַביסעל־שטרענגע גע־

זיכטס־ציגען זענען געווען מילדער ווי געוועהנליך, די ליפּען האָבען ארויסגעשמייכעלט פון הינטער דער ברוינער באָרד, אזוי ווי זיי וואָלטען וועלען דערצעהלען זעהר פיעל פרעהליכעס, און אין זיינע אויגען האָט ארומגעשוואומען עפּעס אזוי ווי א גליקליכע ערינערונג אָדער אהנונג. די שענע שרה, וועלכע איז אויך געזעסען אויף א העכערען סאמעט־שטוהל ביי זיין זייט, האָט אלס הויז־ווירטין גאָר נישט געטראָגען אויף זיך פון איהרע צירונגען, נאָר א ווייסע ליינ־וואנד האָט ארומגענומען איהר שלאנקען קערפּער און איהר פרומ געזיכט. דאָס דאָזיגע געזיכט איז געווען רירענד שען, אזוי ווי בכלל איז די שענהייט פון די יודישע טעכטער גאָר בעזונדערס ריהרענד; דאָס בעוואוסטזיין וועגען דער גרויסער אָרעמקייט, דער ביטערער הרפה און די ערגסטע צרות, אין וועלכע זייערע קרובים און גוטע פריינד לעבען, פערשפּרייט איבער זייערע הנ׳עוודיגע געזיכטס־ציגען א געוויסע ליידענדע הארציגקייט און א בעטראכטענדע ליעבעס־אנגסט, וועלכע בעצויבערן זאָנדערבאר אונזערע הערצער. אזוי איז היינט געזעסען די שענע שרה און האָט כסדר געקוקט דעם מאן אין די אויגען אריין; פון צייט צו צייט האָט זי אויך א קוק געטהון אין דער הגדה, וואָס איז פאר איהר געלעגען — א פּארמעט־בוך, וואָס איז געווען שען געבונדען אין גאָלד און סאמעט; דאָס איז געווען אנ׳אלטע ירושה מיט פיעלעהריגע פלעקען פון וויין נאָך פון איהר זיידענס צייטען; אין דעם דאָזיגען בוך זענען געווען אויסגעמאָלט זעהר פיעל פערשידענע בילדער, וועלכע זי האָט נאָך קינדווייז אזוי ליעב געהאט צו בעטראכטען אין די סדר־נעכט, און וועלכע האָבען פאָרגעשטעלט אלערליי געשיכטען פון חומש, ווי צום ביישפּיעל: ווי אברהם צעקלאפּט מיט א האמער די שטיינערנע געצען פון זיין פאָטער תרח, ווי די מלאכים קומען צו איהם, ווי משה הרג׳עט דעם מצרי, ווי פרעה זיצט פּרעכטיג אויף זיין טראָן, ווי די פרעש לאָזען איהם נישט צורוה אפילו זיצענדיג ביי׳ם טיש, ווי ער ווערט — א דאנק גאָט — דערטרונקען אין ים, ווי די בני ישראל געהען פאָרזיכטיג דורך דעם רויטען ים, ווי זיי שטעהען מיט אָפענע מיילער ביי׳ם בארג סיני מיט זייערע שאָף, קיה און אָקסען, ווי דער פרומער דוד המלך שפּיעלט אויף זיין הארפע, און ענדליך ווי די שטאָדט ירושלים ווערט מיט איהרע טורעמס און דעכער פון בית־המקדש בעשטראהלט פון גלאנץ פון דער זון!

מען האָט שוין געהאַט אָנגעגאָסען דעם צווייטען כּוס, די גע־זיכטער און שטימען זענען אַלץ העלער געוואָרען, און דער רב, אָננעהמענדיג אין האַנד איינע פון די מצות און אויפהויבענדיג זי אין דער הויך, האָט אָנגעהויבען צו לייענען: „כּהאָ לחמא עניא — אָט דאָס איז דער אָרעמער ברויט, וואָס אונזערע עלטערן האָבען געגעסען אין מצרים! יעדער, ווער עס איז הונגעריג — זאָל קומען און עסען! יעדער, ווער עס איז בעדירפטיג, זאָל קומען מיט אונז דעם סדר אָבריכטען! דאָס יאָהר זענען מיר דאָ, איבער אַ יאָהר זאָלען מיר זיין אין ירושלים! דאָס יאָהר זענען מיר קנעכט, איבער אַ יאָהר זאָלען מיר זיין די קינדער פון פרייהייט!“.

פּלוצלונג האָט זיך געעפענט די טהיר פון זאַל און עס זענען אַריינגעקומען צוויי גרויסע בלאַסע מענער, געהילט אין ברייטע מאַנט־לען, און איינער פון זיי האָט געזאָגט:

— שלום עליכם, מיר זענען יודען רייזענדער און מיר האָבען געוואָלט מיט אייך צוזאַמען דעם סדר אָבריכטען.

און דער רב האָט שנעל און פריינדליך געענטפערט:

— עליכם שלום, זעצט זיך אַנידער נעבען מיר!

די ביידע פרעמדע מענשען האָבען זיך גלייך געזעצט צום טיש, און דער רב האָט ווייטער געזאָגט די הגדה. טייַלמאָל, בשעת די איבעריגע האָבען נאָך נישט געהאַט געענדיגט צו דערזאָגען, האָט ער צוגעוואָרפען ליעבליכע ווערטער צו זיין ווייב, און געבענדיג אָנצוהערעניש אויף'ן אַלטען ווערטעל, אַז אַ יודישער בעל־הבית איז אין דער פסח־נאַכט אַ מלך, האָט ער צו איהר געזאָגט: „פרעה ד'ך, מיין מלכה!“ — זי אָבער האָט אומעטיג־שמייכלענדיג געענטפערט: „עס פעהלט אונז דאָך אָבער אַ פּרינץ!“ — און דערמיט האָט זי געמיינט אַ זוהן, וואָס זאָל קאָנען דעם טאַטען פרעגען די פיער קשיות, אַזוי ווי עס שטעהט אין דער הגדה. דער רב האָט גאָר נישט געענטפערט, און האָט נאָר אָנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף אַ בילד, וואָס האָט זיך גראַדע איצט אויפגעמישט אין דער הגדה, און וואָס האָט פאָרגעשטעלט, ווי די דריי מלאכים קומען צו אַברהם אָבינו איהם אָנצוזאָגען, אַז זיין פרוי שרה וועט איהם געווינען אַ זוהן, און שרה שטעהט דערוויַיל מיט אַ ווייבערשע נייגיעריגקייט הינטער דער טהיר פון געצעהלט, כּדי זיך צו צוהערען צום שמועס. די דאָזיגע לייכטע אָנצוהערעניש האָט אַרויפגעגאָסען אַ דרייפאַכע רויטקייט אויף

געזיכט פון דער שענער פרוי, זי האט אראבגעלאזען די אויגען, און דערנאך האט זי ווידער פריינדליך אפערגעקוקט צו איהר מאן, וועלכער האט ווייטער זינגענדיג געלייענט די וואונדערבארע מעשה, ווי רבי יהושע, רבי אליעזר, רבי עזריה, רבי עקיבה און רבי טרפון זענען געזעסען אנגעלעהנט אין בני ברק און האבען די גאנצע נאכט דערצעהלט וועגען יציאת מצרים, ביז זייערע תלמידים זענען געקומען און זיי געזאגט, אז ס'איז שוין טאג געווארען און ס'איז שוין געקומען די צייט צו דאווענען.

ווי די שענע שרה האט אזוי פרום זיך צוגעהערט און האט כסדר אנגעקוקט איהר מאן, האט זי בעמערקט, ווי זיין געזיכט איז פלוצלונג ערשטארט און שרעקליך אויסגעקרימט געווארען, דאס בלוט איז איהם פערשוואונדען געווארען פון די באקען און ליפען, און די אויגען האבען געגלאצט אזוי ווי זיי וואלטען פערגלעזערט געווארען; — נאר כמעט אין דעם זעלבען אויגענבליק האט זי געזעהן, ווי זיינע געזיכטס-ציגען האבען ווידער בעקומען די פריהעריגע רוהיגקייט און הייטערקייט, ווי זיינע ליפען און באקען זענען ווידער רויט געווארען, זיינע אויגען האבען ווידער אנגעהויבען מונטער צו קוקען אהין און אהער, יא, נאך מעהר, עפעס האט איהם אנגעהאפט א גאנץ מערקווירדיגע לוסטיגע שטימונג. די שענע שרה איז דערשראקען געווארען ווי נאך קיינמאל אין לעבען נישט, און אן אינערליכער שרעק האט אין איהר אריינגעדרונגען און איהר קאלט געמאכט, נישט אזוי פיעל צוליעב דעם שרעק, וואס האט זיך איין מינוט אויסגעדריקט אויף איהר מאנ'ס געזיכט, ווי צוליעב זיין איצטיגער פרעהליכקייט, וועלכע איז ביסלעכווייז געווארען אלץ גרעסער און גרעסער און איז דערגאנגען כמעט ביז צו אויסגעלאסענהייט. דער רב האט זיין היטעל אריבערגערוקט פון איין אויער צום אנדערן, געפוצט און געקרייזעלט די האר פון זיין בארד, געזונגען די הגדה ווי עפעס א גאסעניגונג, און בשעת מען האט אויסגערעכענט די צעהן מכות, וואס ביי יעדער פון זיי דארף מען איינטונקען דעם פינגער אין פולען בעכער וויין און אראבווארפען דעם אראבגעהענדען טראפען אויף דער ערד האט דער רב בעשפריצט די יונגערע מעדלעך מיט'ן רויטען וויין, און צוליעב דעם איז געווארען א געשריי צוליעב די פערפלעקטע ציערונגען און א פרעהליך געלעכטער. אלץ אונהיימליכער איז דער שענער שרה געווארען זעהענדיג, ווי איהר מאנ'ס לוסטיגקייט ווערט

אַלץ גרעסער, און מיט האַרץ־קלעמעניש האָט זי געקוקט אויף די רוישענדע, פערשידענפאַרביג בעלויכטענע מענשען, וועלכע האָבען זיך בעקוועם בּרייט געשאָקעלט אַהין און אַהער, געקרוי־שעלט די דינע מצות, אָדער אָנגעגאָסען וויין, אָדער געפּלוידערט איינער מיט׳ן צווייטען, אָדער הויך געזונגען, און אַלץ גאַנץ צו־פריעדען.

דערווײַל איז אָנגעקומען די צייט צו׳ם עסען; אַלע זענען אויפ־געשטאַנען זיך וואַשען, און די שענע שרה האָט געבראַכט דאָס גרויסע זילבערנע וואַש־בּעקען, וואָס אויף איהר זענען געווען רייך אויסגעקריצט פערשידענע גאָלד־פיגורען און פערציערונגען; זי האָט דאָס בּעקען געהאַלטען פאַר יעדען גאַסט, ווערענד מען האָט אויף זיינע הענד געגאָסען וואַסער. בּשעת זי איז צוגעקומען צו׳ם רב, האָט ער איהר בעדײַטענד אַ וואונק געטהון מיט די אויגען, און האָט זיך גלייך אַרויסגעגנבה׳ט הינטער אַ טהיר. די שענע שרה איז איהם גלייך נאָכגעגאַנגען; האַסטיג האָט דער רב אָנגעהאַפּט די האַנד פון זיין פרוי, שנעל האָט ער זי נאָכגעצויגען נאָך זיך דורך די דונקעלע גאַסען פון באַכאַראַך, שנעל האָט ער זי געפיהרט צו׳ם טויער ביז צו׳ם וועג הינטערן שטאָדט, וועלכער האָט איבּער דער לענג פון רהיין געפיהרט נאָך בּינגען.

עס איז געווען איינע פון יענע פריהלינגס־נעכט, וועלכע זענען אַפילו גענוג וואַרעמליך און העל אויסגעשטערענט, נאָר דאָך פילען זיי אָן די נשמה מיט אַ זעלטזאַמען שרעק. די בלומען האָבען געשמעקט מיט אַ מתים־ריח; די פויגעל האָבען געצווישטשערט אַזוי ווי זיי וואָל־טען זיך געפרעהט מיט׳ן אַלגעמיינעם אונגליק און צוגלייך ווי זיי וואָלטען זיך אַליין געשראָקען; די לבנה האָט בּייז געוואָרפען געל־לע פאַסען ליכט איבּער דעם דונקעלען אַרומרוישענדען שטראָם; די הויכע פעלזען פון בּרעג האָבען אויסגעזעהען ווי ריזען־קעפּ, וואָס האָבען זיך מורא׳דיג געוואַקעלט; דער טורם־וועכטער אויפ׳ן שלאָס שטראַהל־עק האָט געבלאָזען מעלאַנכאָליש; און אין מיטען דעם אַלעם האָט כּסדר געקלונגען דער טויטען־גלאָק פון דער סאַנקט־ווערנער־קירכע. די שענע שרה האָט אין דער רעכטער האַנד געטראָגען דעם זילבערנעם וואַשבּעקען, איהר לינקע האַנד האָט דער רב נאָך אַלץ פעסט געהאַלטען, און זי האָט געפיהלט, ווי זיינע פינגער זענען געווען קאַלט ווי אייז און ווי זיין אָרעם האָט געציטערט; נאָר זי

איז שווײַגענדיג איהם נאָכגעגאַנגען, אפשר דערפאַר, ווײַל זי איז
פון שטענדיג אָן געוואָהנט געוועזען צו פאָלגען איהר מאַן בלינד און
אָהן אַ שום פראַגע, און אפשר אויך דערפאַר, ווײַל איהרע ליפען
זענען דורך איהר אינערליכער אַנגסט געוועזען פערשלאָסען.

אונטען בײַ'ם שלאָס סאָנעק, אַקעגענאיבער לאָרך, אונגעפעהר
וואו איצט געפינט זיך דאָס דערפעל ניעדער-רהיינבאַך, זעהט
זיך אַ הויכע פעלזענפלאַטע, וואָס הענגט אַרויס אַזוי ווי אַ בויגען
איבער'ן ברעג פון רהיין. אויף דעם דאָזיגען פעלזען איז אַרויס=
געקראָכען רבי אברהם מיט זײַן ווײַב, דאָרט האָט ער זיך אַרומגע=
קוקט אויף אַלע זײַטען און האָט אַקוק געטהון אין דער הויך צו
די שטערן. ציטערנדיג און דורכגענומען מיט קאַלטען טויט-שרעק
איז נעבען איהם געשטאַנען די שענע שרה און האָט בעטראַכט
זײַן בלאַס געזיכט, וועלכעס די לבנה האָט פאַנטאַסטיש בעלויכטען
און אויף וועלכען עס האָט אַהין און אַהער געציטערט ווי שמערץ,
מורא, געבעט און צאָרן. נאָר ווען דער רב האָט פלוצלונג פון איהרע
הענד אַרויסגעריסען דאָס זילבערנע וואַש=בעקען און עס מיט גע=ייש
אַראָבגעשלײַדערט אין רהיין אַרײַן, דאַן האָט זי שוין מעהר נישט
געקאָנט דערטראָגען דאָס מורא'דיגע אַנגסט=געפיהל און מיט אַ אויס=
שרײַ „שמע ישראל!" איז זי געפאַלען דעם מאַן צו די פיס און האָט
איהם בעשוואָרען, ער זאָל ענדליך אויסזאָגען, וואָס דאָ קומט פאָר.

דער רב, וועלכער איז נאָך נישט געוועזען אימשטאַנד צו רעדען,
האָט עטליכע מאָל שטיל בעוועגט די ליפען, און ענדליך האָט ער
אויסגערופען:

— זי זעהסטו דעם מלאך המות? דאָרט אונטען שוועבט ער
איבער באַכאַראַך! מיר אָבער זענען אַנטרונען געוואָרען פון זײַן
שווערט. געלויבט איז גאָט!

און מיט אַ שטימע, וואָס האָט נאָך געציטערט פון אינערליכען
שרעק, האָט ער דערצעהלט: ווי ער האָט פרעהליך געזונגען די
הגדה זיצענדיג אָנגעלעהנט, און צופעליג האָט ער אַקוק געטהון
אונטערן טיש, און דאָרט האָט ער געזעהן זײַנע פיס דערזעהן אַ
בלוטיגען טויטען קערפער פון אַ קינד.

— דאַן האָב איך בעמערקט — האָט דער רב צוגעגעבען —
אַז אונזערע צוויי פערשפעטיגטע געסט זענען נישט פון דער יודישער
געמיינדע, נאָר זיי געהערען צו דער פערזאַמלונג פון גאָטלאָזע מענ=

שען, וועלכע האָבען זיך אָבגערעדט אַריינצוגנבה'נען אין געהיים יענעם טויטען קערפער אין אונזער הויז, כדי אונז צו בעשולדיגען, אַז מיר האָבען געהרג'עט אַ קינד און אויפגעפרעסען זיין בלוט. אויף אונז דאָס פאָלק, אונז צו בערויבען און ערמאָרדען. איך האָב נישט געטאָרט לאָזען בעמערקען, אַז איך האָב זיך דערוואוסט דאָס דאָזיגע שרעקליכע סערברעכען, ווייל דאַדורך וואָלט נאָך מיין אונגליק שנעלער אָנגעקומען, און נאָר די היטרעקייט האָט אונז ביידען גערעטעט. געלויבט איז גאָט! שרעק זיך נישט שענע שרה; אויך אונזערע קרובים און גוטע פריינד וועלען גערעטעט ווערען. די רויבער האָבען נאָר בעגעהרט מיין בלוט; און ווי באַלד איך בין פון זיי ניצול געוואָרען, וועלען זיי זיך בעגנוגען מיט מיין זילבער און גאָלד. קום מיט מיר, שענע שרה, אין אַנ'אַנדער לאַנד, מיר וועלען דאָס אונגליק הינטער אונז איבערלאָזען, און כדי דאָס אונגליק זאָל אונז נישט נאָכיאָגען, האָב איך איהם אַלס קרבן אַוועקגעוואָרפען דאָס לעצטע פון מיין פערמעגען, דאָס זילבערנע בעקען. דער גאָט פון אונזערע עלטערן וועט אונז נישט פערלאָזען. — קום אַראָב, דו ביזט מיעד; דאָרט אונטען שטעהט ביי זיין שיפעל דער שטילער ווילהעלם; ער וועט אונז אַריבערפיהרען אויף יענער זייט רהיין.

נישט רעדענדיג קיין איין וואָרט און אַזוי ווי מיט צעבראָכענע גלידער איז די שענע שרה געפאַלען דעם רב אין די אָרעמס, און פאַמעלעך האָט ער זי אַראָבגעטראָגען צום ברעג אַראָב. דאָ איז געשטאַנען דער שטילער ווילהעלם, אַ טויב־שטומער, נאָר אַ בילד־שענער יונג, וועלכער האָט זיך בעשעפטיגט מיט פישפאַנגען כדי אויסצוהאַלטען זיין אַלטע מוטער, דעם רב'ס אַ שכנת'ע, און אויך האָט ער דאָ געהאַלטען אַ שיפעל. נאָר עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט שוין פאָראויס פערשטאַנען, וואָס דער רב פערלאַנגט, און נאָך מעהר, עס האָט אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט אויפ'ן רב געוואַרט; אויף זיינע פערמאַכטע ליפען האָט זיך בעוויזען אַ צייכען פון ליעבליכסטען מיטלייד, מיט פיעל בעדייטונג האָט ער זיינע גרויסע בלויע אויגען געלאָזט רוהען אויף דער שענער שרה, און פאָרזיכטיג האָט ער זי אַריינגעטראָגען און שיפעל אַריין.

דער בליק פון דעם שטומען יונגעל האָט די שענע שרה אויסגעוועקט פון איהר צעמישטקייט; זי האָט פלוצלונג דערפיהלט, אַז אַלץ, וואָס איהר מאַן האָט איהר דערצעהלט, איז נישט געווען

קײן בלױזער חלום, און שטראָמען ביטערע טרעהרען האָבען זיך אַראָבגעגאָסען איבער אירע באַקען, װעלכע זענען איצט געװען אַזױ װײס װי איהר געװאַנד. און אַזױ איז זי געזעסען אין מיטען פון שיפעל, אַזױ װי אַ װײנענדעס מאַרמאָר-בילד; נעבען איהר זענען געזעסען איהר מאַן און דער שטילער װילהעלם, װעלכע האָבען פלײסיג גערודערט.

צי דאָס קומט דורך דעם אײנטאָניגען רודער-קלאַפּען, אָדער אפשר דורך דעם, װאָס דאָס שיפעל שאָקעלט און װאַקעלט זיך, אָדער דורך דעם ריח פון יענע בערג אױפ'ן ברעג, אױף װעלכע די פרײד אין האַרצען װאַקסט, נאָר װי די מעשה איז טרעפט עס שטענדיג, אַז אפילו דער טרױעריגסטער װערט זעלטזאַם בערוהיגט, װען ער פאָהרט לײכט אױף אַ לײכטען שיפעל אין אַ פריהלינגס-נאַכט איבער דעם ליבען, קלאָרען רהײן-שטראָם. װירקליך, דער אַלטער גוטהערציגער פאָטער רהײן קאָן עס נישט פערטראָגען, װען זײנע קינדער װײנען; שטילענדיג זײערע טרעהרען װיעגט ער זײ אױף זײנע טרײע אָרעמס, און דערצעהלט זײ זײנע שענסטע לעגענדעס, און זאָגט זײ צו זײנע טײערסטע אוצרות, אפשר דעם אורשאַלטען, פערזונקענעם ניבעלונגען-אוצר. אױך די טרעהרען פון דער שענער שרה האָבען געפליסט אַליך מילדער און מילדער, איהרע געװאַלדיגע שמערצען זענען אַראָבגעשװענקט געװאָרען דורך די שעפּטשענדע חװאַליען, די נאַכט האָט פערלאָזען איהר פינסטערן שרעק, און די הײמישע בערג האָבען געגריסט, װי זײ װאָלטען אױפ'ן צערטליכסטען אופן געזאָגט: „זײ געזונד". נאָר פריהער פאַר אַלעמען האָט מיט צוטרױען געגריסט איהר ליעבסטער באַרג, דער קעדריך, און אין זײן זעלטזאַמער לבנה-בעלײכטונג האָט עס אױסגעװיזען, אַזױ װי דאָרט אין דער הױך װאָלט װידער געשטאַנען אַ פרײלין מיט שרעקענדיג-אױסגעשטרעקטע אָרעמס, אַזױ װי די פלינקע צװערגען װאָלטען װידער אַרומגעקראָכען רױשענדיג צװישען די שפּאַלטען פון די פעלזען, און אַזױ װי אַ רײטער װאָלט אַרױפגעשפּרונגען באַרג-אַרױף אין גרעסטען גאַלאָפּ; און דער שענער שרה האָט זיך אױסגעדוכט, װי זי װאָלט װידער געװען אַ קלײן מײדעל און זיצט װידער אױפ'ן שױס פון איהר מוהמע פון לאָרך, און די מוהמע דערצעהלט איהר די שענסטע מעשה װעגען דעם שטאַרקען רײטער, װעלכער בעפרײט דאָס אָרעמע פרײלין, װאָס איז געפאַנגען געװאָרען צװישען די

צווערגען, און נאך אנדערע אמת'ע מעשות וועגען דעם וואונדער־באַרען וויספּערטאַל דאָרט אין דער הויך, וואו די פֿייגעל רעדען גאָר מיט פערשטאַנד, און וועגען דאָס פעפערקוכענלאַנד, וואוהין עס זענען זוכה צו קומען די קינדער, וואָס פאָלגען טאַטע מאַמע, און וועגען די פערשאָלטענע פּרינצעסינס, וועגען זינגענדע בוימער, גלעזערנע שלעסער, גאָלדענע בריקען, לאַכענדע ניקסען... נאָה צווישען די אַלע שענע מעשות, וועלכע הויבען אָן צו לעבען קליינ־גענדיג און לייכטענדיג, הערט די שענע שרה איהר פאָטערס שטימע, וועלכער זידעלט מיט פערדרוס די אָרעמע מוהמע, פאַר וואָס זי שטאָפּט אָן דעם קינדס קאָפּ מיט אַזוי פיעל נאַרישקייטען! און באַלד שטעלט זיך איהר פאָר, ווי מען וואָלט זי געזעצט אויפ'ן קליינינקען בענקעל נעבען איהר פאָטערס סאַמעט־שטוהל, און דער פאָטער קרייזעלט איהרע לאַנגע האָר מיט אַ ווייכער האַנד, לאַכט זעהר צופריעדען מיט די אויגען און וויעגט זיך בעקוועם אַהין און אַהער אין זיין ברייטען, בלוי־זיידענעם שבת־שלאָפראָק... עס מוז געווים זיין שבת, ווייל דער טישטוך מיט די בלומען איז אויסגע־שפּרייט איבערן טיש, אַלע כלים אין צימער לייכטען, געשייערט שפּאָגעל־ניי, דער שמש פון שטאָדט מיט דער ווייסער באָרד זיצט נעבען פאָטער ביי'ם זייט און קייט ראָזינקעס און רעדט העברעאיש, און אָט איז אויך אַריינגעקומען דער קליינער אברהם מיט אַ גע־וואַלדיג גרויסען ספר, און בעט דעם פעטער זיינעם מיט עניוות, ער זאָל איהם פערהערען אין חומש, כדי דער פעטער זאָל אַליין איינ־זעהן, אַז ער האָט פאָריגע וואָך זעהר פיעל געלערנט און ער האָט פערדיענט, מען זאָל איהם לויבען און קיכעל געבען... אָט לעגט דאָס קליינע יונגעל דעם ספר אויפ'ן ברייטען פאָרענץ פון שטוהל, און דערצעהלט די מעשה פון יעקב מיט רחל'ן, ווי יעקב האָט אויפגעהויבען זיין קול און האָט הויך געוויינט, ווען ער האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן זיין מוהמעלע רחל'ן, ווי ער האָט אַזוי פריינדליך מיט איהר געשמועסט ביי'ם ברונען, ווי ער האָט זיעבען יאָהר געמוזט דיענען צוליעב רחל'ן, און ווי די דאָזיגע זיעבען יאָהר זענען איהם אַזוי שנעל פערבייגעלאָפען, און ווי ער האָט מיט רחל'ן חתונה געהאַט און זי אַלץ ווייטער און ווייטער ליעבער געהאַט.... און פּלוצלונג דערמאָהנט זיך די שענע שרה, אַז איהר פאָטער האָט דעמאָלט מיט אַ לוסטיגען טאָן אויסגערופען: „צי ווילסט ניט אויך

אַזוי התונה האָבּען מיט דײַן מוהמעלע שרה?״ און דערויף האָט דער קלײנער אברהם ערנסט געענטפערט: „יאָ, איך וויל, און זי זאָל וואַרטען זיבּען יאָהר״. דונקעלערהײד ציהען זיך דורך די דאָזיגע בּילדער דורך דער זעלע פון דער שענער פרוי, זי האָט געזעהן, ווי זי און איהר קלײנער פעטער, וועלכער איז שוין איצט אַזוי גרויס און איז שוין איהר מאַן, שפּיעלען זיך קינדיש מיט־אײנאַנדער אין אַ געצעלט אין גאָרטען, ווי זײ פרעהען זיך דאָרט מיט די פערשיעדענפאַרבּיגע טאַפּעטען, בּלומען, שפּיעגלען און פערגאָלדעטע עפּעל, ווי דער קלײנער אברהם לאַשטשעט זיך צו איהר אַלץ צערטליכער, בּיז ער איז בּיס׳עכווײַז גרעסער און בּרומעריִשער געוואָרען, און ענדליך זעהר גרויס און זעהר בּרומעריש... און ענדליך זיצט זי אַלײן אין דער הײם אין איהר קאַמער אײן מאָל אַ שבּת־צונאַכטס, די לבנה שײַנט העל דורכ׳ן פענסטער, און די טהיר פראַהלט אויף, און עס לויפט האַסטיג אַרײַן איהר פעטער אַברהם, געקלײדעט אין רײַזע־קלײדער און בּלאַס ווי דער טויט, און נעהמט אָן איהר האַנד, זעצט אַרויף אַ גאָלדענעם רינג אויף איהר פינגער און זאָגט פײַערליך: „הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל!״ — „נאָר איצט — האָט ער בּאַלד צוגעגעבּען ציטערנדיג — איצט מוז איך אַוועק נאָך שפּאַניען. זײַ געזונד, זיבּען יאָהר זאָלסטו אויף מיר וואַרטען!״ און ער איז אַרויסגעלאָפען, און וויינענדיג האָט די שענע שרה דאָס אַלץ דערצעהלט איהר פאָטער... יענער האָט אָנגעגעבּען מעשים: „שנײַד אָב דײַנע האָר, וואָרום דו בּיזט אַ אשת איש!״ — און ער וויל נאָכרײַטען נאָך אברהמ׳ען, כּדי איהם צווינגען צו געבּען אַ גט; — נאָר אברהם איז שוין איבּער אַלע בּערג פערשוואונדען, דער פאָטער קומט שווײַגענדיג צוריק אַהײם, און בּשעת די שענע שרה האָט איהם געהאָלפען אַראָבּציהען פון די פיס די רײַזע־שטיוועל און האָט איהם ווײך דערצעהלט, אַז אברהם וועט אין זיבּען יאָהר אַרום צוריקקומען, דאַן האָט דער פאָטער געשאָלטען: „זיבּען יאָהר זאָלט איהר געהן בּעטלען!״ און בּאַלד איז ער געשטאָרבּען.

אָט אַזוי האָבּען זיך דורכגעצויגען דורך דער שענער שרה׳ס געדאַנקען די אַלטע מעשיות, ווי אַ האַסטיגעס שאָטען־שפּיעל; די בּילדער האָבּען זיך אויך וואונדערבּאַר פאַנאַנדערגעמישט, און פון צווישען זײ האָבּען אַרויסגעקוקט האַלבּ־בּעקאַנטע, האַלבּ־פרעמדע

געזיכטער מיט בערד און גרויסע בלומען מיט אונגעהויער ברייטע בלעטער. עס האט זיך אויך אויסגעדוכט, ווי דער רהיין וואלט געמורמעלט די מעלאדיען פון דער הגדה, און פון דער הגדה זענען ארויסגעקראכען די בילדער, לעבענס־גרויסע און פערעלטערטע, נאַ־דישע בילדער: אברהם אבינו צעשלאגט מיט שרעק די תרפים, וועלכע ווערען כסדר האַסטיג צוריק גאַנץ פון זיך אַליין; דער מצרי ווערט זיך מורא'דיג אָב פאר דעם ערצירנטען משה; דער באַרג סיני בליצט און פלאַמט; דער קעניג פרעה שווימט אין רויטען ים, מיט די ציינער האַלט ער פעסט צו אין מויל די גאלדענע קרוין; פרעש מיט געזיכטער פון מענשען שווימען הינטער איהם, און די וועלען שוימען און רוישען, און אַ דונקעלע ריעזען־האַנד שווימט שרעקעדיג אַרוים אין דער הויך.

דאס איז געווען האַטא'ס מויז־טורם, און דאס שפיעל איז פונקט דורכגעשוואומען דורכ'ן רוישענדען בינגער־שטראם. די שענע שרה איז דאַדורך אַביסעל אויפגעוועקט געוואָרען פון איהרע טרוימע־רייען און האט זיך אַרומגעקוקט נאָך די בערג פון ברעג, וואס אויף זייערע שפיצען האָבען געשימערט די ליכט פון די שלעסער, און וואָס צו זייערע פים האט זיך געצויגען די נאַכט־פינסטערניש בעלויכטען פון דער לבנה. נאָר פלוצלונג האָט זיך איהר אויסגע־דאַכט, אַז זי זעהט דאָרט איהרע קרובים און פריינד, ווי זיי לויפען מיט מורא אַריבער דער לענג פון רהיין מיט געזיכטער ווי פון טוידטע און איינגעהילט אין תכריכים... עס איז איהר שוואַרץ געוואָרען פאר די אויגען, אַ אייז־קאַלטער שטראם האט זיך איהר אריינגעריסען אין דער נשמה, און אַזוי ווי אין שלאף האט זי נאָך געהערט, ווי דער רב לייענט איהר פאָר די קריאת־שמע, פאַ־מעלעך אַנגסטיג, ווי עס קומט פאָר ביי טויט־קראַנקע מענשען, און אַזוי ווי אין חלום האט זי נאָכגעשטאַמעלט די ווערטער: „ששים גבורים סביב לה מגבורי ישראל; כלם אהוזי הרב מלומדי מלחמה, איש הרבו על ירכו, מפחד בלילות"...

דאַן האָט זיך פלוצלונג ווי פערצויגען די גאנצע דונקעלהייט און שרעק. וואס האָבען אַריינגעדרונגען, דער פינסטערער פאָרהאַנג איז פון הימעל אַראָבגעריסען געוואָרען, און אָט האָט זיך בעוויזען די הייליגע שטאָדט ירושלים מיט איהרע טורעמס און טויערן; אין גאָלדענער פראַכט האָט געלויכטען דער בית־המקדש; אויפ'ן פאָר־

הויף פון בית־המקדש האָט די שענע שרה דערזעהן איהר פאָטער אין זיין געלען שבת־שלאָפראָק, ווי ער לאַכט צופריעדען מיט די אויגען; פון די קיילעכדיגע פענסטער פון בית־המקדש האָבען זי פרעהליך בעגריסט אַלע איהרע קרובים און פריינד; אין קדשי קדשים האָט געקניעט דער פרומער דוד המלך אין אַ פורפור־מאַנטעל און מיט אַ פונקעלדיגער קרוין, און ליעבליך האָט זיך געלאָזט הערען זיין געזאַנג און פיעדעל־שפיעל — און גליקליך שמייכלענדיג איז די שענע שרה איינגעשלאָפען.

---

## קאַפּיטעל II.

ווען די שענע שרה האָט איהרע אויגען אויפגעעפענט, איז זי כמעט געווען געבלענדעט פון די שטראַהלען פון דער זון. די הויכע טורעמס פון אַ גרויסער שטאָדט האָבען זיך הויך געהויבען, און דער שטומער ווילהעלם איז געשטאַנען אויסגעגלייכט מיט'ן רודער און האָט דאָס שיפעל געפיהרט דורך דעם לוסטיגען געוויש פון פיעל פערשיעדענאַרטיג בעזעצטע שיפען, וואָס זייערע מאַטראָסען זענען אָדער געשטאַנען לעדיג און אַראָבגעקוקט אויף די פערבייפאָהרענדע, אָדער זיי זענען געווען זעהר בעשעפטיגט מיט אויסלאָדען קאַסטענס, פעק און פעסער, וועלכע מען האָט צוגעפיהרט צום ברעג אויף קלענערע שיפלעך, און דערביי איז פאָרגעקומען אַ בעטויבענדער טומעל, די באַרקען־פיהרער האָבען נישט אויפגעהערט צו שרייען „האַללאָ", פון ברעג האָבען געשריען די סוחרים, און די שטייערן־בעאַמטע האָבען זיך געזידעלט, אַרומשפרינגענדיג אין זייערע רויטע רעק מיט ווייסע שטעקענס און מיט ווייסע געזיכטער פון איין שיף צום אַנדערען.

— יאָ, שענע שרה — האָט דער רב געזאָגט צו זיין פרוי, שמייכלענדיג פרעהליך — דאָס איז די וועלט־בעריהמטע פרייע רייכס־און האַנדעלס־שטאָדט פראַנקפורט אַם מאַין, און דאָס איז טאַקי דער מאַין־טייך, אויף וועלכען מיר פאָהרען איצט. אָט די שמייכלענדיגע הייזער דאָרטען אין דער הויך, וועלכע זענען אַרומגערינגעלט פון גרינע בערגלעך, דאָס איז זאַכסענהויזען, פון וואַנען דער לאָהמער גומפערץ ברענגט אונז אויף סוכות די שענע הדסים. אָט דאָ

קאָנסטו אויך זעהן די שטאַרקע מאַין־בריק מיט איהרע דרייצעהן בויגענס, און זעהר פיעל מענשען, וואָגענס און פערד קאָנען זיכער איבער איהר געהן, און אין מיטען שטעהט דאָס שטיבעל, וועגען וועלכען די מוהמע טייבעלע האָט דערצעהלט, אַז דערין וואָהנט אַ געטויפטער יוד, וועלכער בעצאָהלט יעדען, וואָס ברענגט איהם אַ טויטען שצשור, זעכס העלער אויפ'ן רעכנונג פון דער יודישער געמיינדע, וועלכע מוז יעהרליך צושטעלען דעם שטאָדט־ראָט פינפ־טויזענד עקען פון שצורעס!

איבער דער דאָזיגער מלחמה, וואָס די פראַנקפורטער יודען מוזען פיהרען מיט די שצורעס, האָט די שענע שרה זיך געמוזט הויך צעלאַכען; דאָס קלאָרע זונענליכט און די נייע פערשיעדענפאַרביגע וועלט, וועלכע האָט זיך פאַר איהר ענטפלעקט, האָט פון איהר זעלע פערטריעבען אַלע שרעקען פון דער פאָריגער נאַכט, און ווען זי איז מיט דער הילף פון איהר מאַן און דעם שטומען ווילהעלם אַרויס פון שיפעל אויפ'ן ברעג, האָט זי זיך געפיהלט ווי דורכגעדרונגען מיט פריידיגער זיכערהייט. דער שטומער ווילהעלם מיט זיינע שענע, טיעף־בלויע אויגען האָט איהר לאַנג געקוקט אין געזיכט, האַלב שמערצליך, האַלב פרעהליך, דאַן האָט ער נאָך אַ בע־דייטענדען בליק געוואָרפען אויפ'ן רב, איז צוריק אַריינגעשפרונגען אין זיין שיפעל, און באַלד איז ער דערמיט פערשוואונדען געוואָרען.

— דער שטומער ווילהעלם איז זעהר עהנליך צו מיין געשטאָר־בענעם ברודער, — האָט די שענע שרה בעמערקט.

— די מלאכים זעהען אַלע גלייך אויס, — האָט דער רב געענט־פערט, און אָננעהמענדיג זיין פרוי ביי דער האַנד האָט ער זי דורכ־געפיהרט דורך דעם מענשען־טומעל פון ברעג, וואו איצט זענען געווען אויפגעבויט זעהר פיעל קראָם־ביידלעך, ווייל עס איז געווען די צייט פון פאַסחא־מאַרק. ווען זיי זענען דורך דעם דונקעלען מאַרן־טויער אָנגעקומען אין דער שטאָדט, האָבען זיי דאָרט געטראָפען נישט וועניגער רוישענדען פערקעהר. דאָ זענען אין אַ ענגער גאַס גע־שטאַנען איין געוועלב נעבען אַנדערען, און די הייזער זענען אַזוי ווי בכלל אין פראַנקפורט געווען איינגעאָרדענט ספּעציעל צום האַנ־דעל: אין פאַרטער זענען נישט געווען קיינע פענסטער, נאָר בלויז אָפענע האַלב־קיילעכדיגע טהירען, אַזוי אַז מען האָט געקענט אַריינ־קוקען טיעף אינוועניג, און יעדער פערבייגעהענדער האָט געקאָנט גוט

בעטראַכטען די אויסגעשטעלטע סחורות. ווי האָט די שענע שרה גע־שטוינט זעהענדיג אַזוי פיעל טײַערע זאַכען און אַזוי פיעל פראַכט, ווי זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהן! דאָ זענען געשטאַנען ווענע־ציאַנער, וועלכע האָבען פאָרגעלעגט אַלע לוקסוס־זאַכען פון מאָרגענ־לאַנד און איטאַליען, און די שענע שרה איז ווי צוגעשמידט גע־וואָרען צום אָרט זעהענדיג די אַלע אויסגעלעגטע ציערונגען און טײַערע זאַכען, די פערשיעדענפאַרביגע מיצען און קאָרסעטען, די גאָלדענע בראַסלעטען און האַלז־בענדער, און די אַלע יענע קליי־ניגקײַטען און ציערונגען, וואָס די פרויען בעוואונדערען זיי אַזוי גערן און וואָס נאָך מעהר גערן בעפוצען זיי זיך מיט זיי. די רייכגעשטריקטע סאַמעט־ און זײַדענע־שטאָפען האָבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען מיט דער שענער שרה געשמועסט און איהר דערמאָהנט אַלערליי וואונ־דערבאַרע זאַכען, און עס האָט זיך איהר ווירקליך אויסגעדוכט, אַז זי איז וויעדער אַ קליין מעדעל, און די מוהמע טײַבעלע האָט ערפילט איהר צוזאָג, און האָט זי אַוועקגעפיהרט אויפ'ן פראַנקפורטער יריד, און איצט שטעהט זי דאָס טאַקי פאַר די שענע קליידער, וועגען וועלכע מען האָט איהר אַזוי פיעל דערצעהלט. בײַ זיך אין האַרצען האָט זי זיך שוין פרעהליך מישב געווען, וואָס זי וועט מיטבּרענגען מיט זיך קיין באַכאַראַך, וועלכע פון איהרע צוויי שוועסטער־קינדער, דער קליינער בלומעלע, אָדער דער קליינער פויגעלע, וועט דער בלוי־זײַדענער פאַס צום בעסטען געפעלען ווערען, אויב די גרינע הויזלעך וועלען פאַסען פאַר'ן קליינעם גאָטשאַלק, — נאָר פּלוצלונג האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין: אַח גאָט! זיי זענען דאָך שוין דערוויילע אויסגעוואַקסען גרויס און נעכטען האָט מען זיי אומגעבראַכט! זי איז שטאַרק דער־שראָקען געוואָרען, און די בילדער פון דער נאַכט זענען שוין שיער וויעדער נישט אַריינגעדרונגען אין איהר מיט זייערע אַלע שרעקען; נאָר דאָך האָבען די גאָלד־געשטריקטע קליידער געוואונקען צו איהר אַזוי ווי מיט טויזענד ממזרישע אויגען און האָבען איהר אַרויסגעטריבען פון די געדאַנקען אַלעס דונקעלעס, און ווען זי האָט אַריופגעקוקט צו איהר מאַנ'ס געזיכט, האָט זי געזעהן, אַז זיין געזיכט איז נישט פערדונקעלט, נאָר עס טראָגט זיין געוועהנליכע ערנסטע מילדקייט.

— מאַך צו די אויגען, שענע שרה, — האָט דער רב געזאָגט און האָט זיין פרוי ווייטער געפיהרט דורך דעם מענשען־טומעל.

וואָס דאָ איז אַלץ פאָרגעקומען! על פּי רוב זענען דאָס געוועזען מזהרים, וועלכע האָבען הויך זיך געדונגען איינער מיט'ן צווייטען, אָדער האָבען געוועדט מיט זיך אַליין רעכענענדיג אויף די פינגער, אָדער האָבען געפיהרט אין זייערע האָטעלען אַריין די איינגעקויפטע זאַכען, וועלכע זענען געוועזען אָנגעפּאַקט אויף איינינע מאַרק-טרעגער, דאָס זענען זיי פון הינטען נאָכגעלאָפען. פון אַנדערע געזיכטער האָט מען געקאָנט דערקענען, אַז זיי זענען אַהער געקומען בלויז אויס נייגיעריגקייט. אין די רויטע מאַנטלען און די גאָלדענע האַלז-קייטען האָט מען דערקענט די ראַטס-הערען. די שטאָלצע אַלט-בירגער האָט מען געקאָנט דערקענען אָן דעם שוואַרצען וואַמס פון זייערע קליידער. די אייזערנע קאַסקע, דאָס געל-לעדערנע וואַמס און די קלינגענדע שפּאָרען האָבען בעוויזען, אַז מען זעהט פאַר זיך די שווערע רייטערס-קנעכט. אונטער דעם שוואַרצען סאַמעט-היטעלע, וועלכעס האָט זיך צונויפגעצויגען אין איין שפּיץ אויפ'ן שטערען, איז געוועזען פערבאָרגען אַ ראַזיגעס מיידעל-געזיכט, און די יונגע געזעלען, וועלכע זענען גלייך נאָך איהר נאָכגעשפּרונגען אַזוי ווי נאָכשפּירענדע יאַגד-הינד, האָבען זיך אַרויסגעוויזען ווי פאָלקאָמענע פראַנטען מיט זייערע בעפעדערטע היטעלעך, מיט די קלינגענדע שנאַבעל-שיך און מיט זייערע זיידענע קליידער פון געמישטער פאַרב, וואָס די רעכטע זייט איז געוועזען גרין און די לינקע רויט, אָדער די רעכטע איז געוועזען געפאַרבט ווי פאַסען פון רעגענבויגען, און די לינקע איז געוועזען פערשיעדענפאַרביג געקעסטעלט, אַזוי אַז די נאַרישע יונגען האָבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען געוועזען אין מיטען געשפּאָלטען. מיטגע-צויגען פון דעם מענשענשטראָם איז דער רב מיט זיין ווייב אָנגעקומען צו'ם רוימער. דאָס איז געוועזען דער גרויסער, מיט הויכע פראָנטאָווע הייזער אַרומגערינגעלטער מאַרק-פּלאַץ פון דער שטאָדט; דעם נאָמען „רוימער" האָט ער בעקומען פון אַ אונגעהויער גרויס הויז, וואָס האָט געהייסען „צו'ם רוימער" און וואָס דער מאַגיסטראַט האָט עס אָבגעקויפט און געמאַכט דערפון אַ ראָטהויז. אין דעם דאָזיגען הויז פלעגט מען אויסוועהלען די קיסרים פון דייטשלאַנד, און פאַר דעם דאָזיגען הויז זענען אָפט פאָרגעקומען די עדעלע ריטער-שפּיעלען. דער קעניג מאַקסימיליאַן, וועלכער האָט די דאָזיגע שפּיעלען זעהר ליעב געהאַט, איז דעמאָלט טאַקי געוועזען אין פראַנקפורט, און אַ טאָג פאַר דעם האָט מען פון זיין כבוד וועגען איינגעאָרדענט פאַר'ן

רוימער א גרויס מלחמה־שפּיעל. נעבען די הילצערנע שאפּעס, וואס איצט האבען זיי די סטאלארעס פאנאנדערגעבראכען, זענען נאך געשטאנען פּיעל לעדיג־געהער און האבען זיך איינער דעם אנדערן דערצעהלט, ווי דער הערצאג פון ברוינשווייג און דער מארקגראף פון בראנדענבורג האבען נעכטען מלחמה געהאלטען איינער מיט'ן צווייטען אונטער פויקען־און טראמפּייטען־שאלען, ווי הערר וואלטער דער לומפּ האט דעם בערען־ריטער אזוי געוואלדיג אראבגעווארפען פון זאטעל, אז די שטיקלעך פון זיין שווערד זענען געפלויגען אין דער לופט, און ווי דער לאנגער בלאנדער קעניג מאקס איז צווישען זיינע הויפלייט געשטאנען אויפ'ן באלקאן און האט זיך פאר שמחה געריבען די הענד. די דעקעס פון גאלדענע שטאפען זענען נאך געלעגען אויף די פאפּענצען פון באלקאן און אויף די פענסטער פון ראטהויז. אויך די איבעריגע הייזער פון מארק־פּלאץ זענען נאך געווען יום־טובדיג בעפּוצט און בעצירט מיט הערב־שילדען, בעזונדערס דאס הויז לימבורג, וואס אויף זיין פאהן איז געווען אויסגעמאלט א יונגפרוי, וועלכע טראגט א שפּארבער אין דער האנד, ווערהענד א מאלפּע האלט פאר איהר א שפּיעגעל. אויפ'ן באלקאן פון דעם דאזיגען הויז זענען געשטא־נען פּיעל ריטער און דאמען, און שמועסענדיג און שמייכלענדיג האבען זיי אראבגעקוקט אונטען אויף דעם פאלק, וועלכעס האט זיך ארומ־געדרעהט אהין און אהער אין משונה'דיגע גרופּען. וואס פאר א מאסע לעדיגגעהער פון יעדען שטאנד און אלטער האבען זיך דא געשטופּט, אבי צופריעדענצושטעלען זייער תאוה צו קוקען! דא האט מען גע־לאכט, געקוויטשעט, געגנבה'ט, געקניפּט אין די זייטען, געפייפט, און אין מיטען דערינען האט קלינגעדיג געשמעטערט די טראמפּייט פון דאקטאר, וועלכער איז געשטאנען אויף א הויכען ארט מיט זיין נארישען משרת און מיט זיין מאלפּע, אויסגעטראמפּייטערט אלץ וואס ער קאן, געלויבט זיינע טינקטורען און וואונדערבארע זאלבען, אדער ער האט זעהר ערנסט בעטראכט א גלאז מיט השתנה, וואס עפּעס א אלטע פרוי האט געהאלטען פאר איהם, אדער זיך בעשעפטיגט מיט ארויסרייסען ביי א אלטען פויער א באקצאהן. צוויי פעכט־מייסטער, וועלכע זענען ארומגעפלויגען אין זייערע פערשידענפאר־ביגע בענדער, מאכענדיג אין דער לופט מיט זייערע שווערדען, האבען זיך דא בעגעגענט עפּעס אזוי ווי צופעליג און האבען זיך ארויפ־געווארפען איינער אויפן צווייטען כלומרשט אין גרעסטען צארן;

נאָך אַ לאַנגע צײַט פֿעכטען, האָבען זײ ערקלערט אײנער דעם אַנדערן, אַז זײ בײדען איז אונמעגליך צו בעזיעגען, און דאַן האָבען זײ צונױפֿגעקליבען אײניגע פֿעניג פֿון די אַרומשטעהענדע מענשען. איצט האָט פֿערבײ מאַרשירט מיט טראָמפײטען און פֿײַפֿער די נײַ־אײנגעאָרדענטע שוין־מהנה. באַלד דערױף איז אָנגעקומען מיט׳ן שטעקען אין דער שפּיץ, װעלכער האָט געטראָגען אַ רויטע פֿאָהן, אַ סטאַיע פֿאָדערענדע פֿרײַלינס, װעלכע זענען אַהער אָנגעקומען פֿון דעם פֿרויענ־דויז „צו׳ם אײזעל״ פֿון װירצבורג און האָבען זיך געלאָזט נאָך ראָזענטהאַל, װאו די הויך־געלויבטע נאַטשאַלסטװאָ האָט זײ בעשטימט אַ קװאַרטיר פֿאַר דער צײַט פֿון יריד.

— מאַך צו די אויגען, שענע שרה! — האָט דער רב געזאָגט. דען יענע פֿרויען־בילדער, װעלכע זענען געװען פֿאַנטאַסטיש און גאַנץ װעניג בעקלײדט און צװישען װעלכע עס זענען געװען אײניגע זעהר שענע, האָבען זיך אויפֿגעפֿיהרט אויפ׳ן אונציכטיגסטען אופֿן, זײ האָבען אויפֿגעדעקט זײערע װײַסע, הוצפּה׳דיגע בוזעמס, צוגעצויגען צו זיך די פֿערבײגעהענדע מיט אונפֿערשעמטע װערטער, אויסגעשטרעקט זײערע לאַנגע װאַנדער־שטעקענס, און װעהרענד זײ האָבען זיך אויף די דאָזיגע שטעקענס אַרויפֿגעזעצט אַזוי װי אויף פֿערד און אַראָבגעריטען איבער דעם סאַנקט קאַטאַרינאַ־טויער האָבען זײ מיט אַ קלינגענדער שטימע געזונגען דאָס מכשפה־ליעד:

„װאו איז דער באָק, דאָס טײַװעל־טיער?
װאו איז דער באָק? און פֿעהלט דער באָק,
אַזוי רײַטען מיר, אַזוי רײַטען מיר,
אַזוי רײַטען מיר אויפ׳ן שטאָק!״

דאָס דאָזיגע געזאַנג, װעלכעס מען האָט נאָך פֿון דערװײַטען געקאָנט דערהערען, איז ענדליך פֿערשטילט געװאָרען דורך די קירכישלאַנגגעצויגענע טענער פֿון אַ אָנקומענדער פּראָצעסיע. דאָס איז געװען אַ טרויעריגער צוג פֿון באָרװעסע מאָנאַכען מיט אויסגעקראָכענע קעפּ, װעלכע האָבען געטראָגען ברענענדע װאַקסענע ליכט אָדער פֿאָהנען מיט הײליגע בילדער אָדער אויך גרויסע זילבערנע קרוציפֿיקסען. אין דער שפּיץ זענען פֿאַר זײ פֿאָראויסגעגאַנגען יונגלעך אין רויטע און װײַסע רעק מיט דעמפֿפֿענדע װײַראַך־קעסלען. אין מיטען צוג אונטער אַ פּרעכטיגען באַלדאַחין האָט מען געזעהן גײַסטליכע אין װײַסע האָר־העמדער פֿון טײַערע שפּיצען אָדער אין פֿערשידענפֿאַר־

ביגע שטאָלען, און איינער פון זיי האָט געטראָגען אין האַנד אַ גאָלדענע כלי, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי די זון, און יעדעס מאָל, ווען ער איז אָנגעקומען ביז אַ נישע פון הייליגע אין עק מאַרק האָט ער די דאָזיגע כלי אויפגעהויבען אין דער הויך און האָט האַלב גערופען האַלב געזונגען לאַטיינישע ווערטער... אין דער זעלבער צייט האָט אָנגעהויבען קלינגען אַ קליין גלעקעל, און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס איז געשטאַנען אַרום, איז פערשטומט געוואָרען, געפאַלען אויף די קניע און זיך געצלמט. דער רב אָבער האָט געזאָגט צו זיין ווייב:

— מאַך צו די אויגען, שענע שרה! — און האַסטיג האָט ער זי אַוועקגעצויגען פון דאַנען אין אַ נאָהנטעס, שמאָלעס געסעל, דורך אַ לאַבירינט פון ענגע און קרומע גאַסען, און ענדליך איבער דעם נישט־בעוואוינטען, וויסטען פלאַץ, וועלכער האָט אָבגעשיידט דעם נייעם יודישען קוואַרטאַל פון דער איבעריגער שטאָדט.

פאַר יענער צייט האָבען די יודען געוואָהנט צווישען דער קירכע און דעם מאַין־ברעג, דאָס הייסט, פון דער בריק ביז צום לומפען־ברונען און פון דער מעהלוואָג ביז צו סאַנקט באַרטאָלאָמיי. נאָר די קאַטולישע פריעסטער האָבען אויסגעפועלט ביים פאַפסט אַ בולע, וועלכע האָט פערבאָטען די יודען צו וואָהנען אַזוי נאָהנט פון דער הויפט־קירכע, און דער מאַגיסטראַט האָט זיי אָבגעגעבען אַ פלאַץ אויפ'ן וואָלגראָבען, וואו זיי האָבען אויפגעבויט דעם איצטיגען יודישען קוואַרטאַל. דער דאָזיגער קוואַרטאַל איז געווען פערוואָרגט מיט שטאַרקע מויערן, און אויך מיט אייזערנע קייטען פאַר די טויערן, כדי זיי צו פערשפאַרען קעגען אַ אָנפאַל פון דער מאַסע. וואָרום דאָ האָבען די יודען אויך געלעבט אין דריגעניש און מורא, און נאָך מעהר ווי איצט האָבען זיי געדענקט די פריהעריגע צרות. אין יאָהר 1240 האָט דער צעלאָזטער המון געמאַכט צווישען זיי אַ בלוט־באָד, וועלכע מען רופט די ערשטע יודען־שחיטה, און אין יאָהר 1349, בשעת די פלאַזשעלאַנטען האָבען פערביי־געהענדיג אונטערגעצונדען די שטאָדט און בעשולדיגט די יודען, אַז זיי האָבען דאָס געטהון, זענען די יודען דורך דעם אויפגערייצטען המון גרעסטענטיילס ערמאָרדעט געוואָרען, אָדער זיי האָבען געפונען דעם טויט אין די פלאַמען פון זייערע אייגענע הייזער, און דאָס רופט מען די צווייטע יודישע שחיטה. שפעטער האָט מען די יודען גאַנץ אָפט געסטראַשעט מיט אַזעלכע שחיטות, און בשעת אין פראַנקרייך זענען פאָרגעקומען

זוּנרוּהען, בּעזונדערס בּשעת די מהלוקת'ן צווישען דעם ראַט און די צעהען, איז די קריסטליכע מאַסע זעהר אָפט שוין געווען בּערייט צו בּעפאַלען אויפ'ן יודישען קוואַרטאַל. דער דאָזיגער קוואַרטאַל האָט געהאַט צוויי טויערן, וועלכע פלעגען פערשלאָסען ווערען אין קאַטוילישע הגאות פון אויסענוועניג און אין יודישע יום-טובים פון אינוועניג, און פאַר יעדען טויער איז געווען אַ וואַכט-הויז מיט שטאָדט-סאָלדאַטען.

ווען דער רב איז מיט זיין ווייב אָנגעקומען צום טויער פון יודישען קוואַרטאַל האָט מען דורך די אָפענע פענסטער געקאָנט זעהן, ווי די סאָלדאַטען ליגען אויף די נאַרעס פון דער וואַכט-שטוב, און אין דרויסען פאַר דער טהיר איז אין פולען זונענשיין געזעסען דער טראָמפּייטען-בּלאָזער און האָט פאַנטאַזירט מיט זיין גרויסען טראָמפּייט. דאָס איז געווען אַ שווערע, דיקע געשטאַלט; זיין וואַמס און די הויזען זענען געווען פון פייער-געלען טוך, בּיי די אָרעמס און די לענדען איז עס געווען שטאַרק אויסגעבּלאָזען, און אַזוי ווי אָהן אַ שיעור מענשען-צינגער וואָלטען דערפון אַרויסגעלעקט איז דאָס פון אויבען בּיז אונטען געווען בּעזייעט מיט איינגענעהטע רויטע קישעלעך; די בּרוסט און דער רוקען זענען געווען געפּאַנצערט מיט שוואַרצע טוך-קישעלעך, אויף וועלכע עס איז געהאַנגען דער טראָמפּייט; אויפ'ן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ פלאַכע, קיילעכדיגע שוואַרצע קאַפּע; דאָס געזיכט איז אויך געווען פלאַך און קיילעכדיג, דערצו נאָך געל ווי אָראַנגען און בּעזעצט מיט רויטע געשווירעלעך און פערצויגען צו אַ גענעצדיגען שמייכעל. אָט אַזוי איז דער סאָלדאַט געזעסען און האָט אויסגעטראָמפּייטערט די מעלאָדיע פון אַ ליעד, וואָס אַמאָל האָבּען עס געזונגען די פלאַזשעלאַנטען בּשעת דער יודישער שהיטה, און מיט זיין גראָבּען בּיער-טאָן האָט ער צוגעגאָרגעלט די ווערטער:

„אונזער ליעבּע פרוי—ע,
געהט אַמאָל אין מאָרגען-טוי—ע,
קירי עלייזאָן!"

— האַנס, דאָס איז אַ שלעכטע מעלאָדיע, — האָט אויסגערופען אַ שטימע פון הינטער דעם פערשלאָסענעם טויער פון יודישען קוואַר-טאַל — האַנס, עס איז אויך אַ שלעכט ליעד, עס פּאַסט נישט צו אַ קיין טראָמפּייט, פּאַסט גאָר נישט און בּפרט נאָך בּשעת'ן יריד און אין פּסחאַ-צייט, אַ שלעכט ליעד, אַ געפערליך ליעד, האַנס,

דאַנסעלע, קליינער טראָמפּייטענ־האַנסעלע, איך בין איינער אַליין
און אויב דו האָסט מיך ליעב, אויב דו האָסט ליעב דעם שטערען,
דעם לאַנגען שטערען, דעם לאַנגען נאָז־שטערען, טאָ הער אויף!

די דאָזיגע ווערטער האָט דער אונגעזעהענער רעדנער אַרויס־געֶרעדט האַלב האַסטיג, פול מיט שרעק, האַלב פּאַמעלעך דיפּ־צענדיג, מיט אַ טאָן, וואָס אין איהם האָט זיך דאָס ציהענדיג־ווייכע און דאָס הייזעריג־האַרטע שנעל אומגעביטען, אַזוי ווי עס טרעפט ביי שווינדזיכטיגע. דער טראָמפּייטענ־בלאָזער איז געבליבען אומ־בעוועגליך, און נאָך אַלין בלאָזענדיג די פריהעריגע מעלאָדיע האָט ער ווייטער געזונגען:

„אין מיטען קומט אַ קליינער יונג,
און זיין באָרד טהוט איהם אַ שפּרונג;
הללויה!"

— האַנס — האָט ווידער געֶרופען די שטימע פון דעם דער־מאָהנטען רעדנער — האַנס, איך בין איינער אַליין, און עס איז אַ געפעהרליך ליעד, און איך האָב עס נישט ליעב צו הערען, און איך וויים פאַרוואָס, און אויב דו האָסט מיך ליעב, וועסטו בעסער זינגען עפּעס אַנדערש, און מאָרגען וועלען מיר טרינקען...

ביי'ם וואָרט „טרינקען" האָט האַנס אויפגעהערט צו בלאָזען און זינגען און האָט געזאָגט מיט אַ עהרליכען טאָן:

— האָפּט די יודען דער טייוועל, נאָר דו, ליעבער נאָז־שטערן, ביזט מיין פריינד, איך וועל דיך בעשיצען, און אויב מיר וועלען נאָך אָפט טרינקען צוזאַמען, וועל איך דיך אויך טויפען. איך וויל זיין דיין טויפ־פאָטער; אַז דו וועסט זיך טויפען, וועסטו גליקליך זיין, און אויב דו האָסט אַ קאָפּ און וועסט זיך ביי מיר פלייסיג לערנען, קאָנסטו נאָך אויך ווערען אַ טראָמפּייטענ־בלאָזער. יאָ, נאָז־שטערן, דו קאָנסט נאָך דערגעהן זעהר ווייט, איך וועל דיר אויסטראָמ־פּייטערן דעם גאַנצען קאַטעכיזמוס, בשעת מיר וועלען מאָרגען טרינ־קען צוזאַמען — נאָר איצט מאַך נאָר אויף דעם טויער, ווייל דאָ שטעהען צוויי פריינד און ווילען אַריינגעהן.

— אויפעפענען דעם טויער? — האָט אויסגעשריען נאָז־שטערן, און קוים וואָס ער איז געווען אימשטאַנד ווייטער צו רעדען. — דאָס געהט נאָך נישט אַזוי שנעל, ליעבער האַנס, מען קאָן נישט וויסען, מען קאָן גאָרנישט וויסען, און איך בין איינער אַליין. פייטעל רינדס־

קאָפּ האָט דעם שליסעל און איצט שטעהט ער שטיל זיין עק און ברומט די שמונה־עשרה; נו, טאָר ער דאָך נישט מפסיק זיין. יעקעל דער נאַר איז אויך דאָ, נאָר ער איז איצט משתין. איך בין איינער אַליין!

— האַפּט די יהודען דער טייוועל! — האָט דער טראָמפּייטענ־האַנס אויסגערופען, און הויך לאַכענדיג איבער זיין אייגענעם וויץ האָט ער זיך אַריינגעקייקעלט אין דעם וואַכט־הויז און האָט זיך אויך געלעגט אויף די נאַרעס.

ווי דער רב איז איצט מיט זיין ווייב אַליין געבליבען שטעהען פאַר'ן גרויסען פערשלאָסענעם טויער, האָט זיך הינטערן טויער דער־הערט אַ שנאָרכענדע, אונטערן נאָז רעדענדע, אַביסעל שפּאָטיג־געצויגענע שטימע:

— שטערענדעל, פלוידער נישט אַזוי לאַנג, נאָר נעהם אַרויס דעם שליסעל פון רינדסקאָפּס קעשענע, אָדער נעהם דיין נאָז און שליס דערמיט אויף דעם טויער. די מענשען שטעהען שוין לאַנג און וואַרטען.

— די מענשען? — האָט מיט אַנגסט אויסגערופען די שטימע פון דעם מענשען, וועלכען מען האָט גערופען נאָז־שטערן — איך האָב געמיינט, אַז ס'איז נאָר דאָ איינער, און איך בעט דיך, נאַר, ליעבער יעקעל נאַר, קוק נאָר אַרויס, ווער איז דאָס דאָרטען.

דאַן האָט זיך געעפענט אין טויער אַ קליינינקעס פענסטעדל מיט שטאַרקע גראַטעס, און עס האָט זיך בעוויזען אַ געלע מיץ מיט צוויי הערנער און אונטער דער מיץ דאָס לעכערליכע פערקרימטע לציישע געזיכט פון יעקעל דעם נאַר. אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט זיך די פענסטער־לאָך ווידער פערשלאָסען און עס האָט זיך דערהערט: „מאַך אויף, מאַך אויף, אין דרויסען שטעהט נאָר איין מאַנסביל מיט איין ווייב!"...

— איין מאַנסביל מיט איין ווייב! — האָט נאָז־שטערן אָבגעבּ־קרעכצט — און אַז דער טויער וועט אויפגעמאַכט ווערען, אַזוי וועט דאָס ווייב אַראָבוואַרפען פון זיך דאָס קלייד און עס איז אויך אַ מאַנסביל, און דאַן זענען דאָס צוויי מאַנסבילען, און מיר זענען נאָר דריי.

— זיי נישט קיין האָז! — האָט יעקעל דער נאַר געענטפערט — און זיי האַרציג און ווייז אַרויס קוראַזש!

— קוראַזש! — האָט נאָז־שטערן אויסגערופען און האָט גע־לאַכט מיט אַ פערדראָסיגער ביטערקייט — האָז! האָז איז אַ שלעכ־טער פערגלייך. אַ האָז איז אַ אונרייניגע חיה. קוראַזש! מען האָט מיך דאָ אהער געשטעלט נישט צוליעב קוראַזש וועגען, נאָר צוליעב פאָרזיכטיגקייט. אויב עס וועלען אָנקומען צופיעל, זאָל איך שרייען. נאָר איך אַליין קאָן זיי דאָך נישט אָבהאַלטען. מיין אָרעם איז צו שוואַך, איך טראָג אַ פאַנטאַנעל, און איך בין איינער אַליין. טהוט מען אַ שאָס אויף מיר, אַזוי בין איך טויט. דאַן זיצט זיך דער רייכער מענדעל רייס שבת ביי'ם טיש און ווישט זיך פון מויל די ראָזינקעס־זופּ און גלעט זיך דעם בויך און זאָגט נאָך אפשר: דער לאַנגער נאָז־שטערענדעל איז דאָך געווען אַ וואוילער יונג, ווען ער וואָלט נישט געווען, אַזוי וואָלטען זיי אויפגעבראָכען דעם טויער, ער האָט זיך דאָך פאַר אונז געלאָזט שיעסען צו'ם טויט, ער איז געווען אַ וואוילער יונג, אַ שאָד וואָס ער איז טויט—

די שטימע איז ביי דיעזע ווערטער געוואָרען ביסלעכווייז ווייך און חיינענדיג, נאָר פּלוצלונג איז זי איבערגעגאַנגען אין אַ האַסטיגען, כמעט ערביטערטען טאָן:

— קוראַזש! און כדי דער רייכער מענדעל רייס זאָל זיך קאָנען פון מויל אָבווישען די ראָזינקעס־זופּ און זיך גלעטען דעם בויך און מיך אָנרופען אַ וואוילער יונג, זאָל איך מיך לאָזען דערשיעסען צו'ם טויט? קוראַזש! מיט האַריץ! דער קליינער שטרויס איז געווען מיט האַריץ, און האָט נעכטען אויפ'ן רוימער זיך צוגעקוקט צו דער מלחמה, און האָט געמיינט, אַז מען קען איהם נישט, ווייל ער האָט געטראָגען אַ פיאָלעטען רעקעל פון סאַמעט, צו דריי גולדען אַ אייל, מיט פוקס־ווייִדעלעך, איינגאַנצען געשטריקט אין גאָלד און זעהר פּרעכטיג — און זיי האָבען איהם דאָס פיאָלעטען רעקעל אַזוי לאַנג געקלאַפּט, ביז עס איז אַראָב פון דער פאַרב, דערפאַר אָבער איז אויך זיין רוקען געוואָרען פיאָלעט און ער זעהט שוין מעהר נישט אויס מיט מענשען גלייך. קוראַזש! דער קרומער לייזער האָט זיך געמאַכט האַריץ און האָט אונזער לומפּיגען סאָלטים אָנגע־רופען לומפּ, און זיי האָבען איהם אויף די פיס אויפגעהאָנגען צווישען צוויי הינד, און דער טראָמפּייטען־האַנס האָט געטראָמפּייטערט. קו־ראַזש! זיי נישט קיין האָז! צווישען אַ סך הינד איז דער האָז פערלאָרען, איך בין איינער אַליין, און האָב אין אמת'ען מורא!

— שווער זיך! — האָט יעָקעל דער נאַר אויסגעֶרופעָן.

— איך האָב אין אמת'ען מורא! — האָט נאָז-שטערן ווידער-האַלט זיפצענדיג — איך ווייס, די מורא ליעגט מיר שוין אין בלוט, און איך האָב עס בירושה פון מיין מאַמע עליה השלום—

— יאָ, יאָ! — האָט אידם איבערגעהאַקט יעָקעל דער נאַר — און די מאַמע האָט עס בירושה פון איהר טאַטען, און דער טאַטע האָט עס ווידער געירשה'נט פון זיין טאַטען, און אַזוי האָבען עס דיינע זיידעס געירשה'נט איינער פון אַנדערען, ביז מען קומט צו דיין שטאַם-פאָטער, וועלכער איז אין דער צייט פון שאול המלך געגאַנגען מלחמה האַלטען מיט די פלשתים, און ער איז געוועָן דער ערשטער, וועלכער האָט געמאַכט פליטה. — אָבער זעה נאַר, רינדס-קעפעלע האָט שוין געענדיגט, אָט האָט ער זיך צו'ם פיערטען מאָל געבוקט, שוין שפרינגט ער ווי אַ פלוי ביי דריי מאָל „קדוש", און איצט נעהמט ער זיך שוין פאָרזיכטיג צו דער קעשענע...

ווירקליך, די שליסעל האָבען געראַשט, קלינגענדיג האָט זיך געעפענט אַ פליגעל פון טויער, און דער רב און זיין חייב זענען אַריינגעקומען אין דער יודישער גאַס. וואָס איז געוועָן גאַנץ לײדיג פון מענשען. נאָר דער אויפשליסער, אַ קליינער מענש מיט אַ גוט-מיטיג זויער געזיכט, האָט טרוימעריש צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אַזוי ווי איינער, וועלכער וויל זיך נישט לאָזען שטערען אין די געדאַנקען, און נאָכדעם ווי ער האָט דעם טויער ווידער גוט פערשלאָסען האָט ער, נישט רעדענדיג קיין וואָרט, זיך אַוועקגערוקט אין אַ ווינ-קעל הינטער'ן טויער, נאָך אַלץ זאָגענדיג די תפילות. וועניגער שווייגענדיג איז געוועָן יעָקעל דער נאַר, אַ גרויסער יונג מיט עטוואָס קרומע פיס, מיט אַ לאַכענדיגען פול-רויטען געזיכט און מיט אַ אונמענשליכער גרויסער פליישיגער האַנד, וועלכע ער האָט פון די ברייטע אַרבעל פון זיין פערשידענפאַרביגער יאַקע אַרויסגעשטרעקט צו'ם שלום-עליכם. הינטער אידם האָט זיך געוויזען, אָדער בעסער: זיך בעהאַלטען אַ לאַנגע, מאָגערע געשטאַלט, וואָס זיין שמאָלער האַלז איז געוועָן חיים בעפעדערט מיט אַ שענע באַטיסטינע קראַוועָ, און זיין דין, בלאַס געזיכט איז געוועָן מערקווירדיג בעצירט מיט אַ כמעט אונגלויבליכער לאַנגער נאָז, וועלכע האָט זיך נייגיעריג און מיט מורא בעוועגט אַהין און אַהער.

— שלום עליכם! גוט יום טוב! — האָט זיך אָבגערופען יעָקעל

דער נאַר — וואונדערט זיך נישט, וואָס די גאַס איז איצט אַזוי לעדיג און שטיל. אַלע אונזערע מענשען זענען איצט אין שוהל, און איהר קומט פונקט צו דער ריכטיגער צייט, כדי צו הערען ווי מען לייענט די מעשה פון עקידת יצחק. איך קען עס, דאָס איז אַ אינטערעסאַנטע מעשה, און ווען איך וואָלט עס שוין נישט געהאַט געהערט דריי און דרייסיג מאָל, וואָלט איך עס זעהר גערן דאָס יאָהר נאָך אַ מאָל געהערט. און דאָס איז אויך אַ וויכטיגע מעשה, ווייל ווען אברהם וואָלט טאַקי געשאָכטען יצחק'ן און נישט דעם באַראַן, וואָלטען איצט געווען אויף דער וועלט מעהר באַראַנעס און וועניגער יודען — און מיט אַ משוגענער לוסטיגער גרימאַסע האָט יעקעל אָנגעהויבען זינגען דאָס ליעד פון דער הגדה:

„חד גדיא, חד גדיא, איין ציקעלע, איין ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען דאָס קעצעלע, און האָט אויפגעגעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ הינדטעלע, און האָט אַ ביס געטהון דאָס ציצעלע, וואָס האָט אויפגעפרעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ שטעקעלע, און האָט געשלאָגען דאָס הינדטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעפרעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ פייערל, און האָט פערברענט דאָס שטעקעלע, וואָס האָט געשלאָגען דאָס הינדטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעפרעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ וואַסערל, און האָט פערלאָשען דאָס פייערל, וואָס האָט פערברענט דאָס שטעקעלע, וואָס האָט געשלאָגען דאָס הינדטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעפרעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ עקסעלע, און האָט אויסגעטרונקען דאָס וואַ-

סערל, וואָס האָט פערלאָשען דאָס פײַערל, וואָס האָט פערברענט דאָס שטעקעלע, וואָס האָט געשלאָגען דאָס הינדטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעפרעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע!

„איז געקומען אַ שוחט׳ל, און האָט געשאָכטען דאָס עקסעלע, וואָס האָט אויסגעטרונקען דאָס וואַסערל, וואָס האָט פערלאָשען דאָס פײַערל, וואָס האָט פערברענט דאָס שטעקעלע, וואָס האָט געשלאָגען דאָס הינדטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעפרעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע:

„איז געקומען דער מלאך־המות׳ל, און האָט געשאָכטען דאָס שוחט׳ל, וואָס האָט געשאָכטען דאָס עקסעלע, וואָס האָט אויסגעטרונקען דאָס וואַסערל, וואָס האָט פערלאָשען דאָס פײַערל, וואָס האָט פערברענט דאָס שטעקעלע, וואָס האָט געשלאָגען דאָס הינדטעלע, וואָס האָט געביסען דאָס קעצעלע, וואָס האָט אויפגעפרעסען דאָס ציקעלע, וואָס דער פאָטער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען; איין ציקעלע! איין ציקעלע!"

— יאָ, שענע פרוי, — האָט דער זינגער צוגעגעבען — עס וועט אַמאָל קומען דער טאָג, ווען דער מלאך־המות וועט שעכטען דעם שוחט, און אונזער גאַנצעם בלוט וועט אויסגעמאָהנט ווערען פון אדום; ווײַל גאָט איז אַ אל קנא ונוקם — — —

נאָר פּלוצלונג, פערטרײַבענדיג דעם ערנסט, וועלכער האָט איהם נישט ווילענדיג בעהערשט, האָט זיך יעקעל דער נאַר וויעדער אַרײַנגעלאָזט אין זײַנע ליצנות און האָט ווײַטער גערעדט מיט אַ פרעהליכער שטימע פון אַ ליץ:

— האָט נישט מורא, שענע פרוי, דער נאָז־שטערן וועט אײַך קײַן שלעכטס נישט טהון. נאָר פאַר דער אַלטער שנאָפּער־עלע איז ער געפעהרליך. זי האָט זיך פערליבט אין זײַן נאָז, נאָר די נאָז האָט עס כשר פערדינט. זי איז שען ווי דער טורם, וואָס קוקט אַרויס אויף דמשק, און איז ערהאַבען ווי די צעדער־בוימער פון וואַלד לבנון. אויסענוועניג גלאַנצט זי ווי גין־גאָלד און סירופּ, און אינוועניג איז לויטער מוזיק און ליעבשאַפט. אום זומער בליהט זי, ווינטער איז זי אַביסעל צוגעפרוירען, און ווינ־

טער און זומער ווערט זי געלאשטשעט פון שנאפער-עלע׳ס ווייסע הענד. יא, שנאפער-עלע איז פערליעבט אין איהם, פשוט אונ-זיניג. זי היט איהם, זי פאשעט איהם, און ווי ער וועט נאר ווע-רען געגנוג פעט, וועט זי מיט איהם חתונה האבען, און פאר אידרע יאהרען איז זי נאך יונג גענוג, און ווער עס וועט אמאל אין דריי הונדערט יאהר ארום קומען צופאהרען אין פראנקפורט, וועט נישט קאנען זעהן דעם הימעל, אזוי פיעל נאז-שטערענס וועלען דא זיין.

— איהר זענט יעקעל דער נאר,— האט דער רב אויסגערופען לאכענדיג,— איך דערקען דאס פון אייערע ווערטער. איך האב אפט געהערט פון אייך רעדענדיג.

— יא, יא, — האט יענער געענטפערט מיט לעכערליכער ענִיוות,— יא, יא, דאס קומט ארויס פון דעם, וואס מען איז בע-ריהמט. אפט איז מען ווייט און ברייט בעקאנט פאר א גרעסערן נאר, ווי מען ווייס אליין. דאך מיר קאסט עס זעהר פיעל מיה צו זיין א נאר, און איך שפרינג און שאקעל מיך, כדי די גלעק-לעך זאלען קלינגען. אנדערע קומט עס אן לייכטער... נאר זאגט מיר, רבי, פארוואס פאהרט איהר אום יום-טוב?

— מיין פערענטפערונג — האט דער רב געזאגט — שטעהט אין תלמוד, און דאס הייסט: „סכנה דוחה שבת" (די געפאהר פער-טרייבט דעם שבת).

— סכנה! — האט פלוצלונג אויסגעשריען דער לאנגער נאז-שטערן און איז דערשראקען געווארען, ווי ער וואלט געשטאנען אין א געפאהר פון טויט, — סכנה! סכנה! טראמפייטען-האנס, טראמ-פייטער, טראמפייטער, סכנה! סכנה! טראמפייטען-האנס...

נאר פון דרויסען האט דער טראמפייטען-האנס אויסגערופען מיט זיין דיקער ביער-שטימע:— טויזענד דונער-וועטער! האפט דער טייוועל די יודען! שוין דאס דריטע מאל, ווי דו האסט מיך היינט פון שלאף אויפגעוועקט, נאז-שטערן! מאך מיך נישט בייז! אז איך ווער בייז, בין איך דער טייוועל אליין, און דאן, אזוי ווי איך בין א קריסט, דאן שיעס איך מיט׳ן ביקס דורך דער גראטעס-לאך פון טויער, און דאן זאל יעדער היטען זיין נאז!

— שיעס נישט! שיעס נישט! איך בין איינער אליין! — האט מיט אנגסט געקלאגט נאז-שטערן און האט זיין געזיכט פעסט צוגעדריקט צו׳ם מויער, און אין אזא צושטאנד איז ער געבליבען

ציטערנדיג און בעטענדיג שטילערהייד.

— זאגט, זאגט, וואס איז געשעהן? — האט איצט אויסגעריסען אויך יעקעל דער נאר מיט זיין גאנצער האסטיגער נייגיעריגקייט, וועלכע איז שוין דערמאלט געוועזען די אייגענשאפט פון די פראנקפורטער יודען.

נאר דער רב האט זיך פון איהם ארויסגעריסען פריי און איז מיט זיין ווייב געגאנגען ארויף צו דער יודישער גאס.

— ועה, שענע שרה, — האט ער געזאגט זיפצענדיג, — ווי שלעכט דאס פאלק ישראל איז בעשיצט! פאלשע פריינד היטען זיינע טויערן פון אויסענווייניג, און פון אינווייניג זענען זיינע היטער נארישקייט און מורא!

פאמעלעך האבען זיי ביידע געוואנדערט דורך דער לאנגער, לעדיגער גאס, וואס נאר דא און דארט האט א בליהענדער מעדעלשער קאפ ארויסגעקוקט פון א פענסטער, ווערהרענד די זון האט זיך אין די בלאנקע שויבען יום־טוב'דיג פרעהליך אבגעשפיגעלט. דערמאלט זענען די הייזער פון דעם יודישען קווארטאל נאך געוועזען ניי און שען, אויך נידעריגער ווי איצט, ווארום ערשט שפעטער, ווען די יודען האבען זיך שטארק פערמעהרט און האבען דאך נישט געקאנט זייער קווארטאל ברייטער מאכען, האבען זיי געמוזט כסדר בויען איין שטאק איבער'ן צווייטען, זיך צוזאמענגערוקט ווי הערינג אין א פאס, און דאדורך זענען זיי געווארען קאלעקעס אי פיזיש אי גייסטיג. יענער טייל פון דעם יודישען קווארטאל, וועלכער איז נאך געבליבען שטעהן נאך דער גרויסער שרפה און וועלכען מען רופט „די אלטע גאס“, יענע הויכע, שווארצע הייזער, וואו א פערקרימטעס, פייכטעס פאלק שאכער־מאכערט, איז א שוידערהאפטער דענקמאל פון מיטעלאלטער. די עלטערע שוהל עקזיסטירט שוין גישט מעהר; זי איז נישט געוועזען אזוי גראם ווי די איצטיגע, וועלכע איז שפעטער געבויט געווארען, נאכדעם ווי די יודען, וואס זענען פערטריבען געווארען פון נירנבערג, זענען אנגענומען געווארען אין דער געמיינדע. יענע שוהל איז געלעגען מעהר צו צפון־זייט. דער רב האט זיך נישט געדארפט נאכפרעגען, ווי צו געהן צו איהר. שוין פון דערווייטען האט ער דערהערט די פילע צעמישטע און הויכע שטימען. אין הויף פון דער שוהל האט ער זיך געשיידט פון זיין ווייב. נאכדעם ווי ער האט

געוואשען די הענד ביי'ם ברונען, וואס שטעהט דא'ט, איז ער אריינגעגאנגען אין יענעם אונטערשטען טייל פון דער שוהל, וואו די מאנסלייט דאווענען; די שענע שרה וויעדער איז ארויף אויף טרעפ און איז ארויפגעקומען אין דער הויך אין דער ווייבער-שוהל.

די דאזיגע אויבערשטע אבטיילונג איז געווען אזא מין גאלעריע מיט דריי שורות הילצערנע, ברוין-רויט געפארבטע לאווקעס, וואס זייערע פארענצען זענען אין דער הויך געווען פערזארגט מיט א הילצערנער ברעט, וועלכעס איז געווען זעהר בעקוועם אנגעקלאפט, כדי מען זאל דערויף קאנען ארויפלעגען דעם סידור. די פרויען זענען דא געזעסען איינע נעבען דער אנדערער און האבען געפלוידערט, אדער זיי זענען גלייך געשטאנען און האבען פרום געדאווענט; טיילמאל פלעגען זיי אויך צוגעהן נייגיעריג צו די גרויסע גראטעס, וועלכע האבען זיך געצויגען איבער דער לענג פון מזרח-זייט, און וואס זענען געווען פערהאנגען מיט דינע, גרינע פארהאנגען, דורך וועלכע זיי האבען געקאנט אראבקוקען אין דער אונטערשטער אבטיילונג פון דער שוהל. דארט, הינטער הויכע שטענדערס זענען די מאנסלייט געשטאנען אין זייערע שווארצע מאנטלען, די שפיצען פון זייערע בערד האבען אראבגעהאנגען אויף די ווייסע האלז-קראגענס און די פלאך-בעדעקטע קעפ זענען געווען מעהר אדער ווייניגער איינגעהילט אין א טלית; ביי אנדערע טליתים זענען אויך געווען עטרות. די ווענד פון דער שוהל זענען געווען אלע גלייך געווייסט, און מען האט דארט נישט געזעהן קיין אנדערע בעפוצונג, אויסער די פערגאלדעטע אייזערנע גראטעס ארום דער פיער-קאנטיגער בימה, אויף וועלכער מען האט געלייענט די סדרה אין דער ספר-תורה, און דעם ארון-קודש — א טייער-אויסגעארבייטער קאסטען, וועלכער האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט געשטאנען אויף מארמארנע זיילען מיט רייכע קאפיטעלן, וואס זייערע בלומען אדער געוויקסען האבען זעהר שען ארויסגעשטעקט, און איז געווען בעדעקט מיט א פרוכת פון קארן-בלויען סאמעט, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעשטריקט א הייליגע אויפשריפט מיט גאלד-פעדעם, פערל און פערשיעדענפארביגע שטיינער. נעבען דעם איז געהאנגען דער נר-תמיד און ס'איז געשטאנען דער עמוד, וואס אויף זיין ברעט האבען זיך געפונען אלערליי הייליגע זאכען, צווישען זיי אויך די מנורה מיט די זיבען רעהרען, און פאר דער

מנורה איז געשטאַנען מיט'ן פנים צו'ם עמוד דער חזן, וואָס זיין
געזאַנג איז געווען אינסטרומענטען-אַרטיג בעגלייט פון די שטימען
פון זיינע צוויי משוררים, אַ באַס מיט אַ דיסקאַנט. ווארום אין דער
יודישער שוהל איז פערבאָטען יעדע ווירקליכע אינסטרומענטאַלע
מוזיק, ווייל דער לויב צו גאָט גערט בעסער אַרויס פון אַ וואַ-
רעמער מענשען-ברוסט, ווי פון אַ קאַלטען אָרגעל-פייפען. אֶמת
קינדיש האָט זיך די שענע שרה געפרעהט, ווען דער חזן, אַ אויס-
געצייכענטער טענאָר, האָט איצט אויפגעהויבען זיין שטימע, און
די אוראַלטע ערנסטע מעלאָדיען, וועלכע זענען איהר געווען גוט
בעקאַנט, האָבען אויסגעבליהט אין אַ גאָר יונגער ליעבליכקייט, וועל-
כע זי האָט קיינמאָל נישט געהערט, און דער באַס האָט אין געגענ-
טייל אַריינגעברומט די טיעפע, דונקעלע טענער, און אין די צווי-
שען-פויזען האָט דער דיסקאַנט פיין און זיס געטרילערט. אַזאַ געז-
זאַנג האָט די שענע שרה אין דער שוהל אין באַכאַראַך נאָך קיינ-
מאָל נישט געהערט, ווייל דאָרט איז דער פאָרשטעהער פון דער
געמיינדע, דוד לעווי, געווען דער חזן, און ווען דער דאָזיגער שוין
בעיאָהרטער, ציטערנדיגער מענש האָט מיט זיין צעבראָקעלטער,
שוואַכער שטימע געוואָלט אָנהויבען טרילערן ווי אַ יונג מעדעל,
און ער האָט אין אַזאַ געוואַלדיגער אָנשטרענגונג אָנגעהויבען פיע-
בערהאַפט צו שאָקלען מיט זיין שלאַף-אַראָבהענגענדען אָרעם, דאַן
האָט אַזאַ מין זאַך גיכער אָנגערייצט צו'ם לאַכען איידער צו גאָט-
בעטען.

אַ פרומער בעגעהר, געמישט מיט וויבערשער נייגיעריגקייט,
האָט די שענע שרה צוגעצויגען צו די גראַטעס, וואו זי האָט גע-
קאָנט אַראָבקוקען אין דער אונטערשטער אָבטיילונג, די מענער-
שוהל. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהן אַזוי פיעל מענשען
פאַר אַמאָל, ווי זי האָט דאָ אונטען דערזעהן, און עס איז איהר
אין האַרצען נאָך בעסער געוואָרען צווישען אַזוי פיעל מענשען,
וועלכע זענען אַלע איהרע נאָהנטע קרובים, ווייל זיי אַלע שטאַ-
מען אַרויס פון דעם זעלבען פאָלק, זיי אַלע דענקען גלייך און
ליידען גלייך. נאָר נאָך מעהר איז בעוועגט געוואָרען דער פרוי'ס
זעעלע, בשעת דריי אַלטע מענער זענען מיט יראת-הכבוד צוגע-
גאַנגען צו'ם אָרון-קודש, אָבגערוקט אָן אַ זייט דעם גלענצענדען
פאָרהאַנג, אויפגעעפענט דעם אָרון און פאָרזיכטיג אַרויסגענומען

יענעם ספר, וואָס גאָט האָט מיט זיין הייליג־אייגענער האַנד אַליין
געשריבען און וואָס פאַר'ן אָבהיטען, וואָס עס שטעהט אין איהם,
האָבען די יודען אַזוי פיעל איבערגעטראָגען, אַזוי פיעל עלענד און
שנאה, שאַנד און טויט, אַ טויזענד־יעהריגען פּיין. די דאָזיגע גרויסע
ספר־תורה איז ווי אַ פירשטליך קינד געוועזען איינגעהילט אין אַ
פערשידענפאַרביג־געשטריקטעס מענטעלע פון רויטע סאַמעט; אין
דער הויך אויף די עץ־חיים'ס האָבען געשטעקט צוויי זילבערנע
שטיבעלעך, אויף וועלכע עס האָבען זיך בעוועגט אַלערליי גראַ־
נאַטען און גלעקעלעך און האָבען געקלונגען, און פאָרענט זענען
אויף זילבערנע קייטעלעך געהאַנגען גאָלדענע שילדען מיט פער־
שידענפאַרביגע עדעלשטיינער. דער חזן האָט די ספר־תורה גע־
נומען, און אַזוי ווי דאָס וואָלט ווירקליך געוועזען אַ קינד, אַ קינד,
וואָס פון זייַנעטוועגען האָט מען פיעל שמערצען איבערגעליטען
און וועלכעס מען ליעבט נאָך מעהר טאַקי דערפאַר, האָט ער עס
געוויעגט אין זיינע אָרעמס, אונטערגעטאַנצט דערמיט אַהין און אַ־
הער, צוגעדריקט עס צו זיין ברוסט, און ווערענדיג זעהר אויפ־
געערעגט פון אַזאַ בעריהרונג, האָט ער אויפגעהויבען זיין שטימע
צו זינגען אַ פריידיג־פרומעס דאַנק־ליעד, און דער שענער שרה האָט
זיך געדוכט, אַזוי ווי די זיילען פון אָרון־קודש וואָלטען אָנגעהויבען
בליהען, און די וואונדערבאַרע בלומען און בלעטער פון די קאַ־
פּיטעלען זענען אַלץ העכער אויסגעוואַקסען, און די טענער פון
דיסקאַנט זענען פערוואַנדעלט געוואָרען אין לויטער נאַכטיגאַלען,
און דער סופיט פון שוהל האָט זיך געשפּאַלטען דורך די גע־
וואַלדיגע טענער פון באַס, און גאָט'ס שמחה האָט אַראָבגעשטראָמט
פון בלויען הימעל. דאָס איז געוועזען אַ שען קאַפּיטעל פון תהלים.
די געמיינדע האָט אין האָר וויעדערהאָלט די לעצטע פסוקים און
דער חזן מיט דער ספר־תורה איז פּאַמעלעך געגאַנגען צו דער
בימה אין מיטען שוהל, ווערענד מענשען און קינדער האָבען זיך
צו איהם געשטויסען, כדי צו קושען דאָס מענטעלע פון דער ספר־
תורה אָדער עס האַטש צו בעריהרען. אויף דער בימה האָט מען
פון דער ספר־תורה אַראָבגעצויגען דאָס סאַמעטענע מענטעלע, און
אויך דאָס גירטעלע, וואָס איז בעשריבען מיט פערשידענפאַרביגע
אותיות און מיט וואָס די ספר־תורה איז געוועזען אַרומגעוויקעלט,
און פון דער אָפענער ספר־תורה האָט דער חזן געלייענט מיט יע־

נעם זינגענדען טאָן, וועלכער ווערט אום פסח גאָר בעווונדערט מאָ־
דוליִרט, די מעשה פון עקדת־יצחק.

די שענע שרה איז עניוות׳דיג אַוועק פון די גראַטעס, און
אַ בריִיטע, אויסגעפּוצטע פרוי פון מיטעלע יאָהרען האָט איהר מיט
אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ ערלויבט מיט איהר אַריינצוקוקען אין סידור.
די דאָזיגע פרוי איז, ווי עס ווייזט אויס, אפילו נישט געווען קיין
גרויסע למדנ׳טע; ווייל בשעת זי האָט די תפילות פאַר זיך גע־
לייענט, ווי אַלע ווייבער, וועלכע דאַרפען נישט הויך מיטזינגען,
האָט די שענע שרה בעמערקט, אַז זי האָט פיעל ווערטער אַרויס־
געריעדט קאַפּויר און נישט איין שורה האָט זי אינגאַנצען איבער־
געהיפּט. נאָר אין אַ ווײַלע אַרום האָבען זיך שמאַכטענד פאַמע־
לעך אויפגעהויבען די וואַסער־קלאָרע אויגען פון דער גוטער פרוי,
אַ פלאַכער שמייכעל האָט זיך אויסגעלעגט איבער איהר פאָרצע־
לאַענהאַפּט־רויטע און ווײַסע געזיכט, און מיט אַ טאָן, וועלכער
האָט געוואָלט זיך אַרויסווײַזען ווי מעגליך פאָרנעהמער, האָט זי
געזאָגט צו דער שענע'ר שרה'ן:

— ער זינגט זעהר גוט. נאָר איך האָב אין האָלאַנד גע־
הערט נאָך פיעל בעסער זינגען. איהר זענט אַ פרעמדע און איהר
ווייסט אֶפשר נישט, אַז דאָס איז דער חזן פון וואָרמס, און אַז
מען וויל איהם דאָ צונעהמען, אויב ער וועט זיין צופריעדען מיט
אַ יעהרליכען געהאַלט פון פיערהונדערט גולדען. ער איז אַ ליע־
בער מענש, און זיינע הענד זענען ווי אַלאַבאַסטער. איך האַלט
זעהר שטאַרק פון אַ שענער האַנד. אַ שענע האַנד בעציערט דעם
גאַנצען מענשען!

דערביי האָט די גוטע פרוי אַרויפגעלעגט איהר האַנד, וועלכע
איז נאָך ווירקליך געווען שען, אויף דעם פאָרענץ פון דער לאַווקע,
אין אָנווייזענדיג מיט אַ גראַציעזער אָנבייגונג פון קאָפּ, אַז זי האָט
נישט ליעב, מען זאָל איהר אין רעדען איבערהאַקען, האָט זי צו־
געגעבען:

— דאָס משורר׳ל איז נאָך אַ קינד און זעהט אויס זעהר אָפּ־
געצעהרט. דער באַס איז זעהר מיאוס, און אונזער שטערן האָט אויף
איהם זעהר וויציג געזאָגט: דער באַס איז נאָך אַ גרעסערער נאַר,
ווי מען דאַרף פון אַ באַס פערלאַנגען! אַלע דריי עסען ביי מיר
אין גאָרקיך, און איהר ווייסט אפשר נישט, אַז איך בין עלע שנאַפּער?

די שענע שרה האט געדאנקט פאר דער דאזיגער מיטטיילונג, דערפאר ווידער האט די שנאפער־עלע איהר אויספיהרליך דער־צעהלט, ווי זי איז אמאל געווען אין אמסטערדאם, דארט האט מען זי צוליעב איהר שענהייט זעהר שטארק פערפאלגט. און ווי זי איז דריי טעג פאר סוכות געקומען קיין פראנקפורט און התונה געהאט מיט שנאפער'ן, ווי שנאפער איז ענדליך געשטארבען, ווי ער האט אויס'ן טויטען בעט גערעדט די ריהרענדסטע זאכען, און ווי שווער עס איז צו האלטען שען די הענד בשעת מען האט צו טהון מיט א גארקיך. טיילמאל האט זי געווארפען א בליק פול מיט פעראכטונג אן א זייט, ווי עס ווייזט אויס, צו איינינע שפאטישע יונגע ווייבער, וועלכע האבען בעקוקט איהרע קליידער. די דאזיגע קליידער זענען געווען גענוג מערקווירדיג: א גאנץ ברייטער ראק פון ווייסען אטלאס, אויף וועלכען עס זענען געווען אויסגעשטריקט אלערליי חיות פון נח'ס תיבה, א וואמס פון גאלדשטאף ווי א קיראס, די ארבעל פון רויטען סאמעט מיט געלע פאסען, אויפ'ן קאפ א אונמענשליך־הויכע מיץ, ארום האלז א מעכטיגער קראגען פון ווייסע שטייפע לייוואנד, און אויך א זילבערנע קייט, וואס איז אראבגעהאנגען ביז איבער'ן בוזעם, אויף וועלכער עס זענען געהאנגען אלערליי מטבעות, קמיעות און זעלטענע זאכען, צווישען זיי אויך א גרויס בילד פון דער שטאדט אמסטערדאם. נאר די קליידער פון די איבעריגע זענען אויך געווען ניט ווענינער מערקווירדיג, זיי זענען בעשטאנען פון איינינע קליידונגען פון אלטע מאדעס פון פערשיעדענע צייטען, און איינינע פון זיי זענען געווען בעדעקט מיט גאלד און דימענטען, אזוי אז עס האט אויסגעזעהן ווי אלעבעדיגע יווועליר־קראם. אמת, די פראנקפורטער יודען האבען דעמאלט לויט'ן געזעץ געמוזט טראגען א בעשטימטע קליידונג, און כדי מען זאל זיי קאנען אונ־טערשיידען פון קריסטען האבען די מאנסלייט געמוזט טראגען אויף זייערע מאנטלען געלע לאטעס און די ווייבער האבען געמוזט אויף זייערע מיצען טראגען הויך־שטעהענדיגע שלייערס מיט בלויע פא־סען. נאר אין יודישען קווארטאל האט מען אויף דעם דאזיגען געזעץ געלעגט גאנץ וועניג אכט, און בעזונדערס יום־טוב און אין שוהל האבען דארט די ווייבער זיך געסטארעט זיך אויסצופוצען ווי מעגליך מעהר מיט זייערע קליידער און זיין פערציערט מעהר ווי די אנדערע, אביסעל כדי מען זאל זיי מקנא זיין, און אביסעל

אויך כּדי צו וויַזען, אַז זייערע מאַנען זענען רייַך, אום דערמיט צו פערשטאַרקען זייער קרעדיט־פעהיגקייט.

בּשעת אונטען אין שוהל האָט מען געלייענט אין דער ספר־תורה, פלעגט דאָרט די פרומקייט אַביסעל שוואַכער ווערען. אייניגע האָבען זיך דאַן געמאַכט בּעקוועם און זיך אַניעדערגעזעצט, אַמאָל אויך געמאַכט שטילערהייד אַ שמועס מיט אַ שכן וועגען וועלטליכע זאַכען, און אַנדערע זענען גאָר אַרויסגעגאַנגען אויפ'ן הויף צו האַפּען פרישע לופט. קליינע יונגלעך האָבען זיך אונטער דער צייט ערלויבט צו בּעזוכען זייערע מאַמעס אין דער ווייבּער־שוהל, און דאָ איז אויך די פרומקייט פיעל שוואַכער געוואָרען; מען האָט דאָ געפּלוידערט, געדרוישט, געלאַכט, און ווי עס קומט פאַר איבּעראַל האָבען די יונגערע פרויען געמאַכט שפּאַס פון די עלטערע, און די עלטערע האָבען זיך געקלאָגט, אַז די יוגענד איז אַזוי לייכטזיניג און אַז די צייט ווערט אַלץ ערגער. נאָר אַזוי ווי אונטען אין שוהל אין פראַנקפורט איז געווען אַ חזן, אַזוי איז אויך אין דער ווייבּערשער שוהל געווען אַ הויפּט־רעדערקע. דאָס איז געווען הינדעלע רייס, אַ פלאַכע גרינליכע פרוי, וועלכע האָט כּסדר אָנגעגעבּען מעשים און האָט שטענדיג געהאַט אויף דער צונג אַ נייע סקאַנדאַליסטישע מעשה. געוועהנליך פלעגט זי איהר שפּיציג צינגעל שטענדיג ציעלען אויף די שנאַפּער־עלע, די האָט געקאָנט אויסגעצייכענט נאָכמאַכען די פאָרנעהמע מינעס, וואָס די שנאַפּער־עלע האָט זיך געצוואונגען צו מאַכען, און אויך האָט זי איהר געקאָנט נאָכמאַכען ווי זי האָט גערעדט אַקעגען דאָס יונגוואַרג.

— איהר ווייסט — האָט הינדעלע רייס זיך איצט אָבּגערופען — די שנאַפּער־עלע האָט נעכטען געזאָגט: ווען איך וואָלט נישט געווען שען און קלוג און געליעבּט, וואָלט איך בּעסער נישט געוואָלט זיין אויף דער וועלט!

דערבּיי האָט זיך דערהערט אַ העכערער געלעכטער, און ווי די שנאַפּער־עלע, וואָס איז נישט וויַיט געשטאַנען, האָט בּעמערקט, אַז דאָס לאַכט מען פון איהר, האָט זי אויפגעהויבּען די אויגען פול מיט פעראַכטונג, און אַזוי ווי אַ שטאָלצע פּרעכטיגע שיף האָט זי אָבּגעזעגעלט נאָך אַ וויַיטערען אָרט. פייגעלע אָקס, אַ רונדע, אַביסעל נישט געראָטענע פרוי, האָט בּעמערקט מיט מיטלייד, אַז די שנאַפּער־עלע האַלט זיך אפילו גרויס און איז בּעגרענעצט, נאָר

זי איז אַ זעהר בראַווע פרוי, און זי טהוט זעהר פיעל גוטס פאַר בעדירפטיגע מענשען.

— בעזונדערס פאַר נאָז־שטערן — האָט הינדעלע רייס אונטערגעזאָגט. און אַלע, וועלכע עס איז געווען בעקאַנט די דאָזיגע ליעבע האָבען נאָך העכער געלאַכט.

— איהר ווייסט — האָט הינדעלע גיפטיג צוגעגעבען — נאָז־שטערן שלאָפט שוין איצט אין שנאַפּער־עלעס הויז... נאָר זעהט נאָר, אָט דאָרט אונטען טראָגט זיסעלע פלאָרסהיים די האַלז־קייט, וואָס דניאל פלעש האָט פערזעצט ביי איהר מאַן. דער פלעש פערדריעסט עס... אָט רעדט זי איצט מיט דער פלאָרסהיים... ווי זיי דריקען זיך אַזוי פריינדליך די הענד! און זיי האָבען זיך דאָך פיינד אַזוי ווי מדין און מואב. ווי זיי שמייכלען זיך איינע צו דער צווייטער אַזוי ליעבליך! פרעסט זיך נאָר נישט אויף פון גרויס צערטליכקייט! איך וויל זיך נאָר איינהערען דעם שמועס.

און אַזוי ווי אַ לויערענדע חיה האָט זיך הינדעלע רייס פערגנבה׳ט און האָט געהערט ווי די ביידע פרויען בעקלאָגען זיך מיטליידיג איינע פאַר דער צווייטער, ווי שווער זיי האָבען זיך פאָריגע וואָך אָנגעאַרבייט, כדי אויפצורוימען זייערע הייזער און אויסצושייערן זייערע קיך־געפעס, וואָס מען מוז מאַכען פאַר פסח, כדי עס זאָל נישט בלייבען דערצו צוגעקלעבט אפילו קיין פיצעלע חמץ. אויך האָבען די ביידע פרויען גערעדט פון דער גרויסער אַרבייט ביים באַקען די מצות. די פלעש האָט זיך געהאַט צו בעקלאָגען נאָך אויף עפּעס בעזונדערס; אין דער בעקעריי פון דער געמיינדע איז זי אויסגעשטאַנען פיעל צרות, ווייל לויט׳ן גורל, וואָס איז איהר אויסגעפאַלען, האָט זי געקאָנט צוקומען צום באַקען די מצות ערשט אין די לעצטע טעג, ערשט אַ טאָג פאַר פסח און זעהר שפּעט נאָך מיטאָג; יענעם טאָג האָט די אַלטע הנה געקנעטען זעהר שלעכט, די מעדלעך האָבען מיט זייערע וועלגער־העלצער געוועלגערט דאָס טייג צו דין, אַ העלפט פון די מצות איז פערברענט געוואָרען אין אויווען, און אויסערדעם האָט עס אַזוי שטאַרק גערעגענט, אַז עס האָט כסדר אַדורכגערונען דורך דעם ברעטערנעם דאַך פון דער בעקעריי, און זיי האָבען זיך דאָרט געמוזט, נאַס און מיעד, אָנאַרבייטען ביז שפּעט ביינאַכט.

— און דערין, ליעבע פלאָרסהיים, — האָט די פלעש צוגעגעבען

מיט אַ שווינענדער פריינדליכקייט, וועלכע איז אַלענפאַלס נישט גע־וועזן קיין ריכטיגע — דערין זענט איהר אויך אַביסעלע שולדיג, ווייל איהר האָט מיר נישט געשיקט אייערע מענשען צו העלפען מיר ביי'ם באַקען.

— אַה, זייט מיר מוחל — האָט די אַנדערע געענטפערט — מיינע מענשען זענען געוועזן אַזוי פיעל בעשעפטיגט, די סחורות פון יריד האָט מען געמוזט איינפאַקען, מיר האָבען איצט אַזוי פיעל צו טהון, מיין מאַן...

— איך ווייס, — איז די פלעש איהר אַריינגעפאַלען אין די רעד מיט אַ שניידענדיגען האַסטיגען טאָן, — איך ווייס, אַז איהר האָט פיעל צו טהון, פיעל משכנות און גוטע געשעפטען, און האַלז־קייטען...

שוין האָט אַ גיפטיג וואָרט געוואָלט זיך אַרויסהאַפען פון איהר מויל, און די פלאָרסהיים איז שוין געוועזן רויט ווי אַ קרעבס, נאָר פלוצלונג האָט הינדעלע ריים הויך אויסגעשריען:

— אום גאָטעס ווילען, די פרעמדע פרוי ליעגט און שטאַרבט... וואַסער! וואַסער!

די שענע שרה איז געלעגען אין חלשות, בלאַס ווי דער טויט, און אַרום איהר האָבען זיך געשטויסען אַ מענגע ווייבער, פער־האַוועט און יאָמערענדיג. איינע האָט איהר געהאַלטען דעם קאָפּ, אַ צווייטע האָט איהר געהאַלטען דעם אָרעם; אייניגע אַלטע פרוי־ען האָבען זי בעשפריצט מיט די וואַסער־גלעזלעך, וועלכע זענען געשטאַנען הינטער זייערע לאַווקעס, כדי צו וואַשען די הענד, אויב זיי װעלען צופעליג צוריהרען צו זייער אייגענעם לייב; אַנדערע האָבען אונטער דער נאָז פון דער גע'חלש'טער געהאַלטען אַ אַלטען ציטרין, וועלכער איז נאָך געבליבען פון דעם לעצטען תענית, ווען מען האָט פון איהם געשמעקט כדי צו פערשטאַרקען די נערווען. פאַ מאַטערט און זעהר טיעף זיפצענדיג האָט ענדליך די שענע שרה אויפגעעפענט די אויגען, און מיט שטומע בליקען האָט זי געדאַנקט פאַר די גיטיגע הילף. דערוויל האָט זיך שוין אונטען איצט אָנגעהויבען די מוסף־שמונה עשרה, וועלכע קיינער טאָר נישט פערשפעטיגען, און די בעשעפטיגטע ווייבער האָבען צוריקגעאיילט צו זייערע ערטער, און האָבען אָבגעריכט דאָס געבעט, שטעהענדיג מיט'ן פנים צו מזרח־זייט, וואו עס געפינט זיך ירושלים. פייגעלע אָקס, שנאַפער־עלע און הינדעלע ריים זענען צו'ם לענגסטען גע־

בליבען געבען דער שענער שרה'ן; די צווייַ ערשטע האבען זיך אונטער דער צייט אלץ מיט איהר בעשעפטיגט איהר לייכטער צו מאכען, די דריטע ווידער האט זיך ביי איהר פאך אמאל נאכגעפרעגט, פארוואס זי האט פלוצלונג געחלש'ט.

נאר די שענע שרה איז געפאלען אין חלשות צוליעב א גאר בעזונדערע סבה. עס איז א מנהג אין שוהל, אז יעדער, ווער עס איז ניצול געווארען פון א גרויסער סכנה, דארף נאך קריאת־התורה ארויסגעהן און בענשען גומל, ד. ה. דאנקען גאט פאר זיין השגחה. ווען רבי אברהם איז אונטען אין שוהל ארויפגעגאנגען אויף דער בימה צו בענשען גומל און די שענע שרה האט דערקענט איהר מאנס שטימע, האט זי בעמערקט, ווי זיין שטימע איז ביסלעכווייז איבערגעגאנגען אין דאס טריבע געמורמעל פון אל מלא רחמים־ניגון, זי האט געהערט, ווי ער האט ארויסגערעדט די נעמען פון איהרע קרובים און געליעבטע, און יעדער נאמען איז געווען בע־גלייט מיט'ן צוגאב „זכרונו לברכה"; און די לעצטע האפנונג איז פערשוואונדען געווארען פון הארצען פון דער שענער שרה'ן, און איהר זעלע איז צעריסען געווארען פון דער זיכערהייט, אז איהרע געליעבטע און קרובים זענען ווירקליך ערמארדעט געווארען, אז איהר קליינע קוזינע איז טויט, און אז אויך בלימעלע און פייגעלע זענען טויט, און אויך דער קליינער גאטשאלק איז טויט, אלע זענען ערמארדעט און טויט! פון דעם גרויסען שמערץ פון דעם דאזיגען בעוואוסטזיין איז זי שיער אליין געשטארבען, ווען זי וואלט נישט אריינגעפאלען אין חלשות, וועלכע האט פערגאסען איהרע חושים.

## קאפיטעל III.

ווען די שענע שרה איז נאכ'ן דאווענען אראבגעגאנגען אין הויף פון שוהל, איז שוין דארט געשטאנען דער רב און האט געווארט אויף זיין ווייב. ער האט צו איהר אשאקעל געטהון מיט א פרעהליך געזיכט און האט זי ארויסגעפיהרט אויף דער גאס, וואו די פריהעריגע שטילקייט איז שוין אינגאנצען פערשוואונדען גע־ווארען און איצט האט מען דארט געקאנט זעהן א רוישענדע מענשען־מאסע. מענער מיט בערד געקליידעט אין שווארצע רעק, ווי א

הויזען פון מוראַשקעס; הויבער אַרומפליהענדיג אין רייכען גלאַנץ, די גאָלד שמעטערלינגען; יונגלעך אין נייע קליידער, וועלכע האָבען נאָכגעטראָגען נאָך די אַלטע די סידורים און מחזורים; יונגע מעדלעך, וועלכע דאַרפען נישט געהן אין שוהל אַריין, און דעריבער זענען די איצט אַרויסגעלאָפען פון זייערע הייזער און געשפרונגען אַקעגען די עלטערן, איינגעבויגען פאַר זייערע קעפּלעך מיט די לאָקען, כּדי צו בעקומען אַ ברכה — אַלע זענען געווען פרעהליך און לוסטיג, געשפּאַציערט איבער דער גאַס אַרויף און אַראָב, שוין פיהלענדיג פאָראויס דעם גוטען מאָלצייט, וואָס זיין געשמאַקער ריח איז שוין אַרויסגעגאַנגען פון די שוואַרצע, מיט קרייד בעצייכענטע טעפּ, וואָס די לאַכענדיגע מעדלעך האָבען טאַקי נאָר וואָס אַרויסגענומען פון דעם געמיינדע־אויווען.

אין דעם דאָזיגען טומעל האָט מען בעזונדערס געקאָנט בעמערקען די געשטאַלט פון אַ שפּאַנישען ריטער, וואָס אויף זיינע יוגענדליכע געזיכטס־ציגען איז געלעגען יענע רייצענדע בלאַסקייט, וואָס די פרויען האַלטען דאָס פאַר אַ סימן פון אַ אונגליקליכער, און די מאַנסלייט — פון אַ גליקליכער ליעבע. זיין גאַנג, האָטש ער איז זיך געגאַנגען גלייכגילטיג, האָט דאָך געהאַט אין זיך עפּעס אַ געמאַכטע ציערליכקייט; די פעדערן פון זיין הוט האָבען זיך מעהר בעוועגט דורך דאָס פאָרנעהמע שאָקלען זיך פון זיין קאָפּ איידער דורכ'ן בלאָזען פון ווינד; מעהר ווי עס איז נויטיג געווען האָבען געקלונגען זיינע גאָלדענע שפּאָרען און די שייד פון זיין שווערד, וואָס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט זי געטראָגען אין האַנד, און דאָס טייערע הענדטעל פון שווערד האָט אַרויסגעבליצט פון אונטער דעם ווייסען רייטער־מאַנטעל, וועלכער האָט זיינע שלאַנקע גליעדער נאָכלעסיג אַרומגעהילט. הין און צוריק, אַביסעל מיט נייגיעריגקייט, אַביסעל מיט אַ מינע פון אַ קענער, איז ער צוגעגאַנגען צו די פאַרבייגעהענדע פרויען־צימערן, זיי אַריינגעקוקט גאַנץ רוהיג אין געזיכט, און ווען די געזיכטער זענען ווערט געווען דער מיה, האָט ער זיי אַ לענגערע צייט בעטראַכט, איינציגע פון די ליעבענסווירדיגע קינדער האָט ער אויך געזאָגט עטליכע שנעלע קאָמפּלימענטען, און איז זיך ווארגלאָז הייטער געגאַנגען, נישט וואַרטענדיג צו זעהן, וואָס פאַר אַ ווירקונג ער האָט געמאַכט. אַרום דער שענער שוהל האָט ער זיך שוין געהאַט מעהרערע מאָל אַרומגעדרעהט, נאָר יע-

דעם מאָל איז ער ווי מיט מורא צוריק אָבגעטרעטען צוליעב איהר פעסטען בליק אָדער אויך צוליעב דער מערקווירדיג־שמייכלענדער מינע פון איהר מאַן, נאָר ענדליך האָט ער שטאָלץ פערטריעבען פון זיך יעדע מורא, הוצפה׳דיג זיך געשטעלט זיי אין וועג, און זיכער און מיט אַ זיסליך־גאַלאַנטען־טאָן האָט ער פאַר זיי גערעדט פאָלגענדע ווערטער:

— סענאָראַ, איך שווער! הערט, סענאָראַ, איך שווער! ביי די ראָזען פון ביידע קאַסטיליענס, ביי די אַראַגאָנעזישע היאַצינטען און די אַנדאַלוזישע גראַנאַט־געוויקסען! ביי דער זון, וועלכע באַלייכט גאַנץ שפּאַניען מיט אַלע איהרע בלומען, ציבעלעס, אַרבעס־זופּען, וועלדער, בערג, מוילאייזלען, ציגענבעק און אַלטקריסטען! ביי דער הימעלם־דעק, וואָס אויף איהר איז די דאָזיגע זון נאָר אַ גאָלדען פּינטעלע! און ביי גאָט, וועלכער זיצט אויף דער דאָזיגער הימעלם־דעק און קלערט טאָג און נאַכט ווי אַזוי צו בעשאַפען אַלץ שענערע און ליעבערע פרויען־געשטאַלטען... איך שווער, סענאָראַ, איהר זענט די שענסטע פרוי, וועלכע איך האָב געזעהן אין דייטשלאַנד, און אויב איהר וועט איינוויליגען אָנצונעהמען מיין דיענסט, אַזוי בעט איך אייך די טובה, די זכיה און די ערלויבניש זיך אָנצורופען אייער ריטער און צו טראָגען אייערע פאַרבען ביי אַלע אומשטענדען!

אויף דאָס געזיכט פון דער שענער שרה האָט זיך פערשפּרייט אַ רויטליכער שמערץ, און מיט אַ בליק, וועלכער ווירקט נאָך אַלץ מעהר שניידענדער, וואָס מעהר זאַנפטער עס זענען די אויגען, וועלכע שיקען דעם דאָזיגען בליק, און מיט אַ טאָן, וועלכער איז אַלץ מעהר פערניכטענדער, וואָס מעהר ציטערנדיג־וויכער עס איז די שטימע, האָט די טיעף־געקרענקטע פרוי געענטפערט:

— איידעלער העדר! אויב איהר ווילט זיין מיין ריטער, אַזוי מוזט איהר קעמפפען געגען גאַנצע פעלקער, און אין דעם דאָזיגען קאַמפּף קאָן מען געווינען גאַנץ ווייניג דאַנק און נאָך ווייניגער עהרע! און אויב איהר ווילט מיינע פאַרבען טראָגען, מוזט איהר אַרומנעהען געלע לאַטעס אויף אייער מאַנטעל אָדער אַרומבינדען אַרום הוט אַ שאַרף מיט בלויע פּאַסען; ווייל דאָס זענען מיינע פאַרבען, די פאַרבען פון מיין הויז, פונ׳ם הויז, וואָס הייסט ישראל און איז זעהר עלענד, און ווערט אויסגעשפּאָט אין די גאַסען דורך די זיהן פון גליק.

אַ פלוצלינגע פורפור־רויטקייט האָט בעדעקט די באַקען פון שפּאַניער, אַ אונענדליכע פערלעגענהייט איז אַריינגעדרונגען אין זיינע געזיכטס־ציגען, און קוים וואָס ער האָט געקאָנט אַרויסרעדען:

— סענאָראַ... איהר האָט מיך שלעכט פערשטאַנען.... אַ אונשולדיגער שפּאַס... נאָר, איך שווער ביי גאָט, קיין שפּאָט אויף דאָס פאָלק ישראל... איך שטאַם אַליין פון בית ישראל... מיין זיידע איז געווען אַ יוד, און אפשר אויך מיין פאָטער...

— און גאַנץ זיכער, סענאָר, איז אייער פעטער אויך אַ יוד— איז איהם אין די רעד אַריינגעפאַלען דער רב, וועלכער האָט ביז איצט זיך רוהיג צוגעקוקט צו דער גאַנצער סצענע, און מיט אַ פרעהליכען הנ'עוודיגען בליק האָט ער צוגעגעבען: — און איך קאָן ערב זיין, אַז דאָן יצחק אַבאַרבאַנעל, אַ קוזין פון דעם גרויסען רב, שטאַמט פון דעם בעסטען בלוט פון ישראל, און אפשר טאַקי פון דוד המלך'ס משפחה אַליין!

דאָ האָט ווידער אַ קלונג געטהון די שייד פון שווערד אונטער דעם שפּאַניערס מאַנטעל, זיינע באַקען זענען ווידער שרעקליך בלאַס געוואָרען, אויף זיין אויבערשטער ליפּ האָט זיך פערצויגען ווי אַ שפּאָט, וועלכער קעמפפט מיט שמערץ, פון זיינע אויגען האָט אַרויסגעשפריצט דער צאָרניגסטער טוידט, און אין אַ גאַנץ־פערוואַנדעלטען, אייז־קאַלטען, שאַרף־געהאַקטען טאָן האָט ער געזאָגט:

— סענאָר רבי! איהר קענט מיך, נו גוט, ווייסט איהר דאָך מסתמא אויך, ווער איך בין. און ווי באַלד דער פוקס ווייס, אַז איך געהער צו דער לייבען־פאַמיליע, אַזוי וועט ער זיך היטען און וועט דיין פוקס־באָרד נישט אַריינשטעלען אין לעבענס־געפאַהר און וועט מיין צאָרן נישט רייצען! ווי אַזוי קאָן דער פוקס משפט'ען דעם לייב? נאָר דער, וואָס פיהלט אַזוי ווי אַ לייב, קאָן בעגרייפען זיינע שוואַכקייטען...

— אָ, איך בעגרייף עס גאַנץ גוט — האָט דער רב געענטפערט, און אַ ערנסטקייט פול מיט וועהטאָג האָט זיך פערצויגען איבער זיין שטערן — איך בעגרייף גאַנץ גוט, ווי אַזוי דער שטאָלצער לייב וואַרפט אַראָב פון זיך אוים שטאָלץ זיין פירשטליכען פעלץ און בינדט זיך אַרום מיט דעם פערשידענפאַרביגען שופּען־פאַנצער פון קראָקאָדיל, ווייל עס איז איצט די מאָדע צו זיין אַ קוימשענדיגער,

הימרער, פרעסעדיגער קראָקאָדיל! וואָס זשע זאָלען איצט אָנהויבען טהון די קלענערע חיות, בשעת דער לייב אפילו פערלייקענט זיך? נאָר היט זיך, דאָן יצחק, דו ביזט נישט געבוירען פאַר'ן עלעמענט פון קראָקאָדיל. דאָס וואַסער — (דו ווייסט גוט, וועגען וואָס איך רעד) — איז דיין אונגליק, און דו וועסט אונטערגעהן. נישט אין וואַסער איז דיין ממשלה; די שוואַכסטע פאָרעל קאָן זיך אין וואַסער בעסער אַנ'עצה געבען ווי דער קעניג פון וואַלד. צי ווייסטו נאָך, ווי דער שטאַרקער שטראָם פון טײַך טאַגאָ האָט דיך געוואָלט פערשלינגען....

אויסברעכענדיג אין אַ הויכען געלעכטער איז דאָן יצחק פּלוצלונג געפאַלען דעם רב אויפ'ן האַלז, האָט פערמאַכט זיין מויל מיט קושען, אַ שפּרונג געטהון פאַר שמחה אין דער הויך קלינגענדיג מיט די שפּאָרען, אַזוי אַז די פערבייגעהענדע יודען זענען אָבגעשפּרונגען צוריק פון שרעק, און אין זיין נאַטירליך הערצליך־פרעהליכען טאָן האָט ער אויסגערופען:

— אמת, דו ביזט אברהם פון באַכאראַך! און עס איז געווען אַ גוטער וויץ און אויסער דעם אַ גרויסע פריינדליכע טובה, ווען דו ביזט אין טאָלעדאָ אַראָבגעשפּרונגען אין וואַסער פון דער אַלקאַנטאַראַברוק, און האָסט דיין פריינד, וועלכער קאָן בעסער טרינקען ווי שווימען, אָנגעהאַפּט ביי די האָר און אַרויסגעשלעפּט אויף דער יבשה! איך האָב שוין דעמאָלט באַלד געהאַלטען דערביי, צו מאַכען אַ גרינגרליכע אויספאָרשונג, צי אויפ'ן גרונד פון טאַגאָ קאָן מען ווירקליך געפינען גאָלדענע קערנער, און אויב די רוימער זענען געווען גערעכט, געבענדיג איהם אַ נאָמען „דער גאָלדענער טײַך“. איך זאָג דיר, אַז נאָך אויף היינטיגען טאָג פערקיהל איך מיך, בשעת איך דערמאָהן זיך נאָר יענע וואַסער־מעשה.

ביי די דאָזיגע ווערטער האָט זיך דער שפּאַניער אויפגעפיהרט, אַזוי ווי ער וואָלט וועלען אַראָבטרייסלען פון זיך אָנהענגענדיגע וואַסער־טראָפּען. נאָר דעם רב'ס געזיכט איז געוואָרען פיעל פרעהליכער. ער האָט זיין פריינד פיעל מאָל געדריקט די האַנד, און יעדעס מאָל האָט ער געזאָגט: „איך פרעה מיך!“

— און איך פרעה מיך אויך, — האָט דער אַנדערער געזאָגט — מיר האָבען זיך שוין זיבען יאָהר נישט געזעהן; ביי אונזער אָבשייד בין איך נאָך געווען אַ גאַנץ יונגער בחור'ל, און דו, דו ביזט

שוין געווען אַזוי געזעצט און ערנסט... נאָר וואָס איז געוואָרען מיט דער שענער דאָנאַ, וועלכע האָט דיר דערמאָלט געקאָסט אַזוי פיעל זיפצען, זיפצען מיט שענע גראַמען, וועלכע דו האָסט בעגלייט מיט שענע מעלאָדיעס...

— שטיל, שטיל! די דאָנאַ הערט אונז. זי איז מיין ווייב, און דו אַליין האָסט היינט פאַר איהר פאָרגעשטעלט אַ פּראָבע פון דיין געשמאַק און פון דיין פּאָעטישען טאַלענט.

נאָך אַביסעל צעמישט פון דער פריהעריגער פערלעגענהייט האָט דער שפּאַניער בעגריסט די שענע פרוי, וועלכע האָט איצט גוטהערציג בעדויערט, וואָס זי האָט מיט איהרע ווערטער בעטריבט דעם פריינד פון איהר מאַן.

— אַה, סענאָראַ, — האָט דאָן יצחק געענטפערט — ווער עס נעהמט אָן אַ ראָזע מיט אַ נישט גראָטענער האַנד, טאָר זיך נישט בעקלאָגען, אַז די דערנער שטעכען איהם! בשעת דער אָבענדשטערן שפּיגעלט זיך אָב אַזוי ווי גאָלדענע פונקען אין בלויען שטראָם...

— איך בעט דיך אום גאָטעס ווילען, — האָט איהם דער רב איבערגעהאַקט, — הער אויף!.... אויב מיר וועלען אַזוי לאַנג וואַרטען, ביז דער אָבענד־שטערן וועט זיך אָבשפּיגלען אַזוי ווי גאָלדענע פונקען אין בלויען שטראָם, אַזוי וועט מיין פרוי אויסגעהן פון הונגער; זייט נעכטען האָט זי גאָר נישט געגעסען און איז נאָך דערצו אויסגעשטאַנען זעהר פיעל צרות און לייד.

— אויב אַזוי וועל איך אייך פיהרען אין דער בעסטער יודישער גאָרקיך — האָט דאָן יצחק געזאָגט — אין דעם הויז פון מיין פריינדין שנאַפּער־עלע, וועלכע געפינט זיך דאָ נישט ווייט. שוין פיהל איך איהר געשמאַקען ריח, דאָס הייסט דעם ריח פון דער גאָרקיך. אָ, ווען דו וואָלסט געוואוסט, אברהם, ווי דער דאָזיגער ריח ציהט מיך צו! דער דאָזיגער ריח איז עס, וועלכער ציהט מיך אַזוי צו די געצעהלטען פון יעקב, זייט איך פערברענג אין דער דאָזיגער שטאָדט. אָהן דעם האָב איך נישט אַזוי שטאַרק ליעב צו האָבען צו טהון מיט גאָטס פאָלק, און ווירקליך, איך בעזוך די יודישע גאַס נישט פדי דאָ צו דאַווענען, נאָר כדי דאָ צו עסען....

— דו האָסט אונז קיינמאָל נישט געליעבט, דאָן יצחק...

— יאָ — האָט דער שפּאַניער ווייטער געזאָגט — איך ליעב אייער

קיך פיעל מעהר ווי אייער גלויבען; אייער גלויבען פעהלט די ריכטיגע זופּ. אייך אליין האב איך קיינמאל נישט געקאנט פער־דייען ווי עס דארף צו זיין. אפילו אין אייערע בעסטע צייטען, אפילו אונטער דער רעגירונג פון מיין ערשטען פאטער דוד המלך, וועל־כער איז געוועזען קעניג איבער יהודה און ישראל, וואלט איך נישט געקאנט אויסהאלטען צווישען אייך, און איך וואלט געווים אין א שענעם פריהמארגען פון דער שטאדט ציון אנטלאפען און עמיגרירט קיין פעניציען אדער קיין בבל, וואו די שמחה פון לעבען האט געשוימט אין טעמפעל פון די געטער...

— יצחק, דו לעסטערסט דעם איינציגען גאט — האט פינסטער געמורמעלט דער רב — דו ביזט נאך פיעל ערגער ווי א קריסט, דו ביזט א היידע, א געצענדיענער...

— יא, איך בין א היידע, און אזוי ווי איך קאן נישט ליידען די טרוקענע, פריידלאזע העברעער, אזוי קאן איך אויך נישט ליידען די טריבע נאצארענער. אונזער ליעבע פרוי פון צידון, די היילי־גע עשתרות, זאל מיר מוחל זיין, פארוואס איך קניע און בעט פאר דער שמערצ־פולער מוטער פון דעם געקרייציגטען... נאר מיינע קניע און מיין צונג לויבען דעם טוידט, מיין הארץ אבער בלייבט טריי דעם לעבען....

— אבער קוק מיך נישט אזוי זויער אן — האט דער שפאניער ווייטער גערעדט, ווען ער האט געזעהן, ווי זיינע ווערטער מאכען דעם רב אומעטיג — קוק מיך נישט אן מיט מורא. מיין נאז האט נישט געפעלשט אין יודישען פאלק. בשעת איך בין צופעליג איין מאל אריינגעקומען אין דער דאזיגער גאס אין דער צייט פון מיטאג, און פון די יודישע קיכען זענען מיר אריין אין נאז די גוט־בעקאנטע ריחות, דאן האט מיך אנגעהאפט יענע בענקשאפט, וועלכע עס האבען געפיהלט אונזערע אמאליגע פאטערס, ווען זיי האבען זיך דערמאהנט אן דעם טאפ פלייש פון מצרים; אין מיר זענען אריינ־געדרונגען גוט־שמעקענדיגע יוגענד־ערינערונגען; איך האב אין גע־דאנקען ווידער געזעהן די קארפען מיט ברוינער ראזינקעס־זופּ, וואס מיין מומע האט געקאנט אזוי וואויל צוגרייטען אויף פריי־טאג צונאכטס; איך האב ווידער געזעהן דאס שעפסענע פלייש מיט קנאבעל און מעערען, מיט וועלכע מען קאן א טויטען לע־בעדיג מאכען, און די זופּ מיט די קלוסקעלעך, וואס שווימען ארום

אין איהר אַזוי טרוימעריש... און מײַן וועלע האָט זיך צעגאָסען אַזוי ווי די טענער פון אַ פּערליעבטער נאַכטיגאַל, און פון דעמאָלט אָן עס איך אין דער גאָרקיך פון מײַן פריינדין שנאַפּער־עלע!

צו דער דזשיגער גאָרקיך איז מען דערוויילט טאַקי אָנגעקומען; שנאַפּער־עלע אַליין איז געשטאַנען אין דער טהיר פון איהר הויז, בעגריסענדיג פריינדליך די פרעמדע געסט, וועלכע האָבען זיך הונגעריג אַרײַנגעשטופּט. הינטער איהר, מיט'ן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן איהרע אַקסלען, איז געשטאַנען דער לאַנגער נאָז־שטערן און האָט גײַיעריג און מיט מורא בעקוקט די אָנקומענדע. מיט איבערגעטריבענער גרויסקייט איז דאָן יצחק צוגעגאַנגען צו אונזער גאַסט־ווירטין, וועלכע האָט אויף זײַנע פלוטאָוואַטע טיעפע פערבייגונגען געענטפערט מיט אונגעדליכע קניקסען; דאַן האָט ער אויסגעטהון די הענדשקע פון זײַן רעכטער האַנד, אַרומגעוויקעלט די האַנד מיט אַ עק פון זײַן מאַנטעל, אָנגענומען דערמיט די האַנד פון שנאַפּער־עלע, אַריבערגעסיהרט זי פּאַמעלעך איבער די האָר פון זײַן שפּיציג בערדעל און האָט געזאָגט:

— סענאָראַ! אײַערע אויגען קאָנקורירען מיט דער היץ פון דער זון! נאָר האָטש די אייער, וואָס מעהר מען קאָכט זיי, אַלץ האַרטער ווערען זיי, דאָך ווערט מײַן האַרץ אַלץ ווייכער, וואָס לענגער עס ווערט געקאָכט אין די פלאַמען־שטראַהלען פון אײַערע אויגען! פון דעם ווײַסעל פון מײַן האַרצען פלאַטערט אַרויס דער געפליגעלטער גאָט אַמאָר און זוכט אַ היימיש נעסטעלע אין אײַער בוזעם.... דעם דאָזיגען בוזעם, סענאָראַ, מיט וואָס זאָל איך איהם סערגלײַכען? אין דער גאַנצער ברייטער וועלט איז נישטאָ קיין איין בלום, קיין איין פרוכט, וועלכע זאָל זײַן עהנליך צו איהם! דאָס דאָזיגע געוויקס איז איין און איינציג אין זײַן אַרט. האָטש דער שטורם רײַסט אַראָב די בלעטער פון די צאַרטעסטע רויזעלעך, דאָך איז אײַער בוזעם אַ ווינטער־ראָזע, וועלכע קאָן בײַשטעהן קעגען אַלע ווינדען! האָטש די זויערע ציטרינע, וואָס מעהר זי ווערט אַלט, אַלץ ווערט זי געלער און גערונצעלטער, דאָך קאָנקורירט אײַער בוזעם מיט דער פאַרב און מיט דער צאַרטהייט פון די זיסטע אַנאַנאַסען! אָ סענאָראַ, ווען אפילו די שטאָדט אַמסטערדאַם איז אַזוי שען, ווי איהר האָט מיר נעכטען און אויערנעכטען און אַלע טאָג דערצעהלט, דאָך איז דער באָדען, אויף וועלכען זי רוהט, נאָך טויזענדמאָל שענער...

דער ריטער האָט די דאָזיגע לעצטע ווערטער געדערט מיט אַ פאַלשער, געמאַכטער שעמעוודיגקייט, און דערביי האָט ער געהאָרכען אַ שמאַכטענדען קרומען בליק אויף דאָס גרויסע בילד, וואָס איז געהאַנגען אויף שנאַפּער־עלע'ס האַלז; נאָך־שטערן האָט אַראָבגעקוקט פון דער הויך מיט ווכענדיגע אויגען, און דער געלויבטער בוזעם האָט זיך אָנגעהויבען אַזוי שטאַרק צו בעוועגען, אַז די שטאָדט אַמסטערדאַם האָט זיך געוואַקעלט אַהין און אַהער.

— אַה! — האָט שנאַפּער־עלע געזיפצט — גוטע מדות זענען מעהר ווערט ווי שענהייט. וואָס נוצט מיר די שענהייט? מיין יוגענד געהט פערביי, און זייט שנאַפּער איז טויט — ער האָט אַמווענינגסטענס בעהאַט שענע הענד — וואָס זשע העלפט מיר די שענהייט?

דערביי האָט זי ווידער אַ זיפץ געטהון, און הינטער איהר האָט אַזוי ווי אַ ווידער־קול, כמעט אונגעהערט, אויך געזיפצט נאָך־שטערן.

— וואָס די שענהייט ניצט אייך? — האָט דאָן יצחק אויסגערופען — אָ, דאָנאַ שנאַפּער־עלע, זינדיגט נישט אַקעגען דער גוטסקייט פון דער שאַפענדער נאַטור! פער'כ'יאוס'ט נישט איהרע ליעבסטע מתנות! זי וועט זיך מורא'דיג נוקם זיין. די דאָזיגע גליקליך־מאַכענדיגע אויגען וועלען ווערען פערגלעזערט, די דאָזיגע הנ'עוו'דיגע ליפּען וועלען פערטריקענט ווערען, ביז זיי וועלען פערליערען דעם געשמאַק, דער דאָזיגער ריינער, ליעבע־ווכענדיגער לייב וועט זיך פערוואַנדלען אין אַ שווערפעליגע שמאַלץ־פּעסעל, די שטאָדט אַמסטערדאַם וועט דעמאָלט מוזען ליעגען אויף אַ פערשטונקענע בלאָטע —

און אַזוי האָט ער שטיק פאַר שטיק געשילדערט, ווי שנאַפּער־עלע זעהט איצט אויס, אַזוי אַז דער אונגליקליכער פרוי איז געוואָרען זאָנדערבאַר אומעטיג אויפ'ן האַרצען, און זי האָט זיך געשטאַרעט אַנטרונען צו ווערען פון די אונהיימליכע ווערטער פון ריטער. אין דעם דאָזיגען אויגענבליק האָט זי זיך דאָפּעלט דערפרעהט, ווען זי האָט דערזעהן די שענע שרה און האָט געהאַט די געלעגענהייט זיך נאָכצופרעגען, צי זי איז שוין אינגאַנצען געקומען צו זיך פון איהר הלשות. דערביי האָט זי זיך אַריינגעלאָזען אין אַ לעבהאַפטען שמועס, אין וועלכען זי האָט ענטוויקעלט איהרע אַלע פאַלשע פאַרנעהמע פערשטעלונגען און איהר אמת'ע, האַרציגע גוטסקייט, און מיט

מעהר אריכות וויט מיט קלוגשאַפט האָט זי דערצעהלט די מעשה, ווי זי איז אַליין פון שרעק שיער נישט געפאַלען אין חלשות, בשעת זי איז אַ חילד-פרעמדע אָנגעקומען אין אַמסטערדאַם, און דער גנב האָט האָט געטראָגען איהר קופער האָט זי פערפיהרט נישט אין אַ עהרליכען האָטעל, נאָר אין אַ חוצפה'דיגעם פרויען-הויז, און דאָס האָט זי באַלד בעמערקט, ווייל מען האָט דאָרט געטרונקען זעהר פיעל בראַנפען און גערעדט אונזיטליכע ווערטער... און ווי געזאָגט וואָלט זי חירקליך געפאַלען אין חלשות, ווען אין דעם משך פון די זעקס וואָכען, וואָס זי האָט אין יענעם הויז פערבראַכט, וואָלט זי געוואַגט האָטש אויף איין אויגענבליק צוצומאַכען די אויגען...

— נאָר פון מיין פרומקייט וועגען — האָט זי צוגעגעבען — האָב איך עס נישט געטאָרט וואַגען. און דאָס אַליץ האָט זיך מיר געטראָפען צוליעב מיין שענהייט! נאָר שענהייט פערגעהט און פרומקייט בעשטעהט.

דאָן יצחק האָט שוין געהאַלטען דערביי, אָנהויבען צו בעלייכטען קריטיש די פרטים פון דער דאָזיגער מעשה, נאָר צום גליק איז גראַדע פון שטוב אַרויסגעקומען דער קאַסאָקער אהרן הירשקוה פון האַמבורג, מיט דער ווייסער סערוועטע אין מויל, און האָט זיך מיט פערדרוס בעקלאָגט, אַז די זופ איז שוין לאַנג דערלאַנגט צום טיש און די געסט זיצען אויך ביים טיש און די ווירטהין פעהלט.———

(דער סוף און די וויטערדיגע קאַפיטלען זענען אָהן דעם אויטאָרס שולד פערלאָרען געוואָרען).





# אידעען.

## דאס בוך «LE GRAND»

---

### קאפיטעל I.

זי איז געוועזן ליעבענסווירדיג, און ער האָט זי געליעבט; נאָר ער איז נישט געוועזן ליע-בענסווירדיג, און זי האָט איהם נישט גע-ליעבט.

(אַלט שטיק)

מאַדאַם, צי קענט איהר דאָס אַלטע שטיק? דאָס איז אַ זעהר אונגעוועהנליך שטיק, נאָר אַביסעל צופיעל מעלאַנכאָליש. איך האָב נראַדע דערין געשפּיעלט די הויפּט-ראָלע, און דאַן האָבען געוויינט אַלע דאַמען, נאָר איין און איינציגע האָט נישט געוויינט, קיין איין איינציגע טרעהר האָט זי נישט געלאָזט, און דאָס טאַקי איז געווען

דאָס פּינטעלע פון'ם שטיק, דער עיקר קאַטאַסטראָפע.—

אָ, די דאָזיגע איינציגע טרעהר! זי פּייניגט מיך נאָך אַלץ אין די געדאַנקען; דער טייוועל, ווען ער וויל מיין נשמה פערדאַרבען, שעפּ-טשעט מיר אין אויער אַריין אַ ליעד פון דער דאָזיגער אונגעוויינטער טרעהר, אַ שרעקליך ליעד מיט אַ נאָך שרעקליכערע מעלאָדיע—אַה, נאָר אין גיהינום הערט מען די דאָזיגע מעלאָדיע! — — —

ווי מען לעבט אין גן-עדן, מאַדאַם, קענט איהר זיך גאַנץ גוט פאָרשטעלען, בפרט נאָך, אַז איהר זענט פערהייראַטעט. דאָרט אַמיזירט מען זיך אויסגעצייכענט, מען האָט אַלע מעגליכע פערגעניגען, מען לעבט נאָר אין שמחה און גליק, אַזוי ווי גאָט אין פראַנקרייך. מען עסט פון דער פריה ביז ביי נאַכט, און די קיך איז אַזוי גוט ווי די יאַגאָרשע, די געבראָטענע גענז פליהען אַרום האַלמענדיג אין די שנאָבלען שיסלען מיט זופּ, און זיי פיהלען זיך גליקליך, ווען מען עסט זיי אויף, פּוטער-גלענצענדע טאָרטען וואַקסען ווילד ווי די זונען-בלומען, איבעראַל זעהט מען טייכען מיט בוליאָן און שאַמ-פּאַניער, איבעראַל בוימער, אויף וועלכע עס פלאַטערען סערוועטען, און מען עסט און מען ווישט זיך דאָס מויל, און מען עסט ווידער, נישט פערדאַרבענדיג זיך דערביי דעם מאָגען, מען זינגט קאַפּיטלעך תהלים, אָדער מען שטיפּט און מען שפּיעלט זיך מיט די ליעבע, צערטליכע מלאָכים'לעך, אָדער מען געהט שפּאַציערען אויף דער גרינער הללויה-לאָנקע, און די ווייסע קליידער, וואָס בעוועגען זיך ווי חוואַליעס, זיצען גאַנץ בעקוועם, און קיין זאַך שטערט דאָ נישט דאָס געפיהל פון גליק, קיין שמערץ, קיין אונאַנגענעהמהייט, יאָ, אפילו ווען איינער טרעט אַרויף דעם אַנדערען אויף די מאָזאָלעס פון די פיס און רופט אויס: „זייט מיר מוחל!", דאַן שמייכעלט דער אַנדערער ווי פערקלערט, און פערזיכערט: דיין טריט, ברודער, טהוט נישט וועה, נאָר אדרבה, מיין האַרץ פיהלט דאַדורך נאָר נאָך אַ זיסערע הימעלס-פרייד.

נאָר פון גיהינום, מאַדאַם, האָט איהר גאָר קיין פאָרשטעלונג נישט. פון אַלע טייוולאָנים קענט איהר פיליייכט נאָר דעם קלענסטען, דעם שדל'ע אַמאָר, דעם אַנגענעהמען קאָרטען-וואַרפער פון גיהינום, און דעם גיהינום אַליין קענט איהר נאָר פון „דאָן זשואַן", און פאַר דעם דאָזיגען ווייבער-פערפיהרער, וועלכער ווייזט אַ שלעכטען ביישפיעל, ווייזט אויס דער גיהינום שטענדיג צו קאַלט, האָטש אונזערע

הויך־געלויבטע טעאַטער־דירעקציאָנען לאָזען אויפפיהרען אַזוי פיעל פלאַמען־ספעקטאַקלען, אַזוי פיעל פייער־רעגען, פולווער און קאָלאָ־פאָניום, ווי פיעל אַ גוטער קריסט קאָן נאָר אין גיהינום פערלאַנגען.

דערווייל אָבער זעהט עס אויס אין גיהינום פיעל ערגער, ווי אונזערע טעאַטער־דירעקטאָרען ווייסען — ווען זיי וואָלטען יאָ געוואוסט, וואָלטען זיי נישט אויפגעפיהרט אַזוי פיעל שלעכטע שטיק — אין גיהינום איז טאַקי הייס ווי אין אַ גיהינום, און ווען איך בין דאָרט געווען אין די שלעכטע טעג האָב איך איינגעזעהן, אַז עס איז דאָרט אונמעגליך אויסצוהאַלטען. איהר קאָנט גאָר נישט האָבען קיין פאָרשטעלונג וועגען גיהינום, מאַדאַם. מיר בעקומען פון דאָרטען גאַנץ ווייניג אָפיציעלע ידיעות. אַז די אונגליקליכע נשמות מוזען דאָרט אַ גאַנצען טאָג לייענען די אַלע שלעכטע אַרטיקלען, וועלכע ווערען דאָ ביי אונז געדרוקט — דאָס איז רכילות. אַזוי שלעכט איז עס נאָך נישט אין גיהינום, אַזעלכע גרויסע צרות וועלען דעם טייוועל קיינמאָל אַפילו אויפ'ן זינען נישט אַרויף. דערפאַר אָבער איז דאַנטע'ס שילדערונג פון דעם גיהינום שוין צו מעסיג, און בכלל איז זי צופיעל פאָעטיש. מיר האָט זיך אויסגעוויזען דער גיהינום ווי אַ גרויסע בירגערליכע קיך מיט אַ אונענדליכען לאַנגען אויוועז, אויף וועלכען עס זענען געשטאַנען דריי שורות אַייזערנע טעפּ, און אין די דאָזיגע טעפּ זענען געזעסען די פערוורטיילטע און זענען געבראָטען געוואָרען. אין דער ערשטער שורה זענען געזעסען די קריסטליכע רשעים, און — עס איז פשוט נישט צו גלויבען! — זייער צאָהל איז גאָר נישט געווען צו קליין, און די טייוואָלאָנים האָבען אונטער זיי אונטערגעלעגט דאָס פייער מיט אַ בעזונדערן השק. אין דער אַנדערער שורה זענען געזעסען די יודען, וועלכע האָבען כסדר געשריען, און די טייוואָלאָנים האָבען זיך מיט זיי פון צייט צו צייט געריצט, און עס איז שוין געווען צו זעהן, ווי אַ דיקער, בלאָזענדיגער פראָצענטניק, וואָס פלעגט לייהען געלד אויף משכנות, האָט זיך געקלאָגט, אַז די היץ איז איהם צו גרויס, און אַ טייוועלע האָט איהם אַרויפגעגאָסען עטליכע עמער קאַלטע וואַסער אויפ'ן קאָפּ, כדי ער זאָל איינזעהן, אַז דער שמד איז אַן'אמת'ע ערפרישענדיגע וואָהלטהאַט. אין דער דריטער שורה זענען געזעסען די היידען, וועלכע האָבען אויך נישט אַזוי ווי די יודען קיין חלק לעולם הבא און מוזען שטענדיג ברענען. איך האָב געהערט, ווי איינער פון די דאָזיגע היידען, וואָס אַ טייוועל

האָט איהם אונגעטערגעלעגט נײַע קויהלען, האָט גאָר אין כעס אַרויס־געשריען פון טאָפּ אַרויס: „האָב רחמנות אויף מיר, איך בין געוועזען סאָקראַטעס, דער קלוגסטער צווישען די שטערבליכע מענשען, איך האָב די מענשען געלערנט וואַהרהײַט און גערעכטיגקײַט און איך האָב געאָפּפערט מײַן לעבען פאַר די גוטע מדות“. נאָר דער נאַרישער טײַוועל האָט זיך נישט געלאָזט שטערען אין זײַן אַרבײַט און האָט געבורמט: „ווײַס איך וואָס! אַלע היידען מוזען ברענען, און צוליעב איין און איינציגען מענשען טאָרען מיר נישט מאַכען קיין אויסנאַה־מע“. — — איך פערזיכער אײַך, מאַדאַם, דאָס איז געווען אַ מורא׳־דיגע היץ, און אַ שרײַען, אַ זיפצען, אַ קרעכצען, אַ קוואַקען, אַ קוויטשען, אַ לאַרמען — און דורך די דאָזיגע אַלע שרעקליכע טענער האָט אַדורכגעדרונגען און זיך שאַרף געהערט יענע שרעקליכע מע־לאָדיע פונ׳ם ליעד וועגען דער אונגעווינטער טרעהר.

## קאַפּיטעל II.

די איז געווען ליעבענסווירדיג, און ער האָט די געליעבט; נאָר ער איז נישט געווען ליע־בענסווירדיג, און זי האָט איהם נישט גע־ליעבט.

(אַן אַלט שטיק).

מאַדאַם! דאָס אַלטע שטיק איז אַ טראַגעדיע, האָטש דער העלד דערפון איז נישט ערמאָרדעט געוואָרען און האָט זיך נישט אַליין ערמאָרדעט. די אויגען פון דער העלדין זענען שען, זעהר שען — מאַדאַם, צי שמעקט איהר נישט דעם ריח פון פײַלכען?— זעהר שען, און דאָך אַזוי שאַרף געשליפען, אַז זיי זענען מיר אַרײַנ־געדרונגען אין האַרצען ווי גלעזערנע שפּיזען, און געוויס האָבען זיי דורך מײַן רוקען וויעדער אַרויסגעקוקט — נאָר דאָך בין איך נישט געשטאָרבען פון די דאָזיגע פאַלש־מערדערישע אויגען. די שטימע פון דער העלדין איז אויך שען — מאַדאַם, צי האָט איהר נישט געהערט אַ מאָל, ווי אַ נאַכטיגאַל זינגט? — אַ שענע, זײַדענע שטימע, אַ זיס געוועב פון די זונען־העלסטע טענער, און מײַן זעעלע איז אין

זיי פערשטריקט געוואָרען און האָט זיך געשטיקט און זיך געוואַרגט. איך אַליין — דאָס איז דער גראַף פון גאַנגעס, וועלכער רעדט עס איצט, און די געשיכטע קומט-פאָר אין וועגעדיג — איך אַליין האָב שוין געהאַט איבער גענוג אַזעלכע מיני צרות, און נאָך אין ערשטען אַקט פונ'ם שפּיעל האָב איך שוין געקלערט צו מאַכען אַ סוף און אַרונטערצושיעסען דאָס גלעקעל-היטעלע צוזאַמען מיט'ן קאָפּ, און איך בין געגאַנגען אין אַ גאַלאַנטעריי-קראָם אויף דער וויאַ בורסטאַה, וואו איך האָב געזעהן אין דער אויסשטעלונג אַ פּאָר שענע פּיסטאָלעטען אין אַ קאַסטען — איך דערמאָהן זיך דאָס נאָך זעהר גוט, נעבען דעם זענען געשטאַנען פיעל פרעהליכע שפּיעל-זאַכען פון פּערלמיטער און גאָלד, אַייזערנע הערצעלעך מיט גאָלדענע קייט-לעך, פאָרצעלאַענע טאַסען מיט צערטליכע דעוויזען, שמעק-טאַ-באַק-פּושקעס מיט שענע בילדער, צום ביישפּיעל די געטליכע גע-שיכטע פון דער זוזאַנע, דער שוואַנען-געזאַנג פון דער לעדאַ, דער רויב פון די סאַבינערינען, די לוקרעציאַ, דער דיקער בעל תשובה מיט'ן בלויזען בוזעם, און נאָך פיעל אַזעלכע שענע בילדער — נאָר איך האָב דאָך געקויפט די פּיסטאָלעטען, זיך נישט געדונגען קיין סך, און דערנאָך האָב איך געקויפט קוילען, דערנאָך פּולווער, און דערנאָך בין איך געגאַנגען אין קעהלער פון סיניאָר אונבעשיידען און מיר געהייסען געבען אויסטערן און אַ גלאָז רהיינוויין—

עסען האָב איך נישט געקאָנט און טרינקען נאָך ווייניגער ווי עסען. די הייסע טראָפּען זענען געפאַלען אין גלאָז, און אין גלאָז האָב איך געזעהן דאָס געליעבטע היים, דעם בלויען, היילינען גאַנגעס, דעם עביג-שטראַהלענדען הימאַלאַיאַ, די ריעזיגע באַנאַנען-וועלדער, וואָס אין זייערע טיעפענישען וואַנדערען אַרום רוהיג די קלוגע עלע-פאַנטען און די ווייסע פּילגער, מערקווירדיג-טרוימערישע בלומען האָ-בען מיך אָנגעקוקט, גאָלדענע וואונדער-פויגעל האָבען פרעהליך גע-שריען, שימערנדע זונען-שטראַהלען און זיס-נאַרישע קולות פון לאַ-כענדיגע מאַלפּעס האָבען מיך ליעבליך צוגעצויגען, פון ווייטע פּאַ-גאָדעס האָבען זיך געלאָזט הערען די פרומע פּריסטער-תפילות, און צווישען דעם אַלעם האָט געקלונגען די שמעלצענדיג-קלאָגענדיגע שטימע פון דער סולטאַנשע פאָן דעלהי — אין איהר טאַפּעטען-צימער איז זי שטורמיש אַרומגעלאָפען הין און צוריק, זי האָט צעריסען איהר זילבערנעם שלייער, זי האָט אַנידערגעוואָרפען אויף

דער ערד די שוואַרצע שקלאַווין מיט'ן שוואַרצען פאַווע-וועדעל, זי האָט געוויינט, זי האָט גערעשט, זי האָט געשריען — איך האָב זי אָבער נישט געקאָנט פערשטעהען, ווייל דער קעלער פון סיניאָר אונבעשיידען אין דריי טויזענד מייל ווייט פון האַרעם אין דעלהי, און דערצו נאָך איז די שענע סולטאַנשע שוין טויט פון דריי טויזענד יאָהר — און איך האָב האַסטיג געטרונקען דעם ווײַן, דעם העלען, פרעהליכען ווײַן, און דאָך איז מיר אין דער נשמה געוואָרען אַלץ דונקעלער און טרויעריגער —איך בין געוועזען פערורטיילט צו'ם טויט.

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

ווען איך בין צוריק אַרויפגעגאַנגען אויף די קעלער-טרעפ, האָב איך געהערט, ווי די קירכען-גלאָק האָט געקלונגען, די מענ-שען-מאַסען זענען שנעל פאַריבערגעגאַנגען, איך אָבער האָב זיך גע-שטעלט אין ראָג פון דער סטראַדאַ סאַן דזשיאָוואַני און האָב גע-האַלטען פאָלגענדען מאָנאָלאָג:

אין אַלטע לעגענדעס דערצעהלט זיך פון גאָלדענע שלעסער,
וואָס האַרפען דאָרט קלינגען, און יונג-פרויען שענע אויך טאַנצען,
דיענער פערפוצטע, וואָס בלאַנקען, און יאַשמין
און מירטען און ראָזען פערשפרייטען אַ ריח—
און דאָך קאָן איין וואָרט נאָר פערטרייבען דעם כשוף
און מאַכען די שענקייט די גאַנצע צו גאָרנישט,
און ס'בלייבט דעמאָלט איבער אַ הורבה אַנ'אַלטע
און קרעכצענדע פויגעל פון נאַכט מיט אַ בלאָטע.
אַזוי האָב אויך איך מיט איין אייגציגען וואָרט
פערטריבען דעם כשוף דער גאַנצער נאַטור.
אָט ליעגט זי אָהן לעבען דאָ איצט און אַ קאַלטע, אַ נאַקטע,
פונקט פון אַ קעניג אַ טויטען אַ קערפער פערפוצטער,
וואָס מ'האָט זיינע באַקען אויף רויט אָבגעפאַרבט
און אין האַנד איהם אַ סצעפטער געלעגט.
נאָר געל און פערוועלקט די ליפען זעהען אויס,
ווייל מען האָט פערגעסען אויך זיי רויט צו פאַרבען,
און ס'שפּרינגען אַרום אויף דעם קעניגס נאָז מייז
און שפּאָטען מיט חוצפה פון גרויסען און גאָלדענעם סצעפּטער—

עס איז איבעראַל אָנגענומען, מאַדאַם, אַז מען דאַרף האַלטען אַ מאָנאָלאָג איידער מען דערשיסט זיך. דאָס רוב מענשען ניצען אויס ביי אַזאַ געלעגענהייט האַמלעטס מאָנאָלאָג „זיין אָדער נישט זיין“. דאָס איז אַ גוטע שטעלע, און איך וואָלט זי דאָ גערן ציטירט, נאָר יעדער מענש איז פאַר זיך אַליין שטענדיג בילכערער, און אויב מען האָט, אַזוי ווי איך, אויך געשריבען טראַגעדיעס, אין וועלכע עס געפינען זיך אַזעלכע לעבענס-רעדעס, ווי צום ביישפּיעל דעם אונשטערבליכען „אַלמאַנזאָר“, דאַן איז עס זעהר נאַטירליך, אַז מען האַלט מעהר פון די אייגענע ווערטער איידער אפילו פון שעקספּירס ווערטער. יעדענפאַלס זענען אַזעלכע רעדעס אַ זעהר נוצליכע זאַך; אַמווענינגסטענס געווינט מען דאַדורך צייט. — און אַזוי איז עס געשעהן, אַז איך בין אויפ'ן ראַנד פון דער סטראַדאַ סאַן דזשיאָוואַני געבליבען שטעהן אַ לענגערע צייט — און ווי איך בין דאָ אַזוי געשטאַנען, אַ פעראורטיילטער, שוין בעשטימט פאַר'ן טויט, האָב איך פּלוצלונג זי דערזעהן!

זי האָט געטראָגען איהר בלוי-זיידענע קלייד און דעם ראָזאַ-רויטען הוט, און איהר אויג האָט מיך אָנגעקוקט אַזוי מילד, אַזוי טויט-בעזיעגענד, אַזוי לעבען-שענקענד — מאַדאַם, איהר ווייסט דאָך מסתמא פון דער רוימישער געשיכטע, אַז בשעת די וועסטאַלקעס האָבען אין אַלטען רוים בעגעגענט אויף זייער וועג אַ פערברעכער, וועלכען מען האָט געפיהרט צום טוידט-שטראָף, האָבען זיי געהאַט דאָס רעכט איהם צו שענקען גנאַדע, און דער אונגליקליכער זינדיגער איז געבליבען לעבען. — מיט איין און איינציגען בליק האָט זי מיך געראַטעט פון טוידט, און איך בין געשטאַנען פאַר איהר ווי פון דאָס ניי בעלעבט, ווי געבלענדעט פון דעם זונען-גלאַנץ פון איהר שענהייט, און זי איז ווייטער געגאַנגען — און האָט מיך געלאָזען ביים לעבען.

## קאַפּיטעל III.

און זי האָט מיך געלאָזען ביים לעבען, און איך לעב, און דאָס איז דער עיקר.

מעגען אַנדערע געניסען דאָס גליק, וואָס די געליעבטע בעפּוצט זייער קבר מיט בלומענקראַנצען און בענעצט איהם מיט טרעהרען

פון פרייהייט — אָ, ווייבער, האַסט מיך, לאַכט זיך אויס פון מיר, שטויסט מיך אָב! נאָר לאָזט מיך לעבען! דאָס לעבען איז דאָך עפּעס אַזוי שפּאַסהאַפט זיס, און די וועלט איז אַזוי ליעבליך פער־הרעהט, זי איז דער חלום פון אַ גאָט, וואָס איז פער׳שכורט פון ויין, וועלכער האָט זיך אַרויסגע׳גנבה׳ט אויפ׳ן פראַנצויזישען אופן פון דער הולייענדער געטער־פערזאַמלונג, זיך געלעגט שלאָפען אויף אַ איינזאַמען שטערען, און ער ווייס אַליין נישט, אַז ער בעשאַפט דאָס אַלץ, וואָס ער חלומט — און די בילדער פון זיינע חלומות אָרדנען זיך איין אַזוי פערשידענפאַרביג משונה׳דיג, על פי רוב אויך האַרמאָניש און מיט פערשטאַנד — די איליאַס, פלאַטאָ, די מלחמה ביי מאַראַטהאָן, משה, די מעדיצעאישע ווענוס, דער שטראַס־בורגער מינסטער, די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, העגעל, די דאַמפּפ־שיפען א. א. וו. זענען איינצעלנע גוטע געדאַנקען אין דעם דאָזיגען שאַפענדען חלום פון גאָט — נאָר עס וועט נישט לאַנג דויערן, און דער גאָט האַפּט זיך אויף פון שלאָף, און רייבט זיך די פערשלאָפענע אויגען, און שמייכעלט — און אונזער וועלט איז צערונען אין גאָרנישט, יאָ, זי האָט גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט.

אַליץ איינס! איך לעב. בין איך אפילו נאָר דאָס שאָטען־בילד אין אַ חלום, איז דאָך דאָס אַליץ בעסער, חי דאָס קאַלטע, שוואַרצע, לעערע נישט־זיין פון טוידט. דאָס לעבען איז דאָס בעסטע גוטס און דאָס ערגסטע שלעכטס איז דער טוידט. מעגען די בערלינער גוואַרדיע־לייטנאַנטען כסדר שפּאָטען און לאַכען און אָנרופען פּחדנות דאָס, וואָס דער פּרינץ פון האַמבורג ווערט דערשראָקען און שפּרינגט אָב צוריק, ווען ער דערזעהט זיין אָפענעם קבר — דאָך האָט היינריך קלייסט אויך אַזוי פיעל קוראַזש ווי זיינע גוט־איינגעשנורטע קאָלעגען מיט די הויכע ברוסט, און ער האָט דאָס לײדער בעוויזען. נאָר אַלע קרעפטיגע מענשען האָבען ליעב דאָס לעבען. געטהע׳ס עגמאָנט שיידט זיך אָב נישט גערן „פון דער פריינדליכער געוואָהנהייט פון עקזיסטירען און ווירקען״. אימערמאַנס עדווין הענגט אָן לעבען „ווי אַ קליין קינד אָן דער מוטער׳ס ברוסט״, און האָטש עס קומט איהם שווער אָן צו לעבען דורך פרעמדען חסד, פונדעסטוועגען בעט ער דאַר אום גנאַדע:

„חייל לעבען, אָטעמען איז דאָך דאָס העכסטע״.

ווען אָדיסעאוס האָט אין דער אונטערשטער וועלט דערזעהן

אַהילֶעס'ן אַלס דעם פּיהרער פון טויטע העלדען, און האָט איהם געזאָגט שבחים וועגען זיין בעריהמטהייט ביי די לעבעדיגע און זיין השיבות אפילו ביי די טויטע, האָט אַהילעס געענטפערט:

„רעד מיר פון טויט נישט קיין טרייסט ווארט, עדעלער אָדי־סעאוס!

„בעסער בעאַרבייטען וואָלט איך דאָס פעלד אַלס אַ פּשוט'ער אַרבייטער,

„אַלס אָרעמער מענש אָהן ירושה פון עלטערן, אָהן אייגענע פערמעגען,

„איידער בעהערשען אַ מהנה אַ גרויסע פון טויטע פערשוואונדענע".

יאָ, בשעת דער מאיאָר דיוואַן האָט אַרויסגערופען דעם גרוי־סען ישראל לעווע אויף אַ דועל מיט פּיסטאָלעטען און האָט צו איהם געזאָגט: אויב איהר וועט זיך נישט שטעלען, הערר לעווע, דאַן זענט איהר אַ הונד!— האָט דאַן יענער געענטפערט: איך וויל בע־סער זיין אַ לעבעדיגער הונד, איידער אַ טויטער לייב! און ער איז געווען גערעכט. איך האָב מיך גענוג אָפּט געשלאָגען אויף דועלען, מאַדאַם, כדי איך זאָל דאָס קאָנען זאָגען — אַ דאַנק צו גאָט! איך לעב! אין מיינע אָדערען קאָכט דאָס רויטע לעבען, אונטער מיינע פיס ציטערט די ערד, אין ליעבעס־פייער נעהם איך אַרום בוימער און מאַרמאַר־בילדער, און זיי ווערען לעבעדיג אין מיינע אָרעמס. יעדע פרוי איז פאַר מיר אַ געשענקטע וועלט, איך פיהל אָהן אַ שיעור פערגעניגען אין די מעלאָדיען פון איהר געזיכט, און מיט איין און איינציגען בליק פון מיין אויג קאָן איך מעהר געניסען ווי אַנדערע מיט זייערע אַלע גליעדער צייט זייער גאַנץ לעבען. יעדער אויגענבליק איז דאָך פאַר מיר אַ אונענדליכקייט; איך מעסט נישט די צייט מיט דער בראַבאַנטער אָדער מיט דער קליינער האַמבורגער איל, און איך דאַרף נישט, אַז אַ פּריסטער זאָל מיר צוזאָגען נאָך אַ לעבען אויף יענער וועלט, וויל שוין אין דעם לעבען קאָן איך גענוג דערלעבען, ווען איך לעב צוריק אין לעבען פון די פריהערדיגע דורות, און איך פערשאַף מיר די עביגקייט אין קעניגרייך פון דער פערגאַנגענהייט.

און איך לעב! דאָס גרויסע פולס־קלאַפּען פון דער נאַטור קלאַפּט אויך אין מיין ברוסט, און ווען איך גיעב אַ פרעהליכען גע־

שרײַ, אַזױ ענטפערט מיר אַ טױזענד־פאַכער װידער־קול. איך הער טױזענד נאַכטיגאַלען. דער פריהלינג האָט זײ געשיקט, צו װעקען די ערד פון איהר פריהמאָרגען־שלאָף, און די ערד ציטערט פון גרױס ענטציקטהײַט, איהרע בלומען זענען די הימנען, װאָס זי זינגט אין בעגײַסטערונג אַקעגען דער זון — די זון בעװעגט זיך צו פּאַמעלעך, איך װאָלט איהרע פײַער־פערד אָנגעשמיסען מיט אַ בײַטש, כּדי זײ זאָלען שנעלער לױפען — נאָר װען זי זינקט אַראָב פּישטשענדיג אין ים אַרײַן, און די גרױסע נאַכט קומט אַרױף מיט איהר גרױסער בענקענדיגער אױג, אָ! דאַן ערשט ציטערט דורך מיר דורך אין אמת׳ען די רעכטע שמחה, אַזױ װי לאַשטשענדע מעדלעך לעגען זיך די אָבענד־לופטען אױף מײַן רױשענדעס האַרץ, און די שטערען װינקען, און איך הױב מיך אױף, און שװעב איבער חער קלײנער ערד און די קלײנע געדאַנקען פון די מענשען.

## קאַפּיטעל IV.

נאָר עס װעט אַ מאָל קומען דער טאָג, און די היץ אין מײַנע אָדערן װעט שױן זײַן פערלאָשען, אין מײַן ברוסט װאָהנט דאַן דער װינטער, זײַנע װײַסע פאַסען הילען קאַרג אַרום מײַן קאָפּ, און זײַנע נעבעל פערשלײערען מײַן אױג. אין פערװעהעטע קברים ליעגען מײַנע פרײַנד, איך אַלײן בין נאָך איבערגעבליבען, װי אַ אײנזאַמעס שטענגעל, װאָס דער שניטער האָט פערגעסען, אַ נײַער דור האָט שױן אַרױסגעבליהט מיט נײַע פערלאַנגען און נײַע געדאַנקען, פול מיט פערװאונדערונג הער איך נײַע נעמען און נײַע ליעדער, די אַלטע נעמען זענען שױן פערגעסען, און איך אַלײן בין שױן פערגעסען, פילײַכט פון אײניגע פערעהרט, פון פיעל אױסגעלאַכט, און פון קײנעם געליעבט! און עס שפּרינגען אַרײַן צו מיר די יונגלעך מיט די רױטע בעקעלעך, און שטעקען מיר די אַלטע האַרפע אין דער ציטערנדיגער האַנד אַרײַן, און זאָגען מיט אַ געלעכטער: דו האָסט שױן לאַנג געשװיגען, דו אַלטער גרױ־קאָפּ, זינגט אונז װיעדער געזאַנגען פון די טרױמען פון דײַן יוגענד!

דאַן נעהם איך די האַרפע, און די אַלטע פרײדען און שמערצען װאַכען אױף, די נעבעל צערינען, טרעהרען בליהען װיעדער פון מײַנע טױטע אױגען, עס פריהלינגט װיעדער אין מײַן ברוסט,

זיסע טענער פון וועהטאג ציטערן אין די סטרונעס פון דער האַרפע, איך זעה ווידער דעם בלויען טײַך און די מאַרמאָרנע פּאַלאַצען און די שענע פּרויען־און מעדלעך־געזיכטער — און איך זינג אַ ליעד פון די בלומען פון דער ברענטאַ.

דאָס וועט מײַן לעצטעס ליעד זײַן, די שטערן וועלען מיך אָנ־קוקען ווי אין די נעכט פון מײַן יוגענד, דאָס פּערליעבטע לבנה־ליכט קושט ווידער מײַנע באַקען, די גײַסטער־האָרען פון די פּער־שטאָרבענע נאַכטיגאַלען הערען זיך פון דער ווײַטען, שלאָף־שכּורה מאַכען זיך צו מײַנע אויגען, מײַן נשמה ווערט פּערשווינגען ווי די טענער פון מײַן האַרפע — עס שמעקען די בלומען פון דער ברענטאַ.

אַ בוים וועט אויף מײַן מצבה אַ שאָטען וואַרפען. איך וואָלט זעהר וועלען אַ פּאַלמענ־בוים, נאָר די פּאַלמען וואַקסען נישט אין צפון. עס וועט מסתּמא זײַן אַ לינדענבוים, און אין זומער־אָבענדען וועלען דאָרט זיצען פּערליעבטע און זיך לאַשטשען; דער טשיזיק, וועלכער וויעגט זיך אין די צווײַגען שטיל צוהערענדיג, איז פּער־שוויגען, און מײַן לינדע רוישט טרויליך איבער די קעפּ פון די גליקליכע, וועלכע זענען אַזוי גליקליך, אַז זיי האָבען אפילו קיין צײַט נישט צו לייענען, וואָס שטעהט אָנגעשריבען אויף דער ווײַסע מצבה. נאָר שפּעטער, ווען דער ליעבענדער האָט זײַן מעדעל פּער־לאָרען, דאַן קומט ער ווידער צו דער גוט־בעקאַנטער לינדע, און זיפצט און וויינט, און בעטראַכט די מצבה, לאַנג און אָפט, און לייענט דערויף די אויפשריפט: — ער האָט געליעבט די בלומען פון דער ברענטאַ.

## קאַפּיטעל V.

מאַדאַם! איך האָב אײַך אָבגענאַרט. איך בין נישט דער גראַף פון גאַנגעס. קיינמאָל אין לעבען האָב איך נישט געזעהן דעם הייליגען טײַך, קיינמאָל האָב איך נישט געזעהן די לאָטאָס־בלומען, וועלכע שפּיגלען זיך אָב אין זײַנע פרומע וועלען. איך בין קיינמאָל נישט געלעגען חלומענדיג אונטער אינדישע פּאַלמען, איך בין קיינמאָל נישט געלעגען בעטענדיג פאַר דעם דימענטענ־גאָט אין יאַגערנויט, דורך וועלכען איך וואָלט דאָך לײַכט געקאָנט געהאָלפען ווערען. אין אין קאַלקוטאַ בין איך געוועזען פּונקט אַזוי ווי דער קאַלקוטאַ־

בראַטען, וועלכען איך האָב נעכטען געגעסען צו מיטאָג. נאָר איך שטאַם פון הינדאָסטאַן, און דעריבער פיהל איך מיך אַזוי גוט אין די ברייטע וועלדער פון וואַלמיקי, די העלדישע ליידען פון געטליכען ראַמאָ רעגען-אויף מיין האַרץ אַזוי ווי אַ בעקאַנטער וועהטאָג, פון די בלומענ-ליעדער פון קאַלידאַזאַ בליהען מיר אַרויס די זיסטע ערי-נערונגען, און בשעת מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט מיר אַ גוט-הערציגע דאַמע אין בערלין געוויזען די שענע בילדער, וואָס איהר פאָטער, וועלכער איז אַ לאַנגע צייט געוועזען אַ גובערנאַטאָר אין אינדיען, האָט פון דאָרט מיטגעבראַכט, האָבען די צאַרט-געמאָלטע, הייליג-שטילע בילדער מיר זיך אויסגעוויזען אַזוי גוט בעקאַנט, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך בעטראַכט מיין אייגענע פאַמיליענ-גאַלערע.

פראַנץ באָפּ— מאַדאַם, איהר האָט געוויס געלייענט זיינע ווערק וועגען דער סאַנסקריטישער שפּראַך — האָט מיר געגעבען איניגע ידיעות וועגען מיינע אָבות אבותי, און איך ווייס איצט גענוי, אַז איך שטאַם אַרויס פון בראַהמאַ'ס קאָפּ און נישט פון זיינע פיס-מאָזאָלעס; איך בין זאָגאַר משער, אַז דער גאַנצער מאַהאַבאַראַטאַ מיט זיינע 200000 פּסוקים איז נאָר אַ אַלעגאָרישער ליעבעס-בריעף, וואָס מיין אור-עלטער-זיידע האָט געשריבען צו מיין אורעלטער-באָבע — אָ! זיי האָבען זיך זעהר געליעבט, זייערע נשמות האָבען זיך געקושט, זיי האָבען זיך געקושט מיט די אויגען, זיי זענען ביידע געוועזען נאָר איין און איינציגער קוש—

אַ פערצויבערטע נאַכטיגאַל זיצט אויף אַ רויטען קרעלען-בוים אין שטילען אָקעאַן, און זינגט אַ ליעד פון דער ליעבע פון מיינע אור-עלטערן, נייגעריג קוקען אַרויס די פּערעל פון זייערע מושעל-שטיבעלעך, די וואונדערבאַרע וואַסער-בלומען ציטערען פאַר וועהטאָג, די קלוגע ים-שנעקען, מיט זייערע פערשיעדענפאַרביגע פאָרצעלאַענע טורעמלעך אויף די רוקענס, קומען אָן קריכענדיג, די ים-ראָזען חערען רויט, פערשעמט, די געלע, שפּיציגע ים-שטערען און די טויזענד-פאַרביגע גלעזערנע קוואַבען בעוועגען זיך און ווידמען זיך, און אַליץ טומעלט און הערט זיך צו—

דאָך, מאַדאַם, דאָס דאָזיגע ליעד פון נאַכטיגאַל איז צו גרויס, כדי דאָס דאָ צו ברענגען, עס איז אַזוי גרויס ווי די וועלט אַליין, שוין די ווידמונג צו אַנאַנגאַס, דעם גאָט פון ליעבע, איז אַזוי לאַנג

ווי אַלע ראָמאַנען פון וואַלטער סקאָט צוזאַמען, און וועגען דעם רעדט זיך טאַקי אין איין אָרט ביי אַריסטאָפאַנעס וואָס איז דייטשען קומט עס אויס:

„טיאָטיאָ, טיאָטיאָ, טיאָטינקס,
טאָטאָטאָטאָ, טאָטאָטאָטאָ, טאָטאָטינקס".
(די פאסישע איבערזעצונג).

ניין, איך בין נישט געבאָרען אין אינדיען; דאָס ליכט פון דער וועלט האָב איך דערזעהן ביי די ברעגען פון יענעם שענעם טייך, וואו אויף די גרינע בערג וואַקסט דאָרט די נאַרישקייט, און אין הערבסט ווערט זי אָבגעריסען, געקעלטערט, געגאָסען אין פעסער און אַוועקגעשיקט אין אויסלאַנד. — ווירקליך, געכטען האָב איך געהערט, ווי עמיץ האָט געזאָגט אַ נאַרישקייט, וועלכע איז אין יאָהר 1811 געזעסען אין אַ ווייַנטרויב, וואָס איך האָב דעמאָלט אַליין געזעהן וואַקסען אויפ'ן יאָהאַניס־באַרג. פיעל נאַרישקייט ווערט אָבער אויך אויסגעבראַכט אין לאַנד גופא, און די מענשען זענען דאָרט אַזוי ווי אומעטום: — זיי ווערען געבוירען, עסען, טרינקען, שלאָפען, לאַכען, וויינען, רעדען רכילות, זענען שטענדיג בעזאָרגט ווייטער צו ציהען זייער גאַטונג, סטאַרען זיך אויסצוזעהן אַזוי, ווי זיי זענען נישט, און טהון דאָס, וואָס זיי קאָנען נישט, לאָזען זיך נישט פריהער ראַזירען ביז זיי האָבען אַ באָרד, און אָפט האָבען זיי אַ באָרד איידער זיי בעקומען שכל, און ווען זיי בעקומען שכל שכור'ען זיי זיך אָן מיט ווייסע און רויטע נאַרישקייט!

מיין גאָט! ווען איך וואָלט אין מיר געהאַט אַזוי פיעל אֶמונה אַז איך זאָל קאָנען בערג ריהרען — וואָלט דער יאָהאַניס־באַרג דאַן געווען דער יעניגער באַרג, וועלכען איך וואָלט נאָך מיר נאָכגעפיהרט אומעטום. נאָר אַזוי ווי מיין אֶמונה איז נישט אַזוי שטאַרק, דעריבער מוז מיר העלפען די פאַנטאַזיע, און זי טראָגט מיך שנעל אַוועק צו'ם שענעם רהיין.

אָ, דאָ איז אַ שען לאַנד, פול ליעבליכקייט און זונענשיין. אין בלויען טייך שפיגלען זיך די בערג־ברעגען מיט זייערע שלעסער־חורבות און וועלדער און אַלטערטימליכע שטעדט. — דאָרט פאַר דער הויז־טהיר זיצען זיך די בירגער אין אַ זומער־אָבענד, און טרינקען פון גרויסע קריגלעך, און פלוידערן גאַנץ פערטרויליך. ווי דער ווייַן איז, אַ דאַנק גאָט, געראָטען, און ווי די געריכטען מוזען

אונבעדינגט זײַן עפּענטליך, און ווי מאַריע אַנטואַנעטע איז עפּעס אַזוי נישט מיר גיר גיליאָטינירט געוואָרען, און ווי די טאַבאַק=פערוואַלטונג האָט טײַערער געמאַכט דעם טאַבאַק, און ווי אַלע מענשען זענען גלײַך, און ווי גערעס *) איז אַ הויפּט=מענש.

איך האָב מיך קיינמאָל נישט געקימערט וועגען אַזעלכע מיני שמועסען, און איך בין בעסער געזעסען בײַ די מעדלעך בײַ'ם געוועלבטען פענסטער, און האָב געלאַכט אויף זייער לאַכען, און מיך געלאָזט שלאָגען מיט בלומען אין געזיכט, און האָב זיך געמאַכט בלומרשט אין כעס, ביז זיי האָבען מיר דערצעהלט זייערע סודות אָדער עפּעס אַ אַנדערע וויכטיגע געשיכטע. די שענע גערטרוד איז געווען גליקליך ביז צו'ם משוגע=ווערען, ווען איך האָב מיך צו איהר צוגעזעצט; דאָס איז געווען אַ מעדעל ווי אַ פלאַמענדיגע ראָזע, און ווען זי איז מיר איין מאָל געפאַלען אַרום האַלז, האָב איך געמיינט, אַז זי וועט פערברענט און פערשמעקט ווערען אין מײַנע אָרעמס. די שענע קאַטהאַרינאַ איז צערונען געוואָרען אין קלינגענדער בעשיידענהײַט, ווען זי האָט מיט מיר גערעדט, און איהרע אויגען זענען געווען פון אַזאַ ריינער, האַרציגער בלויקײַט, ווי איך האָב עס נאָך קיינמאָל נישט געפונען בײַ מענשען און חיות און נאָר זעלטען בײַ בלומען; מען האָט אין זיי גערן אַרײַנגעקוקט און דערבײַ האָט מען זיך געקאָנט טראַכטען אַזוי פיעל זיסע זאַכען. נאָר די שענע העדוויג האָט מיך געליעבט; דען בשעת איך בין צו איהר צוגעגאַנגען, האָט זי דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען צו דער ערד, אַזוי אַז די שוואַרצע לאָקען זענען אַראָבגעפאַלען איבער איהר רויט=געוואָרענעם געזיכט, און די גלענצענדע אויגען האָבען אַרויסגעלויכטען ווי שטערען פון אַ דונקעלען הימעל. איהרע פערשעמטע ליפּען האָבען קיין וואָרט נישט גערעדט, און איך האָב איהר אויך גאָרנישט געקאָנט זאָגען. איך האָב געהוסט און זי האָט געציטערט. טיילמאָל האָט זי מיך געלאָזט בעטען דורך איהרע שוועסטער, איך זאָל נישט אַזוי שנעל אַרויפשטײַגען אויף די פעלזען, און איך זאָל מיך נישט באָדען אין רהיין, נאָכדעם ווי איך האָב מיך דערהיצט פון לויפען

---

*) גערעס איז צו'ם ערשטען געווען איינער פון די מעכטיגסטע פאָרשטעהער פון דייטשער פרייהייט; שפּעטער איז ער געווען דער אָנפיהרער פון דער אולטראַיאָנטאַנער פאַרטיי.

אָדער געטרונקען. איך האָב אײנמאָל זיך אײנגעהערט, ווי זי האָט פרום געבעטען פאַר דעם בילד פון מאַריע, וואָס איז געווען בעצירט מיט גאָלד־פּאַסען און בעשײַנט מיט אַ ברענענד לעמפּעל און געשטאַנען אין אַ נישע פון פאָרהויז; איך האָב דײַטליך געהערט, ווי זי האָט גאָטס מוטער געבעטען: איהם צו פערבאָטען דאָס קלעטערן, טרינקען און באָדען זיך. איך וואָלט מיך געוויס אין דאָס שענע מעדעל פערליעבט, ווען זי וואָלט געווען גלײַכגילטיג צו מיר; און איך בין געווען גלײַכגילטיג צו איהר, ווײַל איך האָב געוואוסט, אַז זי ליעבט מיך. — מאַדאַם, אויב מען וויל פון מיר געליעבט זײַן, מוז מען מיך בעהאַנדלען ווי אַ הונד.

די שענע יאָהאַנע איז געווען אַ שוועסטער־קינד פון די דרײַ שוועסטער, און איך האָב מיך צו איהר גערן צוגעזעצט. זי האָט געוואוסט די שענסטע לעגענדען, און ווען זי האָט מיט דער ווײַסער האַנד אַרויסגעוויזען צום פענסטער נאָך די בערג, וואו עס איז געשעהן אַלץ, וואָס זי דערצעהלט, איז מיר געוואָרען אויפ'ן האַרצען אַזוי פיעל פערצויבערט, די אַלטע ריטער זענען קלאָר אַרויסגעשטיגען פון די חורבות־שלעסער און האָבען זיך צעהאַקט די אײַזערנע קלײדער, די לאָרעלײַ איז ווידער געשטאַנען אויפ'ן שפּיץ פון באַרג און האָט אַראָבגעזונגען איהר זיס־פערדאַרבענדעס ליעד, און דער רהײַן האָט גערוישט אַזוי קלוג בערוהיגענדיג און דאָך צוגלײַך צוציהענדיג מורא'דיג — און די שענע יאָהאַנע האָט מיך אָנגעקוקט אַזוי מערקווירדיג, אַזוי היימליך, אַזוי אונפערשטענדליך טרויליך, אַזוי ווי זי וואָלט אַלײן געהערט צו דער לעגענדע, וועגען וועלכער זי האָט נאָר וואָס דערצעהלט. זי איז געווען אַ שלאַנק, בלאַס מעדעל, זי איז געווען טוידט־קראַנק און טיעפזיניג, איהרע אויגען זענען געווען קלאָר ווי דער אמת אַלײן, איהרע ליפּען — פרום געוועלבט, אין די צוגען פון איהר געזיכט איז געלעגען אַ גרויסע געשיכטע, נאָר דאָס איז געווען אַ הייליגע געשיכטע — אפשר אַ ליעבעס־לעגענדע? איך ווײס נישט, און איך האָב אויך קײנמאָל דעם מוט נישט געהאַט, זי צו פרעגען. ווען איך האָב זי לאַנג אָנגעקוקט, בין איך געוואָרען רוהיג און פרעהליך, עס איז מיר אויסגעקומען, ווי אין מײַן האַרצען וואָלט געווען שטילער שבת און די מלאָכים ריכטען דאָרטען אָב די גאָטעס־דיענסט.

אין אַזעלכע גוטע שטונדען האָב איך איהר דערצעהלט מעשה'ס

פוּן מײַן קינדהײַט, און זי האָט שטענדיג ערנסט זיך צוגעהערט, און מערקווירדיג: ווען איך האָב מיך שוין גישט געקאָנט דערמאָהנען די נעמען, האָט זי מיך דערמאָהנט. ווען איך האָב זי דאַן פערוואונדערט געפרעגט, פון וואַנען זי ווייס די נעמען, האָט זי מיר שמייכלענדיג געענטפערט, אַז זי האָט זיך דאָס דערוואוסט פון די פויגעל, וועלכע האַלטען זייערע נעסטען אין די שפּאַלטען פון איהר פענסטער — און זי האָט אויך געפּרובט מיר פערזיכערן, אַז דאָס זענען די זעלבע פויגעל, וועלכע איך האָב איינמאָל, בשעת איך בין געוועזען אַ קינד, פאַר מײַן טאַשענ־געלד אָבגעקויפט פון דעם האַרט־האַר־ציגען פויער־יונג און האָב זיי דאַן געלאָזען פריי אַוועקפליהען. איך מיין אָבער, אַז זי האָט אַלץ געוואוסט, ווײַל זי איז געוועזען אַזוי בלאַס, און איז ווירקליך אין גיכען געשטאָרבען. זי האָט אויך געוואוסט, ווען זי וועט שטאַרבען, און האָט פערלאַנגט, אַז איך זאָל מיט אַ טאָג פריהער פערלאָזען אַנדערנאַך. בײַם אָבשייד האָט זי מיר געגעבען ביידע הענד — דאָס זענען געוועזען ווײַסע, זיסע הענד און ריין ווי אַ הייליגער קרבן — און זי האָט געזאָגט: דו ביזט זעהר גוט, און ווען דו וועסט ווערען אין כעס, דערמאָהן דיך ווידער אָן דער קליינער, גוטער וועראָניקע.

צי האָבען די פלוידערנדע פויגעל אויך דעם דאָזיגען נאָמען אויסגעזאָגט? איך האָב מיר אין ערינערונגען־נאָכזוכענדע שטונדען אַזוי אָפט דעם קאָפּ געבראָכען און האָב מיך מעהר נישט געקאָנט דערמאָהנען דעם דאָזיגען ליעבען נאָמען.

איצט, ווען איך געדענק איהם שוין ווידער, וויל מיר אויך די פריהעסטע קינדהייט ווידער אויפבליהען אין מײַן זכרון, און איך בין ווידער אַ קינד און שפּיעל מיך מיט די איבעריגע קינדער אויף דעם שלאָס־פּלאַץ אין דיסעלדאָרף בײַם רהיין.

## קאַפּיטעל VI.

יאָ, מאַדאַם, דאָרט בין איך געבאָרען, און דאָס זאָג איך אויסדריקליך, כדי נאָך מײַן טוידט זאָלען זיעבען שטעדט — שילדע, קרעהווינקעל, פּאָלקוויץ, באָקום, דילקען, געטינגען און שעפּענשטעדט — זיך נישט אַרומקריעגען צו האָבען די עהרע, צו זיין מײַן געבורטס־שטאָדט. דיסעלדאָרף איז אַ שטאָדט בײַם רהיין, וואו עס

לעבען זעכצעהן טויזענד מענשען, און פיעל הונדערט טויזענד מענשען ליעגען נאך אויסער דעם דארט בעגראבען. און צווישען די דאזיגע זענען פערהאן עטליכע, וועגען וועלכע מיין מוטער זאגט, אז עס וואלט בעסער געווען, ווען זיי וואלטען נאך געלעבט, צום ביישפיעל מיין זיידע און מיין פעטער, דער אלטער העררר פאן-געלדערן און דער יונגער הערר פאן-געלדערן, וועלכע זענען ביידע געוועזן אזעלכע בערימטע דאקטוירים, און זיי האבען אזוי פיעל מענשען אויסגעהיילט פון טוידט, און דאך האבען זיי אליין געמוזט שטארבען. און די פרומע אורזולע, וועלכע האט מיך אלס קינד אויף די הענד גע-טראגען, ליעגט דארט אויך בעגראבען, און עס וואקסט אויף איהר קבר א ראזען-הוסט — ראזען-ריחות האט זי ביים לעבען אזוי ליעב געהאט, און איהר הארץ איז געווען לויטער ראזען-ריחות און גוטסקייט. אויך דער אלטער קלוגער קאנאניקוס ליעגט דארט בעגראבען. גאט, ווי עלענד האט ער אויסגעזעהן, ווען איך האב איהם צום לעצטען מאל גע-זעהן! ער איז בעשטאנען נאר נאך פון גייסט און פלאסטערס, און דאך האט ער שטודירט טאג און נאכט, אזוי ווי ער וואלט זיך גע-זארגט, טאמער וועלען די ווערעם געפינען איינינגע אידעען צו וועניג אין קאפ. אויך דער קליינער ווילהעלם ליעגט דארט, און דערין בין איך שולדיג. מיר זענען ביידע געוועזן שול-קאמעראדען אין פראנציסקאנער קלויסטער און מיר האבען זיך געשפיעלט אויף יענער זייט פון קלויסטער, וואו עס האט זיך צווישען שטיינערנע מויערן גע-צויגען דאס טייכעל דיסעל, און איך האב געזאגט: „ווילהעלם, ציה ארויף דאס קעצעל, וואס איז נאר וואס אריינגעפאלען" — און לוסטיג איז ער אראבגעגאנגען אויף דער ברעט, וואס איז געלעגען איבער'ן טייכעל, ארויסגעריסען דאס קעצעל פון וואסער, איז ער אבער אליין אריינגעפאלען, און ווען מען האט איהם ארויסגעצויגען, איז ער געווען נאס און טוידט. דאס קעצעל האט נאך א לאנגע צייט געלעבט.

די שטאדט דיסעלדארף איז זעהר שען, און ווען מען קלערט וועגען איהר פון דערווייטענס, און מען איז צופעליג פון דארט א געבוירענער, ווערט עפעס אזוי משונה'דיג אום'ן הארצען. איך בין פון דארט א געבוירענער, און עס דוכט זיך מיר איצט, אזוי ווי איך וואלט גלייך געמוזט אהיים געהן. און אז איך זאג אהיים געהן, אזוי מיין איך דאס די באלקערשטראסע און דאס הויז, אין

וועלכען איך בין געבוירען געוואָרען. דאָס דאָזיגע הויז וועט אַמאָל זיין זעהר מערקווירדיג, און דער אַלטער פרוי, וואָס בעזיצט דאָס דאָזיגע הויז, האָב איך געהייסען זאָגען, אַז זי זאָל עס בשום אופן נישט פערקויפען. פאַר דאָס גאַנצע הויז וואָלט זי איצט בעקומען קוים אַזוי פיעל, וויפיעל עס וועט אויסמאַכען דאָס טרינק-געלד, וואָס די גרין-פערשלייערטע, פאָרנעהמע ענגלענדערינס וועלען אַמאָל געבען דער דיענסט-מעדעל, בשעת זי וועט זיי ווייזען די שטוב, אין וועלכער איך האָב דערזעהן דאָס ליכט פון דער וועלט, און די הינגער-שטיין, אין וועלכער דער טאַטע פלעגט מיך געוועהנליך פערשליסען, בשעת איך האָב גענאַשט ווייַנטרויבען, און אויך די ברוינע טהיר, אויף וועלכער די מאַמע פלעגט מיך מיט קרייד לערנען שרייבען די בוכשטאַבען — אָה גאָט! מאַדאַם, אויב איך וועל אַמאָל ווערען אַ בערי‌המטער שריפטשטעלער, האָט דאָך דאָס מיין אָרעמער מוטער גענוג מיה געקאָסט.

גאָר מיין רוהם שלאָפט נאָך איצט אין די שטיקער מאַרמאָר פון קאַראַראַ, די פערדאָרבענע לאָרבער-קראַנצען, מיט וועלכע מען האָט מיין שטערען בעפוצט, האָבען נאָך זייער ריח נישט פער-שפרייט איבער דער גאַנצער וועלט, און ווען די גרינ-פערשלייערטע, פאָרנעהמע ענגלענדערינס קומען איצט קיין דיסעלדאָרף, בעקוקען זיי נאָך כלל נישט דאָס בערי‌המטע הויז, נאָר זיי געהען דירעקט צום מאַרק-פלאַץ און בעטראַכטען די שוואַרצע, קאָלאָסאַלע רייטער-סטאַטוע, וואָס שטעהט דאָרט אין סאַמע מיטען. די דאָזיגע סטאַטוע זאָל פאָרשטעלען דעם קורפירשט יאַן ווילהעלם. ער טראָגט אַ שוואַרצען פאַנצער, אַ טיעף אַראָבהענגענדע פערוק. — זייענדיג אַ קינד האָב איך געהערט די לעגענדע, אַז דער קינסטלער, וועלכער האָט געגאָסען די דאָזיגע סטאַטוע, האָט בשעת'ן גיעסען בעמערקט מיט שרעק, אַז זיין מעטאַל וועט דערצו נישט גענוגען, און דאַן זענען אַנגעלאָפען די בירגער פון דער שטאָדט און האָבען איהם געבראַכט זייערע זילבערנע לעפעל, כדי צו פערענדיגען דאָס גיעסען — און אָט בין איך שטונדענלאַנג געשטאַנען פאַר דעם רייטער-בילד, און מיר געבראָכען דעם קאָפ, וויפיעל זילבערנע לעפעל קאָנען דערין שטעקען, און וויפיעל עפעל-טאָרטעלעך קאָן מען פאַר דאָס דאָזיגע גאַנצע זילבער בעקומען? עפעל-טאָרטעלעך זענען דעמאָלט געווען מיין ליידענשאַפט — איצט איז דאָס ליעבע, אמת, פריידיגע

און קרעבס־זופּ — און טאַקי נישט ווײַט פֿון קורפֿירשטס בילדער־גאַלעריע, איז געווען דער טעאַטער, איז געוויינלעך געשטאַנען דער וואונדערבאַרער־געבאַקענער קרומפֿיסיגער יונג מיט אַ ווײַסן פֿאַרטוך און מיט אַ קאָרב פֿול ליבלעך־שמעקנדיקע עפּל־טאָרטעלעך, וועלכע ער האָט געהאַט ווי אָבצולייגן אין טאָג אַרײַן מיט אַ דיסקאַנט־שטימע, וואָס ס'איז אוממעגלעך בײַצושטיין קעגן איהר: „די עפּל־טאָרטעלעך זענען גאַנץ פֿריש, נאָר וואָס פֿון אויוון אַרויס, שמעקן אַזוי דעליקאַט". — ווירקלעך, בשעת דער יצר־הרע האָט מיך אין מײַנע שפּעטערע יאָהרן געוואָלט בײַקומען, האָט ער גערעדט מיט אַזאַ צוציהענדע דיסקאַנט־שטימע, און בײַ סיניאָראַ דושיולעטאַ וואָלט איך קיין גאַנצע צוועלף שטונדן נישט געבליבן, ווען זי וואָלט נישט אָנגעהויבן רעדן מיט'ן זיסן, שמעקעדיקן עפּל־טאָרטעלעך־טאָן. און ווירקלעך, קיינמאָל וואָלטן עפּל־טאָרטעלעך מיך נישט אַזוי פֿיעל אָנגערייצט, ווען דער קרומער הערמאַן וואָלט זיי נישט אַזוי געהיימניספֿול בעדעקט מיט זײַן ווײַסן פֿאַרטוך — און טאַקי די פֿאַרטוכער זענען עס, וואָס — דאָך איך בין אַראָב פֿון וועג, איך האָב דאָך גערעדט וועגן דער רײַטער־סטאַטוע, וועלכע האָט אין לײַב געהאַט אַזוי פֿיעל זילבערנע לעפֿעל, און קיין זופּ, און האָט פֿאַרגעשטעלט דעם קורפֿירשט יאַן ווילהעלם.

ער זאָל געווען זײַן אַ בראַווער הערר, און האָט זעהר געליבט די קונסט, און אַליין איז ער געווען זעהר אַ געשיקטער. ער האָט געגרינדעט די בילדער־גאַלעריע אין דיסעלדאָרף, און אויף דעם דאָרטיגן אָבסערוואַטאָריום ווײַזט מען נאָך אַ בעכער פֿון האָלץ, וואָס ער אַליין האָט אין זײַנע פֿרײַע שטונדן — אַזעלכע שטונדן האָט ער געהאַט טעגלעך פֿיער און צוואַנציג — אויסגעשניצט.

דעמאָלט זענען די פֿירשטן נאָך נישט געווען אַזעלכע אונגליקלעכע מענשען ווי איצט, און די קרוין איז זיי געווען פֿעסט צוגעוואַקסן צום קאָפּ, און בײַנאַכט האָבן זיי נאָך דערויף אַריבערגעצויגן אַ שלאָף־מיץ, און זיי זענען געשלאָפֿן רוהיג, און צו זייערע פֿיס זענען רוהיג געשלאָפֿן די פֿעלקער, און ווען די דאָזיגע פֿעלקער זענען אין דער פֿריה אויפֿגעשטאַנען, אַזוי האָבן זיי געזאָגט: „גוט מאָרגען, פֿאָטער!" און די פֿירשטן האָבן געענטפֿערט: „גוט מאָרגען, ליבע קינדער!"

נאָר פּלוצלונג איז עס אַנדערש געוואָרן. ווען מיר זענען

איין מאָל אין דער פּריזה אויסגעשטאַנען אין דיסעלדאָרף און געהאַלטען „גוט מאָרגען, פּעטער!", איז שוין דער פּאָטער געווען אַוועקגעפאָהרען, און אין דער גאַנצער שטאָדט איז געווען נאָר שטומפּער מרויער, איבעראַל איז געווען עפּעס אַ מין שטימונג פון אַ לויה, און די מענשען זענען שווייגענדיג דורכגעקראָכען צום מאַרק, און האָבען געלעזען די לאַנגע פּאַפּירענע מודעה אויף דער טהיר פון ראַטהויז. עס איז געווען אַ טריבער וועטער, און דאָך איז דער דינער שניידער קיליאַן געשטאַנען אין זיין נאַנקינער יאַקע, וועלכע ער פלעגט געוועהנליך טראָגען נאָר ביי זיך אין דערהיים, און די בלוי־וואָלענע זאָקען זענען איהם אַראָבגעהאַנגען, אַז די נאַקעטע פיסלעך האָבען בעטריבט אַרויסגעקוקט, און זיינע שמאָלע ליפּען האָבען געציטערט, בשעת ער האָט פאַר זיך געמורמעלט דאָס, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן אָנגעשלאָגענעם פּלאַקאַט. אַן אַלטער פּפעלצישער אינוואַליד האָט געלעזען אַביסעל העכער, און ביי פיעל ווערטער האָט איהם אַראָבגעטריפט אַ קלאָהרע טרעהר אין די ווייסע, עהרליכע וואָנסעס. איך בין געשטאַנען נעבען איהם און האָב אויך געוויינט, און האָב איהם געפרעגט, פאַרוואָס מיר וויינען. און דאַן האָט ער געענטפערט: „דער קורפירשט לאָזט זיך בעדאַנקען". און דערנאָך האָט ער ווידער געלייענט, און ביי די ווערטער: „פאַר די אָבגעהיטע טרייהייט פון די אונטערטהאַנען" „און מיר בעפרייען אייך פון אייערע פליכטען", האָט ער נאָך שטאַרקער געוויינט. — עס איז משונה'דיג צו זעהן, ווי אַזאַ אַלטער מאַן, מיט אַ אָבגעבלאַקעוועטען אוניפאָרם און מיט אַ צעראַנירטען סאָלדאַטען־געזיכט, וויינט פּלוצלונג אַזוי שטאַרק. בשעת מיר האָבען אַזוי געלעזען, איז אויך אַראָבגענומען געוואָרען פון ראַטהויז דער קורפירשטליכער הערב, אַלץ איז געוואָרען עפּעס אַזוי שרעקעדיג וויסט, עס האָט אויסגעוויזען, ווי מען וואָלט זיך געריכט אויף אַ לקוי המה, די העררען ראַטסהערען זענען אַרומגעגאַנגען אַזוי אָבגעדאַנקט און פּאַמעלעך, אַפילו דער אַלמעכטיגער גאַסען־פאָגט האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט שוין מעהר קיין זאַך נישט געהאַט צו בעפעהלען, און ער איז זיך דאָ געשטאַנען אַזוי פריעדליך־גלייכגילטיג, האָטש דער משוגענער אלאָיזיוס האָט זיך ווידער געשטעלט אויף איין פוס און האָט מיט אַ נאַרישער גרימאַסע איבערגע'חזר'ט די נעמען פון די גענעראַלען, וועהרענד דער שכור'ער קרומער גומפּערץ האָט זיך געוואַלגערט

אין רינשטאָק און האָט געזונגען דאָס ליעד „עס קומט, עס קומט!“

נאָר איך בין געגאַנגען אַהיים און האָב געוויינט און געקלאָגט: „דער קורפירשט לאָזט זיך בעדאַנקען“. אומזיסט האָט מיך מיין מוטער געהאַלט בערוהיגען, איך האָב געוואוסט, וואָס איך האָב געוואוסט, איך האָב מיר נישט געלאָזט פערדעדען, איך בין וויינענדיג געגאַנגען אין בעט אַריין, און בייַנאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז ס'איז שוין אַ סוף פון דער וועלט — די שענע בלומען־גערטנער און גרינע לאָנקעס זענען אַזוי ווי טאַפּעטען אויפגערוימט און איינגעוויקעלט געוואָרען, דער גאַסען־פאָגט איז אַרויסגעקראָכען אויף אַ הויכען לייטער און האָט אַראָבגענומען די זון פון הימעל, דער שניידער קיליאַן איז דערבייַ געשטאַנען און האָט צו מיר אַליין געזאָגט: „איך מוז געהן אַהיים און זיך שען אָנטהון, ווייל איך בין טויט און וועל נאָך היינט בעגראָבען ווערען“ — און עס איז כסדר געוואָרען אַלץ דונקעלער, קאַרג האָבען אין דער הויך געשימערט עטליכע שטערען, און אויך זיי זענען אַראָבגעפאַלען אַזוי ווי געלע בלעטער אין הערבסט, ביסלעכווייז זענען פערשוואונדען געוואָרען די מענשען, איך אָרעם קינד האָב מיט שרעק אַרומגעבלאָנדזשעט, בין ענדליך געבליבען שטעהן פאַר'ן צוים פון אַ פּאַשע־פעלד נעבען אַ וויסטען פויערן־הויף און האָב דאָרטען געזעהן אַ מענשען, וועלכער האָט מיט אַ רידעל פאַנאַנדערגעגראָבען די ערד, און נעבען איהם אַ מיאוסע, בייזע פרוי, וועלכע האָט געהאַלטען אין פאַרטוך עפּעס אַזוי ווי אַ אָבגעשניטענעם קאָפּ פון אַ מענשען, און דאָס איז געווען די לבנה, און זי האָט איהם מיט מורא און מיט זאָרג אַריינגעלעגט אין אָפענעם גרוב — און הינטער מיר איז געשטאַנען דער פפעלצישער אינוואַליד און האָט פּאַמעלעך געזאָגט אות באות: „דער קורפירשט לאָזט זיך בעדאַנקען“.

ווען איך האָב זיך אויפגעהאַפּט פון שלאָף, האָט די זון ווידער געשיינט ווי געוועהנליך דורכ'ן פענסטער, אויפ'ן גאַס איז געגאַנגען דער פויק, און ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין אונזער וואָהן־שטוב און האָב מיין פאָטער, וועלכער איז געזעסען אין ווייסען פודער־מאַנטעל, געזאָגט גוט מאָרגען, האָב איך געהערט, ווי דער פריזירער מיט די לייכטע פיס האָט איהם בשעת'ן פריזירען גענוי דערצעהלט, אַז היינט בעגריסט מען אויפ'ן ראָטהויז דעם נייעם גרויס־הערצאָג יאָאַכים, און אַז דער דאָזיגער הערצאָג איז פון דער בעסטער

פאמיליע, און ער בעקומט פאר א פרוי דעם קייזער נאפאלעאנס שוועס-טער, און ער בעזיצט אויך פיעל פערמעגען, און ער טראגט זיינע שיינע שווארצע האר אין לאקען און אין גיכען וועט ער אריינפאהרען אין שטאדט און וועט זיכער געפעלען ווערען אלע פרויען. דערווייל איז דאס פויקעריי אויס'ן גאס אליץ ווייטער געגאנגען, און איך בין ארויסגעגאנגען פאר דער הויזטהיר און האב בעטראכט די אנקומענדע פראנצויזישע סאלדאטען, דאס פרעהליכע פאלק פון רוהם, וואס האט זינגענדיג און קלינגענדיג דורכגעצויגען דורך דער וועלט, די הייטער-ערנסטע געזיכטער פון די גרענאדערען, די בערען-מיצען, די דרייפארביגע קאקארדעס, די בלאנקענדע באיאנעטען, די וואלטי-זשערען פול לוסטיגקייט און עהרע-געפיהל, און דעם אלמעכטיג גרויסען, זילבערגעשטריקטען טאמבור-מאיאר, וועלכער האט געקאנט ווארפען זיין שטאק מיט'ן פערגאלדעטען קנאפ ביז'ן ערשטען עטאזש און זיינע אויגען אפילו ביז'ן צווייטען עטאזש, וואו עס זענען אויך געזעסען ביי'ם פענסטער שענע מעדלעך. איך האב מיך געפרעהט, וואס מיר וועלען בעקומען סאלדאטען אויף קוואַרטיר — מיין מוטער האט זיך נישט געפרעהט — און איך האב מיך געאיילט צו געהן אויפ'ן מארק-פלאץ. דא האט עס איצט גאר אנדערש אויסגעזעהן, עס האט אויסגעזעהן, ווי די וועלט וואלט גאר פון דאס ניי אויסגעקאלכט גע-ווארען, א נייער הערב איז געהאנגען אויפ'ן ראטהויז, דער איי-זערנער פארענץ פון באלקאן פון ראטהויז איז געווען איבערגעהאנגען מיט געשטריקטע סאמעט-דעקען, פראנצויזישע גרענאדערען זענען געשטאנען אויף דער וואך, די אלטע הערען ראטסהערען האבען שוין איצט געהאט אנדערע געזיכטער און האבען געטראגען זייערע יום טוב'דיגע קליידער, און האבען זיך אנגעקוקט אויף פראנצויזיש און געזאגט באן זשור, פון אלע פענסטער האבען געקוקט דאמען, נייגעריגע בירגער-לייט און בלאנקע סאלדאטען האבען אנגעפילט דעם פלאץ, און איך צוזאמען מיט אנדערע קינדער האבען מיר גע-קלעטערט אויף דאס גרויסע קורפירשט-פערד און האבען דערפון אראבגעקוקט אין פערשיעדענפארביגען מארק-טומעל.

דעם שכנ'ס פיטער און דער לאנגער קונץ האבען ביי דער דאזיגער געלעגענהייט שיער נישט דעם האלז געבראכען, און דאס וואלט געוועזען זעהר גוט; ווארום דער ערשטער איז דערנאך אנט-לאפען געווארען פון זיינע עלטערן, זיך אבגעגעבען פאר א סאלדאט,

געמאכט פליטה, און איז אין מאינץ דערשאסען געוואָרען צום טויט; דער אנדערער אָבער האט שפּעטער געמאכט געאָגראפישע אויס-פאָרשונגען אין פרעמדע קעשענעס, דעריבער איז ער געוואָרען א ווירקליכער מיטגליעד פון א עפענטליכען שפּינען-אנשטאלט, דערנאָך האט ער צעריסען די אייזערנע קייטען, וועלכע האבען איהם צוגע-בונדען צו דעם דאָזיגען אנשטאלט און צום פאַטערלאנד, איז גליקליך אריבערגעקומען דעם ים, און איז געשטאָרבען אין לאָנדאָן דורך א צו ענגען שניפּס, וועלכער האט זיך צוגעצויגען פון זיך אליין, נאָכ-דעם ווי א קעניגליכער בעאמטער האט איהם ארויסגעשלעפּט פון אונטער די פיס א בענקעל.

דער לאנגער קוניץ האט אונז געזאָגט, אז היינט איז מען פריי פון שולע, צוליעב דער בעגריסונג. מיר האבען לאנג געמוזט ווארטען, ביז די דאָזיגע בעגריסונג האט זיך אָנגעהויבען. ענדליך איז דער באלקאָן פון ראטהויז פול געוואָרען מיט פערשיעדענפארביגע הערען, פאָהנען און טרומייטען, און דער הערר בירגערמייסטער, אין זיין בערימטען רויטען ראָק, האט געהאלטען א רעדע, וועלכע האט זיך אביסעל לאנג אויסגעצויגען אזוי ווי ציהענדעס גומי, אָדער ווי א געשטריקטע שלאָפ-מיץ, אין וועלכער מען האט אריינגעוואָרפען א שטיין — נאָר נישט דעם שטיין פון חכמה — און פיעלע זאכען פון דער רעדע האב איך געקאָנט גאַנץ דייטליך הערען, צום ביישפּיעל, אז מען וויל אונז גליקליך מאכען — און ביים לעצטען וואָרט האט מען געבלאָזען אין די טרומייטען, און געמאכט מיט די פאָהנען, און דער פויק האט געקלאפּט, און מען האט גערופען וויוואט — און בשעת איך אליין האב גערופען וויוואט, האב איך מיך פעסט געהאלטען אָן דעם אלטען קורפירשט. און דאָס איז געווען נישט גוט, ווייל עס האט מיר אנגעהויבען שטארק צו שווינדלען פאר די אויגען, איך האב שוין געמיינט, אז די מענשען שטעהען אויף די קעפּ, ווייל די וועלט האט זיך ארומגעדרעהט, דער קאָפּ פון קורפירשט מיט דער לאנגער פּערוק האט צוגעשאָקעלט און געשעפּטשעט: „האלט זיך פעסט אָן מיר!" — און ערשט דורכ'ן קאנאָנען-שיעסען, וואָס האט זיך איצט אָנגעהויבען אויפ'ן וואל, בין איך צו זיך געקומען, און בין פון קורפירשט-פערד פאמעליך ווידער אראָבגעגאנגען.

ווען איך בין געגאנגען אהיים, האב איך ווידער געזעהן, ווי דער משוגענער אלאָיזיוס טאנצט אויף איין פוס, וועהרענד ער חזר'ט איבער

די נעמען פון די פראַנצויזישע געגעראַלער, און ווי דער קרומער גומפּערץ וואַלגערט זיך אַרום שפּורעדהייד אין רינשטאָק, און ברומט „עס קומט, עס קומט" — און צו מיין מוטער האָב איך געזאָגט: מען וויל אונז גליקליך מאַכען, און דעריבער איז מען היינט פריי פון דער שולע.

## VII. קאַפּיטעל

אויפ'ן אַנדערן טאָג איז די וועלט ווידער געווען אין בעסטער אָרדנונג, און מען איז ווידער געגאַנגען אין שולע אַזוי ווי פריהער, און מען האָט ווידער געלערנט אויסענווענינ אַזוי ווי פריהער — די רוימישע קעניגען, די צאָהלען פון די יאָהרען, די „נאָמינאַ", *) דאָס ענדיגען זיך אויף „ים", די „ווערבאַ אירעגולאַריאַ" **), גריכיש, העברעאיש, געאָגראַפיע, דייטשע שפּראַך, קאָפּ-רעכענען — גאָט! עס שווינדעלט מיר נאָך איצט דערפון אין קאָפּ — אַלין האָט געמוזט געלערנט ווערען אויסענווענינ. און אַ טייל זאַכען דערפון זענען מיר שפּעטער צו נוץ געקומען. ווייל ווען איך וואָלט נישט געוואוסט אויסענווענינ די רוימישע קעניגען, וואָלט דאָך מיר שפּעטער געווען גאַנץ גלייכגילטיג, צי ניעבוהר האָט בעוויזען אָדער נישט בעוויזען, אַז זיי האָבען אין אמת'ען קיינמאָל נישט עקזיסטירט. און וואָלט איך נישט געוואוסט יענע צאָהלען פון די יאָהרען, ווי וואָלט איך מיר שפּעטער געקאָנט אַ עצה געבען אין דער גרויסער שטאָדט בערלין, וואו איין הויז איז גלייך צו'ם אַנדערען ווי אַ טראָפּען וואַסער אָדער ווי איין גרענאַדער צו'ם אַנדערען, און וואו עס איז אוממעגליך צו געפינען די בעקאַנטע, אויב מען האָט נישט אין קאָפּ די נומער פון זייער הויז; איך האָב מיר דעמאָלט ביי יעדען בעקאַנטען געטראַכט צוגלייך אַ היסטאָרישען פּאָרפאַל, וואָס די צאָהל פון יאָהר, אין וועלכער ער איז געשעהן, האָט געשטימט מיט דער נומער פון הויז פון מיין בעקאַנטען, אַזוי אַז איך האָב מיר די דאָזיגע נומער זעהר לייכט געקאָנט דערמאָהנען, ווען איך האָב נאָר געטראַכט וועגען דעם היסטאָרישען פּאָרפאַל, און דעריבער טאַקי

*) הויפּט-ווערטער.

**) נישט-רעגעלמעסיגע צייט-ווערטער (אין לאַטיינישען).

פלעגט מיר שטענדיג אַרויסקומען אויפ'ן קאָפּ אַ היסטאָרישער פּאָר־פאַל, וויבאַלד איך האָב נאָר דערזעהן אַ בעקאַנטען. אַזוי צום ביישפּיעל, װען איך האָב בעגעגענט מיין שניידער, האָב איך גלייך געטראַכט װעגען דער מלחמה ביי מאַראַטהאָן; האָב איך בעגעגענט דעם שען־אויסגעפּוצטען באַנקיר הריסטיאַן גומפּעל, אַזוי האָב איך גלייך געטראַכט װעגען חורבן ירושלים; האָב איך דערזעהן אַ פּאָר־טוגעווישען גוטען פריינד, װעלכער איז געװען איינגעטונקט אין חובות איבער'ן האַלז, אַזוי האָב איך גלייך געטראַכט װעגען מוהמד'ס פּליטה; האָב איך געזעהן דעם אוניװערזיטעטס־ריכטער, אַ מענש, װעלכער איז געװען בעקאַנט מיט זיין שטרענגער רעכטליכקייט, אַזוי האָב איך גלייך געטראַכט װעגען המנ'ס טוידט; װי איך פלעג נאָר דערזעהן װאַרצעקין, פלעג איך גלייך טראַכטען װעגען קלעאָפּאַט־ראַ'ן — אַח, ליעבער גאָט, די אָרעמע בהמה איז איצט טויט, די טרערהרען־קװאַלען זענען אויסגעטריקענט, און מען קאָן זאָגען מיט האַמלעט'ן: סוף כל סוף איז עס געװען אַ אַלטע פרוי, און אַזעלכע װי די װעלען מיר נאָך אָפט האָבען! װי געזאָגט זענען די צאָהלען פון די יאָהרען אונבעדינגט נויטיג, איך קען מענשען, װעלכע האָבען קיין זאַך נישט אויסער אַ פּאָר צאָהלען פון יאָהרען אין קאָפּ, און דערמיט האָבען זיי געװאוסט אין בערלין צו געפינען די ריכטיגע הייזער, און איצט זענען זיי שוין װאוילע פּראָפעסאָרען. נאָר איך האָב זיך אין דער שולע געװוּג אָנגעליטען צוליעב די פיעל צאָהלען; און מיט'ן רעכענען איז עס נאָך ערגער געגאַנגען. צום בעסטען האָב איך פערשטאַנען חיסור, און דערביי איז דאָ אַ זעהר פּראַקטישער כלל: „פיער פון דריי קאָן מען נישט אַראָבנעהמען, און דעריבער מוז איך איינס באָרגען" — נאָר איך האָב געראַטען יעדען איינציגען, אַז אין אַזעלכע פאַלען זאָל ער שטענדיג באָרגען אַ פּאָר גראָשען מעהר; װייל מען קאָן נישט װיסען—

נאָר װאָס אָנבעלאַנגט צו דער לאַטיינישער שפּראַך, אַזוי קאָנט איהר זיך גאָרנישט פאָרשטעלען, מאַדאַם, װי דאָס איז פערדרעהט. די רוימער װאָלט געװיס גאַנץ װעניג געבליבען צייט, איינצונעהמען די װעלט, װען זיי װאָלטען לאַטיין זיך ערשט געמוזט אויסלערנען. די דאָזיגע גליקליכע מענשען האָבען שוין אין דער װיגעלע געװאוסט, װעלכע „נאָמינאַ" האָבען דעם אַקוזאַטיװ אויף „ים". איך אָבער האָב זיי געמוזט אויסענװעניג לערנען אין שװייס פון מיין אַנ־

געזיכט; נאָר סײַ ווי סײַ איז עס גוט, וואָס איך ווײס עס. וואָרום ווען איך וואָלט צום בײַשפּיעל דעם 20-טען יולי פון יאָהר 1825, בשעת איך האָב עפּענטליך אָבגעגעבען אין געטינגען אַ עקזאַמען אויף לאַטײַן — מאַדאַם, עס האָט דעמאָלט געלוינט זיך צו צוהערען — ווען איך וואָלט דעמאָלט געזאָגט „סינאַפּעם" אַנשטאָט „סינאַפּים", אַזוי וואָלטען עס אפשר בעמערקט די פוקסען, וואָס זענען דאָרט געזעסען, און דאָס וואָלט פאַר מיר געווען אַ עביגע חרפה. ווים, בורים, סיטים, טוססים, קוקומים, אַמוססים, קאַננאַבים, סינאַפּים — די דאָזיגע ווערטער, וועלכע האָבען געמאַכט אַזאַ רושם אויף דער וועלט, האָבען דאָס געבראַכט דערצו, וואָס האָטש זיי שטעהען-צו צו אַ בעשטימטער קלאַס, דאָך בלײַבען זיי אַנאָמאַליען; דעריבער האַלט איך שטאַרק פון זיי, און דאָס, וואָס איך האָב זיי שטענדיג בײַ דער האַנד, ווען איך קאָן זיי אַמאָל פּלוצלונג דאַרפען האָבען, דאָס גיעט מיר אין פיעל טריבע שטונדען פון לעבען פיעל אינערע בערוהיגונג און טרײַסט. נאָר מאַדאַם, די „ווערבאַ אירעגולאַריאַ" — זיי זענען אַנדערש פון די „ווערבים רעגולאַריבוס" דערמיט, וואָס מען בעקומט בײַ זיי נאָך מעהר שמיץ — זיי זענען אונגעהײַער שווער. אין די דומפּפע האַלב-קײַלעכדיגע דורכגאַנגען פון פראַנציסקאַנער קלויסטער, נישט ווײַט פון דער שולע, איז דעמאָלט געהאָנגען אַ גרויסער, געקרײַציגטער קריסטוס פון גרויען האָלץ, אַ וויסט בילד, וואָס טײַלמאָל לויפט עס נאָך איצט דורך בײַנאַכט דורך מײַנע חלומות און קוקט מיך אָן טרויעריג מיט שטאַרע, בלוטיגע אויגען — פאַר דעם דאָזיגען בילד בין איך אָפט געשטאַנען און געבעטען: אָ, דו אָרעמער, אויך געפּײַניגטער גאָט, אויב עס איז דיר נאָר ווי עס איז מעגליך, אַזוי זעה סטאַרע זיך, אַז איך זאָל די „ווערבאַ אירעגולאַריאַ" געדענקען אויס'ן קאָפּ.

פון גריעכישען וויל איך שוין בעסער גאָרנישט רעדען, אַז נישט—ווער איך צופיעל אויפגערעגט. די מאָנאַכען אין מיטעלאַלטער זענען גאָרנישט געווען אַזוי אונגערעכט, ווען זיי האָבען פערזיכערט, אַז די גריעכישע שפּראַך איז אַ ערפינדונג פון טײַוועל. איין גאָט ווײס די צרות, וואָס איך בין דערבײַ אויסגעשטאַנען. מיט דער העברעאישער שפּראַך איז עס שוין בעסער געגאַנגען, ווײַל איך האָב שטענדיג געפיהלט אַ גרויסע סימפּאַטיע צו די יודען, האָטש זיי קרייציגען נאָך מײַן נאָמען ביז אויף היינטיגען טאָג; נאָר דאָך

האָב איך אין העברעאישען נישט געקאָנט אַזוי ווייט דערגרייכען ווי מיין קעשענע־זייגער, וועלכער האָט געהאַט זעהר פיעל נאָהנטע געשעפטען מיט לייהען געלד אויף משכנות, און דעריבער האָט ער אָנגענומען פיעל יודישע זיטען — צום ביישפיעל, פרייטאָגצו־נאַכטס איז ער נישט געגאַנגען — און האָט געלערנט די הייליגע שפראַך, און האָט שפעטער זי אויך געלערנט גראַמאַטיש; וואָרום אָפט אין שלאָפלאָזע נעכט האָב איך צו מיין גרעסטער פערוואונדערונג געהערט, ווי ער הוערט פאַר זיך כסדר איבער:

קָטַל, קָטַלְתָּ, קָטַלְתִּי — קִטֵּל, קִטַּלְתָּ, קִטַּלְתִּי — פָּקַד
פָּקַדְתִּי — פְּקַד, פַּק — פֹּק — —

דערווייל אָבער פון דער דייטשער שפראַך האָב איך פערשטאַנען פיעל מעהר, און די דאָזיגע שפראַך איז דאָך גאָר נישט אַזוי לייכט. וואָרום מיר אָרעמע דייטשען, וועלכע זענען שוין גענוג געפּייניגט מיט איינקוואַרטירען סאָלדאַטען ביי זיך, מיט מיליטער־פליכטען, מיט קאָפּ־שטייערן און טויזענדערליי אַנדערע שטייערן, האָבען מיר נאָך אויסער דעם צו ליידען צרות פון אַקוזאַטיוו און דאַטיוו. אַ סך דייטשע שפראַך האָב איך געלערנט פון אַלטען רעקטאָר שאַלמייער, אַ בראַווער גייסטליכער הערר, וועלכער האָט זיך פאַר מיר אָנגענומען פון קינדהייט אָן. נאָר אַביסעל פון דעם מין האָב איך אויך געלערנט פון פּראָפעסאָר שראַם, אַ מענש, וועלכער האָט געשריבען אַ בוך וועגען דעם עביגען שלום, און אין זיין קלאַס האָבען מיינע חברים אַם מייסטען זיך אַרומגעקריגט.

ווערענד איך האָב אין איין אָטהעם אַלץ אויפגעשריבען און דערביי געקלערט אַלערליי זאַכען, האָב איך מיך נישט ווילענדיג פערפּלוידערט וועגען די אַלטע שולע־געשיכטעס, און איך נעהם אָן די דאָזיגע געלעגענהייט, כדי אייך צו ווייזען, מאַדאַם, אַז נישט איך בין געוועזען שולדיג דערין, וואָס איך האָב געלערנט אַזוי ווייניג געאָגראַפיע, אַז איך האָב שפּעטער נישט געוואוסט, ווי זיך אַ עצה צו געבען אין דער וועלט. וואָרום דעמאָלט גראַדע האָבען די פראַנצויזען אַלע גרענעצען צעמישט, אַלע טאָג זענען די לענדער געוואָרען ניי אילומינירט; די, וועלכע זענען ביזהער געוועזען בלוי, זענען איצט פּלוצלונג געוואָרען גרין, אַנדערע זענען זאָגאַר געוואָרען בלוט־רויט, די בעשטימטע געאָגראַפיע־ביכער זענען אַזוי פיעל אומגעביטען און צעמישט געוואָרען, אַז קיין טייוועל האָט זיי שוין מעהר

ניִשט געקאָנט דערקענען, די לאַנדס־פּראָדוקטען האָבען זיך אויך געענדערט, ציקאָריע און ציבעלעס זענען איצט געוואַקסען אין אַ אַזעלכע ערטער, וואו ביז איצט האָט מען נאָר געקאָנט זעהן האָזען און הינטערהײַלעכטס־לויפענדע לאַנד־יונקער, און אויך די חאַראַקטערען פון די פעלקער זענען פערענדערט געוואָרען, די דײַטשען זענען געוואָרען פלינקע, די פראַנצויזען האָבען שוין מעהר ניִשט געזאָגט קיין קאָמפּלימענטען, די ענגלענדער האָבען מעהר דאָס געלד ניִשט אַרויסגעוואָרפען דורכ'ן פענסטער, און די וועגעציאַנער זענען ניִשט געווען גענוג היטריג, צווישען די פירשטען איז געווען פיעל פּראָגרעס, די אַלטע קעניגען האָבען בעקומען נײַע אוניפאָרמען, נײַע קעניגטימער זענען געבאַקען געוואָרען און זענען פערבריוכט געוואָרען, אַזוי ווי פרישע זעמעל, דערפאַר זענען אַנדערע מאָנאַרכען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון הויז און הויף, און האָבען געמוזט אויף אַנ'אַנדער אופן זיך סטאַרען צו פערדינען זייער ברויט, און איינינע האָבען זיך דעריבער פריהער גענומען צו אַ מלאכה, און האָבען צום בײַשפּיעל געמאַכט זיגעל־לאַק אָדער — מאַדאַם, די דאָזיגע עפּאָכע האָט ענדליך אַ ענדע, עס פעהלט מיר שוין שיער אויס אָטהעם — קורץ און גוט, אין אַזעלכע צײַטען קאָן מען אין דער געאָגראַפיע ניִשט פיעל אויסטהון.

אויף אַזאַ אופן איז עס שוין פיעל בעסער מיט דער נאַטור־געשיכטע, דאָ קאָנען ניִשט פאָרקומען אַזוי פיעל פערענדערונגען, און דאָ געפינט מען בעשטימטע בילדער פון מאַלפּעס, קאַנגורוה'ן, צעברען, נאָז־האָרנען . א. וו. אַזוי ווי אַזעלכע בילדער זענען מיר געבליבען אין זכרון, דעריבער טרעפט מיר זעהר אָפט, אַז טייל מענשען קומען מיר פאָר ווי אַלטע בעקאַנטע שוין בײַם ערשטען אויגענבליק.

אויך מיט דער מיטאָלאָגיע איז עס גוט געגאַנגען. איך האָב מיך זעהר געפרעהט מיט דעם געטער־געזינדעל, וואָס רעגירט איבער דער וועלט אַזוי לוסטיג נאַקעט. איך גלויב ניִשט, אַז אַ שולע־יונגעל אין דער אַלטער שטאָדט רוים זאָל האָבען אַמאָל געלערנט אויסענווענדיג בעסער ווי איך די הויפּט־אַרטיקלען פון זײַן קאַטעכיזמוס. צום בײַשפּיעל, די ליעבשאַפטען פון ווענוס. און מען מוז מודה זײַן דעם אמת, ווי באַלד מיר מוזען שוין סײַ ווי סײַ אַ מאָל אויסלערנען אויסענווענדיג די אַלטע געטער, אַזוי וואָלט מען

זיי שוין געדארפט לאָזען פאַר זיך אויף שטענדיג, און מיר געווינען אפשר גאַנץ וועניג דורך אונזער ניי־רוימישער דריי־געטערייַ, אָדער אפילו דורך אונזער יודישען איינגעצענטום. אפשר איז יענע מיטאָלאָגיע אין גרונד גאָרנישט געווען אַזוי אונמאָראַליש, ווי מען האָט זי פערשריען, עס איז צום ביישפיעל אַ זעהר אַנשטענדיגער געדאַנקען פון האָמער'ן, וואָס ער האָט יענער פיעלגעליעבטער ווענוס געגעבען אַ מאַן צו דער זייט.

נאָר צום בעסטען איז עס מיר געגאַנגען אין דער פראַנצויזישער קלאַס פון אַבע ד'אָלנואַ, אַ עמיגרירטער פראַנצויז, וועלכער האָט געשריבען אַ מאַסע גראַמאַטיקעס, און האָט געטראָגען אַ רויטע פערוק, און פלעגט אַרומלויפען אַזוי היטרע, ווען ער פלעגט אונז לערנען זיין „אַר פאָעטיק" (פאָעטישע קונסט) און זיין „היסטואַר אַלעמאַנד" (דייטשע געשיכטע). — ער איז אין דער גאַנצער גימנאַזיע געווען דער איינציגער, וועלכער האָט געלערנט די דייטשע געשיכטע. דערווייל אָבער האָט אויך זיין פראַנצויזיש־לערנען געהאַט פיעל שוועריגקייטען, און כדי דאָס אויסצולערנען האָט מען געמוזט פיעל הזר'ן, פיעל זובּרעווען און שטאַרק צולעגען דעם קאָפּ און קודם כל האָט מען נישט געדאַרפט זיין קיין „בעט אַלעמאַנד" (אַ דייטשער הזיר). דאָך פלעגען פאָרקומען איינציגע זעהר זויערע ווערטער. איך דערמאָהן מיך נאָך אַזוי גוט, ווי עס וואָלט ערשט נעכטען געשעהן, אַז איך בין דורך „לאַ רעליזשיאָן" (די רעליגיע) אויסגעשטאַנען פיעל צרות. אַ ודאי זעקס מאָל האָט מען מיר געשטעלט די פראַגע: האַנרי, ווי הייסט דער גלויבען אויף פראַנצויזיש? און זעקס מאָל, און אַלע מאָל וויינענדיגער האָב איך געענטפערט: ער הייסט: „לע קרעדי" (דער קרעדיט). און צום זיבענטען מאָל, װען איך בין שוין געווען ברוין ווי קאַרשען אויפ'ן געזיכט, האָט דער צעבייזערטער עקזאַמינאַטאָר אויסגערופען: ער הייסט: „לאַ רעליזשיאָן" — און עס האָט גערעגענט קלעפּ, און אַלע קאַמעראַדען האָבען געלאַכט. מאַדאַם! פון יענער צייט אָן, ווי איך דערהער נאָר דערמאָהנענדיג דאָס וואָרט „רעליזשיאָן", אַזוי ווערט מיין רוקען בלאַס פאַר שרעק און מיינע באַקען ווערען רויט פאַר הרפה. און איך מוז עהרליך מודה זיין, „לע קרעדי" האָט מיר אין לעבען געניצט פיעל מעהר ווי „לאַ רעליזשיאָן". — אין דעם דאָזיגען אויגענבליק דערמאָהן איך מיך, אַז איך בין דעם לייבען־ווירט אין

באָלאָניאַ נאָך שולדיג פינף טהאָלער. און װירקליך, איך נעהם זיך אָן, דעם לײבען־װירט שולדיג צו װערען עקסטראַ נאָך פינף טהאָלער, אײב נאָר איך װעל שוין אינים לעבען קײנמאָל נישט דאַרפען הערען דאָס אונגליקליכע װאָרט „לאַ רעליזשיאָן״.

בנאמנות, מאַדאַם! איך האָב אין פראַנצױזישען זעהר פיעל דערגרײכט! איך פערשטעה נישט נאָר פאַטואַ, נאָר אפילו אַדעליגע באָנען־פראַנצױזיש. נאָך גאָר נישט לאַנג צוריק, אין אַ עדעלער געזעלשאַפט, האָב איך פערשטאַנען כמעט די העלפט פון דעם שמועס פון צװײ דײטשע קאָנטעסען (גרעפינס), װאָס יעדע פון זײ האָט געהאַט העכער פיער און זעכציג יאָהר און אױך אַזױ פיעל אורעלטערן. יאָ, אין קאַפע רױאַל (קעניגליכעס קאַפע־הױז) אין בערלין האָב איך אײן מאָל געהערט דעם מסיע מיכעל מאַרטענס, װי ער האָט געפּאַרלט (גערעדט) פראַנצױזיש און איך האָב פערשטאַנען יעדעס װאָרט, האָטש דערין איז געװען גאַנץ װעניג פערשטאַנד. מען מוז קענען דעם גײַסט פון דער שפראַך, און דאָס לערנט מען זיך צו׳ם בעסטען אױס דורך אַײנחזר׳ן און אַײנפױקען זיך אין קאָפּ. בנאמנות, װיפיעל דאַנקבאַרקײַט בין איך שולדיג דעם פראַנצױזישען טאַנבור (פױקער), װעלכער איז בײַ אונז אַזױ לאַנג אײַנגעשטאַנען קװאַרטיר, און האָט אױסגעזעהן װי אַ טײַװעל, און דאָך האָט ער געהאַט אַ גוט האַרץ װי אַ מלאך, און האָט אַזױ אױסגעצײכענט געפױקט.

דאָס איז געװען אַ קלײנע בעװעגליכע פיגור מיט מוֹרא׳דיגע שװאַרצע װאָנסעס, אונטער װעלכע די רױטע ליפען האָבען טראָציג אַפּגעקוקט, װעהרענד די פײַערדיגע אױגען האָבען געשאָסען אַהער און אַהין.

איך קלײנער יונגעל האָב זיך צו איהם צוגעקלעבט װי פּאָקשיחע, און האָב איהם געהאָלפען אױספּוצען זײַנע קנעפּ שפּאָגעלבלאַנק און װײַסען זײַן װעסט מיט קרײַד — דען מסיע לע גראַן האָט זעהר געװאָלט געפעלען װערען — און איך בין מיט איהם מיטגעגאַנגען אױך אױף דער װאַך, צו דער טרעװאָגע, צו׳ם פּאַראַד, — דאָ איז נישט געװען קײן אַנדער זאַך אױסער גלאַנציגע געװעהר און לוסטיגקײַט — לע זשור דע פעט סאָן פּאַסע! (די יום־טוב׳דיגע טעג זענען שױן פּאַריבער). מסיע לע גראַן האָט גאַנץ װעניג געװאוסט געבראָכענע דײַטש, נישט מעהר װי די הױפּט־אױסדריקען —

בראַט, קוס, עהרע — דאָך האָט ער אויף דער פּויק זעהר גוט זיך געקאָנט דורכרעדען; צום בײַשפּיעל, ווען איך האָב נישט געוואוסט, וואָס דאָס וואָרט „ליבערטע" (פרײַהייט) בעדײַטעט, האָט ער מיר אויסגעפּויקט די מאַרסעליעזע — און איך האָב איהם פערשטאַנען. האָב איך נישט געוואוסט די בעדײַטונג פון וואָרט „עגאַליטע" (גלײַכהייט), האָט ער מיר אויסגעפּויקט דעם מאַרש „סאַ איראַ, סאַ איראַ — — — לעז אַריסטאָקראַ אַ לאַ לאַנטערן!" (עס קומט, עס קומט — — — ציהט די אַריסטאָקראַטען אויף דער לאַנטערנע) — און איך האָב איהם פערשטאַנען. האָב איך נישט געוואוסט, וואָס „בעטיז" (נאַרישקײַט) איז, האָט ער מיר אויסגעפּויקט דעם דעסויער מאַרש, וועלכען מיר דײַטשען, ווי אויך געטהע דערצעהלט, האָבען געפּויקט אין דער שאַמפּאַניע — און איך האָב איהם פערשטאַנען. ער האָט מיר איין מאָל געוואָלט ערקלערען דאָס וואָרט „ל'אַלמאַן" (דײַטשלאַנד), און ער האָט מיר אויסגעפּויקט יענע גאַנץ אײַנפאַכע אַלטע מעלאָדיע, וועלכע מען הערט אָפט אין מאַרק־טעג בײַ טאַנצענדע הינד, דאָס איז — דום — דום — דום*) — איך האָב מיך געערגערט, נאָר דאָך האָב איך איהם פערשטאַנען.

אויף אַזאַ מין אופן האָט ער מיך אויך אויסגעלערנט די נײַערע געשיכטע. איך האָב אפילו נישט פערשטאַנען די ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט, נאָר אַזוי ווי ער האָט בשעת'ן רעדען כסדר געפּויקט, האָב איך דערינבער געוואוסט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען. אין גרונד איז דאָס די בעסטע לעהר־מעטאָדע. די געשיכטע פון דעם אײַנגעהמען די באַסטיליע, די טויאילעריען א. א. וו., פערשטעהט מען גוט נאָר דאַן, ווען מען ווייס, ווי עמן האָט בײַ אַזעלכע געלעגענהייטען געפּויקט. אין אונזערע שולע־ביכער לייענט מען בלויז: — „זייערע עקסעלענצען די באַראָנען און גראַפען און זייערע הויכע פרויען זענען געקעפּט געוואָרען — זייערע הויכווירדיגקײַטען די הערצאָגען און פּרינצען און זייערע העכסטע פרויען זענען געקעפּט געוואָרען — זײַן מאַיעסטעט דער קעניג און זײַן אַלערהעכסטע פרוי זענען געקעפּט געוואָרען —" נאָר ווען מען הערט פּויקענדיג דעם רויטען גיליאָטינע־מאַרש, אַזוי פערשטעהט מען דאָס ערשט ווי עס דאַרף צו זײַן, און מען דערווייסט

---

*) דום הייסט אויף דייטש אויך נאַריש.

זיך דעם „וואָרזם" און דעם „וויי". מאַדאַם! דאָס איז אַ גאַנץ מערקווירדיגער מאַרש! ער האָט מיר דורכגעשווידערט דורך מאַרך און ביין, ווען איך האָב איהם צום ערשטען מאָל געהערט, און איך בין געוועזן גליקליך, וואָס איך האָב איהם פערגעסען. — מען פערגעסט אַזאַ מין זאַך, ווען מען ווערט עלטער, אַ יונגער מאַן מוז איצט האַלטען אין קאָפּ אַזוי פיעל אַנדערע זאַכען — וויהיסט, באָסטאָן, גענעאַלאָגישע טאַבעלען, די בעשלוסען פון טאַגעס־בונד, דראַמאַטורגיע, ליטורגיע, אַנאַטאָמיע — און זיכערליך, טראָץ דעם וואָס איך האָב מיך אַזוי פיעל געריבען דעם שטערן, האָב איך מיר אַ לאַנגע צייט בשום אופן נישט געקאָנט דערמאָהנען יענע געוואַלדיגע מעלאָדיע. נאָר שטעלט זיך נאָר פאָר, מאַדאַם! נישט לאַנג צוריק זיץ איך ביים טיש מיט אַ גאַנצע מענאַזשעריע פון גראַפען, פרינצען, פרינצעסינען, קאַמער־הערען, הויפמאַרשאַלינען, הויפ־שענקען, אָבערהויפמייסטערינען, הויפזילבערהיטער, הויפיעגערמייסטערינען, און ווי די דאָזיגע פאָרנעהמע דינער מעגען דאָרט נאָך הייסען, און זייערע אונטערדינער זענען אַרומגעלאָפען הינטער זייערע שטוהלען און זיי אַרונטערגערוקט די פולע טעלער פאַר'ן מויל — איך אָבער, וועלכען מען איז איבערגעגאַנגען און פערזעהן, בין געזעסען לעדיג, אָהן אַ מינדעסטע בעשעפטיגונג פון די קינבאַקען, און איך האָב געקנעטען ברויט־קייקעלעך, און פון לאַנגווייליגקייט געפויקט מיט די פינגער, און צו מיין גרעסטען שרעק האָב איך פּלוצלונג אויסגעפויקט דעם רויטען, שוין לאַנג פערגעסענעם גיליאָטינע־מאַרש.

„און וואָס איז געשעהן?" מאַדאַם, די דאָזיגע מענשען לאָזען זיך אין עסען נישט שטערען, און זיי ווייסען נישט, אַז אַנדערע מענשען, ווען זיי האָבען נישט וואָס צו עסען, הויבען אָן פּלוצלונג צו פויקען, און גראַדע אַזעלכע מאַרשען, וועלכע מען מיינט, אַז זיי זענען שוין לאַנג פערגעסען.

צי דאָס פויקען איז אַ געבוירענער טאַלענט, אָדער איך האָב עס גאַנץ פריהצייטיג אין מיר אויסגעבילדעט, גענוג אַז עס ליעגט מיר אין די גליעדער, אין די הענד און אין די פיס, און עס ווייזט זיך אָפט נישט ווילענדיג אַרויס. אין בערלין בין איך איין מאָל געזעסען אין קאָלעגיום פון געהיימראַט שמאַלץ, אַ מענש, וועלכער האָט געראַטעוועט די מלוכה דורך זיין בוך איבער דער געפאַהר פון שוואַרצע מאַנטלען און רויטע מאַנטלען. — איהר דערמאָהנט זיך געוויס, מאַדאַם,

פון דעם פּויזאַניאַס, אַז איין מאָל האָט מען דורך אַ געשריי פון אַ עזעל ענטדעקט אויך אַזאַ מין געפעהרליכע פערשװערונג. אויך װייסט איהר פון ליװיוס אָדער פון בעקער'ס װעלט־געשיכטע, אַז די גאַנז האָבען געראַטעװעט די שטאָדט רוים, און פון סאַלוסט װייסט איהר גאַנץ גענוי, אַז דורך אַ פּלוידערנדיגע הולטײַקע, די פרוי פולװיאַ, האָט מען זיך דערװאוסט יענע מורא'דיגע פערשװערונג פון קאַטילינא. — דאָך קעהר איך צוריק צו דעם דערמאָהנטען באַראָן, אין קאַלעגיום פון העררן געהיימראַט שמאַלץ האָב איך געהערט לעקציעס װעגען פעלקער־רעכט, און עס איז געװעזען אַ לאַנגװײַליגער זומערדיגער נאָכמיטאָג, און איך בין געזעסען אויף דער באַנק און זיך צוגעהערט אַלץ װעניגער — דער קאָפּ איז מיר געװאָרען איינגעשלאָפען — דאָך פּלוצלונג בין איך אויפגעװעקט געװאָרען דורך דעם געראויש פון מײַנע אייגענע פיס, װעלכע זענען געבליבען װאַך, און האָבען זיך װי עס װײַזט אויס צוגעהערט, אַז עס װערט גערעדט פּונקט דער היפוך פון פעלקער־רעכט און עס װערט געזידעלט די קאָנסטיטוציאָנס־אָרדנונג, און מײַנע פיס, װאָס מיט זייערע קליינע היהנער־אויגען (מאָזאָלעס) זעהען זיי די פיהרונג פון דער װעלט בעסער, װי דער געהיימראַט מיט זײַנע גרויסע יונאָ־אויגען; די דאָזיגע אָרעמע, שטומע פיס, װעלכע זענען ניט אימשטאַנד מיט װערטער אַרויסצוזאָגען זייער ריכטיגע מיינונג, האָבען זיך געװאָלט ערקלערען דורך פּויקען, און האָבען געפּויקט אַזוי שטאַרק, אַז איך בין דאַדורך שיער ניט אַרײַן אין אַ אונגליק.

פערפלוכטע, אונבעקלערטע פיס! אַזאַ מין קונצשטיקעל האָבען זיי מיר אויך אָבגעטהון, װען איך האָב איין מאָל אין געטינגען געהערט לעקציעס בײַ'ם פּראָפעסאָר זאַאַלפעלד, און ער איז מיט זײַן שטײַפער בעװעגליכקײַט אַרומגעלאָפען אויף דער קאַטעדרע הין און צוריק, און האָט זיך געקאָכט און געהיצט, כדי צו קאָנען דעם קייזער נאַפּאָלעאָן גוט אויסזידלען — ניין, אָרעמע פיס, איך קאָן אויף אײַך קיין פאַראיבעל ניט האָבען, װאָס איהר האָט דעמאָלט געפּויקט, יאָ, איך װאָלט אויף אײַך קיין פאַראיבעל ניט געהאַט, אפילו װען איהר װאָלט אין אײַער שטומער נאַאיװיטעט זיך אויסגעדריקט נאָך פוס־טריטליכער. װי זאָל איך, לע גראַנ'ס אַ שילער, הערען, װי מען זידעלט דעם קייזער? דעם קייזער! דעם קייזער! דעם גרויסען קייזער!

און טראַכט איך פון דעם גרויסען קייזער, אַזוי ווערט אין מיין זכרון ווידער גאָר זומערדיג גרין און גאָלדיג, אַ לאַנגע אַלעע פון לינדען־בוימער שטעהט בליהענדיג אויף פאַר מיר, אויף די פרישע צווייגען זיצען זינגענדיגע נאַכטיגאַלען, דער וואַסער־פאַל רוישט, אויף קיילעכדיגע זאַנגען שטעהען בלומען און בעוועגען טרוימעריש זייערע שענע קעפּ — און איך בין געשטאַנען מיט זיי אין מערקווירדיגער פערבינדונג — די אויסגעפּוצטע טולפּען האָבען מיך בעגריסט בעטעל־שטאָלץ הכנעה׳דיג, די נערווען־קראַנקע ליליען האָבען מיר צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ וועהמוטיג־צערטליך, די שכור־רויטע ראָזען האָבען מיר שוין פון דערווייטען אַקעגען געלאַכט, די נאַכט־פיאָלען האָבען געזיפצט — מיט די מירטען און לאָרבערען בין איך נאָך דעמאָלט נישט געווען בעקאַנט, ווייל זיי ציהען נישט צו דורך שימערנדע פאַרבען, נאָר מיט די רעזעדען, מיט וועלכע איך בין איצט אַזוי צעקריגט, בין איך געווען גאָר בעזונדערס אינטים. — איך רעד פון הויף־גאָרטען אין דיסעלדאָרף, וואו איך בין אָפט געלעגען אויפ׳ן גראָז, און פרום צוגעהערט, בשעת מסיע לע גראַן האָט מיר דערצעהלט וועגען די מלחמה־טהאַטען פון גרויסען קייזער, און דערביי האָט ער אויסגעפּויקט די מאַרשען, וועלכע מען האָט בשעת יענע טהאַטען געפּויקט, אַזוי אַז איך האָב אַלץ געהערט און געזעהן ווי לעבעדיג. איך האָב געזעהן דעם צוג איבער דעם סענבלאָן — דער קייזער פאָראויס און הינטער איהם די בראַווע גרענאַדערען, וועהרענד איבערגעשראָקענע פייגעל הויבען אויף אין דער הויך זיין קרעכצען און די גלעטשער דונערען פון דערווייטען — איך האָב געזעהן דעם קייזער, מיט דער פאָהן אין האַנד, אויף דער בריק פון לאָדי — איך האָב געזעהן דעם קייזער אין גרויען מאַנטעל ביי מאַרענגאָ — איך האָב געזעהן דעם קייזער רייטענדיג אין דער מלחמה ביי די פּיראַמידען — קיין זאַך נישט אויסער פּולווער־ריח און מאַמעלוקען — איך האָב געזעהן דעם קייזער אין דער מלחמה ביי אויסטערליץ — אוי! ווי די קוילען האָבען דאָ געפּייפט איבער די גלאַטע אייז־באַהן! — איך האָב געזעהן, איך האָב געהערט די מלחמה ביי יענאַ — דום, דום, דום — איך האָב געזעהן, איך האָב געהערט די מלחמה ביי עלאַ, וואַג־ראַם — — — — נײן, איך האָב עס קוים געקאָנט אויסהאַלטען! מסיע לע גראַן האָט געפּויקט, אַז מיין אייגענע פּויק־פעל איז שיער נישט צעריסען געוואָרען.

## קאַפּיטעל VIII.

הײנט װי איז מיר שוין געװען, װען איך האָב איהם אַלײן דערזעהן, מיט הױך־בעגנאַדיגטע, אײגענע אױגען, איהם אַלײן, הושענא! דעם קײזער.

ער איז פּונקט געװען אין דער אַלעע פון הױף־גאָרטען אין דיסעלדאָרף. װען איך האָב מיך דורכגעהערענגט דורך דאָס זיך־גאַפענדיגע פאָלק, האָב איך געטראַכט װעגען די טהאַטען און מלחמות, װעלכע מסיע לע גראַן האָט מיר אױסגעפױקט, מײַן האַרץ האָט געקלאַפּט דעם גענעראַל־מאַרש — און דאָך האָב איך אין דער זעלבער צײַט אױך געקלערט װעגען דער פּאָליצײ־פּאָרערונג, אַז מען טאָר ניט, אונטער פינף טהאָלער שטראָף, רײַטען אין מיטען דורך דער אַלעע. און דער קײזער מיט זײַנע בעגלײטער איז גערײטען אין מיטען דורך דער אַלעע, די ציטערנדע בױמער האָבען זיך פאָרהערטס געבײגט, װען ער איז פערבײַגערײטען, די זונען־שטראַהלען האָבען מוראדיג נײַגיעריג געציטערט דורך די גרינע צװײַגען, און אױפ׳ן בלױען הימעל אין דער הױך האָט מען געזעהן, װי עס איז געשװאומען אַ גאָלדענער שטערן. דער קײזער האָט געטראָגען זײַן אײנפאַכע גרינע אוניפאָרם און דאָס קלײנע װעלט־היסטאָרישע היטעל. ער האָט גערײטען אױף אַ װײַסען פערדעלע, און דאָס דאָזיגע פערדעלע איז געגאַנגען אַזױ רוהיג שטאָלץ, אַזױ זיכער, אַזױ אױסגעצײכענט, — װען איך װאָלט דעמאָלט געװען דער קרױנפּרינץ פון פּרײַסען, װאָלט איך דאָס דאָזיגע פערדעלע מקנא געװען. נאָכלעסיג, כמעט הענגענדיג, איז דער קײזער געזעסען, אײן האַנד האָט הױך געהאַלטען דעם צױם, די אַנדערע האָט גוטמיטיג געקלאַפּט דעם פערדס האַלז. — דאָס איז געװען אַ זוניג־מאַרמאָרנע האַנד, אַ מעכטיגע האַנד, אײנע פון די בײדע הענד, װעלכע האָט אײַנגעהאַלטען די פיעל־קעפּיגע חיה פון דער אַנאַרכיע און האָט אײַנגעאָרדענט דעם פעלקער־דועל — און זי האָט גוטמיטיג געקלאַפּט דעם פערדס האַלז. אױך דאָס געזיכט איז געװען פון יענער פאַרב, װעלכע מיר טרעפען בײַ מאַרמאָרנע גריעכען־און רױמער־קעפּ, די צוגען פון דעם דאָזיגען געזיכט זענען אױך געװען אײדעל־געמאָסטען אַזױ װי די געזיכטער פון די אַנטיקען, און אױף דעם דאָזיגען געזיכט איז געשטאַנען געשריבען: דו זאָלסט ניט האָבען קײנע געטער אױסער

מיר. אַ שמייכעל, וואָס דערהאַרעמט און בערוהיגט יעדעס האַרץ, האָט געשוועבט אַרום די ליפען — און דאָך האָט מען געוואוסט, אַז די דאָזיגע ליפען דאַרפען נאָר אַ פייף טהון, — עֶ לאַ פּריוס נ'עגזיסטע פּליו! (און פּרייסען עקזיסטירט שוין נישט מעהר) — די דאָזיגע ליפען דאַרפען נאָר אַ פייף טהון — און די גאַנצע מהגה פון די גייסטליכע איז אַראָבגעמעקט — די דאָזיגע ליפען דאַרפען נאָר אַ פייף טהון — און די גאַנצע הייליגע רוימישע מלוכה טאַנצט. און די דאָזיגע ליפען האָבען געשמייכעלט און אויך דאָס אויג האָט געשמייכעלט — דאָס איז געווען אַ אויג, קלאָר ווי דער הימעל, עס האָט געקאָנט לייענען אין די הערצער פון די מענשען, עס האָט שנעל מיט איין מאָל געזעהן אַלע זאַכען פון דער וועלט, ווערהענד מיר אַנדערע מענשען זעהן זיי נאָר איינע נאָך דער אַנדערער און דאָס אויך נאָר זייערע געפאַרבטע שאָטען. דער שטערן איז געווען נישט אַזוי קלאָר, עס האָבען אויף איהם גערוהט אין נעסטען די גייסטער פון די קינפטיגע מלחמות, און צייטענווייז האָט עס אַ ציטער געטהון אויף דעם דאָזיגען שטערן, און דאָס זענען געווען די שאַפענדע געדאַנקען, די גרויסע זיבענמיילען־שטיוועל־געדאַנקען, מיט וועלכע דער גייסט פון קייזער איז געגאַנגען איבער דער וועלט אונגעזעהן — און איך מיין, אַז יעדער פון די דאָזיגע געדאַנקען וואָלט אַ דייטשען שריפט־שטעלער געגעבען שטאָף צום שרייבען צייט זיין גאַנצען לעבען.

דער קייזער איז געריטען רוהיג אין מיטען דורך דער אַלעע, קיין פּאָליציי־דינער האָט זיך איהם נישט געשטעלט אַקעגען; הינטער איהם, שטאָלץ אויף סאָפּענדע פערד און בעלאָדען מיט גאָלד און צירונגען, איז געריטען זיין סוויטע, די פּויקען האָבען געקלאַפּט, די טרומייטען האָבען געקלונגען, נעבען מיר האָט זיך געדרעהט דער משוגע'נער אַלויזיוס און האָט געהורט די נעמען פון זיינע גענעראַלער, נישט ווייט האָט געברומט דער שכור'ער גומפּערץ, און דאָס פאָלק האָט מיט טויזענד שטימען געשריען: עס לעבע דער קייזער!

## IX. קאַפּיטעל

דער קייזער איז טויט. אויף אַ ווייסטער אינזעל פון אַטלאַנ־טישען ים געפינט זיך זיין איינזאַמער קבר, און ער, פאַר וועלכען די ערד איז געווען צו ענג, ליעגט רוהיג אונטער דעם קליינעם

בעטגעל, וואו פינף הרויערנדע חיידען (איוואַ) לאָזען אַראָבהענגען פיל מיט שמערץ דייערע גרינגע בלעטער און אַ פרום טייכעלע לויפט פערבײַ וועהמיטיג קלאָגענדיג. עס שטעהט נישט קיין אויפשריפט אויף דער מצבה; נאָר קליאָ*) האָט מיט דעם גערעכטיגען גריפעל געשריעבען אויף איהר אונגעזעהענע ווערטער, וועלכע וועלען קלינגען דורך די יאָהרטויזענדער אַזוי ווי גײַסטערטענער.

בריטאַניאַ! דיר געהערט דער ים. דאָך האָט דער ים נישט גענוג וואַסער, כדי פון דיר אַראָבצוּוואַשען די שאַנדע, וואָס דער גרויסער טויטער האָט דיר שטאַרבענדיג פערשאַפט. נישט דײַן ווינדיגער סער הודסאָן, ניין, דו אַליין ביזט געוועזען דער סיציליאַנישער שמש, וועלכען די פערשוואָרענע קעניגען האָבען געדונגען, כדי דיך אין געהיים אָבצורעכענען אין דעם מענשען פון פאָלק דערפאַר, וואָס דאָס פאָלק האָט איין מאָל עפענטליך געטהון אײַנעם פון זיי.— און ער איז געוועזען דײַן גאַסט און האָט זיך געזעצט אין דײַן הערבערג—

ביז אין די שפּעטסטע צײַטען וועלען די קינדער פון פראַנקרײַך זינגען און זאָגען פון דער שרעקליכער גאַסט־פרײַנדשאַפט פון בעלעראָפאָן**), און ווען די דאָזיגע שפּאָט־און טרעהרען־לידער וועלען אַריבערקלינגען איבער'ן קאַנאַל, וועלען רויט ווערען די באַקען פון אַלע כּבודיגע ענגלענדער. נאָר איין מאָל וועט דאָס ליעד אַריבערקלינגען, און עס וועט שוין מעהר נישט זײַן קיין בריטאַניען, דאָס פאָלק פון שטאָלץ איז געוואָרפען צו דער ערד, אַלע וועסטמינסטערס מאָנומענטער פון די קברים ליעגען צעשטערט, פערגעסען איז דער קעניגליכער שטויב, וועלכען זיי האָבען פערשלאָסען—

*) די היסטאָרישע מוזע.

**) אַ מיטאָלאָנישער העלד. וועלכער איז געקומען אַלס גאַסט צום קעניג פון אַרגאָס. דער דאָזיגער קעניג האָט אָבער נישט געוואָלט מקיים זיין די געזעצען פון גאַסט־פריינדשאַפט און האָט דעם העלד געשיקט צו יאָבאַטעס, צו זיין שוואָגער, דעם קעניג פון ליציע, וועלכען ער האָט געשיקט אַ געהיימען בעפעהל צו טוידטען בעלאָראָפאָנ'ען. יאָבאַטעס האָט איהם געהייסען קעמפפען מיט דער חימערע, ווייענדיג זיכער, אַז זי וועט איהם טוידטען. נאָר דער העלד האָט געטוידט די חיה, חתונה געהאַט מיט דעם קעניג'ס טאָכטער און איהם אַראָבגעזעצט.

און סאַנקט העלענאַ איז דער הייליגער קבר, וואוהין די פעלקער פון מזרח און פון מערב וועלען עולה רגל זיין אין פערשיעדענפאַרביגע בעזעצטע שיפען און זיי וועלען שטאַרקען זייער האַרץ דורך די גרויסע ערינערונג וועגען די טהאַטען פון דעם אויסלעזער פון דער וועלט, וועלכער האָט געליטען דורך הואַדזאָן לאָו, אַזוי ווי עס שטעהט געשריבען אין די עוואַנגעליען לאַ קאַז, אָמעראַ און אָמאַנאַרשע.

מערקווירדיג! די דריי גרעסטע געגנער פון קייזער האָט שוין געטראָפען אַ שרעקליך שיקזאַל; לאָנדאָנדערי האָט זיך דורכגעשניטען דעם האַלז, לודוויג דער אַכצעהנטער איז פערפוילט אויף זיין טראָן, און פראָפעסאָר זאַאַלפעלד איז נאָך אַלץ פּראָפעסאָר אין געטינגען.

## קאַפּיטעל X.

עס איז געוועזען אַ קלאָרער, עטוואָס פראָסטיגער הערבסט־טאָג, אַלס אַ יונגער מענש פון סטודענטישען אויסזעהן האָט לאַנגזאַם געגאַנגען דורך דער אַלעע פון דיסעלדאָרפער הויף־גאָרטען, טייל מאָל האָט ער אַזוי ווי מיט קינדערשען השק אויפגעוואָרפען מיט די פיס דאָס רוישענדע גראָז, וואָס האָט בעדעקט די ערד, טיילמאָל אָבער האָט ער אויך וועהמיטיג אַרויפגעקוקט צו די דינע בוימער, אויף וועלכע עס זענען געהאַנגען נאָך גאָר וועניג גאָלד בלעטער. ווען ער האָט אַזוי אַרויפגעקוקט האָט ער געקלערט וועגען די ווערטער פון לויקאָס:

„אַזוי ווי די בלעטער אין וואַלד, אַזוי זענען די דורות פון מענשען:

עס וואַרפט איצט די בלעטער דער ווינד צו דער ערד, גאָר שפעטער וועט פרישע

דער בליהענדער וואַלד ברענגען בלעטער, ווען פריהלינג לעבט אויף פון דאָס נייע:

אַזוי אויך די דורות פון מענשען, וואַקסט דער אויף, ווערט יענער פערשוואונדען”.

אין פריהעריגע טעג האָט דער יונגער מענש אַרויפגעקוקט טאַקי צו די זעלבע בוימער מיט גאָר אַנדערע געדאַנקען, און ער איז דעמאָלט געוועזען אַ קינד און האָט געזוכט פויגעל־נעסטער אָדער

זומער־פֿויגעלעך, װעלכע האָבען איהם װעהר געטשיקעט, װען זײ װענען לוסטיג אַרומגעזומס, זיך געפּרעהט מיט דער שענער װעלט, און זענען געװען צופֿריעדען מיט אַ זאַפטיג־גרינען בלעטעל, מיט אַ טראָפּען טױ, מיט אַ װאַרעמען זונען־שטראַהל און מיט דעם זיסען ריח פֿון די קרײַטער. דעמאָלט איז דעם יונגעלס האַרץ געװעזען אױך אַזױ פֿול מיט פֿערגניגען װי די אַרומפֿלאַטערנדע חיהלעך. איצט אָבער איז זײַן האַרץ שױן עלטער געװאָרען, די קלײנע װונען־שטראַהלען זענען שױן דערין געװען פֿערלאָשען, אַלע בלומען זענען דערין געװען אָבגעשטאָרבען, אפילו דער שענער טרױם פֿון דער ליעבע איז שױן דערין בלױז געװאָרען, אינס אונגליקליכען האַרץ איז נישט געװען קײן זאַך אױסער מוט און טרױער, און זאָל איך שױן זאָגען דאָס ערגסטע — עס איז געװען מײַן האַרץ.

דעם זעלבען טאָג בין איך צוריקגעקעהרט צו מײַן אַלטער באָטער־שטאָדט, נאָר איך האָב דאָרט נישט געװאָלט איבערנעכטיגען און האָב געבענקט נאָך גאָרעסבערג, כדי זיך אַנידערצוזעצען מײַן פֿרײַנדין צו די פֿיס און דערצעהלען װעגען דער קלײנער װעראָניקאַ. איך האָב גראַדע דעמאָלט באַזוכט די ליעבע קברים. פֿון אַלע לעבענדיגע פֿרײַנד און קרובים האָב איך נאָך װידער געפֿונען נאָר נאָך אַ פֿעטער און אַ מוהמע. און האָב איך נאָך אױסער זײ יאָ באַגעגענט באַקאַנטע געשטאַלטען אױף דער גאַס, האָט מיך שױן אָבער קײנער נישט געקענט, און די שטאָדט אַלײן האָט מיך אָנגע־קוקט מיט פֿרעמדע אױגען, פֿיעל הײַזער זענען אונטער דער צײַט פֿײַ געפֿארבט געװאָרען, פֿון די פֿענסטער האָבען אַרױסגעקוקט פֿרעמ־דע געזיכטער, אַרום די אַלטע קוימענס האָבען געפֿלאַטערט נײַע שפּאַ־צען, אַלץ האָט אױסגעזעהן אַזױ טױט און דאָך אַזױ פֿריש, אַזױ װי סאַלאַט, װאָס װאַקסט אױף אַ בית הקברות; װאו מען האָט אַמאָל געװעזט פֿראַנצױזיש, האָט מען איצט גערעדט פּרײַסיש, עס האָט זיך זאָגאַר דאָרט באַזעצט אַ קלײן פּרײַסיש הױפֿעלע, און די מענשען האָבען באַקומען הױף־טיטלען, מײַן מוטערס אַמאָליגע פֿריזירערין איז געװאָרען אַ הױף־פֿריזירערין, און איצט האָבען זיך דאָרט גע־פֿונען הױף־שנײַדער, הױף־שוסטער, הױף־װאַנצענפֿערניכטערינען, הױף־שנאַפּסקראָמען, די גאַנצע שטאָדט האָט געשײַנט צו זײַן אַ הױף־לאַזאַרעט פֿאַר הױפֿגײַסטיג־קראַנקע. נאָר דער אַלטער קורפֿירשט האָט מיך דערקענט, ער איז נאָך געשטאַנען אױפֿ'ן אַלטען אָרט,

נאָר ער איז ווי עס ווײַזט אויס מאָגערער געוואָרען. טאַקי דערפאַר, וואָס ער איז שטענדיג געשטאַנען אויפ'ן סאַמען מיטען מאַרק, האָט ער זיך געמוזט צוקוקען צו אַלע אונגליקען פון דער צײַט, און זעהענדיג דאָס אַלץ קאָן מען נישט פעט ווערען. איך בין געווען ווי אין חלום, און האָב געקלערט וועגען דער לעגענדע פון די פערצוי-בערטע שטעדט, און איך האָב געאײַלט אַרויסצוגעהן פון טויער, כדי איך זאָל זיך נישט אויסהאַפען צו פריה. אין הויפגאָרטען האָבען מיר טײל בוימער אינגאַנצען געפעהלט, טײל בוימער זענען געוואָרען קאַליקעס, און די פיער גרויסע פאַפּעלען, וועלכע האָבען זיך מיר אַמאָל אויסגעוויזען ווי גרינע ריזען, זענען קלײן געוואָרען. אײניגע יונגע מעדלעך זענען געגאַנגען שפּאַצירען, פערשידענפאַרביג געפוצט, ווי לעבעדיגע טולפען. און די דאָזיגע טולפען האָב איך געקענט, ווען זיי זענען נאָך געווען קלײנינקע ציבעלעס; וואָרום אַח! דאָס זענען דאָך געווען די שכנישע קינדער, מיט וועלכע איך האָב אַמאָל געשפּיעלט „פּרינצעסין אין טורעם". נאָר די שענע יונגפרויען, וועלכע איך האָב אַמאָל געקענט אַלס בליהענדע ראָזען, האָב איך איצט גע-זעהן אַלס פערוועלקטע ראָזען, און אין אַ געוויסען הויכען שטערען, וואָס זײַן שטאָלץ האָט מיר אַמאָל ענטציקט דאָס האַרץ, האָט סאַטורן מיט זײַן סערפּ אײַנגעשניטען טיעפע רונצעלן. ערשט איצט, נאָר אַח! שוין צו שפּעט, האָב איך ענטדעקט, וואָס האָט געזאָלט בעדײַטען דער בליק, וועלכען זי האָט אַמאָל צוגעוואָרפען דעם קינד. וועלכער איז שוין בּיסלעכווײַז בחור געוואָרען; אונטער דער צײַט האָב איך אין דער פרעמדע בעמערקט פיעל אַזעלכע שטעלען אין שענע אויגען. טיעף גערירט האָט מיך דאָס הכנעה'דיגע אַראָב-נעמען דעם הוט פון אַ מענשען, וועלכען איך האָב אַמאָל געזעהן רײַך און פאַרנעהם, און פון דעמאָלט אָן איז ער אַזוי שטאַרק גע-זונקען, אַז ער איז אַ בעטלער געוואָרען; ווי מען זעהט עס אי-בעראַל, אַז די מענשען, ווען זיי הויבען שוין אָן פאַלען, אַזוי ווי ניוטאָנס געזעץ, פאַלען זיי שוין אַלץ שנעלער און שנעלער אין עלענד. נאָר ווער עס האָט מיר אויסגעזעהן להלוטין אונפערענדערט, איז דאָס געווען דער קלײנער באַראָן, וועלכער האָט לוסטיג ווי אַמאָל אַרומגעטאַנצט דורכ'ן הויפגאָרטען, האַלטענדיג מיט אײן האַנד אין דער הויך די לינקע פאָלע פון זײַן ראָק, און מאַכענדיג מיט דער אַנדערער אַהין און אַהער מיט זײַן דינעם שטעקעלע; עס איז

נאָך אַלץ געהען דאָס זעלבע פריינדליכע פּנימ׳ל, וואָס זיין ראָזענרויטקייט קאָנצענטריערט זיך צו דער נאָז צו. עס איז נאָך אַלץ געהען דאָס אַלטע שפּיציגע היטעלע, עס איז נאָך אַלץ געווען דאָס אַלטע צעפּעלע, נאָר פון דעם דאָזיגען צעפּעלע האָבען שוין איצט אַרויסגעקוקט איינציגע ווייסע הערעלעך, אַנשטאָט די אַמאָליגע שוואַרצע הערעלעך. נאָר האָטש ער האָט אויסגעזעהן אַזוי צופריעדען, דאָך האָב איך געוואוסט, אַז דער אָרעמער באַראָן איז אונטער דער צייט אויסגעשטאַנען פיעל טרויער, זיין פּנימ׳ל האָט עס געוואָלט בעַהאַלטען פון מיר, נאָר די ווייסע הערעלעך פון זיין צעפּעלע האָבען דאָס מיר הינטער זיין רוקען אויסגעזאָגט. און דאָס צעפּעלע אַליין האָט עס חעלען גערן ווידער אָבלייקענען, און דעריבער האָט זיך עס געוואַקעלט אַזוי חעדמיטיג לוסטיג.

איך בין נישט געווען מיעד, נאָר דאָך האָט מיך אָנגענומען אַ חשק, זיך נאָך איין מאָל צו זעצען אויף דער הילצערנער באַנק, אויף חעלכער איך האָב אַמאָל אויסגעשניטען דעם נאָמען פון מיין מעדעל. איך האָב איהם קוים געקאָנט ווידער געפינען, עס זענען אַזוי פיעל נייע נעמען דערויף אויסגעשניצט געוואָרען. אַה! איין מאָל בין איך אויף דער דאָזיגער באַנק איינגעשלאָפען און האָב געחלומט וועגען גליק און ליעבע. „אַ טרוים איז שוים“. אויך די אַלטע קינדער-שפּיעלערייען זענען מיר ווידער אַרויפגעקומען אויף די געדאַנקען, אויך די אַלטע, שענע לעגענדעס! נאָר אַ נייע, פאַלש שפּיעל, און אַ נייע, מיאוסע לעגענדע, האָט שוין כסדר דאַדורך געקלונגען, און דאָס איז געווען די מעשה פון צוויי אונגליקליכע נשמות, חעלכע זענען איינע דער צווייטער געוואָרען אונטריי, און זענען נאָכדעם אין אונטרייהייט אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז זיי זענען אפילו דעם ליעבען גאָט אַליין געוואָרען אונטריי. דאָס איז אַ אומעטיגע געשיכטע, און ווען מען האָט נישט וואָס עפּעס בעסערס צו טהון, קאָן מען איבער איהר ווינען. אָ גאָט! איין מאָל איז די וועלט געווען אַזוי שען, און די פויגעל האָבען געזונגען דיין עביגען לויב, און די קליינע וועראָניקע האָט מיך אָנגעקוקט מיט שטילע אויגען, און מיר זענען געזעסען פאַר דער מאַרמאָרנער סטאַטוע אויפ׳ן שלאָספלאַץ — אויף איין זייט ליעגט דאָס אַלטע, פערוויסטע שלאָס, אין חעלכען עס הערט זיך אַ קלייפּערייַ און בייַנאַכט האַנדערט אַרום אַ שוואַרץ-זיידענע דאַמע אָהן אַ קאָפּ, מיט אַ לאַנגער, גוישענדיגע

שלעפע; אויף דער אנדערער זייט איז א הויך ווייס געביידע, וואס אין זיינע אויבערשטע צימערען גלאנצען וואונדערבאר די פערשיע־דענפארביגע בילדער מיט גאלדענע ראהמען, און אין זיינע אונ־טערשטע צימערען זענען געשטאנען אזוי פיעל טויזענדער מעכטיגע ביכער, וועלכע איך און די קליינע ווערא'ניקע האבען אפט בעטראכט נייגיעריג, בשעת די פרומע אורזולע האט אונז אויסגעהויבען צו די גרויסע פענסטער — שפעטער, ווען איך בין שוין געווארען א גרויסער יונגעל, האב איך דארט אלע טאג ארויפגעקלעטערט אויף די העכסטע לייטער־שטאפלען, און האב ארויסגענומען די העכסטע ביכער און געלייענט אין זיי אזוי לאנג, ביז איך האב שוין מעהר נישט מורא געהאט פאר קיין זאך, אם ווייניגסטענס פאר דאמען אהן קאפ, און איך בין געווארען אזוי געשייט, אז איך האב פער־געסען אלע אלטע שפיעלערייען און לעגענדעס און בילדער און די קליינע ווערא'ניקע און אפילו איהר נאמען.

נאר ווערהענד איך בין געזעסען אויף דער אלטער באנק פון הויפגארטען און געהלומט צוריק וועגען דער פערגאנגענהייט, האב איך הינטער זיך געהערט צעמישטע מענשען־שטימען, וועלכע האבען בעקלאגט דעם שיקזאל פון די ארעמע פראנצויזען, וועלכע זענען אין רוסישען קריעג געשלעפט געווארען קיין סיביריען אלס גע־פאנגענע, און זענען דארט אבגעהאלטען געווארען פיעל לאנגע יאהרען, האטש עס איז שוין שלום געווארען, און ערשט איצט קעהרען זיי צוריק אהיים. ווען איך האב א קוק געטהון, האב איך ווירקליך דערזעהן די דאזיגע יתומים־קינדער פון רוהם; דורך די שפאלטען פון זייערע צעריסענע אוניפארמען האט ארויסגעקוקט דאס נאקעטע עלענד, אין זייערע פערוויינטע געזיכטער זענען געלעגען טיעפע, קלאגענדע אויגען, און האטש זיי זענען געווען צעקאליעטשעט, אויסגעמאטערט און על פי רוב הינקענדיגע, איז דאך ביי זיי נאך אלץ געבליבען עפעס א מין מיליטערישער שריט, און, מערקווירדיג גענוג: איין טאנבור מיט איין פויק האבען זיך געוואקעלט פארויס; און מיט א אינערליכען ציטער האט מיך אנגעהאפט די ערינערונג וועגען דער לעגענדע פון די סאלדאטען, וועלכע זענען ביי טאג גע־פאלען אין דער מלחמה און ביינאכט שטעהען זיי ווידער אויף פון שלאכטפעלד און מיט דעם טאנבור אין דער שפיץ מארשירען זיי אין זייער פאטער־שטאדט, און וועגען דעם זינגט דאס אלטע פאלקס־ליעד:

„ער קלאַפּט אין פּויק אָהן אַ שיעור,
זיי שטעהען שוין ווידער פאַר דער נאַכט-קוואַרטיר,
זיי געהען אין געסעל אַרויס,
טראַלערי, טראַלעריי, טראַלערא,
זיי געהען פערביי דער געליעבטערס הויז.

און אַט אין דער פריה שטעהען די ביינער
אין דער שורה צוגעפּאַסט, אַזוי ווי פון מתים די שטיינער,
דער פּויק טהוט פאָרויס געהן,
טראַלערי, טראַלעריי, טראַלערא,
פריי זיי ,וואָלען איהם אַלע זעהן“.

ווירקליך, דער אָרעמער פראַנצויזישער טאַנבור האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט האַלב פערפוילט אַרויפגעקומען פון קבר, דאָס איז שוין נאָר געווען אַ קליינער שאָטען אין אַ שמוציג צעריסענער גרויער קאַפּאָטע, אַ אָבגעשטאָרבען געל געזיכט מיט גרויסע וואָנסען, וועלכע האָבען וועהמיטיג אַראָבגעהאַנגען איבער די פערוועלקטע ליפּען, די אויגען זענען געווען ווי פערברענטע קוועק-זילבער, און וועלכע עס האָבען געגליהט נאָר גאַנץ ווייניג פונקעלעך, און דאָך, אָן איין און איינציגען פון די דאָזיגע פונקעלעך האָב איך דערקענט מסיע לע גראַן.

ער האָט מיך אויך דערקענט, און האָט מיך אַראָבגעצויגען אויפ'ן גראָז, און דאָ זענען מיר געזעסען ווי אַמאָל, ווען ער האָט מיך אויפ'ן פּויק געלערענט די פראַנצויזישע שפּראַך און די נייערע געשיכטע. ער האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם גוט בעקאַנטען אַלטען פּויק, און איך האָב מיך נישט געקאָנט גענוג אָבוואונדערן, ווי אַזוי ער האָט איהם געקאָנט פערהיטען פון דער רוסישער גייציגקייט. ער האָט איצט ווידער געפּויקט ווי אַמאָל, נאָר איצט האָט ער שוין דערביי נישט גערעדט. נאָר אויב די ליפּען זענען געווען נישט-היימליך צוזאַמענגעפּרעסט, האָבען דערפאַר נאָך פיעל מעהר גערעדט זיינע אויגען, וועלכע זענען בעלויכטען געוואָרען מיט נצחון, ווען ער האָט אויסגעפּויקט די אַלטע מאַרשען. די טאַפּעלען נעבען אונז האָבען אָנגעהויבען ציטערן, בשעת ער האָט ווידער געלאָזט דערהערען דעם רויטען גיליאָטינע-מאַרש. אויך די אַלטע פרייהייטס-קאַמפּפען, די אַלטע מלחמות, דעם קייזערס טהאַטען האָט ער גע-

פּויקט ווי אַמאָל, און עס האָט אויסגעזעהן, ווי דער פּויק אַליין איז אַ לעבעדיגער וועזען, וואָס פרעהט זיך, ווען ער קאָן אויסדריקען זײַן אינערליכען פערלאַנג. איך האָב ווידער געהערט דאָס דונערן פון קאַנאָנען, דאָס פײַפען פון קוילען, דעם לאַרם פון דער מלחמה, איך האָב ווידער געזעהן די טויט-מוטיגקײַט פון דער גוואַרדיע, איך האָב ווידער געזעהן די פלאַטערנדע פאָהנען, איך האָב ווידער געזעהן דעם קייזער אויפ'ן פערד — נאָר ביסלעכווײַז האָט זיך אַרײַנגעגנבה'ט אַ טריבער טאָן אין יענעם פרעהליכען האַראַמאַר, פונ'ם פּויק זענען אַרויסגעדרונגען טענער, אין וועלכע עס זענען געווען אונהיימליך אויסגעמישט דאָס ווילדעסטע שאַלען און דאָס שרעקליכסטע טרויערן, עס האָט אויסגעזעהן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ נצחון-מאַרש און צוזאַמען דערמיט אַ קבורה-מאַרש, לע גראַנ'ס אויגען האָבען זיך ווײַט געעפענט אַזוי ווי בײַ רוחות, און איך האָב אין זיי קיין אַנדער זאַך געזעהן ווי אַ ווײַטע, ווײַסע אייז-פעלד, בעדעקט מיט מתים — דאָס איז געווען די מלחמה בײַ מאָסקווא.

איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז דער אַלטער, האַרטער פּויק קאָן פון זיך אַרויסגעבען אַזעלכע שמערצליכע טענער, ווי מסיע לע גראַן האָט איצט געוואוסט פון איהם אַרויסציהען. דאָס זענען געווען געפּויקטע טרעהרען, און זיי האָבען זיך געהערט אַלץ שטילער, און אַזוי ווי אַ טריבער עכאָ האָבען אויסגעבראָכען טיפע זיפצען פון לע גראַנ'ס ברוסט. און לע גראַן איז געוואָרען אַלץ מיעדער און איז עהנליך געוואָרען אַלץ מעהר צו אַ רוח; זײַנע דאַרע הענד האָבען געציטערט פאַר פראָסט, ער איז געזעסען ווי אין חלום, און האָט מיט זײַנע פּײַקעל-שטעקלעך בעוועגט נאָר די לופט, און האָט זיך צוגעהערט אַזוי ווי צו ווײַטע שטימען, און ענדליך האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט אַ טיעפען, אָבגרונד-טיעפען, בעטענדען בליק — איך האָב איהם פערשטאַנען — און דאַן איז זײַן קאָפּ אַראָבגעפאַלען אויפ'ן פּויק.

מסיע לע גראַן האָט אין דעם לעבען שוין מעהר קיינמאָל נישט געפּויקט. אויך האָט זײַן פּויק שוין מעהר פון זיך קיין טאָן נישט אַרויסגעגעבען, ער דאַרף פאַר קיין פײַנד פון דער פרײַהייט נישט דיענען אַלס אַ קנעכטישער מיטעל. איך האָב לע גראַנ'ס לעצטען, בעטענדען בליק זעהר גוט פערשטאַנען, און האָב גלײַך אַרויסגעצויגען דעם שפּיז פון מײַן שטעקען און צעשטאָכען דעם פּויק.

## קאפיטעל XI.

פונ'ם ערהאבענסטען ביז'ן לעכערליכסטען איז נישט מעהר ווי איין שריט, מאדאם!

נאר דאס לעבען איז אין גרונד אזוי שרעקליך ערנסט, אז עס וואלט אונמעגליך געווען עס צו פערטראגען אהן אזעלכע פערבינדונג פונ'ם פאטהעטישען מיט'ן קאמישען. דאס ווייסען אונזערע פאעטען. די שרעקליכסטע בילדער פון מענשליכען שגעון ווייזט אונז אריסטאפאנעס נאר אין דעם לאכענדען שפיגעל פון וויץ, דעם גרויסען שמערץ פון א דענקער, וועלכער בעגרייפט זיין אייגענע ניכטיגקייט, וואגט געטהע אויסצודריקען נאר מיט די לאכעדיגע פערזען פון א לאלקעס-שפיעל, און די טויטליכסטע קלאג איבער דעם וועלט-שמערץ לעגט שעקספיר אין מויל פון א נאר, וועהרענד ער שאקעלט מיט מורא זיין גלעקעל-היטעל.

זיי האבען זיך דאס אלע אבגעלערנט פון דעם גרויסען ערשטען פאעט, וועלכער ווייס אין זיין טויזענד-אקטיגער וועלט-טראגעדיע צו מאכען הומאר אויפ'ן העכסטען אופן, אזוי ווי מיר זעהן דאס טאג-טעגליך:— נאכדעם ווי די העלדען געהען אוועק קומען די קלאונען און די שפאס-מאכער מיט זייערע נארען-קאלבען און דרשות, נאך די בלוטיגע רעוואלוציאנס-סצענען און קייזער-טהאטען קומען ווידער צו שפרינגען די דיקע בורבאנען מיט זייערע אלטע אבגעשטאנענע שפאסעלעך און צארט-געזעצליכע גוטווערטלעך, און גראציעז שפרינגט דערביי אונטער די אלטע אדעלקייט מיט איהר אויסגעהונגערטען שמייכעל, און פון הינטען בעוועגען זיך די פרומע קאפוצען מיט ליכט, קרייצען און קירכען-פאהנען;— אפילו אין דעם העכסטען פאטאס פון דער וועלט-טראגעדיע פלעגען זיך אריינגנבה'נען קאמישע צוגען, דער פערצווייפעלטער רעפובליקאנער, וועלכער שטעכט זיך דעם מעסער אין הארצען אזוי ווי א ברוטוס, האט פריהער אפשר צו דעם מעסער א שמעק געטהון, צי האט מען מיט איהם אמאל נישט געשניטען קיין הערינג, און אויף דער דאזיגער גרויסער וועלט-בינע קומט עס אויך פאר פונקט ווי אויף אונזערע לומפען-ברעטער, אויך אויף איהר געפינען זיך שכור'ע העלדען, קעניגען, וועלכע פערגעסען זייער ראלע, קוליסען, וועלכע זענען געבליבען הענגען, ארויסשרייענדע סופלער-שטימען, טענצערינען, וועלכע מאכען עפעקט

מיט זייערע לענדער־פּאָעזיע, קאָסטיומען, וועלכע גלאַנצען אַלס הויפּט־זאַך — און אין דער הויך אין הימעל, אין דער ערשטער רייהע שטעהען דערווייל די ליעבע מלאָכים׳לעך, און קוקען דורך לאָרנעטען אויף אונז קאָמעדיאַנטען דאָ אונטען, און דער ליעבער גאָט זיצט ערנסט אין זיין גרויסער לאָזשע און לאַנגווײַליגט זיך אפשר אָדער ער רעכענט אויס, אַז דאָס דאָזיגע טעאַטער וועט זיך שוין מעהר נישט לאַנג קאָנען האַלטען, ווייל איינער בעקומט צופיעל געהאַלט, דער אַנדערער צו וועניג, און אַלע צוזאַמען שפּיעלען צו שלעכט.

פונ׳ם ערהאַבענסטען ביז׳ן לעכערליכסטען איז נישט מעהר ווי איין שריט, מאַדאַם! בשעת איך האָב געשריבען די ענדע פון פאָריגען קאַפּיטעל און האָב אייך דערצעהלט, ווי מסיע לע גראַן איז געשטאָרבען, און ווי איך האָב עהרליך ערפילט זיין מיליטערישען טעסטאַמענט, וואָס איז געלעגען אין זיין לעצטען בליק, האָט מען דאַן אָנגעקלאַפּט אין דער טהיר פון מיין שטוב, און עס איז אַריינגעקומען אַ אָרעמע, אַלטע פרוי, וועלכע האָט מיך פריינדליך געפרעגט, צי איך בין אַ דאָקטאָר. און אַז איך האָב געענטפערט יאָ, האָט זי מיך געבעטען שוין גאָר פריינדליך, איך זאָל מיט איהר געהן צו איהר אַהיים, פרי דאָרט איהר מאַן אַרויסצושניידען די מאָזאָלעס פון די פיס.

## קאַפּיטעל XII.

די דײַטשע צענזאָרען — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — פערשטאָפּטע קעפּ — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — —

## קאפיטעל XIII.

מאדאם! אונטער לעדא'ס אויסוויצענדע האלז-קוגלען איז שוין געלעגען דער גאנצער טראיאנישער קריעג, און איהר קאנט בשום אופן נישט פערשטעהן די בעריהמטע טרעהרען פון פריאמאס, אויב איך וועל אייך נישט פריהער דערצעהלען וועגען די אלטע שהאנעגאיער. דעריבער זאלט איהר זיך נישט בעקלאגען דערפאר, וואס איך פערהער זיך אלץ אן א זייט. אין די אלע פריהעריגע קאפיטלען איז נישטא קיין איין שורה, וועלכע זאל נישט געהערען צו דער זאך, איך שרייב זעהר בקיצור, איך מייד אויס אלץ וואס איבעריג איז, אפט לאז איך זאגאר דורך דאס נויטיגע, צום בייישפיעל, איך האב נאך אפילו קיין איין מאל נישט ווי עס דארף צו זיין ציטירט— איך מיין נישט גרויסע גייסטער, נאר פערקעהרט, איך מיין שריפטשטעלער— און דאך איז דאס ציטירען פון אלטע און נייע ביכער דאס הויפט-פערגעניגען פון א יונגען שרייבער, און אזא פאר גרונדגעלעהרטע ציטאטען בעציערען פשוט דעם גאנצען מענשען. מיינט נאר נישט, מאדאם, אז עס פעהלט מיר בקיאות אין נעמען פון ביכער. אויסער דעם קאן איך די קונץ פון די גרויסע גייסטער, וועלכע ווייסען ווי אזוי ארויסצופיקען די קארינטען פון זעמעל און די ציטאטען פון די שולע-העפטען; איך ווייס אויך, פון וואנען בארטהעל בעקומט זיין זאפטיגקייט. אין ערגסטען פאל וואלט איך געקאנט ביי מיינע געלעהרטע גוטע פריינד מאכען א הלואה פון ציטאטען. מיין פריינד ג. אין בערלין איז ווי מען רופט דאס א קליינער ראטשילד פון ציטאטען, און ער וועט מיר גערן לייהען עטליכע מיליאנען, און האט ער זיי נישט אליין אין זאפאס, אזוי קאן ער זיי לייכט צונויפזאמלען פון עטליכע אנדערע קאסמאפאליטישע גייסטיגע באנקירען — אגב, מאדאם, די דריי פראמינענטיגע בעקיס זענען שוין, דערפאר זענען די פינפפראצענטיגע העגעל'ס געשטיגען— נאר איך דארף נאך איצט נישט מאכען קיין הלואה, איך בין א מענש, וועלכען עס געהט זיך גאנץ גוט, איך האב מיר יעהרליך מיינע 10,000 ציטאטען צו פערברויכען, יא, איך האב זאגאר געמאכט א ערפינדונג, ווי מען קאן אזעלכע ציטאטען אויסגעבען פאר עכטע. ווען עמיצער א גרויסער, רייכער געלעהרטער, צום בייישפיעל מיכאל בער, וואלט דאס דאזיגע געהיימניס ביי מיר געוואלט אבקויפען,

האָלט איך עס גערן אַוועקגעגעבען פאַר 19,000 טהאַלער קוראַנט; איבריגענס, איך האָלט נאָך געלאָזען עפּעס אַראָבדינגען. אַן׳אַנדערע ערפינדונג וויל איך צום גליק פון דער ליטעראַטור נישט פערשווייגען און איך וועל זי מיטטיילען גראַטיס:

און דאָס איז: איך האָלט געראַטען, מען זאָל אַלע אונבעקאַנטע מחברים ציטירען מיט דער נומער פון זייער הויז.

די דאָזיגע „גוטע מענשען און שלעכטע מוזיקאַנטען“ — אַזוי האָט מען אין פאַנס דע לעאָן גערופען דעם אָרקעסטער — די דאָזיגע אונבעקאַנטע מחברים בעזיצען דאָך שטענדיג אַליין איין עקזעמפּלאַר פון זייער ביכעלע, וואָס איז שוין לאַנג פערגעסען געוואָרען, און כדי דאָס דאָזיגע ביכעלע בעקאַנט צו מאַכען, מוז מען וויסען זייער הויז-נומער. ווען איך וואָלט למשל ציטירט „שפּיטאַס געזאַנג-ביכעל פאַר בעלי מלאכה׳שע יונגען“ — מיין ליעבע מאַדאַם, וואו וואָלט איהר דאָס געקאָנט געפינען? נאָר ווען איך ציטיר:

„זעה דאָס געזאַנג-ביכעל פאַר בעל-מלאכה׳שע יונגען,
פון פ. שפּיטאַ; לינענבורג, אויף דער לינערשטראַסע
נומער 2, רעכטס ביים עק —“

דאַן קאָנט איהר, מאַדאַם, בעקומען דאָס ביכעלע, אויב איהר האַלט, אַז עס איז ווערט דער מיה, נאָר דאָס איז נישט ווערט דער מיה.

איבריגענס, מאַדאַם, האָט איהר גאָר קיין פאָרשטעלונג נישט, ווי לייכט איך קאָן ציטירען. אומעטום געפין איך אַ געלעגענהייט אַרויסצוווייזען מיין גרויסע בקיאות. רעד איך צום ביישפּיעל וועגען עסען, אַזוי בעמערק איך אין אַ אַנמערקונג, אַז די רוימער, די גריעכען און די העברעער האָבען אויך געגעסען, איך ציטיר די אַלע טייערע געקעכצען, וועלכע די קעכין פון לוקולוס האָט צובערייטעט — וועה איז מיר, וואָס איך בין געבאָרען געוואָרען מיט אַנדערטהאַלבען טויזענד יאָהר צו שפּעט! — און איך בעמערק אויך, אַז די געמיינשאַפטליכע מאָהלצייטען ביי די גריעכען האָבען געהייסען אַזוי און אַזוי, און אַז די שפּאַרטאַנער האָבען געגעסען שלעכטע שוואַרצע זופּען — עס איז דאָך פּשוט אַ גליק, וואָס איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געלעבט, איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלען קיין שרעקליכערע זאַך, ווי ווען איך אונגליקליכער מענש וואָלט געווען אַ שפּאַרטאַנער, זופּ איז מיין ליעבסטעס געקעכץ — מאַדאַם, איך רעכען אין גיכען צו פאַהרען קיין לאָנדאָן; נאָר אויב עס איז טאַקי אמת, אַז דאָרט

בעקומט מען נישט קיין זופ, אזוי וועט מיך די בענקשאפט באלד ווידער טרייבען צוריק נאך די זופען-פלייש-טעפ פון פאטערלאנד. וועגען דעם עסען פון די אלטע העברעער וואלט איך געקאנט ארומ-רעדען מיט פיעל אריכות, און איך וואלט אזוי געקאנט דערגעהן ביז צו דער יודישער קיך פון היינטיגער צייט — ביי דער דאזיגער געלעגענהייט ציטיר איך דעם גאנצען שטיינוועג — איך וואלט אויך געקאנט אנווייזען, ווי פיעל בערלינער געלעהרטע האבען זיך אויס-געדריקט הומאניש וועגען דאס עסען פון די יודען, און דאן וואלט איך ארויפגעקומען אויף די אנדערע מעלות און מדות טובות פון די יודען, אויף די ערפינדונגען, וועלכע מען האט זיי צו פערדאנקען, צום ביישפיעל די וועקסלען, דאס קריסטענטום — נאר שטעה! דאס לעצטע וועלען מיר זיי נישט אזוי הויך איינרעכענען, ווארום מיר האבען דאס נאך פארלויפיג גאנץ ווייניג אויסגעניצט — איך מיין, אז די יודען אליין האבען דערביי פיעל ווייניגער פערדיענט ווי ביי דער ערפינדונג פון די וועקסלען. און האלט איך שוין ביי יודען האב איך שוין אויך די געלעגענהייט צו ציטירען טאציטוס'ן — ער זאגט, אז די יודען האבען אין זייער בית המקדש פערגעטערט אייזלען — און האלט איך שוין ביי אייזלען, אזוי עפענט זיך מיר אויף א געלעגענהייט אזוי פיעל צו ציטירען! וויפיעל מערקווירדיגע זאכען קאן מען רעדען וועגען אנטיקע אייזלען, אלס היפוך פון די מאדערנע אייזלען. ווי קלוג זענען געוועזען די אמאליגע, און אח! ווי נאריש זענען די איצטיגע. ווי קלוג האט למשל גערעדט בלעם'ס אייזעל

זעה אין הומש, סדרה — — — —

מאדאם, איך האב גראדע נישט דעם חומש אונטער דער האנד, און איך וויל לאזען אפען די דאזיגע שטעלע אויף צו ערפילען דער-נאך. דערפאר וואס אנבעלאנגט צו דער געשמאקלאזיגקייט פון די נייערע אייזלען ציטיר איך,

זעה — — — —

— — — —

ניין, איך וועל אויך לאזען אפען די דאזיגע שטעלע, אז נישט וועט מען מיך אויך ציטירען. די נייערע אייזלען זענען גרויסע אייזלען. די אלטע אייזלען, וועלכע זענען געשטאנען אזוי הויך אין דער קולטור,

זעה געסנערי: דע אנטיקווא האנעסטאטע אסינארום.

(אין קאָממענט. געטטינג. ט. II. ז. 32)

זיי וואָלטען זיך אין קבר אומגעדרעהט, ווען זיי וואָלטען געהערט, ווי מען רעדט הענגען זייערע אור־אייניקלעך. אַמאָל איז „אייזעל" געווען אַ עהרען־נאָמען — האָט בעדייט אַזוי פיעל ווי איצט „הויף־ראַט", „באַראָן", „דאָקטאָר פילאָזאָפי"— יעקב אָבינו האָט דערמיט פערגלייכט זיין זוהן יששכר, האָמער האָט דערמיט פערגלייכט זיין העלד אַיאַקס, און איצט פערגלייכט מען דערמיט דעם הערר פאָן......! מאַדאַם, ביי דער געלעגענהייט פון אַזעלכע אייזלען וואָלט איך מיך געקאָנט טיעף אַריינלאָזען אין דער ליטעראַטור־געשיכטע, איך וואָלט געקאָנט ציטירען אַלע גרויסע לייט, וועלכע זענען געווען פערליעבט, צום ביישפיעל אַבעלאַרדוס, פיקוס מיראַנדולאַנוס, באָרבאָניוס, קורטעזיוס, אַנגעלוס, פאָליטיאַנוס, ניימונדוס לולוס און העגריקוס הייגעאוס. ביי דער געלעגענהייט פון דער ליעבע, וואָלט איך שוין ווידער געקאָנט ציטירען אַלע גרויסע לייט, וועלכע האָבען נישט געריכערט קיין טאַבאַק, צום ביישפיעל ציצעראָ, יוסטיניאַן, געטהע, הוגאָ, איך — צופעליג זענען מיר אַלע פינף צו ביסלעכווייז אויך יוריסטען. מאָבילאָן האָט אפילו נישט געקאָנט פערטראָגען דעם רויך פון אַ פרעמדער לולקע, אין זיינע „איניטערע גערמאַניקאָ" בעקלאָגט ער זיך אין דער היגזיכט אויף די דייטשע הייזער. דערפאַר אָבער איז בעוואוסט, אַז אַנדערע גרויסע לייט האָבען גראַדע ליעב געהאַט דעם טאַבאַק. ראַפאַעל טהאָרוס האָט געמאַכט אַ הימן אויפ'ן טאַבאַק— מאַדאַם, איהר ווייסט אפשר נישט, אַז איזאַק עלזעוויריוס האָט איהם אין יאָהר 1628 אַרויסגעגעבען אין ליידען אין גרויסען פאָרמאַט— און לודאָוויקוס קינשאָט האָט געשריבען דערצו אַ פאָררעדע אין פערזען. גראַעוויוס האָט זאָגאַר געמאַכט אַ סאָנעט אויפ'ן טאַבאַק. אויך דער גרויסער באָקסהאָרניוס האָט געליעבט דעם טאַבאַק. בייל דערצעהלט פון איהם אין זיינע „דיקט. היסט. ע קריטיק"., אַז מען האָט איהם געזאָגט, דאָס דער גרויסער באָקסהאָרניוס האָט ביי'ם רויכערן געטראָגען אַ גרויסען הוט מיט אַ לאָך אין פאָדערשטען ראַנד, און אין דער דאָזיגער לאָך האָט ער אָפט אַריינגעשטעקט די לולקע, כדי זי זאָל איהם נישט שטערען ביי'ם שטודירען — אַגב, דערמאָהנענדיג דעם גרויסען באָקסהאָרניוס וואָלט איך געקאָנט ציטירען אויך די אַלע גרויסע געלעהרטע, וועלכע האָבען זיך געלאָזט יאָגען אין באָקסהאָרן*)

---

*) ד. ה. עמיצען איבערגעשראָקען (אַ דייטשער ווערטער־שפיעל).

און זענען אַנטלאָפֿן געוואָרן. איך וואָלט אָבער נאָר אָנגעוויזן אויף יאָה. געאָרג מאַרטיוס: דע פֿוגאַ ליטעראַטאָרום א. א. ה. א. א. וו. א. א. ח. וועט מיר בלעטערן דורך די געשיכטע, אַזוי וועט מיר, אַז אַלע גרויסע לײַט האָבן איין מאָל אין זייער לעבן געמוזט אַנטלויפֿן:— לוט, טאַרקוויניוס, משה, יופּיטער, פּרוי פֿאָן שטאַעל, נבוכדנצר, בעניאָווסקי, מוהמד, די גאַנצע פּרײַסישע אַרמעע, גראַף דער זווי, רבי יצחק אַבאַרבאַנעל, רוסאָ— איך וואָלט געקאָנט אויסרעכענען נאָך זעהר פֿיעל נעמען, צ. ב. די, וועלכע זענען אין דער בערזע פֿאַרצייכענט אויף דער שוואַרצער ברעט.

זעהט איהר, מאַדאַם, עס פֿעהלט מיר נישט קיין גרינדליכקײַט און טיעפֿקײַט. נאָר מיט דער סיסטעמאַטיק געהט עס מיר נאָך אַביסעל שווער צו. אַלס אַ אמת׳ער דײַטשער וואָלט איך דאָס דאָזיגע בוך געדאַרפֿט אָנהויבען מיט אַ ערקלערונג, פֿאַרוואָס עס הייסט אַזוי, אַזוי ווי עס איז געווען דער מנהג אין היילינגען רוימישען רײַך. פֿהידיאַס האָט אפילו צו זיין יופּיטער נישט געמאַכט קיין פֿאָררעדע, ווי אויך נישט צו דער מעדיצעאישער וועָנוס— איך האָב זי בעטראַכט פֿון אַלע זײַטען — און איך האָב אין ערגעץ נישט געפֿונען קיין ציטאַט;— נאָר די אַלטע גריעכען זענען געווען גריעכען, אונזער ברודער איז אָבער אַ עהרליכער דײַטש, קאָן נישט אָבלייקענען אינגאַנצען די דײַטשע נאַטור, און דעריבער מוז איך איצט געבען אַ ערקלערונג, פֿאַרוואָס דאָס דאָזיגע בוך טראָגט אַזאַ טיטול.

מאַדאַם, איך רעד אין דעם דאָזיגען בוך:

I וועגען די אידעען.

1. וועגען די אידעען בכלל.

א. וועגען די קלוגע אידעען.

ב. וועגען די נישט קלוגע אידעען.

a. וועגען די געוועהנליכע אידעען.

b. וועגען די אידעען, וועלכע זענען איבערגעצויגען מיט גרינעם לעדער.

די דאָזיגע ווערען ווײַטער איינגעטהיילט אין— נאָר דאָס אַלעס וועט זיך שוין אַליין אַרויסווײַזען.

## קאַפּיטעל XIV

מאַדאַם, האָט איהר בכלל אַ אידעע װעגען אַ אידעע? װאָס איז אַ אידעע? „עס ליעגען עטליכע גוטע אידעען אין דעם דאָזיגען ראָק", האָט מיין שניידער געזאָגט, װען ער האָט מיט ערנסטער אַנערקענונג בעטראַכט דעם אויבער־ראָק, װעלכער איז מיר נאָך איבערגעבליבען פון מיינע בערלינער־עלעגאַנטע טעג, און פון װעלכען עס האָט איצט געזאָלט געמאַכט װערען אַ בכבודיגער שלאָפראָק. מיין װעשערין קלאָגט זיך, „דער פּאַסטאָר ס. האָט איהר טאָכטער אַריינ־געזעצט אין קאָפּ איינינגע אידעען, און זי איז דאַדורך געװאָרען נאַריש און װיל נישט אָננעהמען קיין פערשטאַנד". דער קוטשער פּאַטעגנזען ברומט ביי יעדער געלעגענהייט: „דאָס איז אַ אידעע! דאָס איז אַ אידעע!" געכטען אָבער איז ער געװאָרען שטאַרק אין כעס, װען איך האָב איהם געפרעגט, װאָס ער שטעלט זיך פאָר אונטער אַ אידעע. און מיט כעס האָט ער געברומט: „נו, נו, אַ אידעע איז אַ אידעע! אַ אידעע איז אַלערליי נאַרישקייט, װאָס מען רעדט זיך איין". אין דער זעלבער בעדייטונג װערט דאָס דאָזיגע װאָרט בענוצט אַלס טיטעל פון בוך פון דעם הױפראַט העערען אין געטינגען.

דער קוטשער פּאַטעגנזען איז אַ מענש, װעלכער װייס װי צו גע־פינען דעם װעג אין לינעבורגער װאַלד אפילו ביינאַכט און אין אַ נע־בעל; דער הױפראַט העערען איז אַ מענש, װעלכער קאָן אויך מיט אַ קלוגען אינסטינקט געפינען די אַלטע קאַראַװאַנען־װעגען פון מאָר־גענ־לאַנד, און דאָרט װאַנדערט ער אַרום שוין זייט יאָהרען און טעג אַזוי זיכער, װי אַמאָל אַ קעמעל פון אַלטערטום; אויף אַזעלכע מענשען קאָן מען זיך פערלאָזען! אַזעלכע מענשען דאַרף מען געטריישט נאָכטהון, און דעריבער האָב איך דאָס דאָזיגע בוך אַ נאָמען געגעבען „אידעען".

דער טיטעל פון בוך בעדייט דעריבער אויך אַזוי װעניג װי דער טיטעל פון פערפאַסער, דער פערפאַסער האָט דעם טיטול אויסגע־װעהלט נישט אויס געלעהרטען שטאָלץ, און ער דאַרף איהם בשום אופן נישט אויסגעטייטשט װערען אַלס פּוסטער שטאָלץ. געדענקט אָן, מאַדאַם, די אונטערטעניגסטע פערזיכערונג: איך בין נישט קיין פּוסטער בעל גאוה. די דאָזיגע בעמערקונג איז נויטיג, װי איהר װעט שפּעטער איינזעהן. איך בין נישט קיין פּוסטער בעל גאוה —

און אפילו ווען א וואלד פון לארבעערען וואלט געוואקסען אויף מיין קאפ, און א ים פון ווייהראך וואלט פערגאסען מיין יונג הארץ— וואלט איך דאך נישט געווארען קיין פוסטער בעל גאוה. מיינע גוטע פריינד און די איבעריגע חברים אין ארט און צייט האבען שוין דערפאר געטריי געזארגט— איהר ווייסט, מאדאם, אז אלטע ווייבער שפייען אביסעל אן אויף די קינדער, וואס זיי גיאנטשען, בשעת מען לויבט די שענהייט פון די דאזיגע קינדער, כדי עס זאל זיי הלילה קיין עין הרע נישט שאדען — איהר ווייסט, מאדאם, אז בשעת אין רוים איז דער טריאומפאטאר, בעקרענצט מיט רוהם און פערפוצט אין פורפור, אריינגעפאהרען אויף זיין גאלדענעם וואגען מיט ווייסע פערד פון קאמפא מארטיי, אזוי ווי א גאט ארויסקוקענדיג פון דעם פייערליכען צוג פון לעקטארען, מוזיקאנטען, טענצער, פריסטער, שקלאווען, עלפאנטען, טראפעען-טרעגער, קאנסולען, סענאטארען, סאלדאטען: דאן האט די מאסע הינטער דעם אלעם געזונגען שפאט-ליעדער— און איהר ווייסט, מאדאם, אז אין ליעבען דייטשלאנד איז דא זעהר פיעל אלטע ווייבער און מאסע.

ווי איך האב שוין געזאגט, מאדאם, זענען די אידעען, וועגען וועלכע עס רעדט זיך דא, פון די פלאטאנישע אידעען אויך אזוי ווייט ווי אטהען פון געטינגען, און פון דעם בוך אליין דארפט איהר אויך אזוי וועניג ערווארטען, ווי פון דעם מחבר אליין. ווירקליך, ווי מען קאן פון דעם דאזיגען מחבר בכלל עפעס ערווארטען, דאס פערשטעה איך אויך נישט, אזוי ווי מיינע גוטע פריינד. די גרעפין יוליע וויל די זאך ערקלערען, און זי פערזיכערט, אז ווען דער דאזיגער מחבר זאגט שוין ווירקליך עפעס ארויס א זאך, וואס איז גייסטרייך און ניי, איז דאס נאר א פערשטעלונג פון איהם, און אין אמת'ען איז ער אויך אזוי נאריש ווי די איבעריגע. דאס איז נישט ריכטיג, איך פערשטעל זיך גאר נישט, איך רעד ווי דאס מויל איז מיר געוואקסען, איך שרייב גאר אונשולדיג און פשוט, וואס עס קומט מיר אין זינען אריין, און איך בין נישט שולדיג, אויב עס קומט דערפון ארויס עפעס רעכטס. נאר ווי עס ווייזט אויס האב איך אין שרייבען מעהר גליק, ווי אין דער אלטאנאער לאטעריע— איך וואלט אודאי וועלען, עס זאל זיין פערקעהרט — און אזוי קומען פון מיין פעדער ארויס טייל זאכען, וואס טרעפען אין הארץ, טייל געדאנקען-קוואטערנען, און דאס טהוט גאט; — ווארום ער, וועלכער

האָט די פרומסטע עלאָהאַ-זינגער און שעפּפונגס-פּאָעטען, ענטזאַגט צו געבען זיי אַלע שענע געדאַנקען און יערען רוהם אין דער ליטע-ראַטור, כדי די ערדישע בעשעפּענישען זאָלען זיי נישט צופיעל לויבען און דאַדורך זאָלען זיי נישט פערגעסען דעם הימעל, וואו די מלאָכים גרייטען שוין אָן פאַר זיי אַ דירה: — ער פלעגט אונז אי-בעריגע, די פשוטע, זינדיגע, געצענדיענענדע שריפטשטעלער, פאַר וועלכע דער הימעל איז כמעט אַזוי ווי פערריגעלט, נאָך מעהר בע-שענקען מיט אויסגעצייכענטע געדאַנקען און מענשענ-רוהם, און דאָס האָט ער געטהון אויס געטליכער גנאָד און באַרמהערציגקייט, כדי די אָרעמע זעעלע, וועלכע איז דאָך שוין איין מאָל בעשאַפען געוואָרען, זאָל נישט אינגאַנצען לעדיג אויסגעהן און זאָל דאָ אויף דער ערד פיהלען ווענינגסטענס אַ טייל פון יענעם גליק, וועלכעס מען ענטזאַגט איהר דאָרט אין דער הויך.

זעה אַיין ביי געטהע און ביי די מחברים פון די טראַקטאַ-טעלעך.

זעהט איהר שוין איצט, מאַדאַם, אַז איהר דאַרפט מיינע שריפטען לעזען, ווייל זיי בעווייזען גאָט'ס גנאָד און באַרמהערציגקייט, איך שרייב מיט בלינדען צוטרויען אויף זיין גרויסער קראַפט, אין דער הינזיכט בין איך אַ עכט קריסטליכער שריפטשטעלער, און אין אמת'ען גערעדט, וועהרענד איך הויב אָן איצט צו שרייבען די דאָ-זיגע געגענוועהרטיגע פראַזע, ווייס איך נאָך נישט, ווי איך וועל זי ענדיגען און וואָס איך דאַרף אייגענטליך זאָגען, און איך פער-לאָז מיך דערין אויפ'ן ליעבען גאָט. און ווי וואָלט איך דען געקאָנט שרייבען אָהן אַזאַ פרומען בטחון: אין מיין צימער שטעהט איצט דאָס יונגעל פון לאַנגהאָפּ'ס דרוקעריי און וואַרט אויף מאַנוסקריפּט, דאָס וואָרט, קוים ווי עס ווערט געבאָרען, וואַנדערט וואַרעם און נאַס אין דער פרעסע אַריין, און דאָס, וואָס איך טראַכט און פיהל אין דעם דאָזיגען אויגענבליק, קאָן שוין מאָרגען צו מיטאָג זיין מאַקולאַטור.

עס רעדט זיך אַייך, מאַדאַם, גאַנץ לייכט, ווען איהר דערמאָהנט מיך אָן האָראַץ'ס כלל „נאָנום פרעמאַטור אין אַננום". דער דאָזיגער כלל, אַזוי ווי פיעל אַנדערע פון דעם סאָרט, קאָן זעהר גוט זיין אין דער טעאָריע, נאָר אין דער פראַקטיק טויג ער נישט. ווען האָראַץ האָט דעם מחבר געגעבען דעם דאָזיגען בעריהמטען כלל, צו לאָזען

ליעגען זיין ווערק ניין יאָהר אין פּולט, האָט ער איהם אין דער זעלבער צייט געדאַרפט געבען אויך אַ רעצעפּט, ווי אַזוי מען קאָן אָבלעבען ניין יאָהר אָהן עסען. ווען האָראַץ האָט אויסגעטראַכט דעם דאָזיגען כלל, איז ער אַוודאי געזעסען ביי'ם טיש פון אַ מעצענאַס און האָט געגעסען טרוט-העָנער מיט לאָקשען, פאַזאַנענפּודינג אויף אַ גוטער זופּ, לערכענ-פּולקעלעך מיט טעלטאָווער ריבעלעך, צונגען פון פּאַוועס, אינדיישע פויגעל-נעסטער און גאָט ווייס וואָס נאָך הערצו, און אַלין אומזיסט. נאָר מיר, מיר אונגליקליכע, וועלכע זענען שפּעט געבאָרען געוואָרען, מיר לעבען אין אַנ'אַנדער צייט, אונזערע מעצענאַטען האָבען גאַנץ אַנדערע פּרינציפּען, זיי מיינען, אַז מחברים און מיספּעלען געראָטען צום בעסטען, ווען זיי ליגען אַ געוויסע צייט אויפ'ן שטרוי, זיי מיינען, אַז די דאָזיגע הינד טויגען נישט אויף דער יאַגד פון געדאַנקען און בילדער, אויב זיי ווערען צו דיק געפּאַשעט, אַה! און פּאַשען זיי שוין יאָ אַמאָל אַ אָרעמען הונד, אַזוי איז עס דער נישט-ריכטיגער, וועלכער פערדיענט אַמווענינסטענס די ברעקלעך, צום ביישפּיעל דער דאַכס, וועלכער לעקט די האַנד, אָדער דער קליינינקער באָלאָניעזער, וועלכער ווייס ווי זיך צו בעַהאַלטען אין דעם שמעקעדיגען שויס פון דער הויז-דאַמע, אָדער דער געדולדיגער פּודעל, וועלכער האָט געלערנט אַ ברויט-וויסענשאַפט און קאָן עפּעס ברענגען צו טראָגען און אויך טאַנצען און פּויקען.— וועהרענד איך שרייב דאָס דאָזיגע, שטעהט הינטער מיר מיין קליינער מאָפּס און בילט— שווייג נאָר, פריינד, דיך האָב איך נישט געמיינט, וואָרום דו ליעבסט מיך און בעגלייטעסט דיין העררי'ן אין נויט און געַפאַהר און דו וועסט שטאַרבען אויף זיין קבר, אויך אַזוי טריי ווי טייל אַנדערע דייטשע הינד, וועלכע, וויַענדיג פערשטויסען אין דער פרעמדס, ליעגען זיי פאַר דייטשלאַנדס טויערן און הונגערן און וואָיען— ענטשולדיגט מיר, מאַדאַם, וואָס איך בין אַביסעל אַראָב אין אַ זייט, כדי מיין אָרעמען הונד צו געבען אַ עהרענ-ערקלערונג, איצט קעהר איך צוריק צו האָראַץ'ס כלל און צו דעם, ווי מען קאָן איהם נישט אויסניצען אין נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט, ווען די פּאָעַטען קאָנען זיך נישט בעגעהן אָהן דער פּאַרטוך-סטיפּענדיע פון דער מוזע — בנאמנות, מאַדאַם, זיי קאָנען נישט אויסהאַלטען אַפילו קיין 24 שעה און בפרט נאָך ניין יאָהר, מיין מאָגען האַלט וועניג וואָס פון אונשטערבליכקייט, איך האָב עס מיר שוין איבערלעגט,

איך וויל נאָר ווערען האַלב אונשטערבליך נאָר גאַנץ זאַט, און אויב וואַלטער וואָלט וועלען אַוועקגעבען דרייהונדערט יאָהר פון זיין עבּיגען רוהם פאַר איין גוטע פּערדויאונג פון עסען, אַזוי בּין איך בּערייט אָהן-קצוגעבען נאָך אַמאָל אַזוי פיעל פאַר'ן עסען גופא. אַה! און וואָס פאַר אַ שענע, בּליהענדע עסענוואַרג עס געפינט זיך אויף דער וועלט! דער פילאָזאָף פּאַנגלאָז האָט רעכט: עס איז די בּעסטע וועלט! נאָר אין דער דאָזיגער בּעסטער וועלט, מוז מען האָבּען געלד. געלד אין קעשענע און נישט מאַנוסקריפּטען אין פּולט. דער ווירט פון „קעניג פון ענגלאַנד“, דער העדר מאַרר, איז אַליין אַ שריפט-שטעלער און ווייס אויך האָראַץ'ן כלל, נאָך איך רעכען נישט, אַז אויב איך וואָלט וועלען אויספיהרען דעם דאָזיגען כלל, זאָל ער מיר געבען ניין יאָהר צו'ם עסען.

אין אמת'ען גערעדט, פאַרוואָס טאַקי זאָל איך איהם אויספיהרען? איך האָב אַזוי פיעל גוטע זאַכען צו שרייבּען, אַז איך דאַרף נישט אַזוי לאַנג וואַרטען. כל זמן מיין האַרץ איז פול מיט ליעבּע און דער קאָפּ פון מיינע אַרומיגע מענשען איז פול מיט נאַרישקייט, וועט מיר נישט אויספעהלען קיין שטאָף צו שרייבּען. און מיין האַרץ וועט שטענדיג ליעבּען, כל זמן עס וועלען זיין פרויען; ווערט עס קאַלט פאַר איינער, אַזוי וועט עס גלייך אויפגליהען פאַר אַ צווייטער; אַזוי ווי אין פראַנקרייך שטאַרבּט קיינמאָל נישט דער קעניג, אַזוי שטאַרבּט אויך קיינמאָל נישט די קעניגין אין מיין האַרצען, און אַזוי הייסט עס: די קעניגין איז טויט, עס לעבּע די קעניגין! אויף דעם זעלבּען אופן וועט אויך די נאַרישקייט פון די אַרומיגע מענשען קיינמאָל נישט אויסשטאַרבּען. וואָרום עס איז דאָ נאָר איין און איינציגע קלוגשאַפט, און די דאָזיגע קלוגשאַפט האָט איהרע בּעשטימטע גרענעצען; נאָר עס זענען דאָ טויזענדער נאַרישקייטען, וועלכע מען קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלען. דער געלעהרטער קאַזואיסט און זעעל-זאָרגער שופּ זאָגט זאָגאַר: „אין דער וועלט זענען פערהאַן מעהר נאַראָנים ווי מענשען—“

זעה איין אין שופּ'ס לעהר-רייכע שריפטען, ז. 1121.

בּעקלערט מען זיך, אַז דער גרויסער שופּיוס האָט געוואָהנט אין האַמבּורג, אַזוי זעהט מען איין, אַז די דאָזיגע סטאַטיסטישע מיטטיילונג איז נישט קיין גוזמא. איך געפין מיך אין דעם זעלבּען אָרט, און איך קאָן זאָגען, אַז איך פיהל מיך אויסגעצייכענט,

ווען איך בעקלער זיך, אַז די דאָזיגע אַלע נאַראָנים, וועלכע איך זעה
דאָ, קאָן איך אויסניצען אין מיינע שריפטען, זיי זענען באַרער
האָנאָראַר, באַרעס געלד. איך געפין מיך איצט פשוט אין אַ שמאַליץ-
גרוב. גאָט האָט מיך געבענשט, די נאַראָנים זענען היינטיגס יאָהר גאַנץ
בעזונדערס געראָטען, און אַזוי ווי אַ גוטער ווירט בענוץ איך נאָר
גאַנץ ווענינ פון זיי, קלייב מיר אויס פון זיי די פעטסטע און לאָז
זיי אויף שפּעטער. מען זעהט מיך אָפט אויפ'ן שפּאַציר און מען
זעהט מיך אַ לוסטיגען, אַ פרעהליכען. אַזוי ווי אַ רייכער סוחר,
וועלכער דרעהט זיך אַרום צווישען די קאַסטענס, פעסער און פעקלעך
פון זיין סחורה-לאַגער, רייבענדיג די הענד מיט פערגעניגען, אַזוי דרעה
איך מיך אַרום צווישען מיינע מענשען. איהר זענט אַלע מיינע! איהר
זענט מיר אַלע גלייך טייער, און איך ליעב אייך ווי איהר אַליין
ליעבט אייער געלד, און דאָס איז אַ גרויסע זאַך. איך האָב געמוזט
הערצליך לאַכען, ווען איך האָב נישט לאַנג געהערט, ווי איינער
פון מיינע מענשען האָט זיך אויסגעדריקט מיט זאָרג, אַז ער ווייס
נישט, פון וואָס איך וועל אַמאָל לעבען — און דאָך איז ער
אַליין אַזאַ גרויסער נאַר, אַז פון איהם אַליין וואָלט איך שוין געקאָנט
לעבען, אַזוי ווי פון אַ גרויסען קאַפּיטאַל. נאָר עס גיעבט אויך
אַ נאַר, וועלכער איז פאַר מיר נישט נאָר באַרעס געלד, נאָר דאָס
באַרע געלד, וואָס איך קאָן פון איהם אַרויסשרייבען, האָב איך שוין
לאַנג בעשטימט צו עפּעס אַ צוועק. אַזוי צום ביישפּיעל, פאַר אַ גע-
היסען, גוט-אויסגעבעטענעם דיקען מיליאָנ-נאַר וועל איך מיר קויפען
אַ געוויסען, גוט-אויסגעבעטענעם שטוהל, וועלכען די פראַנצויזינס
רופען אָן „שעז פערסע". פאַר זיין דיקע מיליאָנ-נאַרין קויף איך
מיר אַ פערד. ווען איך זעה דעם דיקען — אַ קעמעל קאָן גיכער אָנ-
קומען אין גן-עדן, איידער דער דאָזיגער מענש וועט אַדורכגעהן
דורך אַ לאָך פון אַ נאָדעל — ווען איך זעה דעם דאָזיגען דיקען,
ווי ער וואַקעלט זיך אויפ'ן שפּאַציער, אַזוי ווערט מיר אונגעהויער
גוט אויפ'ן האַרצען; האָטש איך בין איהם גאָר אונבעקאַנט, דאָך
גריס איך איהם נישט ווילענדיג און ער גריסט מיך צוריק אַזוי
הערצליך, אַזוי איינלאַדענד, אַז איך וואָלט אויפ'ן זעלבען אָרט
שוין געקאָנט אויסניצען זיין גוטסקייט, און דאָך פאַל איך אַריין
אין פערלעגענהייט צוליעב די פיעל געפוצטע מענשען, וועלכע געהען
גראַדע פערביי. זיין פרוי איז גאָר נישט קיין שלעכטע פרוי — זי

האָט אפילו נאָר איין און איינציג אויג, נאָר דערפאַר איז דאָס דאָזיגע אויג נאָך גרינגער, איהר נאָז איז אַזוי ווי דער טורעם, וואָס קוקט אַרויס אויף דמשק, איהר בוזעם איז גרויס ווי דער ים, און עס פלאַטערען דערויף אַלערליי בענדער, אַזוי ווי פלאַגען פון שיפען, וועלכע זענען אין דעם דאָזיגען ים־בוזעם אָנגעלאָפען — מען בעקומט די ים־קראַנקהייט שוין ווי מען קוקט זיך נאָר צו דערצו — איהר נאַקען איז גאָר שען און פעט־געהעלבט ווי אַ — דאָס פערגלייכענדע בילד געפינט זיך עטוואָס טיפער אונטען — און ביי דער פיילכען־בלויער גאַרדינע, וועלכע בעדעקט דאָס דאָזיגע פערגלייכענדע בילד, האָבען אוודאי טויזענד און ווידער אַמאָל טויזענד זיהענ־צערעמלעך זייער גאַנץ לעבען אַיינגעשפאָנען. זעהט איהר שוין, מאַדאַם, וואָס פאַר אַ פערד איך וועל מיר אַיינקויפען! בעגעגענט מיך די פרוי אויפ'ן שפאַציר, אַזוי פרעהט מיך פשוט דאָס האַרץ, מיר דוכט, אַזוי ווי איך וואָלט זיך שוין געקאָנט אויפזעצען, איך קנאַק מיט דער ביטש, איך שנעל מיט די פינגער, איך שנאָלץ מיט דער צונג, איך מאַך מיט די פיס אַלערליי רייטער־בעוועגונגען — האָפּ! האָפּ! — בור! בור! — און די ליבע פרוי קוקט מיך אָן מיט אַזוי פיעל גייסט, מיט אַזוי פיעל פערשטאַנד, וואָס איך מיין, די הירזשעט מיט'ן אויג, זי שפרייט פאַנאַנדער די נאָז־לעכער, זי קאָקעטירט מיט דער גרושיזע, זי גאַלאָפירט, הויבט אָן פלוצלונג צו געהן פאַמעלעך — און איך שטעה דאַן מיט צונויפגעלעגטע אָרעמס, און קוק זיך צו צו איהר מיט פערגעניגען, און איך בין זיך מישב, ווי עס וועט בעסער זיין אויף איהר צו רייטען, צי זאָל איך איהר געבען אַ ענגלישען אָדער אַ פוילישען זאָטעל — א. א. וו. — מענשען, וועלכע זעהען מיך דעמאָלט שטעהענדיג, בעגרייפען גאָרנישט, וואָס עס געפעלט מיר אַזוי ביי דער דאָזיגער פרוי. לאַנגע צינגער האָבען שוין איהר מאַן געוואָלט בעאונרוהיגען און האָבען איהם געגעבען וואונקען, אַז איך בעטראַכט זיין צווייטע העלפט מיט די אויגען פון אַ ממזר. גאָר מיין ערהרליכע, ווייך־לעדערנע „שעז פערסע” זאָל האָבען געענטפערט, אַז ער האַלט מיך פאַר אַ אונשולדיגען, זאָגאַר אַביסעל שעמעוודיגען יונגען מאַן, וועלכער קוקט זיך צו איהם צו מיט אַ געוויסען אינטערעס, ווי אַ מענש, וואָס פיהלט די בעדערפניש, זיך מיט איהם נעהנטער צו פערבינדען, און דאָך האַלט ער זיך אָב צוריק מיט אַ רויט־ווערענדע שעמעוודיגקייט. מיין

אידעלעך פֿערד מיינט פֿערקעהרט, אַז איך האָב אַ פּריזן, ניש געצוואונגענעם געמיט פֿון אַ ריטער, און מיין בעגריפֿונג און מיין העפֿליכקייט בעווייזען נאָר, אַז איך וואָלט וועלען אַמאָל איינגעלאַדען ווערען צו זיי אויף אַ מיטאָג—

זעהט איהר שוין, מאַדאַם, איך קאָן אַלע מענשען אויסניצען, און דער אַדרעס־קאַלענדאַר איז אייגענטליך מיין הויז־פֿערמעגען. איך קאָן דעריבער אויך קיינמאָל נישט ווערען באַנקראָט, וואָרום מיינע בעלי־חובות אַליין וואָלט איך געקאָנט פֿערוואַנדלען אין אַ קוואַל פֿון פֿערדיענסט. אויסערדעם, ווי איך האָב געזאָגט, לעב איך זעהר עקאָ־נאָמיש, אונגעהויער עקאָנאָמיש, צום ביישפּיעל, וועהרענד איך שרייב דאָס דאָזיגע, זיץ איך אין אַ דונקעלער, בעטריבטער שטוב אויף דער אומעט־שטראַסע — נאָר איך פֿערטראָג דאָס גערן, ווען איך וואָלט נאָר וועלען, וואָלט איך דאָך געקאָנט זיצען אין שענסטען גאָרטען, אויך אַזוי גוט ווי מיינע פֿריינד און געליעבטע; איך וואָלט נאָר גע־דאַרפֿט רעאַליזירען מיינע שנאַפּס־קליענטען. די דאָזיגע לעצטע, מאַ־דאָם, בעשטעהען פֿון פֿערדאָרבענע פֿריזערען, אַראָבגעקומענע שדכנים רעסטאָראַטאָרען, וועלכע האָבען שוין נישט אַליין וואָס צו עסען, זיי אַלע זענען קבצנים, וועלכע ווייסען ווי צו טרעפֿען אין מיין וואָהנונג, און פֿאַר אַ גוט טרינק־געלד קאָנען זיי מיר דערציעהלען די סקאַנדאַ־לעזע חראָניק פֿון זייער שטאָדט־פֿיערטעל — מאַדאַם, איהר וואונדערט זיך, פֿאַר וואָס איך וואַרף נישט אַרויס אַזעלכע לייט איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל הינטער דער טהיר? — וואָס רעדט איהר, מאַדאַם! די דאָזיגע מענשען זענען מיינע בלומען. איך וועל זיי אַמאָל בעשרייבען אין אַ שענעם בוך, וואָס פֿאַר זיין האָנאָראַר וועל איך מיר קויפֿען אַ גאָר־טען, און מיט זייערע רויטע, געלע, בלויע און פֿערשידענפֿאַרביג געשפּרענקעלטע געשיכטעס ערשיינען זיי מיר שוין איצט אַזוי ווי בלומען פֿון דעם דאָזיגען גאָרטען. וואָס געהט עס מיך אָן, וואָס פֿרעמדע געזער בעהויפּטען, אַז די דאָזיגע בלומען שמעקען נאָר אַזוי ווי קימעל, טאַבאַק, קעז און פֿערדאָרבענהייט! מיין אייגענע נאָז, דער קוימען פֿון מיין קאָפּ, אין וועלכען די פֿאַנטאַזיע שטייגט אַרויף און אַראָב אַלס קוימענקעהרער, פֿערזיכערט פֿערקעהרט, אַז זי שמעקט פֿון יענע מענשען נאָר דעם דיה פֿון ראָזען, זשאַסמינען, פֿיילכען, נעלקען, פֿיאָלען — אָ, ווי בעקוועם וועל איך מיר אַמאָל אין אַ שענעם פֿריהמאָרגען זיצען אין מיין גאָרטען, און זיך צו העהרען

צו׳ם געזאַנג פון די פויגעל, און וואַרעמען די גלידער אָן דער ליעבער זון, און אײַנאַטמען דעם פרישען אָטעם פונ׳ם גרינס, און קוקענדיג אויף די בלומען וועל איך מיך דערמאָהנען אָן די אַלטע קבצנים!

דערווײַל אָבער זיץ איך נאָך אויף דער דונקעלער אומעט־שטראַסע אין מײַן דונקעלען צימער און בענוגען מיך אויפצוהענגען אין מיטען פון דעם זעלבען צימער דעם גרעסטען אַבסקוראַנט*) פון לאַנד — „נאָר צו דען וועט אײַך דערפון ליכטיגער ווערען?" — אַזוי ווײַזט עס אויס, מאַדאַם, — דאָך פערשטעהט מיך נישט פאַלש, איך הענג נישט אויף דעם מענשען אַליין, נאָר די קריסטאַלענע לאָמפּ, וואָס איך וועל קויפען פאַר׳ן האָנאָראַר, וואָס איך וועל בעקומען פאַר דער בעשרײַבונג וועגען איהם. דערווײַל אָבער רעכען איך, אַז עס וואָלט געווען נאָך בעסער, און עס וואָלט אין גאַנצען לאַנד פלוצלונג העל געוואָרען, ווען מען זאָל די אָבסקוראַנטען טאַקי אין אמת׳ן אויפהענגען. נאָר קאָן מען די דאָזיגע מענשען נישט הענגען, אַזוי מוז מען זיי בראַנדמאַרקען**). איך רעד דאָס ווידער מיט מליצה, איך בראַנדמאַרק אין דער פאָרשטעלונג. נאַטירליך, הערר פאָן וויַס — ער איז ווײַס און אונבעפלעקט ווי אַ ליליע — האָט זיך געלאָזט ווײַס מאַכען, ווען איך וואָלט אין בערלין דערצעהלט, אַז ער איזווירקליך געבראַנדמאַרקט; דער נאַר האָט זיך דעריבער געלאָזט בעקוקען פון דער נאַטשאַלסטווא און בעקומען אַ שריפט, אַז אויף זײַן רוקען איז נישט אַרויפגעדריקט קיין שטעמפעל, און דעם דאָזיגען שײַן בעטראַכט ער ווי אַ דיפּלאָם, וועלכער מוז איהם געבען אײַנטריט אין די בעסטע געזעלשאַפט, און ער וואונדערט זיך, ווען מען וואַרפט איהם דאָך אַרויס, און איצט בײַזערט ער זיך און שילט מיך אָרעמען מענשען, און וויל מיך דערשיעסען צו׳ם טויט מיט אַ אָנגעלאָדענעם פיסטאָלעט, וואו ער וועט מיך נאָר טרעפען -- און וואָס רעכענט איהר, מאַדאַם, וועל איך טהון דאַגעגען? מאַדאַם, פאַר דעם דאָזיגען נאַר, ד. ה. פאַר דעם האָנאָראַר, וואָס איך וועל פון איהם אַרויסשרײַבען, קויף איך מיר אַ גוטע פאַס רידעסהײַמער רהיינווײַן. איך דערמאָהן דאָס אײַך, כדי איהר זאָלט נישט מיינען, אַז ווײַל איך פרעה מיך מיט זײַן אונגליק זעה איך אַזוי לוסטיג אויס, ווען איך

*) אָבסקוראַנט — נעננער פון בילדונג, אַנהעננער פון פינסטערניש.

**) בעצייכנען מיט אַ פייערדיגען סימן, ווי מען טהוט ביי פערברעכער.

בעגעגען דעם הערר פאן וויס אויף דער גאס. ווירקליך, מאדאם, איך זעה אין איהם נאר מיין ליעבען רידעסהיימער; ווי איך דער־זעה איהם נאר, אזוי הערט מיר שמעקעדיג און אנגענעהם אויפן הארצען, און נישט ווילענדיג הויב איך אן צו טרילערן: „צו'ם רהיין, צו'ם רהיין, דארט וואקסען אונזערע וויינטרויבען —“ „דאס דאזיגע בילד איז בעצויבערנד שען —“ „א ווייסע דאמע — —“ מיין רידעסהיימער קוקט דעמאלט אויס זעהר זויער, און מען קאן מיינען, אז ער בעשטעהט נאר פון גיפט און גאל — נאר איך פערזיכער אייך, מאדאם, דאס איז וואוילער וויין; און געפינט זיך אפילו אויף איהם נישט דער בעשטעטיגונגס־צייכען, דאך ווייס דער קענער ווי דאס צו שעצען, איך וועל דאס דאזיגע פעסעל צאפען מיט גרויס שמחה, און אויב עס וועט געאירען צו שטארק און עס וועט אויף א געפעהרליכען אופן וועלען צעשפרינגען, אזוי וועט עס בעפעסטיגט ווערען מיט אייניגע אייזערנע רייפען.

זעהט איהר שוין, מאדאם, פאר מיר דארפט איהר גאר נישט זארגען. איך קאן זיך צו אליץ צוקוקען רוהיג אויף דער וועלט. גאט האט מיך געבענשט מיט ערדישע גיטער, און האט ער מיר דעם וויין אין קעלער נישט גאנץ בעקוועם צוגעשטעלט, האט ער מיר דאך ערלויבט צו ארבייטען אין זיין וויינגארטען, איך דארף נאר די וויינטרויבען לעזען, קעלטערן, פרעסען, און איך האב דאן די קלארע גאטעס מתנה; און פליהען מיר נישט די נאראנים געבראטענערהייד גלייך אין מויל אריין, נאר זיי לויפען מיר געוועהנליך אקעגען רויה און אבגעשמאקט, אזוי ווייס איך דאך ווי זיי ארומצודרעהען אויפ'ן שפיז, ווי זיי צו שמארען און פעפערען אזוי לאנג, ביז זיי ווערען צייטיג און מען קאן זיי געניסען. איהר זאלט זעהן, מאדאם, ווי איהר וועט זיין צופריעדען, ווען איך וועל אמאל מאכען א גרויסען מאהלצייט. מאדאם, איהר מוזט מיין קיך לויבען. איהר וועט מוזען מודה זיין, אז איך קאן מיינע סאטראפען אויך אזוי פראכט־פול בעדיענען, ווי אמאל דער קעניג אחשורוש, וועלכער איז געוועזען א מלך פון הודו ביז כוש און האט געהערשט איבער הונדערט און זיבען און צוואנציג מדינות. גאנצע העקאטאמבען פון נאראנים וועל איך אנשעכטען. יענער גרויסער שנאפס־ליעב־האבער, וועלכער, ווי אמאל יופיטער, סטארעט זיך אין א געשטאלט פון א אקס צו ווערען בעריהמט אין איראפע, ווערט פאר מיין טיש צושטעלען דעם

אָקסענ־בּוּאַטען; אַ טרױעריגער טראַגעדיענ־פּאָעט, װעלכער האָט אױף די בּרעטער, װאָס בּעדײַטען אַ טרױעריגע פּערסישע מלוכה, אונז געװיזען אַ טרױעריגען אַלעקסאַנדער, װאָס אין זײַן בּילדונג האָט זיך קײן אַריסטאָטעלעס נישט בּעטײליגט, דער דאָזיגער װעט פאַר מײַן טיש צושטעלען אַ אױסגעצײכענטען הזיר־קאָפּ, װי געװעהנליך זױער־זיס שמײכלענדיג, מיט אַ קײַלעכדיג שטיקעל ציטרין אין מויל און בּעדעקט מיט לאָרבּער־בּלעטער, אַ דאַנק דער קעכין, װאָס פערשטעהט גוט די קונסט; דער זינגער פון די קרעלענ־ליפּען, שװאַנענ־העלער, שפּרינגענדע שנעע־בּערגעלעך, װײַבּעלעך, מײדעלעך, קושעלעך און אַסעסאָרלעך, דאָס מײַן איך דעם הערר קלױרען, אָדער װי די פרומע בּערנאַרדינערינען אױף דער פריעדריכשטראַסע רופען איהם: „פּאַטער קלױרען! אונזער קלױרען!" דער דאָזיגער עכט שטעלט מיר צו די אַלע יענע געריכטען, װעלכע ער װײס אַזױ פײַן צו בּעשרײבּען אין זײַן יעהרליכען טאַשענ־בּאָרדעלכעל מיט דער פאַנטאַזיע פון אַ נאַשערקע אַ קאַמער־יונג־פרױ, און ער גיעט אונז נאָך צו אַ גאַנץ בּעזונדערע עקסטראַ־שיסעלע מיט אַ סעלערי־געמיזעלע, „פון װעלכען עס קאָן אַ מענשען דאָס הערצעלע פאַר ליעבּע אױפציטערן!" — אַ קלוגע, דאַרע הױפדאַמע, װאָס פון איהר קאָן מען געניסען נאָר דעם קאָפּ, װעט אונז צושטעלען אױך אַזאַ מין געקעכץ, דאָס הײסט שפּאַרגעל: און עס װעט נישט פעהלען קײן געטינגער װאורשט, האַמבּורגער רױכפלײש, פּאָמערשע גענזענע בּריסט, אָקסענע צונגען, געדעמפּפטע קאַלבּס־געהירען, רינדסמויל, שטאָקפיש, און אַלערלײ סאָרטען זשעלע, בּערלינער פּײַנקוכענס, װיענער טאָרטען, קאָנפיטורען —

מאַדאַם, איך האָב מיר שױן אין געדאַנקען דעם מאָגען פּערדאָרבּען! האָל דער טײַװעל אַזעלכע פרעסערײַ! איך קאָן נישט פיעל פערטראָגען. מײַן פערדױאונג איז שלעכט. דער הזיר־קאָפּ װירקט אױף מיר װי אױף דאָס איבּעריגע דײַטשע פּובּליקום — איך מוז בּאַלד דערנאָך עסען אַ װיליבּאַלד־אַלעקסיס־סאַלאַט, װעלכער רײניגט דורך — אָ! דער אונגליקליכער הזיר־קאָפּ מיט דער נאָך אונגליקליכערער זױס, װעלכע שמעקט נישט גריעכיש, נישט פּערסיש, נאָר װי טהעע מיט גרינעם זײף — רופט מיר מײַן דיקען מילאָרד־נאַר!

## קאַפּיטעל XV.

מאַדאַם, איך בעמערק אַ לײַכטען האָלקען פון אומעט אויף אײַער שענעם שטערן, און איהר װײַזט מיר אויס צו פרעגען, צי איז עס נישט אונרעכט, װאָס איך בעגעה זיך אויף אַזאַ אופן מיט די נאַראָנים, איך שטעק זיי אויף אַ שפּיז, צעהאַק זיי, בעשמיר זיי מיט שמאַלץ, און פיעל פון זיי שעכט איך זאָגאַר, האָטש איך מוז זיי לאָזען ליעגען אונבעריהרט, און איצט װערען זיי צום רויב פאַר די שאַרפע שנאָבלען פון די שפּאַס־פויגעל, װעהרענד די אלמנות און יתומים קלאָגען און יאָמערן—

מאַדאַם, אַט אַזוי פיהרט זיך עס בשעת אַ מלחמה! איך װעל אײַך שוין איצט דעם גאַנצען סוד אויסזאָגען: איך אַליין בין אַפילו נישט פון די קלוגע, נאָר איך בין צוגעשטאַנען צו דער דאָזיגער פּאַרטיי, און זײַט 5588 יאָהר פיהרען מיר אַ מלחמה מיט די נאַראָנים. די נאַראָנים האַלטען, אַז מיר בעליידיגען זיי, און זיי פערזיכערען, אַז אין דער װעלט איז פאַרהאַן נאָר איין בעשטימטע מעסטעל קלוגשאַפט, און דאָס דאָזיגע גאַנצע מעסטעל קלוגשאַפט האָבען איצט אַװעקגעגזולט די קלוגע, איין גאָט װייס װי אַזוי; און עס איז פשוט שרעקליך צו זעהן, װי אָפט האָט איין און איינציגער מענש פאַר זיך צוגענומען אַזוי פיעל קלוגשאַפט, אַז זײַנע ברידער די בירגער און דאָס גאַנצע לאַנד זענען צוליעב איהם אינגאַנצען געװאָרען פערנאַרישט. דאָס איז איין געהיימע סבה פון דער מלחמה, און די מלחמה איז פשוט טויט און אויף לעבען. די קלוגע װײַזען זיך אַרויס, װי געװעהנליך, אַלס די רוהיגסטע, מעסיגסטע און קליגסטע, זיי זיצען שטאַרק בעפעסטיגט אין זייערע אַלט־אַריסטאָטעלישע װערק, האָבען פיעל שויץ, אויך פיעל מוניציע, װאָרום זיי האָבען דאָך אַליין ערפונדען דעם פולװער, און פון צײַט צו צײַט װאַרפען זיי גוט־בעװיזענע באָמבעס צװישען זייערע פײַנד. נאָר ליידער זענען די דאָזיגע פײַנד צו פיעל, און זייער געשריי איז גרויס, און טאָג־טעגליך מאַכען זיי אָן אַ לאַרעם. זייערע מלחמה־ליסטען זענען אָפט זעהר היטרע צוזאַמענגעשטעלט. אייניגע הויפּט־לײַט פון דער גרויסער אַרמעע היטען זיך אפילו מודה צו זײַן די געהיימע סבה פון דער מלחמה. זיי האָבען געהערט, אַז אַ בעקאַנטער פאַלשער מענש, װעלכער איז אין זײַן

פאַלשקייט אַזוי זייט דערגאַנגען, דאָס ער האָט ענדליך געשריבען אַפילו פאַלשע מעמוארען, ד. ה. פּושע האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט: די ווערטער זענען געמאַכט געוואָרען כדי צו בעהאַלטען אונזערע געדאַנקען; און איצט מאַכען זיי אָן פיעל ווערטער, כדי צו בעהאַלטען, אַז זיי האָבען בכלל נישט קיין געדאַנקען, און זיי האַלטען לאַנגע רעדעס, און שרייבען דיקע ביכער, און הערט מען זיי רעדען, אַזוי גלויבען זיי די קוועלע פון די געדאַנקען, וועלכע איז נאָר אַליין אימשטאַנד צו מאַכען גליקליך, ד. ה. די קלוגשאַפט, און זעהט מען זיי, אַזוי האָבען זיי צו טהון נאָר מיט מאַטעמאַטיק, לאָגיק, סטאַטיסטיק, מאַשינען־פערבעסערונג, בירגער־גייסט, שטאַהל־פּאַשע א. א. וו. — און אַזוי ווי די מאַלפּע ווערט אַלץ לעכערליכער, וואָס מעהר זי ווייזט זיך אַרויס ענהליכער צו מענשען, אַזוי ווערען אויך יענע נאַראָנים אַלץ לעכערליכער, וואָס קליגער זיי פיהרען זיך אויף. אַנדערע הויפּט־לייט פון דער גרויסער אַרמעע זענען אָפענהערציגער און זענען מודה, אַז זייער קלוגשאַפטס־טייל איז גראַדע אַ גאַנץ קליינינקער, אַז זיי קאָנען פילייכט גאָר נישט אַרויסבעקומען פון דער קלוגשאַפט, דערוועיל אָבער קאָנען זיי נישט אַנדערש, נאָר מוזען פערזיכערען, אַז די קלוגשאַפט איז זעהר זויער און אין אמת'ן האָט זי נישט קיין גרויסען ווערט. דאָס איז אפשר אמת, נאָר צום אונגליק האָבען זיי נישט אפילו אויף אַזוי פיעל פערשטאַנד, וויפיעל מען דאַרף האָבען כדי דאָס צו בעווייזען. דעריבער נעהמען זיי אָן אַלערליי מיטלען, זיי ענטדעקען אין זיך נייע קרעפטען, זיי ערקלערען, אַז אַזעלכע מיטלען האָבען אויך אַזאַ ווירקונג ווי די קלוגשאַפט, און אין געוויסע נויטפאַלען — נאָך אַ גרעסערע ווירקונג, צ. ב. דאָס געמיט, דער גלויבען, די בעגייסטערונג א. ז. וו., און מיט די דאָזיגע סוראָגאַטען*) פון קלוגשאַפט, מיט דער דאָזיגער ציבעלעס־קלוגשאַפט טרייסטען זיי זיך. מיך אונגליקליכען האָבען זיי אָבער גאָר בעזונדערס פיינד, ווייל זיי פערזיכערען, אַז איך בין אַמאָל געווען איינער פון זיי, אַז איך בין אַ בוגד, אַ איבערלויפער, וועלכער האָט צעריסען די הייליגסטע פאַנדען, און איצט בין איך זאָגאַר אַ שפּיאָן, וועלכער מאָרשט אויס אין געהיים, וואָס זיי, די נאַראָנים, טהוען אויף,

---

*) סוראָגאַט — אַ זאַך, וואָס דיענט אנשטאָט אַנ'אַנדער זאַך.

כדי נאָכדעם אָבצולאַכען פון זיי פאַר מײַנע נײַע חברים, און איך בין אויף אַזוי פיעל נאַריש, אַז איך זעה אפילו נישט איין, אַז די דאָזיגע חברים לאַכען אין דער זעלבער צײַט פון מיר אַליין און וועלען מיך קיינמאָל נישט האַלטען פאַר זייער גלײַכען — און דערין זענען די נאַראָנים פאָלשטענדיג גערעכט.

עס איז אמת, יענע האַלטען מיך נישט פאַר זייער גלײַכען, און אָפט לאַכען זיי פון מיר אין די פויסטען. איך ווייס דאָס גאַנץ גוט, נאָר איך מאַך זיך נישט וויסענדיג. מײַן האַרץ בלוטעט דאַן אין מיר, און ווען איך בין אַליין, רינען דערויף אַראָב מײַנע טרעהרען. איך ווייס דאָס זעהר גוט, אַז מײַן פּאָזיציע איז אומנאַטירליך; אַלץ, וואָס איך טהו, איז פאַר די קלוגע אַ נאַרישקײַט און פאַר די נאַראָנים אַ שרעק. זיי האָבען מיך פײַנד, איך פיהל, זיי אמת עס איז דאָס שפּריכוואָרט: „שטיין איז שווער און זאַמד איז אַ לאַסט, נאָר דער צאָרן פון נאַראָנים איז שווערער פון זיי ביידע“. און זיי האָבען מיך פײַנד נישט אומגערעכט. עס איז פאָלשטענדיג אמת, אַז איך האָב צעריסען די הייליגע באַנדען, צוליעב גאָט און גערעכטיגקײַט האָב איך געמוזט בלײַבען לעבען און שטאַרבען צווישען נאַראָנים. און אַח! מיר וואָלט צווישען די דאָזיגע מענשען אַזוי גוט געווען! ווען איך וואָלט וועלען צוריקקעהרען צו זיי, וואָלטען זיי מיך נאָך אַלץ אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. זיי וואָלטען מיר אין די אויגען אַרײַנגעקוקט, צי קאָנען זיי מיר נישט טהון עפּעס אַ אַנגענעהמע זאַך. זיי וואָלטען מיך יעדען טאָג פערבעטען צום טיש, און אין אָזענד וואָלטען זיי מיך מיטגענומען אין זייערע טהעע־געזעלשאַפטען און קלובען, און איך וואָלט געקאָנט מיט זיי שפּיעלען ווהיסט, רויכערן טאַבאַק, פּאָליטיזירען, און וואָלט איך דערבײַ געגענעצט, וואָלט מען הינטער מײַן רוקען געזאָגט: וואָס פאַר אַ שען געמיט! אַ נשמה פול גלויבען! — ערלויבט מיר, מאַדאַם, אָבצוגעבען דערפאַר אַ טרעהר פון ריהרונג — אַח! און איך וואָלט מיט זיי געטרונקען פּונש, ביז עס וואָלט אָנגעקומען די אמת'ע בעגײַסטערונג, און דאַן וואָלטען זיי מיך אין אַ טראַגשטוהל געבראַכט צוריק אַהיים, מיך בעזאָרגט מיט מורא, אַז איך זאָל מיך נישט פערקיהלען, און איינער וואָלט מיר שנעל דערלאַנגט די פאַנטאָפעל, דער אַנדערער — דעם זײַדענעם שלאָפראָק, דער דריטער — די ווײַסע נאַכט־מיץ, און זיי וואָלטען מיך דאַן

געמאכט פאר א פראפעסאר עקסטראארדינאריוס, אדער פאר א פרעזידענט פון א מיסיאנערישע געזעלשאפט, אדער פאר א אבער־קאלקולאטאר, אדער פאר א דירעקטאר פון רוימישע אויסגראבונגען, — ווארום איך וואלט הירקליך געווען א מענש, וועלכען מען קאן אויסניצען אין אלע פאכען, פון זינט אן איך קאן זעהר גוט אינטערשיידען די לאטיינישע דעלינאציאנען פון די קאניוגאציאנען, און נעהם נישט אן אזוי לייכט ווי אנדערע מענשען א פרייסישען שטיוועל פון א פאסטאליאן פאר א עטרוסקישע וואזע. מיין געמיט, מיין גלויבען, מיין בעגייסטערונג וואלטען נאך אויסער דעם געקאנט ווירקען אין די תפלה־שטונדען זעהר פיעל גוטס, און טאקי פאר מיר אליין; היינט מיין גאר אויסגעצייכענטער פאעטישער טאלענט וואלט מיר געקאנט פערשאפען זעהר פיעל גוטס ביי הויכע געבורטס־טעג און פערלאבונגען, און עס וואלט גאר נישט שלעכט געווען, ווען איך וואלט אין א גרויסען נאציאנאל־עפאס בעזונגען די אלע יענע העלדען, וועגען וועלכע מיר ווייסען גאנץ בעשטימט, אז פון זייערע פערפוילטע קערפער זענען געקראכען ווערעם, וועלכע האבען זיך אויסגעגעבען אלס זייערע יורשים.

אטייל מענשען, וועלכע זענען נישט קיין געבוירענע נאראנים און זענען אמאל געווען בעגאבט מיט קלוגשאפט, זענען צוליעב אזעלכע גליקען איבערגעגאנגען צו די נאראנים, לעבען ביי זיי אנ׳אמת לעבען פון דארמאיערניקעס, די נארישקייטען, וואס צים אנהויב האבען זיי זיך נאך אליין געמוזט שטארקען כדי די אנציינעהמען, זענען שוין איצט פאר זיי געווארען די צווייטע נאטור, יא, מען דארף זיי שוין נישט מעהר בעטראכטען אלס צבועקעס, נאר אלס אמת׳ע מאמינים. איינער פון זיי, וואס אין זיין קאפ איז נאך נישט געווארען אינגאנצען קיין זונען־פינסטערניש, ליעבט מיך זעהר, און נישט לאנג צוריק, ווען איך בין געווען ביי איהם אליין, האט ער פערשלאסען די טהירען און געזאגט צו מיר מיט א ערנסטער שטימע: „א נאר, וואס דו שפיעלסט די ראלע פון א קלוגען, און דאך האסטו נישט אזוי פיעל פערשטאנד, ווי א רעקרוט אין זיין מוטערס לייב! צי ווייסטו דען נישט, אז די גרויסע פון לאנד דערהויבען נאר די יעניגע, וועלכע ערנידעריגען זיך אליין און ריהמען זעהר בלויז בעסער ווי זייער אייגען בלוט. און צום סוף פערדארבסטו דאס מיט די פרומע פון לאנד! צי דען איז עס

דיר אַזוי שווער, צו פערדרעהען די גנאַדזועליגע אויגען, אַריינצושטעקען די גלויביג־פערלעגטע הענד אין די אַרבעל פון ראָק, צו לאָזען אַראָבהענגען דעם קאָפּ ווי אַ גאָטס־שעפּסעלע און צו חזר׳ען אויסענווענינג אויסגעלערנטע פסוקים פון דער ביבליע! גלויב מיר, קיין הויך־ערלויכטע פערזאָן וועט דיר נישט בעצאָהלען פאַר דיין גאָטלאָזיגקייט, די מענער פון ליעבע וועלען דיך פיינד האָבען, בערעדען און פערפאָלגען, און דו וועסט נישט מאַכען קיין קאַריערע נישט אין הימעל, נישט אויף דער ערד!"

אַה! דאָס אַליץ איז אמת! נאָר איך האָב שוין די דאָזיגע אונגליקליכע תאוה פאַר דער קלוגשאַפט! איך ליעב זי, האָטש זי בעגליקט מיך נישט מיט געגען־ליעבע. איך גיעב איהר אַליץ, און זי פערשאַפט מיר גאָר נישט. איך קאָן זיך פון איהר נישט אָבּרייסען. און אַזוי ווי דער יודישער שלמה המלך האָט אַמאָל איין שיר השירים בעזונגען די קריסטליכע קירכע, און גראַדע אונטער דעם בילד פון אַ שוואַרץ־הנ׳וודיגע, ליעבע־גליהענדע מעדעל, כדי זיינע יודען זאָלען דאָס נישט בעמערקען: אַזוי האָב איך אויך אין אונצעהליגע ליעדער בעזונגען פונקט דעם היפך, דאָס הייסט, די קלוגשאַפט, און גראַדע אונטער דעם בילד פון אַ ווייסער, קאַלטער יונגפרוי, וועלכע ציהט מיך צו און שטויסט מיך אָב, אָט שמייכעלט זי מיר צו, און באַלד בייזערט זי זיך, און ענדליך דרעהט זי זיך גאָר אינגאַנצען אָב פון מיר. דאָס דאָזיגע געהיימנים פון מיין אונגליקליכער ליעבע, וועלכע איך זאָג פאַר קיינעם נישט אויס, גיעט אייך, מאַדאַם, אַ מאַסשטאַב צו שעצען מיין נאַרישקייט, איהר וועט דערפון אַרויס, אַז די דאָזיגע נאַרישקייט איז פון אַ אונגעוועהנליכען סאָרט, און זי טרעט גרויסאַרטיג אַרויס איבער די געוועהנליכע נאַרישע טהאַטען פון די מענשען. לעזט מיין „ראַטקליף", מיין „אַלמאַנזאָר", מיין „לירישעס אינטערמעצאָ" — קלוגשאַפט! קלוגשאַפט! קיין זאַך אויסער דער קלוגשאַפט! — און איהר וועט זיך דערשרעקען איבער די הויכקייט פון מיין נאַרישקייט. מיט די ווערטער פון אַגור, דער זוהן פון יאַקע, קאָן איך זאָגען: „איך בין דער נאַרישסטער, און מענשען־פערשטאַנד איז נישט ביי מיר". הויך איבער דער לופט הויבט זיך דער אייכען־וואַלד, הויך איבער דעם אייכען־וואַלד פליהט דער אָדלער, הויך איבער דעם אָדלער ציהען די וואָלקען, הויך איבער די וואָלקען בליצען די שטערען — מאַדאַם,

וואָרט עס נישט צו הויך? איז הייסט עס — הויך איבער די שטע-
רען שוועבען די מלאכים, הויך איבער די מלאכים רוהט — גיין,
מאדאם, העכער קאָן עס שוין מיין גאַרישקייט נישט ברענגען. זי
האָט עס שוין געבראַכט גענוג הויך! עס שווינדעלט איהר פאַר
איהר אייגענער ערהאַבענהייט. זי מאַכט מיך פאַר אַ ריעז מיט זיע-
בען-מייליגען-שטיוועל. צו מיטאָג-צייט פיהל איך מיך, ווי איך האָלט
געקאָנט אויפעסען אַלע עלעפאַנטען פון הינדאָסטאַן און מיר אויס-
שטעכען די ציינער מיט'ן שטראַסבורגער מינסטער; אין אָבענד ווער
איך אַזוי סענטימענטאַל, אַז איך וואָלט געקאָנט אויסזופען די מילכ-
שטראַסע פון הימעל, און אפילו נישט קיין קלעהר טהון דערביי,
אַז די קליינע פיקס-שטערען קאָנען אַ מענשען בלייבען ליגען אין
מאַגען אונפערדייט; און בייַנאַכט הויבט זיך ערשט אָן דער אמת'ער
ספעקטאַקעל, אין מיין קאָפּ פערזאַמעלט זיך דאַן אַ קאָנגרעס פון
אַלע פעלקער פון דער געגענוואַרט און פון דער פערגאַנגענהייט, עס
קומען אשור, מצרים, מדין, פרס, ישראל, פלשתים, פראַנקפורט,
בבל, קאַרטאַגען, בערלין, רוים, שפּאַרטאַ, טירקיי, קימעלטירקען —
מאַדאַם, עס וואָלט געוואָרען אַ צו גרויסע אריכות, ווען איך וואָלט אייך
געוואָלט בעשרייבען די דאָזיגע אַלע פעלקער, לעזט נאָר הערודאָטן,
ליוויוס'ן, די הודע-און ספּענגערישע צייטונג, קורציוס'ן, קאָרנעליוס
נעפּאָס'ן, דעם „געזעלשאַפטער". איך וועל דערווייל פריהשטיקען,
היינטיגען פריהמאָרגען געהט מיר עפּעס נישט אין שרייבען אַזוי
פרעהליך, איך בעמערק, אַז דער ליעבער גאָט פערלאָזט מיך —
מאַדאַם, איך האָב זאָגאַר מורא, אַז איהר האָט עס בעמערקט
נאָך פריהער ווי איך — יאָ, איך בעמערק, אַז די אמת'ע הילף
פון גאָט איז נאָך היינט גאָרנישט געקומען צו מיר. — מאַדאַם,
איך וויל אָנהויבען אַ נייען קאַפּיטעל, און אייך דערצעהלען, ווי
איך בין נאָך לע גראַנ'ס טויט אָנגעקומען אין גאָדעסבורג.

## קאַפּיטעל XVI.

ווען איך בין אָנגעקומען אין גאָדעסבורג, האָב איך מיך ווידער
געזעצט צו די פיס פון מיין שענער פריינדין — און נעבען מיר האָט
זיך געלעגט איהר ברוינער דאַכס-הונד — און מיר ביידע האָבען
אַרויפגעקוקט איהר אין אויג אַריין.

הייליגער גאָט! אין דעם דאָזיגען אויג איז געלעגען די גאַנצע שענקייט פון דער ערד און אַ גאַנצער הימעל איבער דעם. פאַר גליק וואָלט איך געקאָנט שטאַרבען, בשעת איך האָב אין יענעם אויג געקוקט, און וואָלט איך געשטאָרבען, אַזוי וואָלט מיין נשמה אַריינגעפלויגען גלייך אין יענעם אויג אַריין. אָ, איך קאָן יענעם אויג נישט בעשרייבען! — איך וועל שיקען רופען פון דולהויז אַ פּאָעט, וועלכער איז אויס ליבע משוגע געוואָרען, כדי ער זאָל פון דעם אָבגרונד פון שגעון קאָנען אַרויסבעקומען אַ בילד, מיט וועלכען איך וועל פערגלייכען יענעם אויג — צווישען אונז גערעדט, בין איך אַליין אויך געווען גענוג משוגע, אַזוי אַז איך האָב צו אַזאַ געשעפט נישט געדאַרפט האָבען קיין מיטהעלפער. גוט ד—ן! — זאָגט דערביי אַ ענגלענדער, — ווען זי בעטראַכט אַ מענשען אַזוי גאַנץ רוהיג פון אויבען ביז אונטען, אַזוי ווערען ביי איהם צעשמאָלצען די קופּערנע קנעפּ פון פראַק און אויך דאָס האַרץ אינווייניג. — פ—ע! — זאָגט אַ פראַנצויז, — זי האָט אויגען פון גרעסטען קאַליבער, און ווען עס שיעסט אַרויס אַזאַ מין דרייסיג-פונטיגער בליק, קראַח! אַזוי איז מען פערליעבט. דערביי איז געווען אַ אַדוואָקאַט פון מאַינץ מיט אַ רויטען קאָפּ, האָט ער געזאָגט: איהרע אויגען זעהען אויס ווי צוויי טאַסען שוואַרצער קאַפע — ער האָט געוואָלט זאָגען עפּעס זעהר זיסעס, וואָרום ער האָט שטענדיג געוואָרפען אונמענשליך-פיעל צוקער אין זיין קאַפע — שלעכטע פערגלייכען!

איך און דער ברוינער דאַכס-הונד זענען געלעגען שטיל צו די פיס פון דער שענער פרוי, און מיר האָבען געקוקט און געהערט. זי איז געזעסען נעבען אַ אַלטען אייזגרויען סאָלדאַט — אַ ריטערליכע געשטאַלט מיט קווער-ריצען אויף דעם אַיינגערונצעלטען שטערען. די האָבען ביידע גערעדט וועגען די זיעבען בערג, וועלכע די שענע אָבענד-רויטקייט האָט בעשטראַהלט, און וועגען דעם בלויען רהיין, וועלכער איז נישט וייט פערביי-געשוואומען גרויס און רוהיג. — וואָס זענען אונז אָנגעגאַנגען די זיעבען בערג און די אָבענד-רויטקייט און דער בלויער רהיין און די זעגעל-ווייסע שיפלעך, וועלכע זענען איבער איהם געשוואומען, און די מוזיק, וועלכע האָט אַרויסגעשאַלט פון איין שיפעל, און דער שעפּסענ-קאָפּ פון סטודענט, וועלכער האָט דערין געזונגען אַזוי שמעלצענד און ליעבליך — איך און דער ברוינער דאַכס, מיר האָבען געקוקט אין דאָס אויג פון דער פריינדין

און האָבען בעטראַכט איהר געזיכט, וועלכעס האָט ראָזיג-בלייך אָפּגעגלאַנצט פון צווישען די שוואַרצע צעפּ און לאָקען, אַזוי ווי די לבנה פון די דונקעלע וואָלקען — דאָס זענען געוועזען הויכע גריכישע געזיכטס-צוגען, מוטיג-געהעלבטע ליפּען, אַרומגעהילט מיט וועהמוט, גליק און קינדישע לוינע, און ווען זי האָט גערעדט, אַזוי זענען די ווערטער געגאַנגען עטוואָס טיעף, כמעט זיפצענדיג אַרויסגעוויעט און דאָך אונגעדולדיג שנעל אַרויסגעשטויסען — און ווען זי האָט גערעדט, און איהר רעדען האָט אַזוי ווי אַ וואַרעמער, הייטערער בלומען-רעגען אַראָבגעטריפט פון דעם שענעם מויל — אָ! דאַן האָט זיך געלעגט די אָבענד-רויטקייט איבער מיין נשמה, עס זענען מיט אַ קלינגענדיגער שפּיעל דורכגעצויגען די ערינערונגען פון דער קינדהייט, נאָר מעהר ווי אַלץ האָט אין מיר אַזוי ווי גלעקעלעך אָנגעהויבען קלינגען די שטימע פון דער קליינער וועראָניקע — און איך האָב אָנגענומען די שענע האַנד פון דער פריינדין, און זי צוגעדריקט צו מיינע אויגען, ביז דאָס קלינגען אין מיין נשמה האָט אויפגעהערט — און דאַן בין איך אויפגעשפּרונגען און האָב געלאַכט, און דער דאַכס האָט געבילט, און דער שטערען פון אַלטען גענעראַל האָט זיך ערנסטער איינגערונצעלט, און איך האָב מיך ווידער געזעצט און ווידער אָנגענומען די שענע האַנד און זי געקושט און דערצעהלט וועגען דער קליינער וועראָניקע.

## קאַפּיטעל XVII.

מאַדאַם, איהר פערלאַנגט, איך זאָל דערצעהלען, ווי די קליינע וועראָניקע האָט אויסגעזעהן. נאָר איך וויל נישט. איהר, מאַדאַם, קאָנט נישט ווערען געצוואונגען צו לעזען מעהר, ווי איהר ווילט, און איך ווידער האָב דאָס רעכט, אַז איך דאַרף נאָר שרייבען דאָס, וואָס איך וויל. איך וויל אָבער איצט דערצעהלען, ווי עס האָט אויסגעזעהן די שענע האַנד, וועלכע איך האָב געקושט אין פאָריגען קאַפּיטעל.

קודם כל מוז איך מודה זיין:— איך בין נישט ווערט געוועזען צו קישען די דאָזיגע האַנד. דאָס איז געוועזען אַ שענע האַנד, אַזוי צאַרט, דורכזיכטיג, גלענצענד, זיס, שמעקעדיג, זאַנפט, ליעבליך — ווירקליך, איך מוז שיקען אין אַפּטייק אַריין, מיר צו ברענגען פאַר צוועלף גראָשען ביי-ווערטער.

אויפ'ן מיטעל־פינגער איז געזעסען א רונג מיט א פערל— איך האב נאך קיינמאל נישט געזעהן קיין פערל, וועלכער האט געשפיעלט א טרויעריגערע ראלע— אויפ'ן גאלדפינגער האט זי געטראגען א רונג מיט א בלויען אנטיק— שטונדענלאנג האב איך דורך איהם שטודירט ארכעאלאגיע— אויפ'ן ציינגע־פינגער האט זי געטראגען א דימענט — דאס איז געוועזען א קמיע; כל זמן איך האב אויף איהם געקוקט, בין איך געווען גליקליך, ווארום וואו ער איז געוועזען איז דאך אויך געווען דער פינגער מיט זיינע פיער קאלעגען— און מיט אלע פינף פינגער האט זי מיר אפט א קלאפ געטהון איבער'ן מויל. זייטדעם איך בין אויף אזא אופן בעריהרט געווארען, גלויב איך שטייף און פעסט אין מאגנעטיזמוס. נאר זי האט נישט שטארק געשלאגען, און ווען זי האט געשלאגען האב איך עס שטענדיג פער־דיענט דורך עפעס א גאטלאזע בעמערקונג, און ווען זי האט מיך געשלאגען, אזוי האט זי גלייך דערויף חרטה געהאט און האט גענומען א קוכען, איהם צעבראכען אויף צווייען, און האט מיר גע־געבען איין העלפט און דעם ברוינעם דאכס די אנדערע העלפט, און דאן האט זי געשמייכעלט און געזאגט: „איהר ביידע האט נישט קיין רעליגיאן און וועט נישט גליקליך ווערען, און מען מוז אייך אויף דער וועלט פאשען מיט קוכענס, ווייל אין הימעל ווערט פאר אייך קיין טיש נישט געדעקט". ביסלעכווייז האט זי אפילו געהאט גערעכט, איך בין דעמאלט געווען זעהר נישט רעליגיעז און האב געלעזען טהאמאס פען, דאס „סיסטעם דע לא נאטיור", דעם „וועסט־פעלישען אנצייגער" און שלייערמאכער'ן, און האב מיר געלאזען וואקסען די בארד און דעם פערשטאנד, און האב געוואלט צושטעהן צו די נאציאנאליסטען. נאר ווען די שענע האנד איז מיר אריבער־געפאהרען איבער'ן שטערען, איז מיר דער פערשטאנד געבליבען שטעהן, און זיסע חלומות האבען מיך אנגעפיהלט, און מיר האט זיך געדוכט, אז איך הער ווידער פרומע ליעדער, און איך האב געקלערט וועגען דער קליינער ווערוניקע.

מאדאם, איהר קאנט זיך קוים פארשטעלען, ווי שען די קליינע ווערוניקע האט אויסגעזעהן, ווען זי איז געלעגען אין דער קליינינקער טרומנעלע. די ברענענדע ליכט, וועלכע זענען געשטאנען קיילעכדיג ארום און ארום, האבען געווארפען זייער שימער אויף דאס בלייכע שמייכלענדיגע פנים'על און אויף די רויט־זיידענע רויזעלעך און

רוישענדע גאָלד־פּאַסקעלעך, מיט וועלכע דאָס קעפּעלע און דאָס ווייכע טויטענ־העמדעלע איז געווען פּערציערט — די פרומע אורזולע האָט מיך אין אָבענד אַריינגעפּיהרט אין שטילען צימער, און ווי איך האָב דערזעהן דעם קליינעם קערפּער מיט די ליכט און די בלומען אויסגעשטעלט אויפ'ן טיש, האָב איך צום ערשטען געמיינט, אַז דאָס איז אַ שיין הייליג בילד פון וואַקס; נאָר באַלד האָב איך דערקענט דאָס ליעבע פּנים'על, און האָב לאַכענדיג געפרעגט, פאַרוואָס די קליינע וועראָניקע איז אַזוי שטיל, און אורזולע האָט געזאָגט: דאָס טהוט דער טוידט.

און ווי זי האָט געזאָגט: דאָס טהוט דער טוידט — נאָר איך וויל בעסער היינט נישט דערצעהלען די מעשה, זי וועט אַרויסקומען צו לאַנג, איך וואָלט אויך פריהער געמוזט דערצעהלען וועגען דער לאָהמער וראָנע, וועלכע האָט אַרומגעהינקט אויפ'ן שלאָס־פּלאַץ און איז אַלט געווען דריי הונדערט יאָהר, און איך וואָלט דערביי געקאָנט ווערען שטאַרק מעלאַנכאָליש. — מיך האַפּט אָן פּלוצלונג אַ חשק, צו דערצעהלען אַנאַנדער מעשה, און די דאָזיגע מעשה איז אַ פרעהליכע, און זי פּאַסט אויך אויף דעם אָרט, וואָרום דאָס איז טאַקי איינענטליך די מעשה, וועלכע האָט געזאָלט דערצעהלט ווערען אין דעם דאָזיגען בוך.

XVIII. קאַפּיטעל

אין דער ברוסט פון דעם ריטער איז נישט געווען קיין זאַך איבער נאַכט און שמערץ. די שווערד־שטאָכען פון דער רכילות האָבען איהם גוט געטראָפען, און ווי ער איז אַזוי געגאַנגען איבער דעם סאַנקט מאַרקוס־פּלאַץ, האָט ער זיך געפּיהלט, אַזוי ווי זיין האַרץ וואָלט וועלען צעבראָכען און פערבלוטעט ווערען. זיינע פיס האָבען זיך געשטרויכעלט פון מידיגקייט — די אידעלע חיה איז דעם גאַנצען טאָג געהעצט געוואָרען, און עס איז געווען אַ הייסער זומער־טאָג — דער שווייס איז געלעגען אויף זיין שטערען, און ווען ער איז אַריינגעשטיגען אין דאָס שיפעל, האָט ער טיעף אַ זיפץ געטהון. ער איז געזעסען אָהן געדאַנקען אינ'ם שוואַרצען שיפעל, אָהן געדאַנקען האָבען איהם געשאָקעלט די ווייכע וועלען, און האָבען איהם געטראָגען אויפ'ן גוט־בעקאַנטען וועג קיין ברענטאַ—

און ווען ער איז ארויסגעשטיגען פאר דעם גוט-בעקאנטען פאלאץ, האט ער געהערט, אז סיניארא לוירע איז אין גארטען.

זי איז געשטאנען אנגעלעהנט אן דער סטאטוע פון לאאקאאן, נעבען דעם רויטען ראזען-בוים ביים עק פון דער טעראסע, ניט ווייט פון די טרויער-ווידען, וועלכען ביגען זיך אראב וועהמיטיג איבער דעם פערבייציהענדען טייכעל. דא איז זי געשטאנען שטייענדיג, א הייך בילד פון ליעבע, ארומגעשמעקט פון ראזען. נאר ער האט זיך אויפגעהאפט אזוי ווי פון א שווארצען חלום, און ער איז פלוצלונג ווי פערוואנדעלט געווארען אין מילדקייט און בענקשאפט. „סיניארא לוירע!“— האט ער געזאגט— „איך בין עלענד און בעדריקט פון שנאה און נייט און ליגען“— און דאן האט ער זיך פערהאקט, און האט געשטאמעלט: „נאר איך ליעב אייך“— און דאן האט זיך אין זיינע אויגען בעוויזען א פריידיגע טרעהר, און מיט פייכטע אויגען און פלאמענדע ליפען האט ער אויסגעשריען: „זיי מיינע, מעדעל, און ליעב מיך!“

עס ליעגט א געהיימניס-דונקעלער שלייער איבער דער דאזיגער שטונדע, קיין שטערבליכער ווייס נישט, וואס סיניארא לוירע האט געענטפערט, און ווען מען פרעגט וועגען דעם איהר גוטען מלאך אין הימעל, אזוי פערהילט ער זיך און זיפצט און שווייגט.

איינזאם איז נאך דער ריטער לאנג געשטאנען ביי דער סטאטוע פון לאאקאאן, זיין געזיכט איז געוועזען אויך אזוי פערצערט און חיים, בעוואוסטלאז האט ער אויסגעריסען אלע בלעטער פון די האזען פון ראזענבוים, ער האט זאגאר צעקוועטשט די יונגע שפראפעלעך— דער בוים האט שוין מעהר קיינמאל נישט געבליהט— אין דער ווייטען האט געקלאגט א משוגענע נאכטיגאל, די טרויער-ווידען האבען זיך געסודעט מיט מורא, פערשטיקט האבען געמורמעלט די קיהלע וועלען פון דער ברענטא, די נאכט איז אראבגעקומען מיט איהר לבנה און איהרע שטערען— א שענער שטערען, דער שענסטער פון אלע, איז אראבגעפאלען פון הימעל.

## XIX. קאפיטעל

איהר ווייסט, מאדאם?

א, הלואי זאלען די אויגען, וועלכע פערגיסען איצט אונז-

כע שענע טרעהרען, נאך לאנג בעלייכטען די וועלט מיט זייערע שטראהלען, און א ווארעמע, ליעבע האנד זאל זיי אמאל צודריקען אין דער שטונדע פון טויט: א וייכע שטערבע-קישען, מאדאם, איז אויך א גוטע זאך אין דער שטונדע פון טויט. און הלואי זאל זי אייך דעמאלט נישט פעהלען; און ווען דער שענער, מידער קאפ וועט דערויף אנידערפאלען, און די שווארצע לאקען וועלען זיך אראבקוילערען איבער דאס בלייך-ווערענדע געזיכט, א! הלואי זאל אייך גאט דעמאלט בעצאהלען פאר די טרעהרען, וועלכע זענען פאר מיר פערגאסען געווארען— ווארום איך בין אליין דער ריטער, פאר וועלכען איהר האט געוויינט, און איך בין אליין יענער בלאנזשענדער ריטער פון ליעבע, דער ריטער פון געפאלענעם שטערן.

איהר וויינט, מאדאם?

א, איך קען די דאזיגע טרעהרען! צו וואס זאל איך זיך נאך אלץ פערשטעלען? איהר, מאדאם, זענט דאך אליין טאקי די שענע פרוי, וועלכע האט שוין אין גאדעסבורג אזוי ליעבליך געוויינט, בשעת איך האב דערצעהלט די טרויעריגע לעגענדע פון מיין לעבען— אזוי ווי פערעל איבער ראזען, האבען זיך אראבגעקייקעלט די שענע טרעהרען איבער די שענע באקען— דער דאכס האט געשוויגען, דאס אבענד-קלינגען פון „קעניגסווינטער" איז פערשוויגען געווארען, דער רהיין האט געמורמעלט שטילער, די נאכט האט בעדעקט די ערד מיט איהר שווארצען מאנטעל. און איך בין געזעסען צו אייערע פיס, מאדאם, און האב געקוקט אין דער הויך אין אויסגעשטערנטען הימעל — צום ערשטען האב איך געהאלטען אייערע אויגען אויך פאר צוויי שטערען — נאר ווי קאן מען אזעלכע שענע אויגען פערבייטען מיט שטערען? די דאזיגע קאלטע לייכטער פון הימעל קאנען נישט וויינען איבער דעם אונגליק פון א מענשען, וועלכער איז אזוי אונגליקליך, אז ער קאן שוין נישט מעהר וויינען.

און איך האב נאך א בעזונדערע סבה, די דאזיגע אויגען נישט צו פערלייקענען — אין די דאזיגע אויגען וואהנט די נשמה פון דער קליינער וועראניקע.

איך האב אויסגערעכענט, מאדאם, אז איהר זענט געבארען פונקט אין דעם טאג, ווען די קליינע וועראניקע איז געשטארבען. יאהאנע אין אנדערנאך האט מיר פאר'ויס געזאגט, אז אין גאדעסבורג וועל איך ווידער געפינען די קליינע וועראניקע — און איך האב

איך גלייך ווידער דערקענט. — דאָס איז געווען אַ שלעכטער איינפאַל, מאַדאַם, וואָס איהר זעגט דעמאָלט געשטאָרבען, גראַדע ווען עס האָבען זיך ערשט געדאַרפט אָנהויבען די אמת'ע שפּיעלען. פון זינט די פרומע אורזולע האָט מיר געזאָגט: „דאָך טהוט דער מויט", בין איך אַליין אין ערנסט אַרומגעגאַנגען אין דער גרויסער בילדער־גאַלעריע, די בילדער האָבען מיר שוין נישט געוואָלט געפעלען וועגען אַזוי גוט ווי פריהער, זיי האָבען מיר פּלוצלונג אויסגעזעהן ווי פערבלייכט, נאָר איין און איינציגס פון זיי איז נאָך געבליבען מיט דער גאַנצער פאַרב און גלאַנץ — איהר ווייסט, מאַדאַם, וועלכעס בילד איך מיין:—

דאָס איז דער סולטאַן און די סולטאַנשע פון דעלהי.

דערמאָהנט איהר זיך, מאַדאַם, ווי מיר פלעגען אָפט שטעהן פאַר דאָס דאָזיגע בילד גאַנצע שטונדען, און די פרומע אורזולע האָט אַזוי מאָדנע געשמייכעלט, ווען די מענשען האָבען אויסגעדריקט זייער פערוואונדערונג, אַז די געזיכטער אויף יענעם בילד האָבען מיט אונזערע געזיכטער אַזוי פיעל ערהנליכקייט? מאַדאַם, איך מיין, אַז איהר זענט אויף יענעם בילד זעהר גוט אַרויס, און עס איז נישט צו פערשטעהן, ווי אַזוי דער מאַלער האָט אייך פאַרגעשטעלט אַגאַר מיט די קליידער, וואָס איהר האָט דעמאָלט געטראָגען. מען זאָגט, אַז ער איז געווען משוגע, און אַייער בילד האָט זיך איהם געחלומ'ט. אָדער זיין נשמה איז אפשר געזעסען אין דער גרויסער, הייליגער מאַלפּע, וועלכע האָט אייך דעמאָלט אָבגעהי'ט ווי אַ זשאָקיי? — אויב אַזוי מוז ער זיך נאָך געווי'ס דערמאָהנען דעם זילבער־גרויען־שלייער, וועלכען ער האָט איין מאָל בעגאָסען מיט רויטען וויין און פערדאָרבען — איך האָב מיך זעהר געפרעהט, וואָס איהר האָט איהם אויסגעטהון, ער האָט אייך נישט בעזונדערס געקליידעט, ווי די איראָפּעאישע קליידער פּאַסען פאַר פרויענצימער בכלל פיעל בעסער ווי די אינדישע. נאַטירליך, שענע פרויען זענען שען אין יעדער אַרט קליידער. דערמאָהנט איהר זיך, מאַדאַם, אַז איין גאַלאַנטער בראַהמינער — ער האָט אויסגעזעהן ווי גאַנעזאַ, דער גאָט מיט'ן שנאָבעל פון אַ עלעפאַנט, וועלכער רייט אויף אַ מויז — האָט אייך אַמאָל געמאַכט דעם קאָמפּלימענט, אַז די געטליכע מענעקאַ, ווען זי איז אַראָבגעגאַנגען פון אינדראַ'ס גאָלדענעם שלאָס צו'ם קעניגליכען בעל־תשובה וויסוואַמיטראַ, איז געווי'ס נישט געווען שענער, ווי איהר, מאַדאַם!

איהר דערמאָהנט זיך שוין דאָס נישט? עס זענען קוים פער־בייגעגאַנגען 3000 יאָהר זייט מען האָט אייך דאָס געזאָגט, און איינע פרויען זענען דאָך נישט געוואוינט צו פערגעסען אַזוי גיך אַ צאַרטע חניפה, וואָס מען זאָגט זיי.

דערפאַר אָבער זענען פאַר מאַנכעס די אינדישע קליידער פיעל פאַסענדער ווי די איראָפּעאישע. אָ, מיינע ראָזאַ־רויטע, לאָטאָס־געבלומטע פאַנטאַלאָנען פון דעלהי! ווען איך וואָלט אייך געטראָגען, בשעת איך בין געשטאַנען פאַר סינאָראַ לורא און געבעטען ליעבע — וואָלט דאָס פריהערדיגע קאַפּיטעל גאָר אַנדערש אויסגעזעהן! נאָר אַה! איך האָב דעמאָלט געטראָגען שטרוי־געלע פאַנטאַלאָנען, וועלכע אַ כינעזער היינעזער האָט געוועבט אין נאַנקינג — מיין אומגליק איז דערין אַריינגעוועבט געוואָרען — און איך בין געוואָרען אומגליקליך.

אָפט זיצט אַ יונגער מענש אין אַ קליין דייטש קאָפע־שטיבעל און טרינקט רוהיג זיין גלעזעל קאַפע, און אין זייטען זיינע וואַקסט דערוויייל און בליהט זיין אומגליק, און ווערט דאָרט געשפּונען און פערוועבט, און טראָגט דער הויכער הינעזישער מויער זיים עס זיי צו געפינען זיין וועג צום יונגען מענשען, וועלכער מיינט, אַז דאָס זענען אַ פאָאַר נאַנקינג הויזען און טהוט זיי אָן אָהן וואָרג און ווערט עלענד, אומגליקליך — און, מאַראַס, אין דער קליינער ברוסט פון אַ מענשען קאָן זיך בעהאַלטען זעהר פיעל אומגליק און זיך דאָרט בעהאַלטען אַזוי גוט, אַז דער אומגליקליכער מענש אַליין פיהלט עס נישט אַ לאַנגע צייט, און ער איז זיך גאַנץ פרעהליך, און טאַנצט לוסטיג און פייפט און טרילערט — לאַלאַראַלאַלאַ, לאַלאַראַלאַלאַ — לאַלאַראַל — לאַ — לאַ — לאַ.

## קאַפּיטעל XX.

זי איז געוועזען ליעבענסווירדיג, און ער האָט
זי געליעבט; נאָר ער איז נישט געוועזען
ליעבענסווירדיג, און זי האָט איהם נישט
געליעבט. (אַלט שטיק.)

און צוליעב דער דאָזיגער נאַרישער מעשה האָט איהר זיך

געוואָלט דערשיסען צום טויט?

מאַדאַם, ווען אַ מענש וויל זיך דערשיסען צום טויט, אַזוי האָט ער שוין שטענדיג דערצו פיעל סבות פון לאַנג, דערויף קאָנט איהר זיך פערלאָזען. נאָר צי ווייס ער אַליין די דאָזיגע סבות, דאָס איז די פראַגע. ביז צום לעצטען אויגענבליק שפּיעלען מיר אַ קאָמעדיע מיט זיך אַליין. מיר פערמאַסקירען אפילו אונזער אונגליק, און בשעת מיר שטאַרבען צוליעב אַ וואונד אין דער ברוסט, בעקלאָגען מיר זיך אויף צאָהנוועהטאָג.

מאַדאַם, איהר מוזט אַוודאי וויסען אַ מיטעל קעגען צאָהנוועהטאָג?

איך האָב אָבער געהאַט צאָהנוועהטאָג אין האַרצען. דאָס איז אַ מיאוסע זאַך, און דערצו העלפט זעהר גוט דאָס אָנפילען מיט בליי און דאָס צאָהנ־פולווער, וואָס בערטהאָלד שוואַרץ האָט ערפינדען.

אַזוי ווי אַ וואָרעם האָט דאָס אונגליק גענאָגט אין מיין האַרצען, און האָט גענאָגט — דער אָרעמער הינגעזעצער איז דערין גאָר ניט שולדיג, איך האָב דאָס דאָזיגע אונגליק מיט זיך מיטגעבראַכט אין דער וועלט אַריין. עס איז שוין מיט מיר אין וויעגעל געלעגען, און בשעת מיין מוטער האָט מיך געוויעגט, האָט זי עס אויך מיט־געוויעגט, און ווען זי האָט מיך איינגעזונגען צום שלאָפען, איז עס מיט מיר איינגעשלאָפען, און עס האָט ערוואַכט, ווי באַלד איך האָב נאָר וויעדער די אויגען געעפענט. ווען איך בין גרעסער געוואָרען, איז אויך דאָס אונגליק געוואַקסען, און ענדליך איז דאָס געוואָרען זעהר גרויס, און האָט צעבראָכען מיין —

לאָמיר בעסער רעדען פון עפּעס אַנדערש, פון דעם יונג־פרויען־קראַנץ, פון מאַסקענבעלער, פון פרעהליכקייט און התונה־שמחות — לאַלאַ־אַללאַלאַ, לאַלאַראַללאַלאַ, לאַלאַראַל — לאַ — לאַ — לאַ.





# דער טהעע.

(אַ הומאָרעסקע).

---

דער אָרט פון דער געשיכטע, וועלכע איך וויל איצט דער־צעהלען, זענען די בעדער פון לוקאַ.

דערשרעקט זיך נישט, דייטשער לעזער; עס איז דערין נישטאָ קיין פּאָליטיק, נאָר בלויז פילאָזאָפיע, אָדער נאָך מעהר, אַ פילאָזאָפישע מאָראַל, וואָס דו האָסט זעהר ליעב. עס איז ווירקליך זעהר פּאָליטיש פון דיין זייט, וואָס דו ווילסט נישט וויסען פון קיין פּאָליטיק, וואָרום דערפון וואָלסטו דאָך נאָר געהאַט אונאַנגענעהמהייטען און אימעט. מיינע גוטע פריינד זענען גערעכט, ווען זיי זענען מיט מיר נישט צופריעדען דערפאַר, וואָס איך בעשעפטיג זיך די לעצטע יאָהרען במעט נאָר מיט פּאָליטיק און האָב זאָגאַר אַרויסגעגעבען פּאָליטישע ביכער. „מיר לעזען אייך אפילו נישט, — האָבען זיי געזאָגט, — נאָר עס האַפט אונז שוין אָן אַ שרעק דערפאַר, וואָס אַזאַ

מײַן זאַך דרוקט זיך אין דײַטשלאַנד, אינ׳ם לאַנד פון פילאָזאָפיע און פאָעזיע. ווילסטו נישט מיט אונז צוזאַמען טרוימען, טאָ וועק אונז אַמוועניגסטענס נישט אויף פון זיסען שלאָף. לאָז צוזוהה די פּאָליטיק, פערברענג נישט דערויף דײַן שענע צײַט, לאָז נישט פערדאָרבען ווערען דײַן שענעם טאַלענט פאַר ליעבעס־ליעדער, טראַגעדיעס, נאָוועלען, און גיעב אונז דערין דײַנע קונסט־מײנונגען אָדער עפּעס אַ גוטע פילאָזאָפישע מאָראַל".

גאַנץ געהיים, איך וויל רוהיג אַזוי ווי די אַנדערע זיך אײַנציהען אויף אַ טרוימערישע קישען און דערצעהלען מײַן געשיכטע. די פילאָזאָפישע מאָראַל, וועלכע די דאָזיגע געשיכטע דאַרף ענטהאַלטען, בעשטעהט אין דעם זאַין: אַז טײַלמאָל קאָנען מיר ווערען לעכערליך, חאָטש מיר אַליין זענען דערין גאָרנישט שולדיג. אײַגענטליך האָלט איך אין דעם דאָזיגען זאַין געדאַרפט רעדען אין ערשטער פערזאָן אויף „איך" — נו יאָ, איך וויל דאָס, ליעבער לעזער, גאָר איך בעט דיך, לאַך נישט פון מיר פאַר אַ זאַך, וואָס איך בין אין איהר נישט שולדיג. וואָרום צי דען בין איך עפּעס שולדיג, וואָס איך האָב אַ גוטען געשמאַק, און וואָס גוטער טהעע שמעקט מיר גוט? און איך בין אַ דאַנקבאַרער מענש, און ווען איך בין געוועזען אין די בעדער פון לוקאַ, האָב איך געלויבט מײַן הויז־ווירט, וועלכער האָט מיר דאָרט געגעבען אַזאַ גוטען טהעע, ווי איך האָב נאָך קײנמאָל נישט געטרונקען.

דאָס דאָזיגע לויב־ליעד האָב איך זעהר אָפט געלאָזט הערען אויף בײַ לעדי וואולאַן, וועלכע האָט געוואָהנט אין דעם זעלבען הויז ווי איך, און די דאָזיגע דאַמע האָט זיך דערויף זעהר געוואונדערט, און בפרט נאָך דערפאַר, ווײַל זי, ווי זי האָט זיך געקלאָגט, האָט טראָץ איהרע אַלע ביטעס נישט געקאָנט בעקומען פון אונזער הויז־ווירט קײן גוטען טהעע, און דעריבער איז זי געוועזען געצוואונגען צו לאָזען ברענגען טהעע פון ליוואָרנאָ מיט אַ בעזונדערן שטאַפעט.

„דערפאַר אָבער איז דער דאָזיגער טהעע הימליש!" — האָט זי צוגעגעבען און האָט געטליך געשמײכעלט.

— מילעדי, — האָב איך געענטפערט, — איך וועט זיך, אַז מײַן טהעע איז נאָך פיעל בעסער.

די דאַמען, וועלכע זענען צופעליג געוועזען דערבײַ, זענען איצט דורך מיר געוואָרען אײַנגעלאַדען צום טהעע, און זיי האָבען צו־

געזאגט צו קומען אויף צו מארגענס אום זעקס אוהר אויף יענעם פרעהליכען בערגעל, וואו מען קאן זיצען צוזאמען אזוי טרויליך, און אראבקוקען אין טהאל.

עס איז אנגעקומען די שטונדע, דאס טישעלע איז געווען געדעקט, בוטערבראטעלעך זענען געווען אנגעשניטען, דאמעלעך האבען זיך מיט פערגניגען געפלוידערט — נאר קיין טהעע איז נישטא.

עס איז געווען זעקס, עס איז געווארען האלב זיבען, די אגענד־שאטען האבען ארומגערינגעלט די פיס פון די בערג אזוי ווי שווארצע שלאנגען, די וועלדער האבען געשמעקט אלין מיט מעהר בענקשאפט, די פויגעל האבען געצווישטשערט אלין שטארקער — נאר קיין טהעע איז נישט געזען. די זונען־שטראהלען האבען נאך געלויכטען נאר די קעפ פון די בערג, און איך האב די דאמען דערויף אויפמערקזאם געמאכט, אז די זון שיידט אב זעהר פאמעלעך, און מען זעהט, אז זי פערלאזט נישט גערן די געזעלשאפט פון איהרע שוועסטער די זונען.

דאס איז געהען זעהר גוט געזאגט — נאר קיין טהעע איז נישט געקומען.

ענדליך, ענדליך איז מיט א זיפצענדיג געזיכט געקומען מיין בעל־הבית און האט געפרעגט: צי ווילען מיר נישט אמאל געניכען מארבעט אנשטאט טהעע?

— טהעע! טהעע! — האבען מיר אלע אויסגערופען איינשטימיג.

— און גראדע דעם זעלבען — האב איך צוגעגעבען — ווילען איך טרינק אלע טאג.

— פון דעם זעלבען, עקסעלענצען? דאס איז נישט מעגליך!

— פאר וואס נישט מעגליך? — האב איך אויסגערופען מיט מערדרום.

מיין בעל־הבית איז מיר געווארען אלין מעהר פערלעגענער, ער האט זיך פערדהאקט, ער האט געשטאמעלט; נאר נאך א לאנגען שטאמלען, האט ער זיך סוף כל סוף מודה געווען — און עס האט זיך ערקלערט דאס שרעקליכע רעטעניש.

מיין הערר בעל־הבית, הייסט עס, האט פערשטאנען די געקאנטע קונץ, וויעדער אנצופילען מיט זעהר הייסען וואסער דעם טשייניק, פון וועלכען עס איז שוין געטרונקען געווארען, און דער

טהעע, וועלכער האָט מיר אַזוי גוט געשמעקט, און וועלכען איך האָב אַזוי שטאַרק געליבט, איז געוועזען טאַקי דער צוגאָס פון דעם זעל־בען טהעע, וואָס מיין שכניטע, לעדי וואולאַן, האָט געלאָזט ברענ־גען פון ליוואָרנאָ.

די בערג אַרום די וועלדער פון לוקאַ האָבען אַ גאַנץ אונגע־וועהנליכען עבאָ, און זיי קאָנען אַ דאַמען־געלעכטער וויעדערהאָלען אָהן אַ שיעור מאָל.





# געדאַנקען און איינפאַלען.*)

## איבער זיך אליין.

מיין גייסט איז זעהר פריעדליך געשטימט. מיין פערלאַנג איז: אַ בעשיידענער געצעהלט, אַ שטרוי־דאַך, נאָר אַ גוטע בעט, גוטעס עסען, מילך און פוטער זעהר פרישע, פאַר'ן פענסטער בלומען, פאַר דער טהיר עטליכע שענע בוימער, און אויב דער ליעבער גאָט וויל מיך שוין גאָר גליקליך מאַכען, וועט ער מיך לאָזען דערלעבען די שמחה, אַז אויף די דאָזיגע בוימער זאָלען אַנ'ערך זעקס ביז זיעבען פון מיינע שונאים אויפגעהאַנגען ווערען. מיט אַ געריהרטען האַרצען וועל איך זיי פאַר זייער טויט מוחל זיין פאַר אַלע עולות, וועלכע זיי זענען קעגען מיר בעגאַנגען אין לעבען —

*) די דאָזיגע אַפאָריזמען האָט מען אויסגעזאַמעלט פון היינע'ס פאַפיערען נאָך זיין טויט. היינע האָט געהאַט אַ געוואָהנהייט צו פערשרייבען יעדען געדאַנקען, וואָס איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ער וועט איהם שפעטער קאָנען בעאַרבייטען, אין דער פאָרם, ווי ער איז איהם איצט איינגעפאַלען. מיר גיבען פיר דיעזע אַפאָריזמען איינינע פון די שענסטע און טיעפסטע.

יא, מען מוז אונזערע שונאים מוחל זיין, נאר נישט פריהער, ביז מען הענגט זיי אויף.

*

איך בין נישט קיין בעל נקמה — איך וואלט גערן געוואלט מיינע שונאים ליעב האבען; נאר איך קאן זיי נישט ליעב האבען, ביז איך האב מיך אין זיי נישט נוקם געוועזן — ערשט דאן עפענט זיך פאר זיי אויף מיין הארץ. כל זמן מען האט זיך נישט נוקם געוועזן, בלייבט נאך אלץ איבער א ביטערקייט אין הארצען.

*

גאט וועט מיר מוחל זיין פאר די נארישקייטען, וועלכע איך האב איבער איהם געשריעבען, אזוי ווי איך בין מוחל מיינע געגנער פאר די נארישקייטען, וועלכע זיי האבען געגען מיר געשריבען, האטש זיי זענען געשטאנען גייסטיג טיעף נידעריגער פון מיר, אזוי ווי איך שטעה פיעל נידעריגער פון דיר, א מיין גאט!

# וועגען רעליגיע און פילאזאפיע.

---

דער גראנקען איז די נישט־געוועהנטע נאטור, די נאטור איז דער געוועהנער גראנקען.

*

יודענטום איז — אריסטאקראטיע: איין גאט האט בעשאפען די וועלט און רעגירט איבער איהר; אלע מענשען זענען זיינע קינדער, נאר די יודען זענען זיינע געליעבטעסטע און זייער לאנד איז זיין אויסערוועהלטער טעמפעל. ער איז א מאנארך, די יודען זענען די אריסטאקראטען, און פאלעסטינע איז גאטס מדינה.

קריסטענטום איז — דעמאקראטיע: איין גאט, וועלכער האט אלץ בעשאפען און רעגירט, נאר אלע מענשען ליעבט ער גלייך און אלע מדינות בעשיצט ער גלייך. ער איז שוין נישט קיין נאציאנאל־גאט, נאר א אוניווערסעלער.

*

די יודישע געשיכטע איז שען; נאר די יונגע יודען שאדען די אלטע, וועלכע מען וואלט געקאנט שטעלען פיעל העכער ווי די גריכען און די רוימער. איך מיין: ווען עס וואלט שוין מעהר נישט געווען קיין יודען און מען וואלט געוואוסט, אז עס געפינט זיך ערגעץ איין עקזעמפלאר פון דעם דאזיגען פאלק, וואלט מען הונדערט שטונדען געפאהרען, אבי איהם צו זעהן און איהם צו דריקען די הענד. — און איצט ווייכט מען אונז אויס!

*

די געשיכטע פון די נייערע יודען איז טראגיש, און שרעקליך

מען וועגען דאָס דאָזיגע טראַגישע, אַזוי ווערט מען נאָך אויסגעלאַכט
דאָס איז דאָס טראַגישסטע.

*

ווער גאָר טאָלעראַנט אָדער גאָרנישט, געהט אין אַ גוטען וועג
אָדער אין אַ שלעכטען; נאָר כדי צו בלייבען שטעהן האַרטנעקיג
אויפ'ן שיידע-וועג, דערצו וועגט איהר צו שוואַך — דאָס האָט
אפילו קיין הערקולעס נישט געקאָנט, און ער האָט זיך אין גיכען
געמוזט בעשליסען, אין וועלכען וועג צו געהן.

*

דער טויט-צעטעל איז דער אַריינגאַנגס-בילעט צו דער אייראָ-
פעאישער ליטעראַטור.

*

איך ליעב זיי (די יודען) פערזענליך.

*

די יודען, ווען זיי זענען גוט, זענען זיי בעסער ווי די קריסטען;
ווען זיי זענען שלעכט, זענען זיי ערגער ווי די קריסטען.

*

פאַר דעם פאָרצעלאַן, וואָס די יודען האָבען אַמאָל געמוזט
קויפען אין זאַקסען, בעקומען איצט די, וועלכע האָבען דאָס בעהאַלטען,
בעצאָהלט דעם הונדערט-פאַכסטען פּרייז. — ענדליך וועט ישׂראל
פאַר זיינע קרבנות בעצאָהלט ווערען דורך דעם, וואָס די גאַנצע וועלט
וועט איהם אַנערקענען, דורך רוהם און גרויסקייט.

*

איז שוין די מיסיע פון די יודען געענדיגט? איך מיין: דאָס האָט זיין ערשט ווען דער וועלטליכער ערלעזער וועט קומען: אינ־דוסטריע, אַרבייט, פרייד. דער וועלטליכער ערלעזער קומט אויף אַ אייזענבאַהן, מיכעל טרעט אויס פאַר איהם אַ וועג, רויזען ווערען אויסגעשפרייט פון זיינעטוועגען.

*

וויפיעל האָט שוין גאָט געטהון, כדי אויסצוהיילען דאָס שלעכטס פון דער וועלט! אין משה'ס צייט האָט ער געטהון וואונדער איבער וואונדער, שפּעטער האָט ער אין דער געשטאַלט פון קריסטוס זיך געלאָזט זאָגאַר שמייסען און קרייציגען, ענדליך האָט ער אין דער געשטאַלט פון אַנפאַנטען געטהון דאָס אונגעהויערסטע, כדי צו רעטען די וועלט: ער האָט זיך געמאַכט לעכערליך — נאָר אומזיסט! נאָר סוף כל סוף וועט איהם פיליייכט אָנהאַפּען דער שגעון פון פערצווייפלונג, און ער וועט צעקלאַפּען זיין קאָפּ אָן דער וועלט, זון ער און די וועלט וועלען צעטרימערט ווערען.

*

די פילאָזאָפען האָבען אין זייער קאַמפּף קעגען דער רעליגיאָן צערשטערט די היידנישע רעליגיאָן, נאָר אַ נייע, די קריסטליכע רעליגיאָן, איז אויפגעקומען. אויך מיט דער דאָזיגער איז מען שוין באַלד פערטיג, נאָר עס וועט געוויס אָנקומען אַ נייע, און די פילאָזאָפען וועלען ווידער האָבען אַ נייע אַרבייט, נאָר ווידער טאַקי אומזיסט: די וועלט איז אַ גרויסע שטאַהל פון בהמות, וועלכע עס איז נישט אַזוי לייכט אויסצורייניגען, ווייל בשעת מען קעהרט אויס בלייבען דערין די אָקסען און מאַכען כסדר אָן נייע מיסט.

*

אין דונקעלע צייטען זענען די פעלקער צום בעסטען געפיהרט געוואָרען דורך די רעליגיאָן, אַזוי ווי אין אַ שטאָק־פינסטערע נאַכט איז אַ בלינדער אונזער בעסטער וועג־ווייזער; ער קען דערמאָלט די

וועגען און שטעגען בעסער ווי אַ זעהענדיגער. — עס איז אָבער נאַריש, ווי באַלד עס ווערט נאָר טאָג, נאָך אַלץ צו בענוצען די אַלטע וועג-ווייזער.

*

צי איז אין דער היסטאָריע אויך דאָ טאָג און נאַכט, אַזוי ווי אין דער נאַטור? מיט'ן דריטען יאָהרהונדערט פון קריסטענטום הויבט זיך אָן די דונקעלהייט, אומעטיגע אָבענד-רויטקייט פון די נעאָפּלאַטאָניקער, דאָס מיטעלאַלטער איז געווען אַ דיקע נאַכט, איצט שטייגט אַרויף דאָס פריהמאָרגען-ליכט — איך גריס דיך, פעבוס אַפּאָלאָ! וואָס פאַר אַ טרוימען זענען געווען אין יענער נאַכט, וועלכע רוחות, וועלכע נאַכט-וואַנדערער, וואָס פאַר אַ גאַסען-לאַרעם. כער-דערייען און רציחות — איך וועל וועגען דעם דערצעהלען.

*

איך זעה קלאָר די וואונדער פון דער פערגאַנגענהייט. אַ שליי-ער ליעגט אויף דער צוקונפט. נאָר דער דאָזיגער שלייער איז אַ ראָזען-פאַרביגער, און דורך איהם שימערען גאָלדענע זיילען און ציערונגען און עס קלינגט זיעס.

---

# וועגען קונסט און ליטעראטור.

א בוך מוז אויסשטעהן זיין צייט, אזוי ווי א קינד. אלע ביכער, וועלכע ווערען שנעל געשריבען אין ווענינ וואכען, ערוועקען אין מיר א געוויסען שלעכטען געפיהל קעגען זייער פערפאסער; א ערענטליכע פרוי ברענגט נישט איהר קינד אויף דער וועלט פאר דעם ניינטען מאנאט.

•

אין דער קונסט איז די פארם אלין, דער שטאף איז גארנישט. שמויב בערעכענט פארין פראק, וועלכען ער נעהמט אויף נישט מיט זיין טוך, דעם זעלבען פרייז, ווי פאר א פראק מיט זיין אייגענעם טוך. ער הייסט זיך נאר בעצאהלען פאר די פארם און דעם שטאף שענקט ער.

•

א סקולפטאר, וועלכער שניצט גלייכצייטיג אויס אי א בילד פון נאפאלעאן אי א בילד פון וועלינגטאן, קומט מיר פאר אזוי ווי א פריעסטער, וועלכער זויל אום צעהן אוהר פרעדיגען אין א קירכע און אום צוועלף אזיגער דאוונען פארין עמוד אין א שוהל — פארוואס נישט? ער קאן דאס; נאר וואו דאס טרעפט, ווערט מען אין גיכען אויפהערען צו בעזוכען אי די קירכע, אי די שוהל.

פאר פאעטען איז עס נאך שווערער ווי פאר סקולפטארען צו רעדען מיט צוויי שפראכען — אח! דאס רוב פון זיי קאנען קוים איין שפראך רעדען.

*

מען לויבט דעם דראַמאַטישען פּאָעט, וועלכער פערשטעהט אַרויסצורופען טרעהרען. — אַזאַ טאַלענט האָט אויך די ערגסטע ציבעלע, מיט דער דאָזיגער ציבעלע טיילט זיך אַזאַ מין דראַמאַטישער פּאָעט מיט זיין רוהם.

*

דאָס טעאַטער איז נישט גינסטיג פאַר פּאָעטען.

*

אַזוי ווי בכלל קוקט יעדער מענש אויף אַ בעשטימטע זאַך אויף אַן אַנדער אופן, אַזוי זעהט אויך יעדער מענש אין אַ בעשטימטען בוך עפּעס אַנדערש ווי אַ צווייטער. דעריבער מוז אויך דער איבערזעצער זיין אַ גייסטיג־בעגאַבטער מענש, וואָרום ער מוז זעהן אין בוך דאָס וויכטיגסטע און בעסטע, כדי ער זאָל דאָס קאָנען איבערגעבען. דעם פערשטאַנד פון וואָרט, דעם קערפּערליכען זינען קאָן איבערזעצען יעדער, וועלכער האָט געלייענט אַ גראַמאַטיק און זיך פערשאַפט אַ ווערטער־בוך. נאָר נישט יעדער קאָן איבערזעצען דעם גייסט פון אַ בוך.

# װעגען מלוכה און געזעלשאַפֿט.

די געזעלשאַפֿט איז שטענדיג רעפּובליק — די אײנצעלנע שטרעבען שטענדיג אַרױס בעזונדער און דער כּלל שטױסט זײ צוריק.

*

דאָס איזל, װאָס װערט געגעבען אױף די קאָפּ פֿון די קעניגען, צי שטילט עס די געדאַנקען־שטורמען?

*

דינער, װעלכע האָבען נישט קײן הערן, װענען נאָך דערבײ נישט קײן פֿרײַע מענשען — דאָס דינען ליעגט אין זײער נשמה.

*

דער דײַטשער איז גלײַך צו אַ שקלאַװ, װעלכער פֿאָלגט זײַן הערן אָהן קײטען, אָהן אַ בײַטש, נאָר בלױז דורך אַ װאָרט. יאָ אפילו דורך אַ בליק. די קנעכטשאַפֿט איז אין איהם אַלײן, אין זײַן נשמה; ערגער װי די מאַטעריעלע שקלאַװערײַ איז די גײַסטיגע. מען מוז די דײַטשען פֿון אינװעניג בעפֿרײַען, פֿון אױסענװעניג העלפֿט עס גאָר נישט.

*

די דײַטשען אַרבײטען איצט אױסצובילדען זײער נאַציאָנאַליטעט. נאָר זײ האָבען זיך דערצו גענומען צו שפּעט. װען די װעלען דאָס שױן פֿערטיג מאַכען, װעט דער גײַסט פֿון נאַציאָנאַליטעט שױן האָבען אױפֿגעהערט אױף דער װעלט, און די דײַטשען װעלען אױך זײער נאַציאָנאַליטעט מוזען פֿערלאָזען, נישט אַרױסציהענדיג דערפֿון קײנע נוצען, אַזױ װי די פֿראַנצױזען אָדער בריטען.

*

* * האָט נִישט לִיעבּ דִי יוּדְען. ווען אִיךְ האָבּ אִיהם אֵיין מָאָל גְעפְרֶעגְט וועגֶען דֶעם, האָט עֶר מִיר גְעֶענְטפֶערְט: „זֵיי זֶענֶען שלעכט אָהן גְרַאצְיֶע, עֶרְוועקֶען מוֹרא קֶעגֶען דִי שלֶעכְטִקַייט און בְּרֶענְגֶען מִיר מֶעהר שאַדֶען ווִי נוּצֶען".

*

אוֹיךְ רָאָטשִׁילְד וואָלט גֶעקָאָנט בּוֹיעֶן אַ וואַלְהאַלאַ*) — אַ פַּאנְטְעהאָן**) פוּן אַלֶע פִירְשְטֶען, וועלְכֶע האָבֶּען בּייַ אִיהם גֶעלְד גֶעבּאָרְגְט.

*

דִי הוֹיפְּט־אַרְמֶעע פוּן רָאָטשִׁילְד'ס שוֹנְאִים בֶּעשְטֶעהְט פוּן דִי אַלֶע, וועלְכֶע האָבֶּען גאָר נִישְט; זֵיי אַלֶע טְרַאכְטֶען: וואָס מִיר האָבֶּען נִישְט, האָט רָאָטשִׁילְד. צוּ זֵיי קוּמְט נאָךְ צוּ דִי מַאסֶע פוּן דִי יֶענִיגֶע, וועלְכֶע פֶערְלִיעֶרֶען זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען; אָנְשְטאָט צוּ פֶערְשְטֶעהְן, אַז זֵיי האָבֶּען דאָס פֶערְלאָרֶען צוּלִיעבּ זֵייעֶר נאַרִישְקַייט, מֵיינֶען זֵיי, אַז דֶערִין אִיז שוּלְדִיג דִי הִיטְרֶעקַייט פוּן דִי, וועלְכֶע האַלְטֶען יאָ אַיין זֵייעֶר פֶערְמֶעגֶען. קוֹים האָט עֶמִיצֶער שוֹין מֶעהר קֵיין גֶעלְד נִישְט, אַזוֹי ווערְט עֶר רָאָטשִׁילְד'ס אַ שוֹנא.

*

דֶער קָאָמְפּוֹנִיסְט, וועלְכֶער האָט מִיט רָאָטשִׁילְד'ן גֶעהָאָלְט צֶע־טֵיילֶען זִיךְ מִיט זֵיינֶע 800 מִילְיאָנֶען; רָאָטשִׁילְד האָט אִיהם אָפּ־גֶעשִׁיקְט דִי נֵיין סוּ, וואָס קוּמֶען אוֹיף אִיהְם זֵיין חלק — „און אִיצְט לָאָז מִיךְ צוּרוּה!"

---

*) אַ גַן־עֵדֶן בֶּעשְטִימְט פַאר הֶעלְדֶען.

**) אַ פַּאלַאץ פַאר גְרוֹיסֶע לֵייט.

*

נאָך די פּעטע קיה, קומען די מאגערע, נאַך די מאָגערע בלײַבט מען אינגאַנצען אָהן פלייש.

*

איך װיל נביאות זאָגען: איין מאָל אום װינטער װעט איהר דערלעבען אַ רעװאָלוציע, װעלכע װעט זײַן שרעקליכער װי אַלע פריהערינגע! װען דאָס בלוט רינט אין שנעע!

*

די אַלטע לעגענדע װעגען די דרײַ ברידער װערט מקוים. איינער לױפט הונדערט מײַל אין איין שטונדע, דער אַנדערער זעהט אויף הונדערט מײַל װײַט, דער דריטער שיעסט אויף הונדערט מײַל הײַט, — דער פיערטער בלאָזט אַװעק גאַנצע אַרמעען — אײַזענבאַהן, טעלעגראַף, האַרמאַטען, פולװער אָדער די פּרעסע.

*

דאָס גענטער די מענשען זענען געשטאַנען בײַ נאַפּאָלעאָן, אַלץ מעהר האָבען זיי איהם בעװאונדערט — בײַ אַנדערע העלדען טרעפט עס פּונקט פערקעהרט.

*

נאַפּאָלעאָן איז נישט געװען פון דעם װעלכען האָלץ, פון װעלכען עס װערען געמאַכט די קעניגען — ער איז געװען פון יענעם מאַרמאָר, פון װעלכען מען מאַכט געטער.

*

זיי האָבען איהם געווירעלט, נאָר דאָך שטענדיג מיט אַ געוויסען רעספּעקט — בשעת זיי האָבען מיט דער רעכטער האַנד אויף איהם געוואָרפען שמוץ, האָבען זיי אין דער לינקער געהאַלטען דעם הוט.

*

מען ווייס נישט, פאַר וואָס אונזערע פירשטען הערען אויפאַלט — זיי האָבען מורא צו שטאַרבען, זיי האָבען מורא, טאָמער וועלען זיי אויף יענער וועלט זיך ווידער טרעפען מיט נאַפּאָלעאָן.

*

דאָס פאָלק פון פּאַריז האָט בעפרייט די וועלט, און האָט דערפאַר אפילו קיין טרינקגעלד נישט אָנגענומען.

*

דאָס יונגע דיענסט-מעדעל זאָגט: „דער העלד מוז זיין זעהר רייך, ווייל ער איז זעהר מיאוס". דאָס פּובליקום זאָגט זיך אויך אַרויס אויף דעם זעלבען אופן: „דער דאָזיגער מענש מוז זיין זעהר געלעהרט, ווייל ער איז זעהר לאַנגווייליג". דערפון נעהמט זיך דער ערפאָלג פון פיעל דייטשען אין פּאַריז.

---

# וועגן פרויען, ליעבע און הייראט.

וואו עס הערט אויף די פרוי, הויבט זיך אָן דער שלעכטער מענש.

•

אין דער יוגענד איז די ליעבע שטורמישער, נאָר נישט אַזוי שטאַרק, נישט אַזוי מעכטיג ווי שפּעטער. אויך איז זי אין דער יוגענד נישט אַזוי דויערהאַפט, ווייל דער קערפּער ליעבט אויך, ער פערלאַנגט קערפּערליכע אויסדרוקען פון דער ליעבע, און ער גיעט איבער דער נשמה דעם גאַנצען שטורעם פון זיין בלוט, זיין גאַנצע קראַפט. שפּעטער, ווען דאָס דאָזיגע הערט אויף, ווען דאָס בלוט פליעסט שוין פאַמעלעכער אין די אָדערען, ווען דער קערפּער איז שוין מעהר נישט פערליעבט, ליעבט די נשמה גאָר אַליין, די אונשטערבליכע נשמה, און אַזוי ווי די נשמה איז אַ עביגע, אַזוי ווי זי איז נישט אַזוי שוואַך ווי דער קערפּער, דעריבער האָט זי זיך צייט, און זי ליעבט שוין נישט מעהר אַזוי שטורמיש, נאָר דערפאַר דויערהאַפטער, נאָך אַבגרונד־טיעפער, נאָך איבער־מענשליכער.

•

אַז קסאַנטיפּעס מאַן איז געוואָרען אַזאַ גרויסער פילאָזאָף, איז מערקווירדיג. אַ מענש זאָל נאָך קאָנען דענקען טראָץ אַלע מחלוקת'ן! נאָר שרייבען האָט ער נישט געקאָנט, דאָס איז שוין געווען אונמעגליך: סאָקראַטעס האָט נישט איבערגעלאָזט קיין איינציג בוך.

•

ייִפיעל העכער שטעהט די פרוי ביי משה, ווי ביי אַלע אַנדערע מזרח־פעלקער, אָדער אפילו ווי ביי די מאַהמאַדאַנער נאָך ביז היינטיגען טאָג! די מאַהמאַדאַנער זאָגען בעשטימט, אַז די פרוי קומט קיינמאָל

פּישט אין גן־עדן; מאַהמעד האָט זיי פון דאָרט אויסגעשלאָסען. צי האָט ער נישט אַמאָל גערעכענט, אַז דער גן־עדן וואָלט קיין גן־עדן נישט געווען, ווען יעדער מענש וואָלט דאָרט צוריק געפונען זיין פרוי?

•

די מוזיק ביים פיהרען צו דער חופּה דערמאָהנט מיך שטענדיג אָן דער מוזיק ביי סאָלדאַטען, וועלכע געהען אין אַ מלחמה.



היינריך היינע.

# די האַרצרייזע.

איבערזעצט

פון ז. רייזין.

פערלאַג
„וועלט-ביבליאָטעק".

וואַרשא. תרע"א.

דרוק י. עדעלשטיין, נאַלעווקי 38.

, קיין זאך דויערט אזוי, ווי דאָס פֿער־
ענדערען זיך, קיין זאך איז אזוי איי‏ביג, ווי
דער טויט. יעדער שלאָג פֿון הארצען מאַכט
אונז א וואונד, און דאָס לעבען וואָלט זיין
אַן'איי‏ביגעס פֿערבלוטען, ווען עס וואָלט ניט
געווען די דיכטקונסט. זי גיט אונז דאָס, אין
וואָס די נאַטור האָט אונז אָבגעזאָגט: א גאָל־
דענע צייט, וועלכע ראָסטעט נישט, אַ פֿריה־
לינג, וועלכער פֿערבליהט נישט, אומבעוואָל־
קענט גליק און איי‏ביגע יוגענד.

בערנע.

# די האַרצרייזע.

(1824).

---

שוואַרצע רעק און זיידנע זאָקען,
די מאַנזשעטען פיין געטראָגען,
זאַנפטע רעד און צאַרטע האַלטונג
אַך, ווען הערצער אין זיי שלאָגען!

הערצער אין דער ברוסט און ליעבע,
וואַרעמע ליעבע אין דעם האַרצען =
אַך, איך לייד נישט זייער זינגען
פון די פאַלשע ליעבעס-שמערצען.

אויף די בערגער וועל איך שטייגען,
וואו די פרומע הייזלעך שטעהען,
וואו עס פריי די ברוסט דערהויבט זיך,
און די פרייע ווינדען וועהען.

אויף די בערגער וועל איך שטייגען,
וואו די טאַנען תפילה זאָגען,
טייכען רוישען, פויגעל זינגען,
און די שטאָלצע וואָלקען יאָגען.

זייט געזונד, איהר גלאַטע הערען;
גלאַטע דאַמען און סאַלאָנען!
אויף די בערגער וועל איך שטייגען,
מיט אַ שמייכעל אייך דערמאָהנען.

---

די שטאָדט געטינגען, בעריהמט מיט איהרע וואורשט און אוניווערזיטעט, געהערט דעם קעניג פון האַנאָווער, און האָט 999 הייזער, פערשידענע קירכען, אַנאַנשטאַלט פאַר קינפּעטאָרינס, אַ הויז פאַר שטערענזעהער, אַ קאַרצער, אַ ביבליאָטעק און אַ מאַגיסטראַטס־קעלער, וואו דאָס ביער איז זעהר גוט. דער פערביי־פליסענדער טייך הייסט „די לעינע", און דיענט זומערצייט צום באָדען זיך; דאָס וואַסער איז זעהר קאַלט און אין איינינגע ערטער אַזוי ברייט, אַז לידער האָטווירקליך געמוזט זיך גוט פונאַנדערלויפען, ווען ער איז איהם אַריבערגעשפרונגען. די שטאָדט גופא איז שען און געפעלט אַמבעסטען, ווען מ'קוקט זי אָן מיט'ן רוקען. זי מוז שוין זעהר לאַנג שטעהן, דען איך געדענק, אַז ווען איך בין דאָרט פאַר פינף יאָהרען אימאַטריקולירט און באַלד נאָכדעם קאָנסולירט געוואָרען, האָט זי שוין געהאַט דאָס זעלבע גרויע אַלטקלוגע אויסזעהן און איז שוין געוועזן פול געפּאַקט מיט שצורעס, פודעלן, דיסערטאַציעס, Thés-dansants וועשעריננס, קאָמפּענדיען, טויבען־געבראָטענס, גוועלפען־אָרדענס, ליולקעס, הויפראַטען, יוסטיץ־ראַטען, רעלעגאַציאָנס־ראַטען, פּראָפאַקסען און אַנדערע פאַקסען. איינינגע בעהויפּטען אַפילו, אַז די שטאָדט איז אויפגעבויט געוואָרען אין דער צייט פון דער פעלקער־וואַנדערונג, און אַז יעדער דייטשער שטאַם האָט דאָ געלאָזען צו איין אומגעלומפּערטען עקזעמפּלאַר פון זיינע מיטגליעדער, און דערפון זענען דאָס אַרויסגעקומען די אַלע וואַנדאַלען, פריזען, שוואַבען, טעווטאָנען, זאַקסען, טירינגער א. אַז. וו., וועלכע שלעפּען זיך אַרום מחנות'וויז ביז אויף דעם היינטיגען טאָג איבער דער וועענדער־גאַס, אונטערשיידענדיג זיך איינער פון דעם אַנדערען נאָר מיט דער פאַרב פון די היטלען און ליולקעס. די שלאָגען זיך אייביג צווישען זיך אויף די בלוטיגע קאַמפּף־פעלדער פון ראַזענמיהל, ריטשענקרוג און באָווצען, לעבען נאָך אַליך לויט די זעלבע זיטען און מנהגים, ווי אין דער צייט פון דער פעלקער־וואַנדערונג, און ווערען רעגירט טיילס דורך זייערע עלטסטע, וועלכע הייסען הויפּט־העהצער, טיילס דורך זייער אוראַלטעס געזעצבוך, וואָס הייסט קאָמענט און וואָס פערדיענט צו האָבען אַנ'אָרט אין די Barbaro-rum'o.

אין אַלגעמיין ווערען די איינוואוינער פון געטינגען איינגעטיילט אין סטודענטען, פּראָפעסאָרען, פיליסטערען און פיה; די דאָזיגע פיער קלאַסען אונטערשיידען זיך איינער פון דעם אַנדערען גאַנץ וועניג

דער פּיה־קלאַס איז דער בעדייטענדסטער. אויסצורעכענען דאָ די נעמען פֿון אַלע סטודענטען און אַלע אָרדענטליכע און אומאָרדענטליכע פּראָפֿעסאָרען וואָלט הייסען צופֿיעל מאריך זיין; אויסערדעם זענען מיר אין דעם האָזיגען אויגענבליק נישט אַלע סטודענטען־נעמען אין זכרון, און צווישען די פּראָפֿעסאָרען זענען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבען נאָך גאָר קיין נעמען ניט. די צאָהל פֿון די געטינגענער פֿיליסטערען מוז זיין זעהר גרויס, ווי זאַמד, אָדער בעסער געזאָגט, ווי קויט אין ים; ווען איך זיי אין דערפֿריה שטעהען פֿאַר די טיהרען פֿון דעם אַקאַדעמישען געריכט מיט זייערע שמוציגע פּנים'ער און ווייסע רעכענונגען, קאָן איך בנאמנות, קוים בעגרייפֿען, ווי האָט עס גאָט געקאָנט בעשאַפֿען אַזוי פֿיעל לומפּען און טויגעניכטסען.

אויספֿיהרליכערע פּרטים וועגען געטינגען קאָן מען זעהר לייכט געפֿינען אין דער טאָפּאָגראַפֿיע פֿון דער דאָזיגער שטאָדט, פֿערפֿאַסט פֿון ק. פֿ. ה. מאַרקס. נישט קוקענדיג דערויף, וואָס איך האָב די היליגסטע געפֿיהלען פֿון דאַנקבאַרקייט צו דעם פֿערפֿאַסער, וועלכער איז געווען מיין דאָקטאָר און האָט מיר אַרויסגעוויזען פֿיעל ליעבע, קאָן איך דאָך זיין ווערק נישט לויבען אונבעדינגט, און איך מוז איהם טאַדלען דערפֿאַר, וואָס ער האָט נישט גענוג שטרענג אָבגעלייקענט יענע פֿאַלשע מיינונג, אַז די געטינגערינס האָבען כלומרשט צו גרויסע פֿיס. יאָ, איך האָב מיך זעהר לאַנג בעשעפֿטיגט ערנסט אָבצולייקענען די דאָזיגע מיינונג, איך האָב צוליעב דעם געהערט לעקציעס איבער פֿערגלייכענדע אַנאַטאָמיע, האָב אַרויסגעקראָגען די זעלטענסטע ווערק פֿון דער ביבליאָטעק, פֿלעג שעה'ן־לאַנג שטודירען אויף דער וועדנער־גאַס די פֿיס פֿון די פֿערביינעהענדע דאַמען, און אין דער העכסט־וויסענשאַפֿטליכער אָבהאַנדלונג, וועלכע וועט ענטהאַלטען די רעזולטאַטען פֿון די דאָזיגע שטודיען, בעהאַנדעל איך: 1) די פֿיס איבערהויפּט, 2) די פֿיס ביי די אַלטע, 3) די פֿיס פֿון עלפֿאַנטען, 4) די פֿיס פֿון די געטינגערינס, 5) ברענג איך צוזאַמען אַלץ, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרען וועגען די דאָזיגע פֿיס, 6) בעטראַכט איך די דאָזיגע פֿיס אין זייער צוזאַמענהאַנג מיט די אַנדערע איברים און ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט פֿערברייט איך מיך וועגען ליטקעס, קניע, א. אַז. וו., און ענדליך 7) אויב איך וועל נאָר קאָנען קריגען אַזאַ גרויסען בויגען פּאַפּיר, וועל איך נאָך דערצו צוגעבען איניגע ציינונגען פֿון די געטינגישע דאַמען־פֿיס אויסגעראַדירט.

עס איז נאָך געוועזן זעהר פריה, ווען איך האָב פערלאָזט געטינגען און דער געלעהרטער *** איז נאָך געווים געלעגען אין בעט און האט ווי געוועהנליך, געחלומט, אז ער שפּאַצירט אין אַ שענעם גאָרטען, וואָס אויף זיינע בייטען וואַקסען ליטער ווייסע מיט ציטאַטען־בעשריבענע פּאַפּירלעך; זיי גלאַנצען ליעבליך אין דעם זונען־שיין, און ער רייסט פון זיי אַלע ווייַלע איינינגע אָב און פערפלאַנצט זיי פלייסיג אין אַ נייער בייט, אין דער צייט, ווען די נאַכטיגאַלען דערקוויקען מיט זייערע זיסטע טענער זיין אַלטעס האַרץ.

פאַר דעם וועגדער טויער האָבען מיך בעגעגענט צוויי איינגעבאָרענע קליינע שול־יונגלעך. איינער פון זיי האט געזאָגט צו דעם אַנדערען: „מיט טעאָדאָר'ן בין איך אויס חבר; ער איז אַ מאוס'ער יונג, דען ער האט נעכטען נישט געוואוסט, ווי ווערט זיין דער געניטיוו פון Mensa די דאָזיגע ווערטער קלינגען, דאַכט זיך, זעהר אונבעדייטענד, האָך מוז איך זיי ווידער דערמאָהנען; מען וואָלט זיי אַפילו געמעגט אויסקריצען אויף די טויערען, אַלס שטאָדט־דעוויז; דען די יונגע פּיפּסען, ווי די אַלטע פייפען, און די דאָזיגע ווערטער בעצייכענען זעהר גוט דעם ענגען, טרוקענעם, לומדיש־פּאַפּירענעם שטאָלץ פון דער וואוילקענעווריגער Georgia Augusta.

אויף דער שאָסיי האט געוועהט אַ פרישער מאָרגען־ווינטעל, די פויגעל האָבען געזונגען זעהר פרעהליך, און אויך מיר איז געוואָרען אַלץ פרישער און פרעהליכער אויפ'ן האַרצען. אַזאַ דערקוויקונג איז געקומען צו דער רעכטער צייט. די לעצטע צייט בין איך נישט אַרויסגעגאַנגען פונ'ם פאַנדעקטען־שטאַל, די רוימישע פּלפּול־קעפּ האָבען מיר אַרומגעפּלאָכטען דעם גייסט, אַזוי ווי מיט אַ גרויען שפּינוועבס, מיין האַרץ איז געוועזן אַזוי ווי איינגעקלעמט צווישען די אייזערנע פּאַראַגראַפען פון די זעלבסטשטענדיגע רעכטס־סיסטעמען, שטענדיג האט עס מיר געקלונגען אין די אויערען אַ מין „טריבאָניאַן, יוסטיניאַן, הערמאָגעניאַן און דומעריאַן", און אַ צערטליך פערליעבטעס פּאָר'ל, וואָס איז געזעסען אונטער אַ בוים, האָב איך גאָר אָנגענומען פאַר אַנ'עקזעמפּלאַר פון „קאָרפּוס יוריס"*) מיט צונויפגעשלאָגענע הענד. דער וועג האט גענומען ווערען לעבעדיגער. עס זענען פאַרבייגעגאַנגען מיידלעך — מילך־פערקויפערינס; אויך אייזעל־

*) בערימהמטעס געזעצען־זאַמלונג. קאָדעקס.

טרײַבער מיט זײַערע גרויע אײזלען. הינטער װענדע האָבען מיך בעגעגענט שעפֿער און האָרים. דאָס איז נישט דאָס אידילישע פּאָר, װאָס געסנער האָט בעזונגען, נאָר צװײ פֿול־געפּאַקטע אוניװערזיטעטס־פּעדעלן, װאָס זײער עובדה איז געװען שטאַרק אַכטונג צו געבען, אַז די סטודענטען זאָלען זיך נישט דועלירען אין אַז אַ װעלכער נישט איז פּריװאַט־דאָצענט אַ ספּעקוליאַנט זאָל חלילה נישט אַרײַנשמוגלען אין שטאָדט אַרײַן קײן שום נײַע אידעען, װעלכע מוזען עד היום האַלטען עטליכע יאָהר קאַראַנטין פֿאַר געטינגען. שעפֿער האָט מיך בעגריסט, װי אַ קאָלעגע; מחמת ער איז אויך אַ שריפֿטשטעלער און האָט מיך אָפֿט דערמאָהנט אין זײַנע האַלבּיעהריגע שריפֿטען; און אויסערדעם האָט ער מיך אויך זעהר אָפֿט ציטירט, און, װען ער פֿלעגט מיך נישט טרעפֿען אין דער־הײם, פֿלעגט ער זײַן אַזוי גוט און פֿלעגט די ציטאַט אָנשרײַבען מיט קרײַד אויף דער טהיר פֿון מײַן צימער. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגען אויך פֿאַרבײַפֿאָהרען פֿודרען, פֿול אָנגעפּאַקט מיט סטודענטען, װעלכע זענען אַרויסגעפֿאָהרען פֿון דאַנען אויף די פֿעריען־צײַט אָדער אויף אַלעמאָל. אין אַזאַ אוניװערזיטעטס־שטאָדט איז אַ שטענדיגער אַרײַנפֿאָהר און אַרויספֿאָהר, אַלע דרײַ יאָהר געפֿינט מען דאָרט אַ נײַעם דור סטודענטען. דאָס איז אַן אײביגער מענשען־שטראָם, װאו אײן סעמעסטער־כװאַליע שטויסט אַרויס דאָס אַנדערע, און נאָר די אַלטע פּראָפֿעסאָרען בלײַבען שטעהן אין דער דאָזיגער אַלגעמײנער בעװעגונג, פֿעסט און אונבעריהרט, אַזוי װי די פּיראַמידען פֿון מצרים — אָבער אין די דאָזיגע אוניװערזיטעטס־פּיראַמידען איז ניט פֿערבאָרגען קײן שום חכמה.

פֿון דעם מירטען־װעלדעל בײַ ר ו י ש ע נ װ אַ ס ע ר האָב איך דערזעהען אַרויסרײַטען צװײ האָפֿנונגס־פֿולע יונגלעך. אַ פֿרוי, װאָס בעשעפֿטיגט זיך דאָרט מיט איהר האָריזאָנטאַלער מלאכה, האָט זײ בעגלײט ביז אויפ׳ן װעג אַרויס, מיט אַ געניטער האַנד אַ קלאַפּ גע־געבען די פֿערד איבער די מאָגערע רוקענס און האָט זיך הויך אויפ׳ן קול פֿונאַנדערגעלאַכט, װען אײנער פֿון די רײַטער האָט איהר אַרויסגעװיזען מיט׳ן בײַטש פּונקט אַזאַ מין העפֿליכקײט איבער איהרע אײַנגענעם ברײטען רוקען; דערנאָך האָט זי זיך געלאָזט געהן צו באָװדען צו. די יונגלעך אָבער האָבען אַװעקגעיאָגט קײן נערטען,

זיך זעהר גײַסטרײַך געריסען אויף די העלזער, און האָבען זעהר ליעבליך געזונגען דאָס ראָסינישע ליעד: „טרינק ביער, ליעבע, ליעבע ליזע!“ די דאָזיגע טענער האָב איך נאָך לאַנג געהערט פֿון דער ווײַטענס; די ליעבע זינגער גופֿא האָב איך אָבער באַלד אינגאַנצען פֿערלאָרען פֿון אויג, אַזוי שטאַרק האָבען זיי אָנגעטריבען און געשמיסען די פֿערד, וועלכע האָבען אין פֿלוג אַ פּנים געהאַט אַ דײַטשען לאַנגזאַמען כאַראַקטער. אין ערגעץ שינדט מען נישט אַזוי די הויט פֿון די פֿערד ווי אין געטינגען, און אָפֿט, ווען איך זעה, ווי אַזאַ הינקעדיגע קליאַטשע בעגיסט זיך מיט טײַכען שווייס און ווערט פֿאַר דאָס ביסעל אָרימע היי און האָבער אַזוי שרעקליך געפּײַניגט פֿון די ריטער פֿון רוישענוואַסער, אָדער ווען זי מוז נעבעך גאָר שלעפּען אַ גאַנצען וואָגען מיט סטודענטען, דאַן טראַכט איך: „אָ, דו אָרימע קליאַטשע, דײַנע אָבות האָבען געוויס געגעסען פֿערבאָטענעם האָבער אין גן־עדן!“

אין דעם נערטענער גאַסטהויז האָב איך ווידער געטראָפֿען בײדע יונגליך. איינער פֿון זיי האָט מיט גרויס התמדה געשלונגען אַ הערינג־סאַלאַט, און דער אַנדערער האָט זיך אונטערהאַלטען מיט דער געלער מויד, פֿוזיאַ קאַנינאַ, וועלכע האָט אויך געהייסען טריט־פֿויגעל. ער האָט איהר געמאַכט אייניגע קאָמפּלימענטען און צום סוף האָבען די הענד אויך גענומען אַרבײַטען. כדי צו מאַכען זיך גרינגער מײַן רענצעל, האָב איך פֿון דאָרט אַרויסגענומען די בלויע הויזען, וועלכע זענען זעהר מערקווירדיג אין היסטאָרישער הינזיכט, און האָב זיי אַוועקגעשענקט דעם קלײנעם קעלנער, וועלכער הייסט קאָליברי. דערווײַל האָט מיר די אַלטע בעל־הבית׳טע, בוסעניגאַ, געבראַכט אַ פּוטערברויט און האָט זיך בעקלאָגט, וואָס איך בעזוך זי אַזוי זעלטען, מחמת זי האָט מיך זעהר ליעב געהאַט.

הינטער נערטען איז די זון הויך און גלענצענד געשטאַנען אין הימעל. זי איז זיך זעהר ערהליך בעגאַנגען מיט מיר און האָט אַזוי אָנגעוואַרעמט מײַן קאָפּ, אַז אַלע נישט־צײַטיגע געדאַנקען אין איהם זענען פֿאָלקאָם צײַטיג געוואָרען. די ליעבע זון אויפֿין שילד פֿון דעם גאַסטהויז אין נאָרדהיים טאָר מען אויך נישט אַוועקמאַכען מיט דער האַנד: איך האָב אַהער פֿערקעהרט און געטראָפֿען דעם מיטאָג שוין פֿאַרטיג. אַלע געריכטען זענען געווען זעהר געשמאַק און זענען מיר פֿיעל בעסער געפֿעלען געוואָרען, ווי די אַקאַדעמישע

מאכלים, אָהן אַ טעם און אַ ריח = די לעדערנע פֿיש, אָהן זאַלץ און אָהן פֿעפֿער, מיט אַלטע קרויט, וואָס מען האָט מיך דערמיט מכבד געווען אין געטינגען. בערוהיגט עטוואָס דעם מאָגען מיינעם, האָב איך בעמערקט אין דערזעלבער שטוב אַ הערר מיט צוויי דאַמען, וועלכע האָבען געהאַט כדעה אָבצופֿאָהרען. דער דאָזיגער הערר איז געווען אינגאַנצען גרין געקליידט, האָט זאָגאַר געטראָגען גרינע ברילען, וועלכע האָבען געוואָרפֿען אויף זיין רויטע קופּער-נאָז אַ שיין ווי גרינשפּאַן, און האָט אויסגעזעהען, ווי עס האָט אויסגעזעהען דער דער קעניג נבוכדנצר אין זיינע לעצטע יאָהרען, בעת ער האָט, ווי די לעגענדע דערצעהלט, גלייך צו אַ חיה פֿון וואַלד קיין אַנדער זאַך נישט געגעסען, אויסער סאַלאַט. דער גרינער האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם רעקאָמענדירען אַ האָטעל אין געטינגען, און איך האָב איהם געגעבען אַנ'עצה, ער זאָל ביי דעם ערשטען בעסטען סטודענט פֿרעגען דעם אַדרעס פֿון דעם האָטעל דע בריהבאַך. איינע פֿון די דאַמען איז געווען זיין פֿרוי, אַ משונה'דיג-גרויסע, געוואַלדיגע דאַמע, אַ רויט פּנים, אַ קוואַדראַט-מייל די גרויס, מיט גריבלעך אין די באַקען, וועלכע האָבען אויסגעזעהען, ווי שפּייערס פֿאַר די געטער פֿון דער ליעבע, מיט אַ לאַנגפֿליישיגער אַראָבהענגענדיגער מאָרדע, וואָס האָט אויסגעוויזען צו זיין אַ שלעכטע פֿאָרטזעצונג פֿון דעם געזיכט, און אַ הויכען, דיקען בוזים, וועלכער איז געווען אַרומ-גערינגעלט מיט שטייפֿע שפּיצען און פֿיעל-געקאַרבטע קראַגעלעך, אַזוי ווי מיט טורימס און באַסטיאָנען, און איז געווען גלייך צו אַ פֿעסטונג, וועלכער וואָלט געוויס פּונקט אַזוי וועניג ווי יענע אַנדערע פֿעסטונגען, וועגען וועלכע עס רעדט פֿיליפּ פֿון מאַקעדאָניען, געקאָנט ווידערשטעהן געגען אַ גאָלד-בעלאָדענעם אייזעל. די אַנדערע דאַמע, דער ערשטערס אַ שוועסטער, איז געווען פּונקט דער היפּך פֿון דער נאָר-וואָס בעשריבענער. דאָס געזיכט — נאָר אַ מויל צווישען די אויערען, די ברוסט פֿערצווייפֿעלט, וויסט, ווי דאָס לינדענבורגער פֿעלד; די גאַנצע אויסגעקאָכטע געשטאַלט האָט אויסגעזעהען, ווי אַנ'אומזיסטער וואַרמעס פֿאַר אָרימע סטודענטען-טעאָלאָגען. בעידע דאַמען האָבען מיך צו גלייכער צייט געפֿרעגט, צי אין דעם האָטעל דע בריהבאַך פֿערפֿאָהרען אויך לייטישע מענשען. איך האָב זיי מיט אַ פֿאָלקאָם רוהיגען געוויסען געענטפֿערט, אַז יאָ, און ווען די ליעבע טריאָ איז אַוועקגעפֿאָהרען, האָב איך זי נאָכאַמאָל בעגריסט

פֿון פֿענסטער אַרויס. דער בעל-הבית פֿון דעם זון-גאַסטהויז האָט אַ שעלמישען שמײַכעל געטאָן; געוויס האָט ער אויסגעצײַכענט געוואוסט, אַז בײַ די סטודענטען אין געטינגען הײסט דער קאַרצער האָטעל דע בריהבאַך.

הינטער נאָרדהײם ווערט עס שוין געבירגיג; דאָ און דאָרט טרעטען אַרויס שענע הײכערטער. אויפֿ'ן וועג האָב איך מײסטענס געטראָפֿען קרעמער, וועלכע האָבען זיך געאײַלט אויפֿ'ן ברוינשווײַגער יריד, און אַ גאַנצע מחנה פֿרויען, וואָס איטליכע פֿון זײ האָט געטראָגען אויפֿ'ן רוקען אַ גרויסען שטײַג, די הויך כמעט ווי אַ הויז און איבערגעצויגען מיט ווײַסען לײַוואַנד. דערינען זענען געזעסען געפֿאַנגען אַלערלײ זינגפֿויגעל, וועלכע האָבען אָהן אַן אויפֿהער געפּיפּסט און געצוויטשערט, אין דער צײַט, ווען זײערע טרעגערינס האָבען לוסטיג אונטערגעשפּרונגען און געפּלוידערט. מיר איז עס פֿאָרגעקומען זעהר נאַריש, ווי אַזוי טראָגט עס אײן פֿויגעל דעם אַנדערען אויפֿ'ן מאַרק.

אין אַ שטאָק-פֿינסטערער נאַכט בין איך אָנגעקומען קײן אָסטעראָדע. איך האָב נישט געהאַט קײן אַפּעטיט צום עסען, און זיך גלײַך געלעגט אין בעט אַרײַן. איך בין געווען מיעד ווי אַ הונד און האָב געשלאָפֿען ווי אַ גאָט. אין חלום בין איך ווידער געקומען קײן געטינגען צוריק און דוקא אין דער דאָרטיגער ביבליאָטעק אַרײַן. איך בין געשטאַנען אין עק זאַל פֿון דער יוריספּרודענץ, האָב דורכגעבלעטערט אַלטע דיסערטאַציעס, זיך פֿערטיפֿט אין לעזען, און אַז איך האָב אויפֿגעהערט, האָב איך צו מײַן בעוואונדערונג בעמערקט, אַז עס איז שוין געווען נאַכט, און קריסטאַלענע הענגלײַכטער האָבען בעלויכטען דעם גאַנצען זאַל. די נאָהענטע קירכענגלאָק האָט נאָר-וואָס געשלאָגען צוועלף, די טהיר האָט זיך לאַנגזאַם אויפֿגעעפֿענט, און אין זאַל איז אַרײַנגעקומען אַ שטאָלצע גיגאַנטישע פֿרוי, מיט עהרפֿורכט בעגלײט פֿון די מיטגלידער און אַנהענגער פֿון דער יוריסטישער פֿאַקולטעט. דאָס ריעזענווײַב, שוין אַפֿילו אין די יאָהרען, האָט דאָך געטראָגען אין געזיכט די צוגען פֿון שטרענגער שענהײט, יעדער בליק איהרער האָט עדות געזאָגט, אַז זי איז אַ הויכגעבאָרענע טאָכטער פֿון די טיטאַנען — די געוואַלטיגע טעמיס; שווערד און וואָג האָט זי נאַכלעסיג געהאַלטען אין אײן האַנד, אין דער אַנדערער האָט זי געהאַלטען אַ פּאַרמעט-מגילה, צוויי

יונגע „דאָקטאָרעס יוריס“ האָבען געטראָגען די שלעפּע פון איהר רויען פערבליכטען קלייד, ביי איהר רעכטער זייט איז לעבעדיג אונטערגעשפּרונגען אהין און אהער דער דינער הויפראַט רוסטיקוס, דער ליקורג פון האַנאָווער, און האָט עפּעס דעקלאַמירט פון זיין נייעם געזעצפּראָיעקט; ביי איהר לינקער זייט האָט העכסט גאַלאַנט און אויסגעצייכענט גוט אויפגערוימט אונטערגעהונקען איהר קאַוואַליער און דיענער, דער געהיימער יוסטיץ-ראַט קויאַציוס; ער האָט אָהן אַן אויפהער געשאָסטען מיט יוריסטישע וויצען און האָט דערפון אַליין געלאַכט אַזוי הערצליך, אז אַפילו די ערנסטע געטין פלעגט זיך צו איהם פון צייט צו צייט צובויגען מיט אַ שמייכעל, אַ קלאַפּ טאָן איהם איבער'ן רוקען מיט דער גרויסער פּאַרמעט-מגילה, און פריינדליך פליסטערן: „אַך, דו קליינער צולאָזענער קונדס, וואָס בעשניידט די בוימער פון אויבען אַראָב!“ יעדערער פון די איבעריגע הערען איז איצט אויך צוגעטראָטען נעהענטער; איטליכער פון זיי האָט געהאַט, וואָס צו בעמערקען, אויף וואָס מיט-צושמייכלען, עפּעס אַ ניי אויסגעקראַצט סיסטעמעלע אָדער סברה'לע, אָדער אַן עהנליכעם המצאה'לע פון דעם אייגענעם קעפּעל. דורך די געעפענטע טהיר זענען אַריינגעקומען אין זאַל אַריין נאָך אַנדערע פרעמדע הערען, וועלכע האָבען זיך ערקלערט אַלס גרויסע לייט פון דעם בעריהמטען יוריסטען-שטאַנד; דאָס זענען מייסטענס געוועזען אומגעלומפּערטע לויערנדע פּאַרשוינען, וועלכע האָבען מיט ברייטער זעלבסטצופריעדענהייט גלייך גענומען בעהאַנדלען, דיספּוטירען און מפלפל זיין זיך איבער איטליכס פּינטעלע פון עפּעס אַן אַרטיקעל אין די פּאַנדעקטען. און אַלע ווײַלע פלעגען אַריינקומען אַלץ נייע געשטאַלטען — אַלטע יוריסטען אין אַלט-פרענקישע קליידער, מיט ווייסע און לאַנגע פּאַריקען און לאַנג פערגעסענע געזיכטער, אויסער זיך פאַר ערשטוינונג, וואָס אויף זיי, די הויכבעריהמטע גדולים פון דעם פערגאַנגענעם יאָהר-הונדערט, קוקט מען זיך גאָרניט אום. און זיי האָבען אויף זייער שטייגער זיך אַריינגעמישט אין די אַלגעמיינע פּלוידעריי, קוויטשען און געשרייען, וועלכע האָבען ווי חוואַליעס אויפ'ן ים געשטורמט אַלץ ווילדער און אַלץ העכער געראַש ארום דער הויכער געטין, ביז זי האָט פערלאָרען די געדולד און אין אַ טאָן פון שרעקליכען ריזענשמערץ האָט זי פּלוצלונג אויסגעשריען: „שווייגט! שווייגט! איך הער די שטים פון דעם טייערען פּראָמעטעאוס, די גיפטיג-

אוֹיסלאַכֶענדע קראַפֿט און די שטוּמע געוואַלט האָבּען צוּגעשמידט דעם אוּמשוּלדיגען צוּ דעם מאַרטירער-פֿעלז, און אַלע אײערע פֿלוּידערייַ און צאַנקערייַ קאָנען נישט קיהלען זײַנע וואוּנדען, קאָנען נישט צוּברעכען זײַנע קײטען!" אַזוי האָט די געטין אוֹיסגערוּפֿען, און טײַכען טרעהרען האָבּען איהר אַרוֹיסגעשטראָמט פֿוּן די אוֹיגען, די גאַנצע פֿערזאַמלוּנג האָט געוּומען וואַיען, גלײַך ווי פֿוּן טוֹיטשרעק בּעדערשט, די סטעליע פֿוּן דעם זאַל האָט גענוּמען קראַכען, די בּיכער האָבּען זיך אָנגעהוֹיבּען צוּ שיטען פֿוּן זײערע בּרעטער, אוּמזיסט איז דער אַלטער מיכענהוֹיזען אַרוֹיסגעטראָטען פֿוּן זײַן ראַהם אַרוֹיס, כּדי אײַנצוּשטעלען אָרדנוּנג, עס האָט געשטוּרמט און געפּילדערט אַליץ ווילדער און ווילדער — און איך האָבּ מיך געלאָזט לוֹיפֿען פֿוּן דעם דאָזיגען דרענגענדען משוּגעים-הוֹיז-ליאַרם אין האָבּ מיך בּעהאַלטען אין דעם היסטאָרישען זאַל, אוֹיף יענעם געבּענשטען אָרט, וואוּ די הײליגע בּילדער פֿוּן דעם בּעלוועדערישען אַפּאָללאָ און דער מעדיצעאישער ווענוּס שטעהען אײנס נעבּען דאָס אַנדערע, און איך בּין געפֿאַלען דער שענהײטס-געטין צוּ די פֿיס, אין איהר אָנבּליק האָבּ איך פֿערגעסען דאָס גאַנצע ווילדע געפּילדער, פֿוּן וועלכען איך בּין אַנטרוּנען געוואָרען, מײַנע אוֹיגען האָבּען ענטציקט געטרוּנקען די האַרמאָניע און די אײבּיגע ליעבּליכקײַט פֿוּן איהר ערהאַבּענעם הערליכען לײַבּ, גריכישע רוּה האָט דוּרכגענוּמען מײַן נשמה, און איבּער מײַן קאָפּ האָט פֿעבּוּס-אַפּאָללאָ, ווי אַ הימלישע בּרכה, געגאָסען זײַנע זיסטע לירא-קלאַנגען.

ערוואַכענדיג האָבּ איך נאָך אַליץ געהערט אַ פֿרײַנדליכעם קלינגען. די טשערעדעס האָבּען זיך געצוֹיגען אין פֿעלד אַרײַן, און דאָס האָבּען געקלוּנגען זײערע גלעקלעך. די ליעבּע, גאָלדענע זוּן האָט אַרײַנגעשײַנט דוּרך דאָס פֿענסטער און בּעלוֹיכטען די בּילדער אוֹיף די ווענד פֿוּן דעם צימער. דאָס זענען געוועזען בּילדער אוֹיס דעם בּעפֿרײַאוּנגס-קריעג, און אוֹיף זײ איז זעהר טרײַ געוועזען אוֹיסגעמאָלט, ווי מיר זענען אַלע העלדען געוועזען; דערנאָך זענען געגאַנגען הינריכטוּנגס-סצענען אוֹיס דער צײַט פֿוּן דער רעוואָלוּציע, לוּדוויג דער זעכצעהנטער אוֹיף דער גיליאָטינע און ענגליכע קאָפּ-אָבּשנײַדערײַען, אוֹיף וועלכע מען קאָן נישט קוּקען, מען זאָל נישט דאַנקען גאָט, וואָס מען ליעגט רוּהיג אין בּעט און מען טרינקט גוּטען קאָפֿע, און מען האָט נאָך דעם קאָפּ אַזוי פֿעסט און קאָמפֿאָרטאַבּעל

אויף די אַקסלען. אויך זענען נאָך אויף דער וואַנד געהאַנגען אַבּעליאַר און עלאָאיז, אייניגע פֿראַנצויזישע לעגערע מיידעלעך־געזיכטער, אונטער וועלכע עס איז זעהר קאַליגראַפֿיש געווען אָנגעשריבען, „פֿערנונפֿט", „צניעות", „העלדענשאַפֿט" א. אַז. וו. און ענדליך אַ מאַדאָנאַ, אַזוי שען, אַזוי ליעבּליך, אַזוי מסירת־נפשדיג פֿרום, אַז איך האָבּ בּעשלאָסען אויפֿצוזוכען דעם אָריגינאַל, פֿון וועמען דער מאַלער האָט דאָס דאָזיגע בּילד געמאָלט, און נעהמען עס פֿאַר אַ ווייבּ. נאַטירליך וואָלט איך תיכּף נאָך דער חתונה מיט דער דאָזיגער מאַדאָנאַ זי געבּעטען, זי זאָל ליקווידירען אַלע בּעקאַנטשאַפֿטען מיט די הויכע הייליגע גייסטער, מחמת איך וואָלט געווען אַ קנאַפּער בּעלן, אַז מיין קאָפּ זאָל בּזכות פֿון מיין פֿרוי קריגען אַ הייליגען שיין, אָדער עפּעס אַנאַנדער מין צירונג.

אָבּגעטרונקען קאַפֿע, אָנגעטאָן זיך, איבּערגעלייענט אַלע אויפֿשריפֿטען אויף די פֿענסטער, און זיך אויסגערעכענט מיט'ן ווירט, האָבּ איך פֿערלאָזען אָסטעראָדע.

די דאָזיגע שטאָדט האָט אַזוי פֿיעל און אַזוי פֿיעל הייזער, פֿערשיידענע איינוואוינער, צווישען וועלכע עס זענען אויך פֿאַראַן מעהרערע נפֿשות, ווי עס איז גענויער געשריבען אין גאָטשאַלקס „טאַשענבּוך פֿאַר האַרצרייזענדע". איידער איך בּין אַרויס אויפֿ'ן שליאַך, האָבּ איך אַרויפֿגעשטייגט אויף די חורבות פֿון דעם אוראַלטען אָסטעראָדער שלאָס. איצט בּעשטעהען זיי נאָר פֿון אַ האַלבּען גרויסען, דיק־מויערינען טורם, אַזוי ווי אויסגעגעסען פֿון קרעבּסען. דער וועג קיין קלויזטאָל האָט מיך ווידער געפֿיהרט בּאַרג־אַרויף, און פֿון איינעם פֿון די ערשטע בּערגלעך האָבּ איך נאָכאַמאָל אַראָבּגעקוקט אין טאָל אַראָבּ, וואו אָסטעראָדע מיט זיינע רויטע דעכער האָט געקוקט פֿון די גרינע טאַנענוועלדער אַרויס, ווי אַ מאָך־ראָזע. די זון האָט געגעבּען אַ ליעבּע, קינדישע בּעלייכטונג. פֿון דער פֿערבּליבּענער טורם־העלפֿט זעהט מען דאָ די אימפּאָנירענדע הינטערוואַנד.

אין דער דאָזיגער געגענד ליעגען נאָך פֿיעל אַנדערע שלאָס־רואינען. דער האַרדענבּאַרג בּיי נערטען איז די שענסטע געגענד. ווען מען האָט אַפֿילו דאָס האַרץ, ווי דער שטייגער איז, אויף דער לינקער זייט, אויף דער ליבּעראַלער, קאָן מען זיך דאָך אויך נישט איינהאַלטען פֿון אַלע עלעגישע געפֿיהלען בּיים אָנבּליקען די פֿעלזען־נעסטען פֿון יענע פּריווילעגירטע רויבּ־פֿייגעל, וועלכע האָבּען זייערע

שוואַכינקע קינדער איבערגעלאָזט בירושה בלויז דעם שטאַרקען אַפּעטיט. און אַזוי איז עס אין דעם האָזיגען פריהמאָרגען איך מיט מיה צוגעגאַנגען. וואָס מעהר איך האָב זיך דערוויַיטערט פון געטינגען, אַלץ מעהר איז מיַין נשמה געוואָרען צוגאַנגען, ווידער אַ מאָל האָט מיך דורכגענומען אַ ראָמאַנטישע שטימונג, און וואַנדערנדיג האָב איך בעשאַפען פאָלגענדעס ליעד:

הויבט זיך אויף, איהר אַלטע טרוימען!
עפען זיך, דו האַרצענסטיר!
זיסע ליעדער, וועהמוטס־טרעהרען,
שטראָמען וואונדערבאַר פון מיר.

דורך די טאַנען וועל איך בלאָנזשען,
וואו עס שפרינגט דער מונטרער קוואַל,
וואו די שטאָלצע הירשען וואַנדלען,
וואו עס הילכט דעם פויגעל'ס שאַל.

אויף די בערגער וועל איך שטייַגען,
אויף די שאַרפע פעלזען געהן,
וואו די גרויע שלאָס־רואינען
גלאַנצען אין דעם מאָרגענשייַן.

דאָרטען זעץ איך שטיל מיך נידער
און דערמאָהן אין אַלטער צייַט,
אַלטע, בליהענדיגע דורות
און פערזונקענע הערליכקייַט.

גראָז בעדעקט איצט דעם טורנירפלאַץ,
וואו ס'ט'געקעמפפט דער שטאָלצער מאַן,
און בעזיעגט די בעסטע ריטער
און דעם פריז גענומען דאַן.

גראָז בעוואַקסט אויף דעם באַלקאָן איצט,
וואו געשטאַנען איז זי שעַן
און בעזיעגט מיט איהרע אויגען
דעם בעזיעגער מיט זיַין קרוין.

אַך! דעם זיעגער און די זיעגערין
האָט בעזיעגט פֿון טויט די שווערה —
יענער האַרער חלף-ריטער
לעגט אונז אַלעמען אין דר'ערד.

אָבגעוואַנדערט אַ שטרעקע, האָב איך מיך צוזאַמענגעטראָפֿען מיט אַ יונגען האַנדווערקער, וועלכער איז געגאַנגען פֿון ברוינשווייג; ער האָט מיר דערצעהלט אַ דאָרטיגעם נײַס, אַז דער יונגער הערצאָג איז אויפֿ'ן וועג קיין פּאַלעסטינאַ געוואָרען געפֿאַנגען פֿון די טערקען, און ער קאָן בעפֿרײַט ווערען נאָר פֿאַר אַ גרויסע סומע אויסלייז-געלד. דעם הערצאָג'ס גרויסע רײַזע איז אַ פּנים געווען די אורזאַכע פֿון דער דאָזיגער לעגענדע. דאָס פֿאָלק האָט נאָך אַלץ דעם טראַדיציאָנעל-לעגענדאַרישען אידעען-גאַנג, וועלכער דריקט זיך אַזוי ליעבליך אויס אין זײַן „הערצאָג ערנסט". דער דערצעהלער פֿון דעם דאָזיגען נײַס איז געווען אַ שנײַדער-יונג, אַ ניעדריגער, קליינער יונגער מענש, אַזאַ דינער, אַז די שטערען האָבען געקאָנט דורכשײַנען דורך איהם, אַזוי ווי דורך אָסיאַנס נעבעל-גײַסטער, און אין גאַנצען אַ פֿאָלקסטימליך מאָדנע מישונג פֿון פֿרעהליכקײַט און וועהמוט. דאָס האָט זיך בעזונדערס אויסגעדריקט אין דעם קאָמיש-ריהרענדען שטייגער, מיט וועלכען ער האָט געזונגען דאָס וואונדערבאַרע פֿאָלקס-ליעד: „אַ זשוק איז געזעסען אויף דעם פּאַרקאַן, זום, זום!" דאָס איז שען ביי אונז דײַטשען: קיינער איז נישט אַזוי פֿיעל משוגע, ער זאָל נישט געפֿינען איינעם אַ נאָך מעהר משוגע'נעם, וועלכער פֿערשטעהט איהם. נאָר אַ דײַטש קאָן פֿיהלען, דאָס ליעד און דערבײַ טויט-לאַכען און טויט-וויינען. ווי טיעף דאָס געטהע'שע וואָרט איז אַרײַנגעדרונגען אין דאָס לעבען פֿונ'ם פֿאָלק, האָב איך אויך דאָ בעמערקט. מײַן דינער וועג-חבר האָט ווײַלענווײַז געטרילערט פֿאַר זיך אויף די פֿערזען: „פֿול לײדען, פֿול פֿריידען, געדאַנקען זענען פֿרײַ!" אַזוי צו פֿערדרעהען דעם טעקסט איז בײַם פֿאָלק אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך. ער האָט אויך געזונגען אַ ליעד, וואו „לאָטכען טרויערט אויף דעם קבר פֿון איהר ווערטהער". דער שנײַדער האָט זיך צוגאָסען פֿאַר זיסקײַט ביי די ווערטער: „איינזאַם וויין איך בײַ די רויזען, וואו די נאַכט האָט אונז געהערט! טרויריג בלאָנזשע' איך ביי דעם טײַכעל, און מײַן אויג פֿאַה אַנגסטען טרעהרט". אָבער באַלד האָט

איהם דאָס ליעד דערעסען און ער האָט מיר גענומען דערצעהלען: „ביי אינז אין דער אַרטעל אין קאַסעל איז דאָ איינער אַ פריץ, וואָס מאַכט אַליין אַזוינע ליעדער; ער קאָן קיין רעכטען שטאָך נישט מאַכען; האָט ער אין גראָשען אין דער טאַש, דערפֿיהלט ער גלייך אַ דאָרשט פֿאַר צוויי גראָשען, און ווען ער איז אונטער׳ן גלעזעל, האַלט ער דעם הימעל פֿאַר אַ בלויען קאַמזויל, און גיסט מיט טרערען, ווי אַ רעגען-טרויב, און זינגט אַ ליעד מיט דאָפּעלטער פּאָעזיע!“ איך האָב איהם געבעטען צו ערקלערען מיר דעם דאָזיגען לעצטען אויסדריק, אָבער מיין שניידער׳ל האָט געהאַלטען אין איין אונטערשפּרינגען אויף זיינע ציגענע פֿיסלעך און נישט אויפֿגעהערט צו חזר׳ן: „די דאָפּעלטע פּאָעזיע איז די דאָפּעלטע פּאָעזיע!“ ענדליך האָב איך קוים מיט צרות דערגאַנגען, אַז ער מיינט דערמיט דאָפּעלט געגראַמטע ליעדער, דאָס הייסט, סטאַנסען. — דערווייַלע איז דער ריטער פֿון דער נאָדעל שטאַרק מיעד געוואָרען, פֿון דער גרויסער בעוועגונג און פֿון דעם ווינד, וואָס האָט געבלאָזען אין פּנים אַריין. ער האָט זיך אַפֿילו מיט גרויס כּונה מכין געווען אַ לאָז צו טאָן זיך כּדבעי אין וועג אַריין און האָט זיך בעריהמט: „איצט וועל איך ערשט נעהמען געבען פֿוס!“ דאָך האָט ער באַלד אָנגעהויבען קלאָגען זיך, אַז ער האָט זיך אָנגעריבען היהנער-אויגען אויף די פֿיס, און אַז די וועלט איז צו גרויס און ברייט; און ענדליך האָט ער זיך שטיל אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד אונטער אַ בוים, האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט זיין צאַרט קעפּעלע, ווי אַ בעטריבט שעפּסעלע מאַכט מיט׳ן וויידעל, און האָט געזאָגט מיט אַ וועהמוטיגען שמייכעל: „אָרימע קליאַטשע, וואָס איך בין: איך האָב שוין ווידער קיין כּח נישט צו געהן!“.

די בערג זענען דאָ געוואָרען נאָך משופּע׳דיגער, די טאַגענוועלדער האָבען זיך אונטער מיר געוויעגט, ווי אַ גרינער ים, און אין בלויען הימעל איבען האָבען זיך געשיפֿט די ווייסע וואָלקען. די ווילדהייט פֿון דער געגענד איז אַזוי ווי געווען איינגעצוימט דורך איהר איינהייט און איינפֿאַכקייט. ווי אַ גוטער דיכטער ליעבט די נאַטור נישט קיין שאַרפֿע איבערגאַנגען. די וואָלקען, ווי זעלטזאַם זייערע פֿאָרמען זאָלען צייטענווייז נישט זיין, טראָגען אַ ווייסען אָדער אַלענפֿאַלס אַ מילדען קאָלאָריט, וואָס האַרמאָנירט אַזוי מיט דעם בלויען הימעל און דער גרינער ערד, אַזוי אַז אַלע פֿאַרבען פֿון דער

געגענד גיסען זיך צוזאַמען װי שטילע מוזיק, און יעדער בליק אױף די נאַטור שטילט און בערוהיגט דאָס געמיט און די נערװען.

דער זעליגער האָפֿמאַן װאָלט געמאָלט די װאָלקען אין בונטע פֿאַרבען, — און אַזױ װי אַ גרױסער דיכטער, אַזױ קאָן אױך די נאַטור אַרױסברײנגען מיט די װעניגסטע מיטלען די גרעסטע עפֿעקטען. זי האָט נאָר זון, בױמער, בלומען, װאַסער און ליעבע. נאַטירליך, אױב אין האַרצען פֿון דעם צושױער פֿעהלט די ליעבע, דאַן זעהט דאָס גאַנצע בילד זעהר שלעכט אױס, און די זון האָט דאַן בלױז אַזױ פֿיעל און אַזױ פֿיעל מײַלען אין דיאַמעטר, און די בױמער זענען גוט צום הײצען, און די בלומען װערען קלאַסיפֿיצירט לױט זײערע שטױב־פֿעדים, און דאָס װאַסער איז נאַס.

אַ קלײן יונגעל, װאָס האָט געקליבען אין װאַלד דאַרע צװײַגען פֿאַר זײַן קראַנקען פֿעטער, האָט מיר געװיזען דעם װעג קײן לערבאַך, אַ דאָרף, װאָס זײַנע קלײנע הײַזלעך מיט די גרױסע דעכער ציהען זיך דורכ'ן טאָל אױף אַ האַלבע שעה גאַנג. „דאָרט", האָט מיר דאָס יונגעל געזאָגט, „װאױנען נאַרישע קראָפּ־לײַט און װײַסע נעגערס", — מיט'ן לעצטען נאָמען בעצײכענט דאָס פֿאָלק די אַלבינאָסען. דאָס קלײנע יונגעל איז געװען מיט די בױמער גאָר װי אַנדערע צװײ; ער האָט זײ געגריסט, װי גוטע בעקאַנטע, און זײ האָבען גערױשט מיט די צװײַגען, גלײַך װי ענטפֿערנדיג אױף זײַן גרוס. ער האָט אַ פֿײַף געטאָן װי אַ ציזליג, אַרום און אַרום האָבען זיך מיט אַ צװיטשער אָבגערופֿען די אַנדערע פֿױגעל און אײדער איך האָב בעװיזען מיך אומצוקוקען, איז ער שױן געװען אַװעקגעשפּרונגען מיט זײַנע נאַקעטע פֿיסלעך און זײַן בינטעל צװײַגען אין געדיכטען װאַלד אַרײַן. די קינדער, האָב איך געטראַכט, זענען יונגער פֿאַר אונז; זײ קאָנען זיך נאָך ערינערען, װען זײ זענען אױך געװעזען בױמער אָדער פֿױגעל, און דעריבער זענען זײ אימשטאַנד די דאָזיגע צו פֿערשטעהן; מיר אָבער זענען שױן אַלט און האָבען צו פֿיעל זאָרגען, יוריספּרודענץ און שלעכטע גראַמען אין קאָפּ. יענע צײַט װען עס איז געװען אַנדערש, איז מיר װידער זעהר לעבהאַפֿט אַרױפֿ־געקומען אױפֿ'ן זכרון װען איך האָב מיך דערנעהענטערט צו קלױזטאָל. אין דאָס דאָזיגע ליעבע בערג־שטעדטעלע, װאָס מען דערזעהט ערשט דאַן, װען מען שטעהט פֿאַר זײַנע טױערען, בין איך אָנגעקומען פּונקט װען די גלאָק האָט געשלאָגען צװעלף און די קינדער האָבען זיך

לוסטיג אַ שאָט געטאָן אַרויס פֿון די שולען. די ליעבע יונגלעך, כמעט אַלע מיט רויטע באַקען, בלויע אויגען און פֿלאַקסענע האָר, האָבען געשפּרונגען, געשטיפּט און געלאַכט, און האָבען אין מיר אויפֿגעוועקט די וועהמוטיג־ליעבע ערינערונג, ווי איך אַליין, אַ קליין יונגעלע אין אַ חומש־קאַטוילישער קלויסטער־שול אין דיסעלדאָרף, האָב דעם גאַנצען ליעבען פֿאַרמיטאָג נישט געטאָרט אויפֿשטעהן פֿון דער הילצערנער באַנק און געמוזט אויסשטעהן אַזוי פֿיעל לאַטײַן, שמיץ און געאָגראַפֿיע, און האָב דעמאָלט אויך אַזוי טריאומפֿירט און משוגענערווײַז געלאַכט, ווען די אַלטע פֿראַנציסקאַנער גלאָק פֿלעגט ענדליך שלאָגען צוועלף. די קינדער האָבען דערקענט אָן מײַן רענצעל, אַז איך בין אַ פֿרעמדער, און האָבען מיך זעהר גאַסט־פֿרײַנדליך בעגריסט. אײנער פֿון די יונגלעך האָט מיר דערצעהלט, אַז זיי האָבען נאָר־וואָס געהאַט רעליגיאָנס־אונטערריכט, און האָט מיר בעוויזען דעם קעניגליכען האַנאָווערער קאַטעכיזים, נאָך וועלכען מען פֿרעגט זיי וועגען קריסטענטום. דאָס דאָזיגע ביכעל איז געווען זעהר שלעכט געדרוקט, און איך האָב מורא, אַז צוליעב דעם מאַכען די רעליגיאָנס־לעהרען גלײַך אַ אונאַנגענעהמען לעשפּאַפּיערענעם אײנ־דרוק אויף די געמיטער פֿון די קינדער; אויך איז מיר שטאַרק נישט געפֿעלען געוואָרען, וואָס אין קאַטעכיזים, און זאָגאַר אויפֿ׳ן לעצטען בלאַט, איז געווען אָבגעדרוקט די אײנמאָל־אײנס־טאַבעלע, וואָס דורכ־דעם קאָנען נאָך די קינדער חס־ושלום פֿריהצײַטיג אַרײַנפֿאַלען אין זינדיגע און אַפּיקורסישע חקירות. אָ, אין פּרײַסען זענען מיר פֿיעל קליגער, און בײַ אונזער אונגעהויערער התמדה אומצוקערען אויפֿ׳ן דרך־הישר יענע לײַט, וואָס פֿערשטעהען זיך אַזוי גוט אויף חשבונ׳ען, היטען מיר זיך זעהר פֿון צו דרוקען אויף דעם לעצטען בלאַט אין קאַטעכיזים די אײנמאָל־אײנס־טאַבעלע.

איך האָב געגעסען מיטאָג אין דער קלויזטאָלער „קרוין“. מען האָט מיר דערלאַנגט זופּ פֿון פֿריהלינגס־גרינע פּעטרישקע, פֿײַל־כענבלויע קרויט, אַ געבראָטענס פֿון קאַלבענפֿלייש, גרויס ווי דער טשימבאָראַסאָ אין מיניאַטור, און אַ מין געריכערטע הערינג, וועלכע הייסען ביקינגען, נאָך דעם נאָמען פֿון זייער ערפֿינדער ווילהעלם ביקינג, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1447 יאָהר און איז צוליעב זײַן ערפֿינדונג אַזוי געחען פֿערעהרט בײַ קאַרל דעם פֿינפֿטען, אַז יענער האָט אין יאָהר 1556 געמאַכט אַ רײַזע פֿון מידעלבורג קײן

בּיוּליר און וועלאַנה, בּלויז אָנצווּזעהען דעם קבר פֿון דעם דאָזיגען גרויסען מאַן. ס׳איז אַ טעם גן-עדן האָט טאַקע אַזאַ מאכל, ווען מען ווייסט דערצו די היסטאָרישע נאָטיצען און מען שלינגט עס אַליין אויף; נאָר דער קאָפּע נאָך מיטאָג איז מיר נישט איינגעגאַנגען: צו מיר האָט זיך צוגעזעצט איינער אַ יונגערמאַן און האָט זיך אַזוי שרעקליך צודרשנט, אַז די מילך אויפֿ׳ן טיש איז זויער געוואָרען. דאָס איז געווען אַ יונגער קאָמי-וואָיאַזשאָר מיט פֿינף-און-צוואַנציג פֿערשידענפֿאַרביגע וועסטען, פּונקט אַזוי פֿיעל שטעמפּלען, רונגען, בּרוסטנאָדלען, א. אַז. וו. ער האָט אויסגעזעהען, ווי אַ מאַלפּע, וואָס האָט אַרויפֿגעצויגען אויף זיך אַ רויטען רייזע-פּעלץ און זאָגט דאַן צו זיך אַליין: קליידער מאַכען לייט. ער האָט געוואוסט אויף אויסווענדיג שאַראַדען און אַנעקדאָטען אָהן אַ שיעור, און ער האָט זיי געשאָטען דוקא דאַמאָלס, ווען זיי האָבען אַמווענינגסטען געפּאַסט. ער האָט מיך געפֿרעגט, וואָס הערט זיך עפּעס נייעס אין געטינגען, און איך האָב איהם דערצעהלט, אַז פֿאַר מיין אַוועקפֿאָהר פֿון דאָרט האָט דער אַקאַדעמישער סענאַט אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט, וועלכער פֿערווערט, אונטער דריי טאַלער שטראָף, אָבצושניידען בּיי די הינד די ווידלען, מחמת די משוגענע הינד האַלטען די ווידלען צווישען די פֿיס און דורכדעם אונטערשיידט מען זיי פֿון די נישט-משוגע׳נע, וואָס דאָס וועט דאָך זיין אוממעגליך, ווען זיי וועלען גאָר קיין ווידלען נישט האָבען. — נאָך מיטאָג האָב איך מיך געלאָזט אין וועג אַריין, צו בּעזוכען די גרובּען, די זילבּערמינעס, און דעם מינץ-הויף.

אין די זילבּערמינעס, ווי אָפֿט אין לעבּען, האָט זיך מיר נישט איינגעגעבּען צו זעהן דאָס זילבּער. אויף דעם מינץ-הויף בּין איך שוין געווען מזל׳דיגער, און איך האָב געקאָנט זעהן, ווי דאָס געלד ווערט געמאַכט. נאַטירליך, איז עס ווייטער נישט געגאַנגען. בּיי אַזעלכע געלעגענהייטען פֿלעג איך עס שטענדיג נאָר אָנקוקען, און איך גלויב, אַז ווען פֿונ׳ם הימעל וואָלטען אַפֿילו זילבּערנע טאַלער אַראָבּגערעגענט, וואָלט איך דערפֿון בּעקומען נאָר לעכער אין קאָפּ, און דער צייט, ווען ישראל׳ס קינדער וואָלטען מיט פֿרעהליכע הערצער צונויפֿגעזאַמעלט דעם דאָזיגען זילבּערנעם מן. מיט אַ געפֿיהל, אין וועלכען עס איז זעהר קאָמיש געווען צונויפֿגעמישט גרויס דרך-ארץ און אַ זיסע אויפֿרעגונג, האָב איך בּעטראַכט די ניי-געבּאָרענע בּלאַנקענדע טאַלער, האָב גענומען איינעם, וועלכער איז ערשט זאָפֿון

פֿורים אַרויס, און צו איהם געזאָגט: יונגער טאַלער! וואָס פֿאַר אַ גורל ערוואַרט דיך! וויפֿיעל גוטס און וויפֿיעל בייז וועסטו בעשאַפֿען! ווי וועסטו בעשיצען די רשעים און לעגען לאַטעס אויף די צדיקים! ווי וועסטו געליעבט ווערען און דערנאָך ווידער פֿערשאָלטען ווערען! וויפֿיעל מאָל וועסטו העלפֿען שכור'ן, מזנה זיין, לייגען און רויבען! וויפֿיעל יאָהרהונדערטער וועסטו אומבעהאָלפֿען אַרומגעהן דורך ריינע און שמוציגע הענד, ביז דו וועסט זיך ענדליך בעהעפֿטען מיט דיינע חברים אין דעם שוים פֿון אברהם אבינו, בעלאָדען מיט חטאים און מיעד פֿון עבירות, און דאָ וועט מען דיך ווידער איבערשמעלצען, אויס-לייטערען און איבערמאַכען צו אַ נייעם בעסערען לעבען, אפשר גאָר צו אַנאומשולדיג טיי-לעפֿעלע, מיט וועלכען מיין אייגענער אור-אור-אייניקעל וועט אַמאָל אויסמישען זיין ליעבע ביער-זופּ.

דאָס אַראָבשטייגען אין די צוויי קלויזטאָלער הויפּט-גרובען „האָראָטעאַ און קאַראָלינאַ" האָב איך געפֿונען פֿאַר זעהר אינטערעסאַנט, און איך מוז וועגען דעם אויספֿיהרליך דערצעהלען.

אַ האַלבע שעה גאַנג פֿון דער שטאָדט שטעהען צוויי גרויסע שוואַרצליכע געביידען. דאָ ווערט מען גלייך אויפֿגענומען פֿון די בערגלייט. זיי טראָגען טונקעלע, געוועהנליך שטאָהל-בלויע, ברייטע, ביז איבער'ן בויך אַראָבהענגענדע פּעלצלעך, הויזען פֿון עהנליכער פֿאַרב, אַ רימענעם פֿאַרטוך, פֿערבונדען פֿון הינטען, און קליינע, גרינע פֿילץ-היט, אינגאַנצען אָהן ברעגען, וועלכע זעהען אויס ווי קעגעלס. דער בעזוכער טוט זיך אויך אָן אין אַזעלכע קליידער, אויסער דעם רימענעם פֿאַרטוך, און אַ בערג-מאַן, אַ שטייגער, פֿיהרט איהם מיט זיין אָנגעצונדען גרובענליכט צו אַ דונקעלער לאָך, וועלכע זעהט אויס, ווי אַ קוימען פֿון אַ קאַמין, שטייגט אַראָב אַהין ביז צו דער ברוסט, זאָגט פֿונאַנדער, ווי מען זאָל זיך פֿעסטהאַלטען אָן די לייטערס, און בעט, מען זאָל איהם נאָכפֿאָלגען אָהן קיין שום מורא. די זאַך אַליין איז גאָר ניט געפֿעהרליך; אָבער מען גלויבט עס אין אָנהויב נישט, אויב מען פֿערשטעהט גאָרנישט אין בערג-ווערק-זאַכען. אַ מאָדנעס געפֿיהל בעהערשט אייך שוין דאַן, ווען איהר מוזט זיך אויסטאָן און אָנציהען אויף זיך די דונקעלע קליידער, אַזוי ווי אַ פֿערברעכער. און דאַן דאַרף מען קלעטערען אַראָב אויף אַלע פֿיער, און די דונקעלע לאָך איז אַזוי דונקעל, און גאָט ווייסט, ווי לאַנג די לייטער קאָן זיין. אָבער באַלד בעמערקט מען דאָך, אַז אין די

שוואַרצע איבּיגקייט אַראָב פֿאָהרט נישט איין־איינציגע לייטער, נאָר עטליכע פֿון פֿופֿצעהן ביז צוואַנציג טרעפּלעך, און יעדערע פֿון זיי ענדיגט זיך מיט אַ קליינעם ברעט, וואו מען קאָן אָברוהען און פֿון וואַנען אַ נייע לאָך פֿאָהרט ווידער אַראָב צו אַ נייער לייטער. צום ערשטען האָב איך מיך אַראָבגעלאָזט אין די קאַראָלינאַ. דאָס איז די שמוציגסטע און אונהיימליכסטע קאַראָלינאַ, וואָס איך האָב ווען עס איז קענען געלערנט. די לייטער־טרעפּלעך זענען קויטיג, נאַס. און מען געהט פֿון איין לייטער אויף די אַנדערע, דער שטייגער פֿאָראויס; און ער הערט נישט אויף צו פֿערזיכערען, אַז עס איז גאָרנישט געפֿעהרליך, מען דאַרף זיך נאָר פֿעסט האַלטען מיט די הענד פֿאַר די טרעפּלעך און נישט קוקען אויף די פֿיס אַראָב, און זעהען, דער קאָפּ זאָל זיך ניט פֿערשווינדלען, און איבּערהויפּט זיך ניט שטעלען אויף׳ן זייטענברעט, וואו עס געהט איצט אַרויף מיט אַ שטאַרקען גערויש דער שטריק פֿאַר די פֿעסער און פֿון וואַנען עס איז מיט אַ וואָכען צוויי צוריק אַראָבגעפֿאַלען אַן אונפֿאָרזיכטיגער מענש און האָט זיך נעבעך געבראָכען האַלז־און־נאַקען. דאָ אונטען איז עס אַ פֿערטויבטעם רוישען און זשומען, מען שטויסט זיך אָן אַלע ווײַלע אָן באַלקענס און שטריק, וועלכע הויבען אויף אין דער הויך די פֿעסער מיט מעטאַל אָדער מיט אָנגערונענעם וואַסער. אַמאָל פֿאַלט מען אַריין אין דורכגעהאַקטע גאַלערען, וועלכע הייסען שטאָלען, וואו מען זעהט דאָס אייזען ווי עס וואַקסט, און וואו דער איינזאַמער בערגמאַן זיצט דעם גאַנצען טאָג אין קלאַפּט מיט גרויס מיה פֿון דער וואַנד אַרויס שטיקלעך אייזען מיט זיין האַמער. גאָר אונטען, וואו מען קאָן שוין, ווי איינינגע פֿערזיכערען, הערען, ווי די לייט אין אַמעריקאַ שרייען: „הורראַ, לאַפֿאַיעט!“ — האָב איך זיך נישט אַראָבגעלאָזט; צווישען אונז זאָל דאָס בלייבען, דאָרט, ביז וואַנען איך האָב מיך אַראָבגעלאָזט, איז שוין פֿאַר מיר אויך געווען גענוג טיעף: — אונאויפהערליכעס ברויזען און רעש׳ן, אונהיימליכע מאַשינענבעוועגונג, דאָס רוישען פֿון אונטערערדישע קוואַלען, פֿון אַלע זייטען אַראָבטריפֿענדעס וואַסער, פֿערשטיקטע, אויפשטייגענדע ערד־דונסטען, און דאָס גרובענליכט צאַנקט אַלץ בלייכער און בלייכער אין דער איינזאַמער נאַכט. דאָס האָט ווירקליך בעטויבט, דער אָטעם איז מיר שווער געוואָרען און איך האָב מיך קוים געהאַלטען אָן די גליטשיגע לייטער־טרעפּלעך. איך האָב נישט איבּערגעלעבט דאָס געפֿיהל פֿון דעם אַזוי־גערופֿענעם שרעק, אָבער — אַ מערקווירדיגע

זאַך — דאָרט אונטען, אין דער טיעף, האָב איך מיך דערמאָהנט, אַז פאַר-אַ-יאָהרען אונגעפעהר אין דער זעלבער צײט האָב איך געהאַט אויסצושטעהן אַ שטורם אויפ'ן נאָרד-ים, און איצט האָב איך גע-מיינט, אַז עס איז אײגענטליך זעהר אַנגענעהם, ווען די שיף שאָקעלט זיך אַהין און אַהער, די ווינדען בלאָזען אין זײערע טראָמפּײטען, הויך שאַלט-אויף דער לוסטיגער מאַטראָזען-ליאַרם, און איבער אַלעם דעם וועדט גאָט'ס פרישע, ליעבע, פרײע לופט. יאָ, לופט! — דאָר-שטענדיג נאָך לופט, האָב איך ווידער גענומען שטײגען איבער אײ-ניגע דוץ לײטערס אין דער הויך און מײן שטײגער האָט מיך דורכ-געפיהרט דורך אַ שמאָלען, זעהר לאַנגען, אין דעם בערג-אויסגע-האַקטען גאַנג אין דער גרוב דאָראָטעאַ. דאָ איז שוין לוסטיגער און פרישער, און די לײטערס זענען רײנער, אָבער אויך לענגער און שטײ-לער, ווי אין דער קאַראָלינאַ. דאָ איז מיר אויך לײכטער געוואָרען אויפ'ן האַרצען, בעזונדערס, ווען איך האָב ווידער דערזעהען שפורען פון לעבעדיגע מענשען. אין דער טיעף האָבען זיך געזעהען בלאַנ-קשענדע פײערלעך; בערגלײט מיט זײערע גרובענליכט האָבען זיך אַלע ווײלע אויפגעהויבען אין דער הויך מיט דעם גרוס — „גליק אויף!“ און מיט דעמזעלבען ווידערגרוס פון אונזער זײט, פלעגען זיי אַרויפ-שטײגען פערבײ אונז; און ווי אַ בעפרײנדעט-רוהיגע, און דאָך צוגלײך אַ פײנליך-געהײמניספולע ערינערונג האָבען מיך געטראָפען מיט זײ-ערע טיעפזיניג קלאָרע בליקען די ערנסט-פרומע, עטוואָס בלאַסע אין פון גרובען-ליכט געהײמניספול-בעלויכטענע געזיכטער פון די דאָ-זיגע יונגע און אַלטע מענער, וועלכע האָבען דעם גאַנצען טאָג געאַר-בײט אין זײערע אײנזאַמע דונקעלע בערג-שאַכטען און האָבען זיך איצט געאײלט אַרויף אין דער הויך צו דעם ליעבען גאָטס שײן און צו די אויגען פון ווײב און קינד.

מײן טשיטשעראָנע איז געווען אַ'ן עהרליכע און הונד-טרײע דײטשע נאַטור. מיט טיעפער פרײד האָט ער מיר אָנגעוויזען יענעם אָרט, וואו דער הערצאָג פון קעמברידזש האָט געגעסען מיט זײן גאַנ-צער סוויטע, בעת ער האָט בעזוכט די גרובען, און וואו עס שטעהט נאָך עד-היום דער לאַנגער הילצערנער שפּײז-טיש און אויך דער גרויסער שטוהל, געמאַכט פון בערג-שטיקער, אויף וועלכען דער הערצאָג איז געזעסען. „דאָס דאַרף בלײבען שטעהן צום אײביגען אָנ-דענקען!“ — האָט מיר געזאָגט דער גוטער בערגמאַן, און מיט פײער

האָט ער מיר דערצעהלט, וויפיעל פערוויילונגען זענען דאַמאָלס פאָרגעקומען, ווי די גאַנצע גאַלעריע איז געוועזען פערפוצט מיט ליכט, בלומען און צווייגען, ווי איינער אַ בערג־אַרבייטער האָט געזונגען און געשפּיעלט אויף דער ציטרע, ווי דער צולעבטער, ליעבער, דיקער הערצאָג האָט אויסגעטרונקען זעהר פיעל „לחיים׳ס“, און וויפיעל אַלע בערג־לייט, און ער אַליין גאַנץ בעזונדערס, וועלען מיט שמחה אָבגעבען זייער לעבען פאַר דעם ליעבען, דיקען הערצאָג און דאָס גאַנצע הויז האַנאָווער. — שטענדיג רוהרט עס מיך זעהר טיעף, ווען איך זעה, ווי דאָס דאָזיגע געפיהל פון אונטערטאַנס־טרייהייט דריקט זיך אויס אין איהרע איינפאַכע נאַטור־קלאַנגען. עס איז אַזאַ שען געפיהל! און אַזאַ ריין דייטשעס געפיהל! אַנדערע פעלקער זענען זיך אפשר פעהיגער, געשיקטער, וויציגער און לוסטיגער, אָבער קיינס איז נישט אַזוי טריי, ווי דאָס טרייע דייטשע פאָלק. ווען איך זאָל נישט געוועזען וויסען, אַז די טרייהייט איז אַזוי אַלט ווי די וועלט, וואָלט איך דאַן געגלויבט, אַז אַ דייטשעס האַרץ האָט זי ערפונדען! דייטשע טרייהייט! זי איז נישט קיין מאָדערנע געקרייזעלט־מליצה׳דיגע דרשה. און אייערע הויפען, איהר דייטשע פירסטען, וואָלט מען געדאַרפט זינגען און ווידער זינגען דאָס ליעד פון דעם געטרייען עקאַרט און דעם בייזען בורגונד, וועלכער האָט געלאָזט טויטען זיינע ליעבע קינדער און האָט דאַן נאָך אַלץ נישט געבראָכען זיין טרייהייט. איהר האָט דאָס טרייסטע פאָלק און איהר זענט זיך טועה, ווען איהר גלויבט, אַז דער אַלטער פערשטאַנדיגער, טרייער הונד איז פלוצלונג משוגע געוואָרען און וויל אייך אַביס טהון אין אייערע הויכגעעהרטע ליטקעס.

ווי די דייטשע טרייהייט, אַזוי האָט אונז איצט דאָס קליינע גרובען־ליכט געלויכטען דעם וועג דורכ׳ן לאַבירינט פון די שאַכטען און גאַלערעען, אָהן פיעל פלאַקער, אָבער שטיל און זיכער; מיר האָבען אַרויסגעשטייגט פון דער דומפיגער בערג־נאַכט אַרויס, דער זונענשיין האָט געשטראַהלט — גליק אויף!

די בערג־אַרבייטער וואוינען מייסטענטהיילס אין קלויזטאַל און אין דעם נאָהענטען בערג־שטעדטעל צעלערפעלד. איך האָב בעזוכט מעהרערע פון די דאָזיגע בראַווע לייט, בעטראַכט זייער קליינע הויזליכע איינריכטונג, געהערט איינגע פון זייערע ליעדער, וועלכע זיי אַקאָמפּאַנירען זעהר אויסגעצייכענט גוט אויף דער ציטרע, זייער ליעבלינגס־אינסטרומענט, האָב געבעטען, זיי זאָלען מיר דערצעהלען אַלטע בערג־

מעשה׳לעך און איבערזאָגען די תפילות, וועלכע זיי פלעגען זאָגען אַלע צוזאַמען, איידער זיי פלעגען זיך אַראָבלאָזען אין די דונקעלע שאַכטען, און נישט איין תפילה האָב איך מיט זיי מיטגעזאָגט. אַן־אַלטער שטייגער האָט שוין אַפילו געמיינט, איך זאָל ביי זיי בלייבען און אַ בערגמאַן ווערען; און ווען איך האָב אָבער נישט קוקענדיג דערויף זיך געזעגענט מיט איהם, האָט ער מיר געגעבען אַן־אויפטראָג צו זיין ברודער, וואָס האָט געוואוינט נישט ווייט פון גאָסלאַר, און אַ סך קושען פאַר זיין פלימעניצע.

און ווי שטילשטעהענד רוהיג דאָס לעבען פון די דאָזיגע לייט זאָל ניט אויסקומען, דאָך איז עס אַן־אמת׳דיג לעבעדיג לעבען. די שטיינאַלטע, ציטערנדע פרוי, וועלכע איז געזעסען הינטערן אויווען, געגענאיבער דעם גרויסען שראַנק, איז שוין דאָרט אפשר געזעסען אַ פערטעל יאָהרהונדערט לאַנג, און איהר דענקען און פיהלען איז געווים פעסט צונויפגעוואַקסען מיט אַלע עקען פון דעם דאָזיגען אויווען און מיט אַלע שניצונגען פון דעם דאָזיגען שראַנק, און שראַנק און אויווען לעבען, דען אַ מענש האָט אין זיי אַריינגעטהון אַ טייל פון זיין נשמה.

נאָר דורך אַזאַ טיעפעס אַנשויאונגס־לעבען, דורך די „אונמיטעלבאַרקייט" איז ענטשטאַנען דאָס דייטשע צויבער־מעשה׳לע, וואָס איהר אייגענטימליכקייט בעשטעהט אין דעם, אַז נישט נאָר חיות און פלאַנצען, אָבער אויך געגענשטענדען, וואָס זענען דאַכט זיך, אינגאַנצען אָהן לעבען, רעדען און ווירקען. דעם דאָזיגען קלוגען און תמימות׳דיגען פאָלק האָט זיך געעפענט אין דער שטילער, פריעדליכער היימליכקייט פון זיינע בערג־און וואַלד־הייזליך דאָס אינווענינגסטע לעבען פון אַזעלכע געגענשטענדען; זיי האָבען אָנגענומען אַ נויטווענדיגען, קאָנסעקווענטען חאַראַקטער, אַ זיסע מישונג פון פאַנטאַסטישען קאַפריז און ריין־מענשליכע געפיהלען; און דערפאַר זעהען מיר אין די דאָזיגע מעשה׳לעך די וואונדערבאַרסטע זאַכען גלייך ווי זיי וואָלטען זיין זעהר נאַטירליך: די נעה־נאָדעל און די שטעק־נאָדעל קומען פון דער שניידער־אַרטעל און פערבלאָנדזשען אין דער פינסטערניש; דאָס שטרויעלע און די קויהל ווילען איבערגעהן דעם טייך און ווערען דערטרונקען; די לאָפּאַטע און דער בעזים שטעהען אויף די טרעפּ און קריגען זיך און שלאָגען זיך; דער געפרעגטער שפּיגעל ווייזט דאָס בילד פון דער שענסטער פרוי; אַפילו

בלוסטסטראָפּענס הויבען אָן צו רעדען באַנגע דונקעלע ווערטער פון אומרוהיגסטען מיטלייד. — אויס דעמזעלבען גרונד איז אונזער לעבען אין דער קינדהייט אַזוי אונענדליך בעדייטענד, אין יענער צייט איז אונז אַלסדינג גלייך וויכטיג, מיר הערען אַלץ, מיר זעהען אַלץ, אַלע איינדריקען זענען גלייכמעסיג, אַנשטאַט דעם וואָס מיר ווערען שפּעטער אויסגערעכענטער, בעשעפטיגען זיך אויסשליסליך מיט איין זאַך, טוישען אויס מיט גרויס מיה דאָס קלאָרע גאָלד פון דער אָנשויאונג אויף דאָס פּאַפּירען-געלד ביכער-ערקלערונגען, און געווינען אין דער לעבענסברייטע, וואָס מיר פערלירען אין דער לעבענסטיעף. איצט זענען מיר שוין אויסגעוואַקסענע, פאָרנעהמע לייט; מיר בייטען אָפט אונזערע וואוינונגען, די מויד קלייבט אַלע טאָג צו און שטעלט איבער, לויט ווי עס געפעלט איהר, די מעבעל, וועלכע אינטערעסירען אונז ווייניג, ווייל זיי זענען אָדער ניי אָדער היינט געהערען זיי האַנס'ן און מאָרגען יצחק'ן; אפילו אונזערע קליידער בלייבען אונז פרעמד, מיר וויסען קוים, וויפיעל קנעפּ האָט דער ראָק, וועלכען מיר טראָגען איצט אויפ'ן לייב; מיר בייטען דאָך שטענדיג אַזוי אָפט אונזערע קליידער, און קיינס פון זיי בלייבט נישט אין צוזאַמענהאַנג מיט אונזער אינווענדיגסטער און אויסערליכער געשיכטע; — קוים-קוים וואָס מיר קאָנען זיך דערמאָהנען, ווי האָט עס אויסגעזעהען יענע ברוינע וועסט, פון וועלכער מען האָט אַמאָל אַזוי פיעל געלאַכט, און וואָס אויף איהרע ברייטע פּאַסען האָט דאָך אַזוי ליעבליך גערוהט די ליעבע האַנד פון דער געליעבטער.

די אַלטע פרוי, וואָס איז געזעסען געגענאיבער דעם גרויסען שראַנק הינטערן אויווען, האָט געטראָגען אַ קלייד פון אַלטפרענקישען שטאָף — דאָס חופּה-קלייד פון איהר זעליגער מוטער. איהר אוראייניקעל, אַ בלאָנד יונגעל מיט בליצאויגען, געקליידעט אַלס בערגמאַן, איז געזעסען צו איהרע פיס און האָט געצעהלט די בלומען פון איהר קלייד, און זי האָט איהם שוין אַפּנים אָנדערצעהלט פון דעם דאָזיגען קלייד פיעל-פיעל געשיכטען, פיעל ערנסטע שעהנע מעשות, וועלכע דאָס יונגעל וועט געוויס נישט אַזוי גיך פערגעסען, וועלכע וועלען נאָך אָפט פאַר איהם שוועבען, ווען ער וועט אַלס דערוואַקסענער מאַן איינזאַם אַרבייטען אין די נאַכט-דונקעלע גאַלערעען פון קאַראָלינאַ, און וועלכע ער וועט אפשר אַליין איבערדערצעהלען, ווען די ליעבע באָבע וועט שוין לאַנג זיין טויט און ער אַליין, אַ זיל-

בערג-האָריגער, אויסגעלאָשענער זקן, וועט זיצן, אַרומגערינגלט פֿון אייניקלעך, געגענאיבער דעם גרויסן שראַנק, הינטערן אויוון.

אויף איבער נאַכט בין איך אויך געבליבן אין דער „קרוין“, וואוהין ס'איז דערוויילע אָנגעקומען דער הויפּראַט ב. פֿון געטינגען. איך האָב געהאַט דאָס פֿערגעניגען אויסצודריקן דעם אַלטן הערר מיין הויכאַכטונג. איינגעשריבן זיך אין פֿרעמדן-בוך, האָב איך עס גענומען דורכבלעטערן אויפֿ'ן מאָנאַט יולי און האָב געפֿונען אויך דעם פֿיל טייערן נאָמען פֿון אַדאַלבערט שאַמיסאָ, דעם ביאָגראַף פֿון דעם אונשטערבליכן שלומיאל. דער ווירט האָט מיר דערצעהלט, אַז דער דאָזיגער הערר איז אין אַ אונבעשרייבליך-שלעכטן וועטער אָנגעקומען, און פּונקט אין אַזאַ וועטער ווידער אַוועקגעפֿאָהרען.

אויף מאָרגן האָב איך ווידער געמוזט פֿערלייכטערן מיין רענצעל, דאָס איינגעפּאַקטע פּאָר שטיוועל האָב איך אַרויסגעוואָרפֿן לעזאזל, און איך האָב אויפֿגעהויבן מיינע פֿיס און בין אַוועק קיין גאָסלאַר. ווי אַזוי בין איך אַהין פֿערגאַנגען, ווייס איך אַליין נישט. איך געדענק נאָר, אַז איך האָב ווידער געקלעטערט באַרג-אַרויף, באַרג-אַראָב און אַראָבגעקוקט אונטן אין שענע גרינע טאָלען; זילבערנע וואַסערן האָבן געבּרויזט, זיסע וואַלד-פֿייגעל האָבן געצווישערט, די טשערעדע-גלעקלעך האָבן געקלונגען, די גרינע בוימער זענען געווען מיט גאָלד בעשטראַהלט פֿון דער ליבער זון, און אויבן איז די בלוי-זיידענע דעקע פֿון הימעל געווען אַזוי דורכזיכטיג, אַז מען האָט געקאָנט אַהין טיעף אַריינקוקן, ביז אין קדשי-קדשים אַריין, וואו די מלאכים זיצן דעם אויבערשטן צו-פֿוסענס, און אין דעם שיין פֿון זיין שכינה שטודירן זיי דעם געגענעראַלבאַס.. איך האָב נאָך אָבער געלעבט אין דעם טרוים פֿון דער פֿאָריגער נאַכט, און איך האָב אים נישט געקאָנט פֿעריאָגן פֿון מיין נשמה. דאָס איז געווען דאָס אַלטע מעשה'לע, ווי איינער אַ ריטער שטייגט אין אַ טיעפֿן ברונען אַראָב, וואו אונטן איז די שענסטע פּרינצעסין פֿערשאָלטן צו ליגן אין אַ שטאַרקן צויבער-שלאָף. איך אַליין בין געווען דער ריטער, און דער ברונען — די דונקעלע קלויזטאָלער גרוב, און פּלוצלונג האָבן זיך אָנגעצונדן פֿיל ליכט, פֿון אַלע זייטענלעכער זענען אַרויסגעשפּרונגען די וואַכענדע קליינע מענשעלעך, מיט שרעקליכע, צאָרנדיגע פּנימ'ער; זיי

האָבען געפּאַקט אויף מיר מיט זייערע קורצע שווערדען, הילכיג געבלאָזען אין זייערע שופרות, כדי עס זאָלען נאָך אָנקומען אַלץ נייע און נייע מחנות, און זייערע ברייטע קעפּ האָבען זיך אימה׳דיג גע־וואָרפען אויף די אַקסלען. איך האָב זיי אַ קלאַפּ געגעבען, דאָס בלוט האָט אַ פלייץ געטאָן אַרויס, און ערשט דאַן האָב איך בעמערקט, אַז דאָס זענען געווען די רויט־בליהענדע, לאַנגבערדיגע דערנער, וועלכע איך האָב מיט אַ טאָג צוריק אַראָפּגעקלאַפּט מיט׳ן שטעקעל אויפ׳ן לאַנדוועג. דאָ זענען זיי גלייך אַלע נישט געוואָרען און איך בין אַריינגעקומען אין אַ העלען פּרעכטיגען זאַל; אין דער מיט איז גע־שטאַנען, ווייס פערשלייערט, שטאַר און שטום ווי אַ סטאַטועֶ, די גע־ליבטע פון מיין הערצען, און איך האָב איהר אַ קוש געטאָן אין מויל, און — איך שווער ביי גאָט! — איך האָב געפיהלט דעם גליק־ליך־מאַכענדען אָטעם פון איהר זעעלע און דעם זיסען ציטער פון איהרע ליפּען. מיר איז געוועזען, גלייך ווי איך וואָלט דערהערט גאָט׳ס קול: „עס זאָל ווערען ליכט!“ און בלענדענד האָט אַ בליץ גע־טאָן אַ שטראַהל פון דעם אייביגען ליכט; אָבער אין דעמזעלבען אויגענבליק איז עס ווידער נאַכט געוואָרען, און אַלץ צוזאַמען האָט זיך אין אַ חאַאָטישען תהו־ובהו אַלאָז געטאָן אין אַ ווילדען, וויסטען ים אַריין. אַ ווילדער, וויסטער ים! איבער דעם ברויזענדען וואַסער האָבען מיט אימא געיאָגט די גייסטער פון די פערשטאָרבענע, זייערע ווייסע תכריכים האָבען געפלאַטערט אין ווינט, הינטער זיי איז גע־פלויגען אַ פערשידענפאַרביגער אַרלעקין, קנאַקענדיג מיט׳ן בייטש און טרייבענדיג זיי, און דער אַרלעקין בין איך אליין געוועזען — און פלוצלונג, פון די דונקעלע חוואַליעס אַרויס, האָבען די משונה־דיגע ווילדע ים־חיות אַרויסגעשטרעקט זייערע העסליכע קעפּ, און האָבען אויסגעצויגען צו מיר זייערע פונאַנדערגעשפּרייטע שאַרפע נעגעל, און פאַר אימה האָב איך זיך אויפגעחאַפּט.

ווי אָפט אָבער ווערען דאָך פערדאָרבען די שענסטע מעשה׳לעך! אייגענטליך מוז דער ריטער, נאָכדעם אַז ער האָט שוין געפינען די שלאָפענדע פּרינצעסין, אַרויסשניידען אַ שטיק פון איהר טייערען שלייער; און ווען זיין העלדישקייט צובּרעכט דעם צויבער־שלאָף איהרען, און זי זיצט ווידער אין איהר פּאַלאַץ אויף דעם גאָלדע־נעם שטוהל, מוז דער ריטער צו איהר צוטרעטען און זאָגען: „מיין שענסטע פּרינצעסין, קענסטו מיך?“ און דאַן ענטפערט זי: „מיין

העלדישסטער ריטער, איך קען דיך נישט". און דאמאלס ערשט ווייזט ער איהר דאס אויסגעשניטענע שטיק פון איהר שלייער, וואס קומט פונקט צו צו איהם, און ביידע נעהמען זיך צערטליך ארום, און די טרומייטען בלאזען, און די חתונה ווערט געפייערט.

ס'איז טאקי מיין שלימזל אליין שולדיג, וואס מיינע ליעבעס־טרוימען האבען זעלטען אזא שענעם סוף.

דער נאמען גאסלאר קלינגט אזוי פרעהליך, און מיט איהם זענען פערקניפט אזוי פיעל אוראלטע קייזער־ערינערונגען, אז איך האב ערווארט צו געפינען א מאיעסטעטישע גרויסע שטאדט. אבער עס איז שטענדיג אזוי, ווען מען בעטראכט די בעריהמטע אין דער נאהענט! איך האב געטראפען עפעס א נעסט מיט מייסטענס שמאלע, לאבירינטיש קרומע גאסען, צווישען וועלכע עס גערט־דורך א קליין וואסעריל — אפנים דאס איז די גאזע; אומעטום שימעל, שמוץ און אלטקייט, און דער ברוק איז מיט אזוי פיעל גריבער, בערג און טאלען, אזוי ווי דער העקזאמעטער פון די בערלינער פאעטען. נאר די אלטערטימליכע געביידען, די רעשטען פון די מויערען, טורעמס און געצייהנטע וועגד גיבען־צו דער שטאדט עטוואס פיקאנטעס. איינער פון די דאזיגע טורעמס, מי'ט'ן נאמען „צווינגער", האט אזוינע דיקע מויער־ווענד, אז אין זיי זענען אויסגעהאקט גאנצע צימערען. דער פלאץ פאר דער שטאדט, וואו עס קלייבט זיך צונויף דער וועלט־בעריהמטער שיסער־פעראיין, איז א שענע גרויסע לאנקע, ארום־גערינגעלט מיט בערג. דער מארק איז קליין, אין דער מיט שטעהט א שפרינגברונען, פון וואנען דאס וואסער גיסט זיך אין א גרויסען מעטאלענעם בעקען, און דער קלאנג לאזט זיך דאן הערען ווייט און ברייט. ווי קומט אהער דאס בעקען, ווייס מען נישט. איניגע זאגען, אז דאס האט דער טייוועל איינמאל ביינאכט עס אוועקגעשטעלט אויפ'ן מארק. דאמאלס זענען די מענשען געוועזען נאך נאריש, און דער טייוועל איז אויך געוועזען נאריש, פלעגען זיי זיך געבען איינער דעם אנדערען מתנות.

דאס ראטהויז אין גאסלאר איז א ווייס־געקאלכטע קאזארמע. דאס גילדען־הויז, וואס שטעהט דערנעבען, האט שוין א בעסערע מראה. אונגעפעהר גלייך פון דער ערד און פון דעם דאך שטעהען דא די סטאטועס פון די דייטשע קיסרים, שווארץ פון רויך און ערטערווייז בעגילדעט, אין איין האנד דאס סצעפטער, אין דער אנדערער —

די וועלט־קויל; זיי זעהען־אויס ווי געבראָטענע אוניווערזיטעטס־פּעדעל. איינער פֿון די דאָזיגע קיסרים האָט געהאַלטען אַ שווערד אָנשטאָט אַ סצעפּטער. איך האָב בשום אופן זיך ניט געקאָנט שטויסען, וואָס בעדייט דער דאָזיגער אונטערשיעד; עס האָט דאָך געוויס עפּעס אַ בעדייטונג, ווייל די דייטשען האָבען אַ מערקווירדיגע טבע — אין אַלץ, וואָס זיי טוען ליגט בעהאַלטען עפּעס אַ מיין.

אין גאָטשאַלק'ס „האַנדבוך" האָב איך אַ סך זיך אָנגעלייענט וועגען דעם אוראַלטען דאָם און דעם בעריהמטען קייזער־שטוהל אין גאָסלאַר. ווען איך האָב אָבער געוואָלט אָנקוקען די ביידע אַנטיקען, האָט מען מיר געזאָגט, אַז דער דאָם איז צושטערט געוואָרען און דעם שטוהל האָט מען אַוועקגעפֿיהרט קיין בערלין. מיר לעבען אין אַ בעדייטונגס־שווערער צייט: טויזענד־יעהריגע קירכען ווערען צובראָכען און קייזערליכע שטוהלען ווערען אַרייַנגעוואָרפֿען אין שפּייכלערס פֿון אַלטוואַרג.

איניגע מערקווירדיגקייטען פֿון דעם דאָם, עליו השלום, זענען איצט אויסגעשטעלט אין דער סטעפֿאַנס־קירך. וואונדערשענע גלאָז־מאַלערייען, איניגע שלעכטע בילדער, צווישען וועלכע עס איז אויך פֿאַראַן איינע פֿון לוקאַס קראַנאַך — אַזוי זאָגט מען — ווייטער אַ הילצערנער קריסטוס אויפֿ'ן צלם און אַ געצענדינערישער מזבח פֿון אונבעקאַנטען סטיל; ער האָט די געשטאַלט פֿון אַ לענגליך פֿירעקיגען קאַסטען און ווערט אונטערגעשפּאַרט פֿון קאַריאַטידען, וועלכע האַלטען איינגעבויגענערהייד די הענד איבער'ן קאָפּ און מאַכען אונהיימליך־העסליכע פּנימ'ער. אָבער נאָך אונהיימליכער איז דאָס גרויסע הילצערנע קרוציפֿיקס, וואָס איך האָב שוין פֿריהער דערמאָהנט. דער דאָזיגער קריסטוס־קאָפּ מיט נאַטירליכע האָהר און דערנער און בלוט־בעשמירטען געזיכט דריקט־אויס העכסטענס די גסיסה־יסורים פֿון אַ מענשען, אָבער ניט פֿון אַ גאָט־געבוירענעם אויסלייזער. נאָר דאָס פֿיזישע ליידען איז איינגעשניצט אין דעם דאָזיגען געזיכט, ניט די פּאָעזיע פֿון שמערצען. אַזאַ בילד פּאַסט גיכער אין אַן אַנאַטאָמישען זאַל, ווי אין אַ גאָטעס־טעמפּעל. די גלח'טע, וועלכע האָט מיך אַרומגעפֿיהרט, אַ גרויסע בקיאה אין קונסט־זאַכען, האָט מיר נאָך בעוויזען אַלס אַ גאַנץ בעזונדערען אַנטיק, אַ פֿירעקיג, גלאַט־אָבגעהעבעלט, שוואַרץ שטיק האָלץ, בעדעקט מיט ציפֿער, וואָס איז געהאַנגען אין מיטען קלויסטער, אַזוי ווי אַ נר־תמיד. אָ, ווי גלענצענד

ווייזט זיך דא ארויס דער ערפינדונגס-גייסט פון דער פראטעסטאנטי־שער קירך! ווייל ווער זאל זיך דאס פארשטעלען! די ציפער אויף דעם דאזיגען שטיק האלץ בעדייטען די קאפיטלעך תהלים, וועלכע ווע־רען געוועהנליך פערציילענט מיט קרייד אויף א שווארץ ברעטעל און דעריבער ווירקען זיי אויף דאס עסטעטישע געפיהל א ביסעל ניכ־טער. אבער איצט צוליעב דער אויבענדערמאהנטער ערפינדונג דינען זיי זאגאר פאר א ציערונג אין דער קירך און פערבייטען ראפאעלים בילדער, וועלכע פעהלען דא אזוי אפט. אזעלכע פארשריטען פרעהען מיך אהן א שיעור, ווייל איך, אלס פראטעסטאנט און דערצו נאך לוטעראנער, האבען שטענדיג זעהר גרויס עגמת-נפש, ווען די קאטוי־לישע געגנער טרייבען לצנות איבער דעם וויסטען גאטספערגעסענעם אויסזעהן פון די פראטעסטאנטישע קירכען.

איך האב זיך אבגעשטעלט אין א גאסטהויז, נאהענט פון מארק, וואו דער מיטאג וואלט מיר נאך געשמעקט פיעל בעסער, ווען עס זאל זיך נישט געוועזען צוזעצען צו מיר דער הערר ווירט מיט זיין לאנגען אומגעלומפערטען געזיכט און זיינע לאנגווייליגע פראגען; צום גליק בין איך באלד אויסגעלייזט געווארען דורך דאס אנקומען פון אנ׳אנדער רייזענדען, וועלכער האט געמוזט אויסהאלטען די זעלבע פראגען אין דעמזעלבען סדר: ווער? וואס? ווען? וואו? מיט וועלכע מיטלען? פאר־וואס? אויף וואס פאר אנ׳אופן? דער דאזיגער אונבעקאנטער איז גע־ווען אנ׳אלטער, מיעדער, אבגעטראגענער מאן, וואס האט, לויט זיינע ווערטער, דורכגעוואנדערט די גאנצע וועלט, בעזונדערס לאנג געלעבט אין באטאוויא, האט ערווארבען א סך געלד און ווידער אלץ פערלארען, און איצט, נאך דרייסיג-יעהריגער אבוועזענהייט, קעהרט ער זיך צוריק אום קיין קוועדלינבורג, זיין געבורטס-שטאדט,—„ווייל“, האט ער צוגעגע־בען, „אונזער פאמיליע האט דארט אויפ׳ן בית-עלמין אונזער אייגענעם פלאץ, וועלכער געהט אונז איבער בירושה“. דער הערר ווירט האט דערביי געמאכט די זעהר אויפגעקלערטע בעמערקונג, אז פאר דער נשמה איז עס דאך גאנץ גלייכגילטיג, וואו דער גוף וועט בעגראָ־בען ווערען. „איהר קאנט עס בעשטעטיגען שריפטליך?“ האט דער פרעמדער געענטפערט, און דערביי האבען אונהיימליך שעלמישע ריונגען פערצויגען זיינע פערקרימטע ליפען און פערבלייכטע אויגע־לעך. „איבריגענס“, האט ער זיך אנגסטליך פערהאפט צוריק, „איך האב דערמיט ניט געמיינט צו זאגען קיין שום בייז וועגען פרעמדע

קבֿרים; — די טערקען בעגראָבען זייערע טויטע נאָך פֿיעל שענער ווי מיר, זייערע בית-עלמינס זענען אמת'ע גערטנער, און דאָרט זיצען זיי אויף זייערע ווייסע מיט טורבאַנען געקריינטע מצבות, אונטער'ן שאָטען פֿון די ציפּרעסען, און גלעטען זייערע ערנסטע בערד, און רויכערען רוהיג זייער טערקישען טאַבאַק פֿון זייערע לאַנגע טערקישע ליולקעס; און ביי די חינעזער איז עס פּשוט אַ פֿערגעניגען צוצוזעהן, ווי זיי טאַנצען מאַנירליך אַרום די קבֿרים פֿון זייערע מתים אַרום און זענען מתפּלל, און טרינקען טיי, און שפּיעלען פֿיעדעל, און ווייסען ווי צו צו בעפּוצען די געליעבטע קבֿרים מיט אַלערליי בעגולדעטע לאַק-אויסאַרבייטונגען, פּאָרצעלייענע פֿיגורען, שטיקלעך פֿון בונטען זיידענשטאָף, קינסטליכע בלומען און פֿאַרביגע לאַמטערנליך — אַלץ איז זעהר שען — ווי ווייט האָב איך נאָך ביז קוועדלינבורג?"

דער בית-עלמין אין גאָסלאַר האָט ביי מיר נישט זעהר אויסגענומען. דערפֿאַר האָט ביי מיר אָבער נאָך מעהר אויסגענומען דאָס וואונדערשענע געלאָקטע קעפּעלע, וואָס האָט ביי מיין אָנקומען אין שטאָדט אַריין אַרויסגעקוקט מיט אַ שמייכעל פֿון אַ גאַנץ הויכען פּאַרטער-פֿענסטער אַרויס. נאָך מיטאָג האָב איך ווידער געוואָלט דאָס ליעבע פֿענסטער; אָבער איצט איז דאָרט געשטאַנען נאָר אַ גלאָז וואַסער מיט ווייסע גלעקעל-בלימעליך. איך האָב אַרויפֿגעקלעטערט אַרויף, אַרויסגענומען די פֿיינע בלומען פֿון גלאָז, האָב זיי רוהיג אַריינגעשטעקט אין מיין הוט און בין וועניג נתפּעל געוואָרען פֿון די ברייט-געעפֿענטע מיילער, פֿערשטיינערטע נעזער און אויסגעגלאָצטע אויגען, מיט וועלכע די מענשען אויף דער גאַס, בעזונדערס די אַלטע ווייבער, האָבען געקוקט אויף דער דאָזיגער עפֿענטליכער גנבה. אַז איך בין מיט אַ שעה שפּעטער פֿערבייגעגאַנגען דאָס זעלבע הויז, איז דאָס ליעבע קעפּעלע געשטאַנען ביים פֿענסטער, און ווי זי האָט דערזעהען די גלעקעל-בלימלעך אויף מיין הוט, איז זי געוואָרען רויט ווי פֿייער און איז אָבגעשפּרונגען פֿון פֿענסטער. איך האָב איצט נאָך גענויער געזעהען דאָס שענע פּנימ'ל; דאָס איז געווען אַ זיסע פֿערקערפּערונג פֿון זומער-אָווענט-לופֿט, לבֿנה-שיין, נאַכטיגאַל-ליעדער און רויזען-דופֿט. — שפּעטער, אַז עס איז געוואָרען רעכט פֿינסטער, איז זי אַרויס אויפֿ'ן גאַניק. איך בין צוגעגאַנגען — איך האָב מיך דערנעהענטערט — זי ציהט זיך לאַנגזאַם צוריק אין דונקעלען פֿאָרהויז אַריין — איך האַפּ זי אָן פֿאַר דער האַנד און זאָג: איך בין אַ ליעבהאָבער

פֿון שענע בלומען און קושען, און וואָס מען גיט מיר ניט פֿריִוויליג, גנבֿע איך — און איך האָב זי אַ האַסטיגען קוש געטאָן — און אַזוי ווי זי וויל אַנטלויפֿען, בעהאַלט איך זי שטיל, מורמלענדיג: מאָרגען פֿאָהר איך אַוועק און קום מעהר קיינמאָל צוריק — און איך פֿיהל דעם געהיימען ווידערדרוק פֿון די ליבליכע ליפּען און די קליינע הענד — און לאַכענדיג אײַל איך אַוועק פֿון דאָרטען. יאָ, איך מוז לאַכען, ווען איך בעטראַכט זיך, ווי איך האָב אויסגעוואַקסט אַרויסגערעדט יענע שײַ-בער-ווערטער, דורך וועלכע זיינערע רויטע און בלויע וואונדערען בעצווינגען די הערצער פֿון די פֿרויען פֿיעל אָפֿטער, ווי דורך זייער באַקענבערדיגער ליעבליכקייט: „מאָרגען פֿאָהר איך אַוועק און קום מעהר קיינמאָל צוריק!"

פֿון מײַן וואוינונג האָט זיך געעפֿענט אַ הערליכע אויסזיכט אויף דעם ראַמעלסבערג. עס איז געווען אַ שענער אָזענד. די נאַכט האָט געיאָגט אויף איהר שוואַרצען פֿערד, און די לאַנגע גריווע זיינע האָט געפֿלאַטערט אין ווינד. איך בין געשטאַנען בײַם פֿענסטער און בעטראַכט די לבנה. איז עס אין דער אמת'ן פֿאַראַן אַ מאַן אויף דער לבנה? די סלאַווען זאָגען, אַז ער הייסט קלאָטאַר, און די לבנה וואַקסט דערפֿאַר, ווײַל ער בעגיסט זי מיט וואַסער. אַז איך בין נאָך געווען אַ קינד, האָב איך געהערט, אַז די לבנה איז אַ פּרי, און ווי נאָר זי ווערט צײַטיג, רײַסט זי דער ליעבער גאָט אָב און לעגט זי אַרײַן, צוזאַמען מיט די איבעריגע גאַנצע לבנות אין דעם גרויסען שראַנק, וועלכער שטעהט אין עק וועלט און איז פֿערשלאָסען מיט ברעטער. אַז איך בין גרעסער געוואָרען, האָב איך בעמערקט, אַז די וועלט איז ניט אַזוי ענג בעגרענצט און אַז דער מענשליכער גײַסט האָט דורכגעבראָכען די הילצערנע שראַנקען און מיט אַ ריעזיגען שליסעל, מיט דער אידעע פֿון אונשטערבליכקייט, האָט ער אויפֿגעשלאָסען אַלע זיבען הימלען. אונשטערבליכקייט! שענער געדאַנק! ווער האָט דיך צוערשט אויסגעטראַכט? איז דאָס געווען אַ נירנבערגער בעל-הבית, וועלכער איז אין אַ ליעבליכען זומער-אָווענד געזעסען פֿאַר זײַן הויזטיר, מיט אַ ווײַסער נאַכט-מיץ אויפֿ'ן קאָפּ און מיט אַ הײַסער ליולקע אין מויל, און האָט גאַנץ געמיטליך געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען ער וואָלט אַזוי שטענדיג זיך ניט געדאַרפֿט שיידען מיט דער ליעבער אײַביגקייט, און קיינמאָל זאָל איהם דערבײַ נישט אויסגעהן זײַן ליולקע און זײַן לעבענס-אָטעמל? אָדער דאָס איז געווען אַ יונגער פֿאַר-

ליעבטער, וועלכער האָט אין די אָרימס פֿון זיין געליעבטער געטראַכט יענעם אונשטערבליכקייטס-געדאַנק, דערפֿאַר איהם געטראַכט, ווייל ער האָט איהם געפֿיהלט און ווייל ער האָט נישט געקאָנט אַנדערש פֿיהלען און טראַכטען? — ליעבע! אונשטערבליכקייט! — אין מיין ברוסט איז עס פּלוצלונג געוואָרען אַזוי היים, אַז מיר האָט זיך אויס-געוויזען, דאָס די געאָגראַפֿען האָבען אַראָבגערוקט דעם עקוואַטאָר פֿון זיין אָרט און ער האָט זיך איצט געצויגען דורך מיין האַרץ. און פֿון מיין האַרצען האָבען זיך אַרויסגעגאָסען די געפֿיהלען פֿון ליעבע, זיך פֿערבענקט אַרויסגעגאָסען אין די ווייטע נאַכט אַריין. דער דופֿט פֿון די בלומען אין גאָרטען אונטער מיין פֿענסטער איז געוואָרען שטאַרקער. דופֿטען זענען די געפֿיהלען פֿון די בלומען, און אַזוי ווי דאָס מענ-שען-האַרץ פֿיהלט זיך שטאַרקער אין דער נאַכט, ווען עס איז איינזאַם און פֿון קיינעם ניט געזעהען, אַזוי, דאַכט זיך, ערוואַרטען אויך די בלומען, קלוג פֿערשעמט, די אַלץ איינהילענדע דונקעלהייט, דאַן ערשט אינגאַנצען איבערצוגעבען זיך צו זייערע געפֿיהלען און אויסצוהויכען זיי אין די זיסע דופֿטען און ריחות. — גיסט זיך אַרויס, איהר דופֿטען פֿון מיין האַרצען, און זוכט-אויף הינטער יענע בערג די געליעבטע פֿון מיינע טרוימען! זי ליגט איצט שוין און שלאָפֿט; מלאכים קניען צו איהרע פֿיס, און ווען זי טוט אַ שמייכעל דורכ'ן שלאָף, איז דאָס אַ תפילה, וואָס די מלאכים זאָגען נאָך; אין איהר ברוסט ליגט דער הימעל מיט אַלע זיינע ברכות, און ווען זי אָטעמט, דאַן ציטערט מיין האַרץ אין דער ווייטענס; הינטער די זיידענע ברעמען פֿון איהרע אויגען איז די זון-אונטערגעגאַנגען און ווען זי עפֿענט זיי ווידער אויף, איז עס טאָג, און די פֿויגעל זינגען, און די גלעקלעך פֿון די שאָף קלינגען, און די בערג שימערן אין זייערע שמאַראַגדענע קליידער — און איך וועל צובינדען דאָס רענצעל און וואַנדערען.

און די דאָזיגע פֿילאָזאָפֿישע בעטראַכטונגען און פּריוואַט-גע-פֿיהלען, האָט מיך איבעראַשט דער בעזוך פֿון דעם הויף-ראַט ב., וועלכער איז מיט אַ קורצער צייט פֿריהער אויך געקומען קיין גאָסלאַר. קיינמאָל וואָלט איך נישט געקאָנט אַזוי טיעף פֿיהלען די וואוילגע-נויגטע געמיטליכקייט פֿון דעם דאָזיגען מאַן. איך פֿערעהר איהם צו-ליעב זיין אויסגעצייכענטען, ערפֿאָלגרייכען שאַרפֿזין, נאָך מעהר אָבער צוליעב זיין ענוות. איך האָב איהם געפֿונען אונגעוועהנליך לוסטיג, פֿריש און מונטער. אַז ער איז מונטער, דאָס האָט ער נישט לאַנג בעוויזען מיט זיין נייעם ווערק: „די רעליגיאָן פֿון דער פֿערנונפֿט“,

אַ בוך, וואָס די ראַציאָנאַליסטען זענען פֿון איהם אַזוי ענטציקט, די מיסטיקער געקרענקט און דאָס גרויסע פּובליקום אויפֿגערודערט. איך אַליין בין אַפֿילו איצט אַ מיסטיקער, צוליעב מיין געזונד־צושטאַנד, ווייל דער דאָקטאָר האָט מיר פֿאַרגעשריבען, איך זאָל אויסמיידען אַלע אָנרייצונגען צום דענקען. דאָך אַנערקען איך די אונגעהויערע בעדייטונג, וואָס די ראַציאָנאַליסטישע בעמיהונגען פֿון אַ פּוילוס, גורליט, קרוג, אייכהאָרן, בוטערווערק, וועגשיידער א. אַז. וו. האָבען. צופֿעליג איז עס פֿאַר מיר אַליין זעהר ניצליך, וואָס די דאָזיגע לייט ראַמען אוים אַזוי פֿיעל פֿערעלטערטע מאוסקייטען, בעזונדערס דעם אַלטען קירכען־מיסט, וואו עס איז פֿאַראַן אַזוי פֿיעל שלאַנגען און בייזע דונסטען. די לופֿט ווערט אין דייטשלאַנד צו דיק און צו היים, און אָפֿט האָב איך מורא צו דערשטיקען זיך, אָדער צו דערוואָרגען ווערען פֿון מיינע געליעבטע מיט־מיסטיקער אין דער היץ פֿון זייער ליעבע. דעריבער קאָן איך נאָר דאַנקבאַר זיין די גוטע ראַציאָנאַליסטען, ווען זיי קיהלען אָב, אַפֿילו אַ ביסעל צו שטאַרק, די דאָזיגע לופֿט. אין פֿלוג האָט דאָך די נאַטור אַליין געשטעלט דעם ראַציאָנאַליזם זיינע גרעניצען; אונטער דער לופֿט־פּאָמפּע און ביים נאָרדפּאָל קאָן עס דער מענש נישט אויסהאַלטען.

אין יענער נאַכט, וועלכע איך האָב צוגעבראַכט אין גאָסלאַר, איז מיט מיר געשעהען עטוואָס זעלטזאַמעס. עד היום קאָן איך דאָס נישט דערמאָהנען אָהן שרעק. איך בין פֿון נאַטור נישט שרעקעדיג, אָבער גאָט ווייסט דעם אמת, אַז איך האָב קיינמאָל נישט איבערגעלעבט קיין בעזונדערע האַרצקלאַפּונג, ווען אַ בלאַנקער קלינגעל, צום ביישפּיעל, האָט געזוכט צו מאַכען בעקאַנטשאַפֿט מיט מיין נאָז, אָדער ווען איך פֿלעג ביי־נאַכט פֿערבלאָנדזשען אין אַ וואַלד, וועגען וועלכען מען האָט דערצעהלט נישט קיין איבריגס פֿרעהליכע מעשיות, אָדער ווען מיר האָט געדראָהט די געפֿאַהר צו דערשלונגען ווערען אויף אַ קאָנצערט פֿון אַ לייטענאַנט, וואָס האָט געגענעצט — אָבער פֿאַר גייסטער שרעק איך זיך כמעט פּונקט אַזוי שטאַרק, ווי דער עסטרייכישער בעאָבאַכטער. וואָס איז אַזוינס שרעק? קומט ער פֿון דעם פֿערשטאַנד אָדער פֿון דעם געמיט? איבער דער דאָזיגער פֿראַגע פֿלעג איך זעהר אָפֿט דיספּוטירען מיט דעם דאָקטאָר שאָול אַשער, ווען מיר פֿלעגען זיך אין בערלין צופֿעליג צונויפֿקומען אין „קאַפֿע ראָיאַל“, וואו איך האָב אַ לאַנגע צייט מיטאָג געגעסען. ער האָט

שטענדיג געטענה׳ט, אַז ווען מיר שרעקען זיך פֿאַר עפּעס, איז עס דערפֿאַר, ווייל אונזער פֿערשטאַנד אָנערקענט דאָס פֿאַר שרעקליך. נאָר דער פֿערשטאַנד איז אַ קראַפֿט, ניט דאָס געמיט. אין אין דער צייט, ווען איך פֿלעג מיט גרויס אַפּעטיט עסען און מיט גרויס הנאה טרינקען, פֿלעגט ער נישט אויפֿהערען צו דערווייזען מיר די מעלות פֿון דעם פֿערשטאַנד לגבי דעם געמיט. צום סוף פֿון זיין רעדע פֿלעגט ער אַ קוק טאָן אויף זיין זייגער און שטענדיג האָט ער געענדיגט מיט די ווערטער: „דער פֿערשטאַנד איז דער העכסטער פּרינציפּ!“ — פֿערשטאַנד! ווען איך הער איצט דאָס דאָזיגע וואָרט, זעה איך נאָך אַלץ דעם דאָקטאָר שאָול אַשער מיט זיינע אַבסטראַקטע פֿיס, מיט זיין אייגענעם טראַנסצענדענטאַל-גרויען לייבראָק און מיט זיין משופּע׳דיגען, פֿרירענד-קאַלטען געזיכט, וואָס וואָלט געקאָנט דיענען פֿאַר אַ קופּערטאָוועל צו אַ לעהרבוך פֿון דער געאָמעטריע. דער דאָזיגער מאַן, שוין טיעף אין די פֿופֿציגער, איז געווען אַ פֿערקערפּערטע גלייכע ליניע. אין זיין שטרעבען צו דאָס פּאָזיטיווע, האָט ער נעבעך אויסגעפֿילאָזאָפירט פֿון זיין לעבען אַלץ, וואָס איז הערליך, אַלע זוננשטראַהלען, אַלע גלויבענס און אַלע בלומען, און עס איז איהם געבליבען נישט מעהר, ווי דער קאַלטער פּאָזיטיווער קבר. צו אַפּאָלאָ פֿון בעלוועדער און צו דעם קריסטענטום האָט ער געהאַט אַ ספּעציעלע פֿיינדשאַפֿט. געגען קריסטענטום האָט ער זאָגאַר אָנגעשריבען אַ בראָשורע, וואו ער האָט בעוויזען זיין אונזיניגקייט און נישט-אויסגעהאַלקייט. ער האָט איבערהויפּט אָנגעשריבען אַ גאַנצע מענגע ביכער, אין וועלכע דער פֿערשטאַנד נעהמט זיך שטענדיג איבער מיט זיין אייגענער פֿאָרטרעפֿליכקייט, און ווייל דער אָרימער דאָקטאָר האָט עס געוויס גאַנץ ערנסט געמיינט, האָט ער אין דער דאָזיגער הינזיכט פֿערדיענט פֿאָלקאָמע אַכטונג. דערין אָבער איז דאָך בעשטאַנען דער הויפּט-שפּאַס, וואָס ער פֿלעגט מאַכען אַזאַ ערנסט נאַריש פּנים, ווען ער פֿלעגט נישט קאָנען בעגרייפֿען דאָס, וואָס יעדעס קינד בעגרייפֿט, טאַקע דערפֿאַר, ווייל עס איז אַ קינד. אייניגע מאָל האָב איך אויך בעזוכט דעם פֿערשטאַנד-דאָקטאָר אין זיין אייגענעם הויז, וואו איך האָב ביי איהם געפֿונען שענע מיידלעך, ווייל דער פֿערשטאַנד אסר׳ט נישט די תאוה. איינמאָל, ווען איך בין געקומען צו איהם, האָט מיר זיין דיענער געזאָגט: „דער הערר דאָקטאָר איז נאָר-וואָס געשטאָרבען“. אויף מיר האָט עס נישט געמאַכט קיין שטאַרקערע

חשם, װי װען ער װאָלט זאָגען: דער העדר דאָקטאָר האָט זיך אַריבער-געצויגען.

אָבער לאָמיר זיך אומקערען צוריק קײן גאָסלאַר. „דער העכ-סטער פּרינציפּ איז דער פערשטאַנד!“ — האָב איך מיך אַלײן געפּרובט בערוהיגען זיך לעגענדיג אין בעט אַרײן. אָבער עס האָט נישט געהאָלפען. איך האָב ערשט איבערגעלײענט אין װאַרנהאַגען פאָן ענזעס „דײטשע ערצעהלונגען“, װאָס איך האָב מיטגענומען פון קלױזטאַל, יענע שרעקליכע געשיכטע װי צו דעם זוהן, װעלכער האָט געװאָלט הרג׳ענען זײן אײגענעם פאָטער, איז בײנאַכט געקומען דער גײסט פון זײן טױטער מוטער און האָט איהם מתרה געװעזען. די װאונדער-באַרע שילדערונג פון דער דאָזיגער געשיכטע האָט אויף מיר אַזוי געװירקט, אַז אַ פּראַסטיגער שױדער איז מיר דורך איבער׳ן לײב געגאַנגען בשעת׳ן לײענען. אויסער דעם האָרפען אין די ערצעהלונגען װעגען גײסטער נאָך אַ שטאַרקערע אימה, װען מען לײענט זײ אויף דער רײזע, און דערצו נאָך אַנטקעגען נאַכט, אין אַ שטאָדט, אין אַ הויז, אין אַ צימער, װאו מען איז נאָך קײנמאָל נישט געװעזען. װיפיעל שרעקליכעס האָט זיך שוין אפשר געטראָפען אויף דעם אָרט, װאו די ליגסט בעת-מעשה? אַזוי טראַכט מען נישט-װילענדיג. דערצו נאָך האָט די לבנה אַזױ צװײדײטיג געשײנט אין צימער אַרײן, אויפ׳ן װאַנד האָבען זיך בעװעגט אַלערלײ אומגעבעטענע שאָטענס, און װען איך האָב מיך עטװאָס אויפגעהויבען אין בעט, אַרומצוקוקען זיך, האָב איך דערזעהען —

עס איז נישטאָ קײן אומהײמליכערע זאַך, װי אַז מען דערזעהט צופעליג אין שפּיעגעל דאָס אײגענע געזיכט בײם שײן פון דער לבנה. אין דעמזעלבען אויגענבליק האָט גענומען שלאָגען אַ אומגעלומפּערט-שװערע, לאַנגװײליגע גלאָק, אָבער אַזוי לאַנג און לאַנגזאַם, אַז נאָך דעם צװעלפטען גלאָקענשלאָג האָב איך געגלויבט אויף זיכער, אַז פאַר דער צײט איז שוין אַריבער גאַנצע צװעלף שעה און באַלד װעט מוזען װידער אָנהויבען פון פאָרנט צװעלף צו שלאָגען. צװישען דעם פאַר-לעצטען און לעצטען גלאָקענשלאָג האָט אויסגעשלאָגען נאָך אַנאַנדער זײגער, זעהר האַסטיג, מיט אַ הילכיגען פּילצען, און אפשר שטאַרק בײז אויף דער לאַנגזאַמקײט פון זײן חבר. אַז בײדע אײזערנע צונגען זענען אַנטשװיגען געװאָרען, און אַ טיפע טויטע שטילקײט האָט בעהערשט דאָס גאַנצע הויז, האָט זיך

מיר פּלוצלונג אויסגעדאַכט, גלייך ווי איך האָב דערהערט אין קאָרידאָר פֿאַר מיין צימער עפּעס שלעפּט זיך און באַמבעלט זיך, אַזוי ווי דער נישט־זיכערער גאַנג פֿון אַן אַלטען מאַן. ענדליך האָט זיך מיין טהיר געעפֿענט, און לאַנגזאַם איז אַריינגעקומען דער פֿערשטאָרבענער דאָקטאָר שאָול אַשער. אַ קאַלטע פֿיבער האָט מיך אויפֿגעציטערט ביז דעם מאַרך פֿון די ביינער, איך האָב געפֿלאַטערט, ווי אַ בלאַט, און איך האָב קוים זיך דערוועגט אַ בליק צו טאָן אויף דאָס געשפּענסט. ער האָט אויסגעזעהען ווי שטענדיג, דערזעלביגער טראַנסצענדענטאַל־גרויער לייבראָק, דיזעלבע אַבסטראַקטע פֿיס און דאָסזעלבע מאַטעמאַטישע געזיכט; נישט מעהר עס איז געווען עטוואָס געלבליכער, ווי אַמאָל; אויך דאָס מויל, וואָס האָט אַמאָל געבילדעט צוויי ווינקלען פֿון 22½ גראַד, איז געווען צוזאַמענגעפּרעסט, און די אויגענרעדער האָבען געהאַט אַ גרעסערען ראַדיוס. וואַקלענדיג זיך און אָנשפּאַרענדיג זיך ווי אַמאָל אויף זיין שפּאַנישען בויג־שטעקעלע, האָט ער זיך דערנעהנטערט צו מיר און פֿריינדליך געזאָגט אויף זיין געוועהנליכען מויל־פֿוילען דיאַלעקט: „האָט נישט קיין מורא און גלויבט נישט, אַז איך בין אַ גייסט. דאָס איז אַ פֿערפֿיהרונג פֿון אייער פֿאַנטאַזיע, אויב איהר האַלט מיך פֿאַר אַ גייסט. וואָס איז עס אַזוינס אַ גייסט? גיט מיר אַ קלאָרע ערקלערונג! דערווייזט מיר די בעדינגונגען, ביי וועלכע אַ גייסט זאָל מעגליך זיין. און וואָס פֿאַר אַ פֿערנינפֿטיגען צוזאַמענהאַנג קאָן אַזאַ ערשיינונג שטעהן מיט דעם ריינעם פֿערשטאַנד? דער פֿערשטאַנד, איך זאָג, דער פֿערשטאַנד". — און דאַן האָט זיך דער גייסט אַריינגעלאָזט אין אַ אַנאַליז פֿון דעם פֿערשטאַנד, ציטירט קאַנטס „קריטיק פֿון דעם ריינעם פֿערשטאַנד", צווייטער טייל, ערשטער פּרק, צווייטער בוך, דריטער קאַפּיטעל, די אונטערשיידונג פֿון פֿענאָמענס און נומענס, אויפֿגעבויט דערויף דעם פּראָבלעמאַטישען גלויבען אין גייסטער, האָט געמאַכט איין סילאָגיזם נאָך דעם אַנדערען און האָט געענדיגט זיין רעדע מיט דעם לאָגישען בעווייז, אַז עס איז דורכאויס נישטאָ קיין שום גייסטער. איך האָב אָבער דערווייַלע בעגאָסען מיט אַ קאַלטען שווייס, מיינע ציין האָבען געקלאַפּט ווי קאַסטאַניעטען, פֿאַר גרויס שרעק האָב איך געשאָקלט מיט'ן קאָפּ, אַלס צייכען פֿון אונבעדינגטער צושטימונג, ביי יעדען זאַץ, מיט וועלכען דער דאָקטאָר, דער נישט־גייסטער, האָט בעוויזען די אומזיניגקייט פֿון מורא האָבען פֿאַר גייסטער. און די ראיות דערצו

האט ער געבראכט מיט אזא מין ברען, אז ער האט איינמאל אין צו־טראגענהייט ארויסגענומען פון קעשענע אנשטאט זיין גאלדענעם זייגער א פולען הויפען ווערים, און בעמערקענדיג זיין טעות, האט ער זיי ווידער בעהאלטען מיט א קאמיש־דערשראקענער האסטיגקייט. „דער פערשטאנד איז דער העכסטער...“ דא האט די גלאק געשלאגען איינס, און דער גייסט איז פערשוואונדען.

אויף מארגען אין דער־פריה בין איך פון גאסלאר אוועק ווייטער, האלב וואוהין די אויגען וועלען מיך טראגען, האלב מיט דער כונה, אויפצוזוכען דעם קלויזטאלער בערגמאנס ברודער. איך האב ארויפגעשטייגט אויף בערגלעך און בערגער, בעטראכט, ווי די זון האט זיך בעמיהט צו פערטרייבען דעם נעבעל, האב פריידיג געוואנדערט דורך די רוישענדע וועלדער, און ארום מיין פערחלומטען קאפ האבען געקלונגען די גלעקעל־בלימלעך פון גאסלאר. די בערג זענען געשטאנען אין זייערע ווייסע נאכט־מאנטלען, די טאנענבוימער האבען זיך אראפגעטרייסעלט דעם שלאף פון די גלידער, דער פרישער מארגענווינד האט זיי געקרייזעלט די אראבהענגענדע, גרינע האר, די פויגעל האבען שירה געזונגען, די לאנקע אין טאל האט געבליצט, ווי א גאלדענע דעקע, אויסגעזעצט מיט דימאנטען, און דער פאסטוך איז איבער איהם אומגעגאנגען מיט זיין קלינגענדער טשערעדע. איך האב אייגענטליך זעהר לייכט געקאנט פערבלאנזשען. שטענדיג פער־נעהמט מען זיך אויף זייטיגע וועגען און שטעגען, און מען מיינט דורכדעם צוקומען נעהנטער צום ציעל. ווי אין לעבען איבערהויפט, אזוי אויך געהט עס אונז אין די הארץ־בערג. אבער עס איז שטענדיג פאראן טייערע נשמות, וועלכע פיהרען אונז ווידער ארויף אויפ'ן אמת'ן וועג; זיי טוען עס גערן, און געפינען נאך דערצו א בעזונדער פערגעניגען, ווען זיי גיבען אונז צו פערשטעהן מיט א זעלבסטצופרי־דענער מינע און וואוילגעוויגט קלינגענדער שטימע, סאר א גרויסען אומוועג מיר האבען געמאכט, אין וואס פאר א אבגרונד און זומפען מיר האבען געקאנט פערזינקען, און וואס פאר א גליק דאס איז, וואס מיר האבען נאך בייצייטענס אנגעטראפען אויף אזעלכע ערפאהרענע לייט, ווי זיי זענען. אזא מין וועגווייזער האב איך געפונען נישט ווייט פון הארצבורג. ער איז געווען א פולגעפאקטער בירגער פון גאסלאר, מיט א גלאנציג־אויפגעבלאזענעם, נאריש־קלוגען פנים; ער האט אויסגעזעהען, גלייך ווי ער האט דאס ערפונדען די מגפה אויף

פּיה. מיר זענען אַ שטיק וועג אָבגעגאַנגען צוזאַמען, און ער האָט מיר דערצעהלט אַלערליי געשיכטעס מיט גייסטער און רוחות; די דאָזיגע מעשיות וואָלטען געקלונגען זעהר שען, ווען זיי זאָלען זיך נישט געהערט אַלע ענדיגען דערמיט, אַז אין דער אמת'ן זענען דאָס גאָר נישט געוועזען קיין גייסטער און קיין רוחות; די ווייסע געשטאַלט איז געוועזען אַ וואַלד-גנב, די מאָדנע קולות זענען אַרויסגעגאַנגען פון נאָר-וואָס געבאָרענע ווילדע חזירימלעך, און דאָס גערויש אויפ'ן בוידעם איז געוועזען פון אַ פּשוט'ער קאַץ. נאָר ווען דער מענש איז קראַנק, האָט ער צוגעגעבען, מיינט ער, אַז ער זעהט גייסטער און רוחות; וואָס עס אָנבעלאַנגט אָבער איהם, איז ער זעלטען קראַנק, נאָר צייטענווייז ליידט ער פון הויטשמאַרצען, און דאַן האָט ער אַ זעלטענע סגולה — ער נעהמט יעדעס מאָל איין אויפ'ן ניכטערען האַרצען אַ ביסעל שפּייעכטס. ער האָט מיר אויך אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער צוועקמעסיגקייט און נוצליכקייט אין דער נאַטור. די בוימער זענען גרין, ווייל גרין איז גוט פאַר די אויגען. איך האָב איהם געגעבען רעכט, און בעמערקט פון מיין זייט, אַז גאָט האָט בעשאַפען שאָף און רינדער, ווייל פלייש-זופּ קרעפטיגט דעם מענשען, די אייזלען האָט ער בעשאַפען, כדי מען זאָל זיי קאָנען פערגלייכען מיט די מענשען, און דעם מענשען גופא האָט ער בעשאַפען, כדי ער זאָל עסען פלייש-זופּ און נישט זיין קיין אייזעל. מיין בעגלייטער איז געוועזען ענטציקט, וואָס ער האָט געפונען אַ גלייכגעשטימטען, זיין פּנים האָט אָנגעהויבען נאָך פריידיגער צו גלאַנצען און ביים אָבשייד איז ער אַזש געוועזען גערידהרט.

כל זמן ער איז געגאַנגען נעבען מיר, האָט די נאַטור אַזוי ווי פערלאָרען איהר גאַנצען צויבער; ווי ער איז אָבער אַוועק, האָבען די בוימער ווידער אָנגעהויבען צו רעדען, און די זונענשטראַהלען האָבען אויפגעקלונגען, און די פעלד-בלימלעך האָבען גענומען טאַנצען, און דער בלויער הימעל האָט אַרומגעאַרעמט די גרינע ערד. יאָ, איך ווייס דאָס בעסער; גאָט האָט בעשאַפען דעם מענשען, כדי ער זאָל בעוואונדערען די הערליכקייט פון דער וועלט. יעדער אויטאָר, ער מעג זיין ווי גרויס ער וויל, אַז זיין ווערק זאָל געלויבט ווערען. און אין דער ביבעל, גאָט'ס מעמוארען, שטעהט בפירוש געשריבען, אַז ער האָט בעשאַפען די מענשען, זיי זאָלען ריהמען און לויבען זיין ליבען נאָמען.

נאָך אַ לאַנגען אַהין-און אַהער-אַרומוואַנדערען האָב איך דער-

גרײכט צו מײַן קלויזטאָלער פרײַנד'ס ברודער'ס וואוינונג, דאָרט איז בערגענגלעכטיגט און איבערגעלעבט פֿאָלגענדעס שענעס געדיכט:

I.

אויף דעם בארג-שפּיץ שטעהט דאָס הײַזעל,
וואו דער אַלטער בערגמאַן וואוינט;
דאָרטען רוישט די גרינע טאַנע,
פון לבנה-שײַן בעקרוינט.

אין דעם הײַזעל שטעהט אַ לעהנשטוהל,
רײַך געשניצט און וואונדערליך;
ווער עס זיצט אויף איהם, איז גליקליך,
און דער גליקליכער בין איך!

אויף דעם בינקעל זיצט די קלײנע,
אָנגעלעהנט זיך אויף מײַן שויס;
אויגעלעך, ווי בלויע שטערען,
און אַ מײַלכעל פּורפּור-רויז.

און די ליעבע, בלויע שטערען,
קוקען מיך אָן הימעל-גרויס,
און זי לעגט דעם פינגער גנב'יש
אויף די ליפּלעך פּורפּור-רויז.

ניין, עס זעהט אונז נישט די מוטער,
דען זי שפּינט איהר פלאַקס ביז מיעד,
און דער פאָטער שפּיעלט איצט ציטרע,
און ער זינגט דאָס אַלטע ליעד.

און די קלײנע קוים זי מורמעלט,
שטיל, אין זיך דעם קול פערזאָגט;
סודות וויכטיגע און פיעלע
האָט זי מיר שוין אויסגעזאָגט.

„זינט די מוהמע איז געשטאָרבען,
קאָנען מיר שוין מעהר נישט געהן
אויף דעם שיסער-פּלאַץ קײן גאָסלאַר:
אַך, דאָרט איז דאָך וואונדער-שען!

„אָבער דאָ איז עלענד, איינזאַם,
אויף די בערגער קאַלט אַזוי,
און דעם גאַנצען ווינטער איז מען,
ווי פערגראָבען אין דעם שניי.

„און איך בין אַ ציטריג מיידעל,
און איך שרעק מיך ווי אַ קינד,
פאַר די בייזע בערגער-גייסטער,
ווען זיי יאָגען נאַכט און ווינד".

פלוצלונג שוויַיגט די ליבע קליינע,
גלייך דאָס וואָרט האָט איהר דערשרעקט,
און זי האָט מיט ביידע הענדטלעך
איהרע אויגעלעך בעדעקט.

העכער רוישט דער בוים אין דרויסען,
און דאָס שפּינראַד לויפט און ברומט,
און די ציטרע קלינגט אין חאָר אויך,
און דאָס אַלטע ליעדעל זומט:

„האָב נישט מורא, דו ליעב קינד מיינס,
פאַר די בייזע גייסטערס מאַכט,
וויַיל דיין רוח מלאכים היטען,
סיי דורך טאָג און סיי דורך נאַכט!"

---

II.

טאַנענבוים מיט גרינע פינגער
קלאַפּט אין פענסטערל אַריין,
און די צנועה, די לבנה,
גיסט איהר זיסען, געלען שיין.

פאָטער, מוטער שלאָפען לאַנג שוין
אין דעם צימער איבער וואַנד,
דאָך מיר ביידע וואַכען אַליין נאָך,
גליקליך פלוידערען ביינאַנד.

„אז דו ביסט געוועהנט צו דאוונען,
דאס צו גלויבען איז מיר שווער,
דען דער ציטער פון די ליפען
נישט פון תפילות קומט אהער.

„אך, דער בייזער, קאלטער ציטער
הילט מיך איין אנ'אימה איין,
דאך בערוהיגסטו מיין מורא
מיט דיין פרומען אויגען-שיין.

„אויך בין איך אין גרויסען ספק,
צי דו ווייסט, וואס גלויבען הייסט,
גלויבסט אודאי נישט אין גאט אויך
אין דעם זוהן און היילגען גייסט?"

אך, דו קינד מיינס, נאך אלס יונגעל,
ביי דער מוטער אויפ'ן שויס,
האב איך שוין געגלויבט אין גאט דאן,
וואס געוועלטיגט גוט און גרויס;

וואס'ט די שענע ערד בעשאפען,
און דעם שענעם מענשען-ראנג,
וואס'ט די זונען, לבנות, שטערען
אנגעצייכענט זייער גאנג.

ווען איך בין געווארען גרעסער,
האב איך מעהר שוין אויפגעטון, —
כ'האב בעגריפען און פערשטאנען,
און איך גלויב אויך אין דעם זוהן;

אין דעם ליעבען זוהן, וואס ליעבענד
האט די ליעבע אונז ענטדעקט,
און דערפאר, ווי ס'איז דער שטייגער,
האט זיין לעבען יונג געעקט.

איצטער בין איך אויסגעוואקסען,
פיעל געלעזען, פיעל גערייזט,

און מיט גאַנצען לייב און זעעלע
גלויב איך אין דעם הייליגען גייסט.

ער טהבעוויזען גרויסע וואונדער,
און פיעל גרעסערע וויזט ער נאָך,
האָט צובראָכען הערשערס שלעסער,
און צובראָכען קנעכטשאַפטס יאָך.

אַלטע טיעפע וואונדען היילט ער,
און בעניייט דאָס אַלטע רעכט,
אַלע מענשען גלייך געבאָרען,
אַלע מענשען גלייך געעדעלט.

ער פערטרייבט די בייזע וואָלקען
און די פינסטערע רוחות ווייט,
וואָס פערשוואַרצען אונז דאָס לעבען
און פערסמ'ען אונז די צייט.

טויזענד ריטער, גוט בעוואָפענט,
האָט ער אויסדערוועהלט צום שטרייט,
כדי זיין ווילען צו ערפילען,
און האָט זיי פון שרעק בעפרייט.

און עס בליצען זייערע שווערדען,
און די גוטע פאָהנען וועה'ן, —
זאָג מיר, קינד מיינס, וואָלסט וועלען
זעלכע שטאָלצע ריטער זעהן?

נו, טאָ גיב אַ קוק אויף מיר, קינד,
קוש'ען שענק מיר פיעל און דרייסט,
דען איך בין אַליין אַ ריטער
פון דעמזעלבען הייליגען גייסט.

---

III.

אַמאָל בעהאַלט זיך די לבנה
הינטער'ן גרינעם טאַנענבוים,

און אין צימער אונזער לעמפעל,
פלאַקערט מאַט און לײַכט אונז קוים.

אָבער מײַנע בלויע שטערען
שטראַהלען אויף אין העלען שײַן,
און עס גליהט די רויז מיט פורפור,
און עס זאָגט דאָס מײדעל מײַן:

„קלײנע כת־לצנים, רוחות
רויבען אונזער ברויט אַוועק,
אָווענד איז עס נאָך אין קאַסטען,
און אויף מאָרגען — נישט אַ לעק.

„קלײנע כת־לצנים נאַשען
פון דער מילך דאָס בעסטע פעטס,
לאָזען אָבגעדעקט די שיסלען,
ס'בלײַבט דאָס רעשטעל פאַר די קעץ.

„אונזער קאַץ איז מכשפה,
דען זי יאָגט בײַ נאַכט אין שטורם
אויבען צו דעם באַרג פון גײַסטער,
צו די חורבות פון דעם טורם.

„לאַנג איז דאָרט אַ שלאָס געשטאַנען,
פול מיט לוסט און וואָפענגלאַנץ;
בלאַנקע ריטער, פרויען, פאַזשען,
דאָרט געטאַנצט אַ פאַקעלטאַנץ.

„נאָר אַ בײזע מכשפה
האָט פערשאָלטען לײַט און שלאָס,
ס'איז געבליבען נאָר די חורבות,
וויסט, בעדעקט מיט מאָך און גראָז.

„דאָך די מוהמע האָט דערצעהלט מיר:
ווען מען זאָגט דאָס רעכטע וואָרט,
בײַ־דערנאַכט צו רעכטער צײַט נאָר
אויבען אין דעם רעכטען אָרט, —

„דאַן פֿערוואַנדלען זיך די חורבות
אין אַ העלען שלאָס אויפֿס ניי,
און עס טאַנצען ווידער לוסטיג
ריטער, פֿרויען דינערײַ.

„און ווער יענעס וואָרט געזאָגט האָט,
דעם געהערען שלאָס און לײַט,
פּויקען און טראָמפּייטען הילכען
פֿון זײַן יונגער העררליכקײַט“.

אָט אַזוינע כשוף־בילדער
בליהען אין דעם מיילכעל פֿײַן,
און אויף זיי די אויגען גיסען
זייער בלויען שטערנשײַן.

און די האָר די גאָלדנע וויקעלט
מיר די קליינע אויף די הענד,
גיט די פֿינגער שענע נעמען,
לאַכט און קושט, און שווײַגט צום ענד.

און אין שטילען צימער אַלעס
קוקט אויף מיר אַזוי פֿערוואַנדט,
טיש און שראַנק, גלייך ווי מיר זענען
שוין פֿון לאַנג אָן גוט בעקאַנט.

פֿרײַנדליך ערנסט רעדט דער זייגער,
און די ציטרע הערבאַר קוים,
הויבט אַליין פֿון זיך אָן קלינגען,
און איך זיץ ווי אין אַ טרוים.

איצטער איז די רעכטע שטונדע
און עס איז דער רעכטער אָרט;
ווערסט מײַן קינד נשתּומם ווערען,
ווען איך זאָג דאָס רעכטע וואָרט.

ווען איך זאָג דאָס וואָרט, דאַן טאָגען
הויבט עס אָן אין מיטען נאַכט,

טײַך און טאַנצן ברויזן העלער,
און דער אַלטער באַרג ערוואַכט.

האַרפֿן-טענער, גײַסטער-לידער
שטראָמען פֿון דעם בערגער-שפּאַלט,
און עס שפּראָצט ווי ווילדער פֿריהלינג
אַ געדיכטער בלומען-וואַלד.

בלומען, דרייסטע וואונדער-בלומען,
בלעטער ברייט, מיט צויבערקראַפֿט
דופֿטען שטאַרק און ציטערן האַסטיג,
ווי געדרענגט פֿון ליידענשאַפֿט.

רויזן, ווי די רויטע פֿלאַמען,
שפּאַרען פֿון דעם וואַלד אַרויס,
ליליען, ווי קריסטאַלען-זײַלען
הויבען הימעל-הויך דעם שויס.

און די שטערן, גרויס ווי זונען,
קוקען צו דער ערד פֿערבענקט,
און מיט זייערע שטראַמען שטראַהלען
איז דער ליליען-וואַלד געטרענקט.

אָבער מיר האָבען, דו קינד מײַנס,
זיך פֿערענדערט נאָך פֿיל מעהר;
פֿאַקעלגלאַנץ און גאָלד און זײַדענס
פֿינקלען לוסטיג הין און העה.

דו, מײַן ליעבסטע, ביזט פּרינצעסין,
און דאָס הײַזעל איז דאָס שלאָס,
און דאָ טאַנצען ריטער, פֿרויען,
און איך בין דער בעל-הבית.

יאָ, איך האָב עס איצט ערוואָרבען,
דיך און אַלץ, און שלאָס און לײַט;
פּויקען און טראָמפּייטען הילכען
פֿון מײַן יונגער הערליכקײַט!

די זון איז אויפֿגעגאַנגען. דער נעבעל איז פֿערשוואונדען, ווי די שאָטענס בײַ דעם דריטען קרעה פֿון די הענער. איך האָב ווידער גענומען שטײַגען באַרג-אַרויף און באַרג-אַראָב, און פֿאַר מיר האָט געשוועבט די שענע זון, בעלײַכטענדיג אַלץ נײַע און נײַע שענהײַטען. דער גײַסט פֿון די בערג איז צו מיר, קענטיג, געוועזען גוט געניגט; ער האָט אויסגעצײַכענט געוואוסט, אַז אַזאַ דיכטערמענש קאָן דערנאָך איבערדערצעהלען זעהר פֿיעל שענעס, און ער האָט מיר געלאָזען אין דעם דאָזיגען פֿריהמאָרגען זעהן זײַנע האַרץ-בערג אַזוי, ווי נישט יעדערער איז זיי זוכה צו זעהען. אָבער דערפֿאַר האָט דער האַרץ אויך מיך געזעהען אַזוי, ווי נאָר געצעהלטע מענשען האָבען מיך געזעהען. אין מײַנע אויגען האָבען געפֿינקעלט פּונקט אַזוינע טײַערע פּערל, ווי אין די גראָזען פֿון טאָל. דער מאָרגען-טוי פֿון ליעבע האָט פֿײַכט געמאַכט מײַנע באַקען, די רוישענדע טענענבוימער האָבען מיך פֿערשטאַנען, זיי האָבען געשאָקעלט מיט זייערע פֿונאַנדערגעשפּרייטע צווײַגען אַרויף און אַראָב, גלײַך ווי שטומע מענשען, וועלכע דריקען-אויס זייער פֿרייד מיט די הענד, און אין דער ווײַטענס האָט עס געקלונגען וואונדערבאַר און געהײמניספֿול, אַזוי ווי גלאָקענטענער פֿון אַ פֿערלאָרענער וואַלד-קירכע. מען זאָגט, אַז דאָס זענען די גלעקלעך פֿון די טשערעדעס, וואָס קלינגען אין די האַרץ-בערג אַזוי ליעבליך, קלאָר און ריין.

די זון האָט אָנגעוויזען אויף האַלבען טאָג, ווען איך האָב אָנגעטראָפֿען אויף איינער פֿון אַזעלכע טשערעדעס, און דער פּאַסטוך, אַ פֿרײַנדליך בלאָנדער יונגער מענש, האָט מיר געזאָגט, אַז דער גרויסער באַרג, וואָס איך בין געשטאַנען בײַ זײַן צופֿוסענס, איז דער אַלטער וועלט-בעריהמטער ב ר אָ ק ע ן. אויף אַ מרחק פֿון פֿיעל שעה אַרום איז נישטאָ קיין איין הויז, און איך האָב זיך אמת דערפֿרעהט, אַז דער יונגער-מענש האָט מיך אײַנגעלאַדען מיט איהם צו עסען. מיר האָבען זיך אַנידערגעזעצט צו דעם גרויסאַרטיגען פֿײַנעם פֿריהשטיק, וועלכער איז בעשטאַנען פֿון קעז און ברויט; די שעפּסען האָבען געכאַפּט די ברעקלעך, די ליעבע, זויבערע קעלבעלעך האָבען אַרום אונז אַרומגעשפּרונגען, שעלמיש קלינגענדיג מיט זייערע גלעקלעך, און געלאַכט אונז אין פּנים אַרײַן מיט זייערע גרויסע לוסטיגע אויגען. מיר האָבען צוגעביסען כיד המלך; איבערהויפּט האָט מײַן ווירט מיר אויסגעוויזען ווי אַנ׳עכטעה קעניג, און ווײַל ער איז דער ער-

שטער קעניג, וואָס האָט מיר געגעבען ברויט, דעריבער וויל איך איהם אויך קעניגליך בעזינגען.

קעניג איז דאָס פּאַסטוך-יונגעל,
סגרינע בערגעל איז זיין טראָהן,
און די גאָלדנע זון זיין קרוין איז,
בלויער הימעל איז זיין פאָהן.

איהם צו-פוסען ליגען שעפּסען,
שמייכלען חניפיש, ווי הויפליים,
אַדינטאַנטען זענען קעלבעלעך,
און זיי געהען שטאָלץ, פערשפּיים.

הויף-אַקטיאָרען זענען בעקליך,
און די פויגעל, קיה און ציג,
מיט די פלייטען, מיט די גלעקליך,
איז דעם קעניגס הויף-מוזיק.

און עס קלינגט און זינגט גאָר ליעבליך,
און גאָר ליעבליך רוישט דעריין
וואַסער-פאַל און טאַנגענבוימער,
און דער קעניג דרעמעלט-איין.

און דערווייל מוז רעגירען
זיין מיניסטער, יענער הונד,
וועמעס בילען הילכט גאָר וויים אָפּ,
ס'האָט זיין טריישאַפט נישט קיין גרונד.

און עס רעדט פון שלאָף דער קעניג:
„דאָס רעגירען ז'פול מיט מיה,
אך, אַהיים וואָלט איך שוין וועלען,
צו מיין מלכה אויף די קניה.

און די אָרימס פון מיין מלכה
רוהט מיין קעניגסקאָפּ גאָר וויין,
און אין אידרע ליעבע אויגען
איז מיין גאַנצעס קעניגרייך!“

מיר האָבען זיך פֿריינדליך צוזעגענט, און פֿרעהליך האָב איך גענומען שטייגען אויף דעם באַרג־אַרויף. באַלד האָט מיך מקבל פּנים געווען אַ וואַלד פֿון הימעל־הויכע טאַנענבוימער, פֿאַר וועלכע איך האָב איבערהויפּט גרויס רעספּעקט, ווייל די דאָזיגע בוימער קומט דאָס וואַקסען נישט אַזוי לייכט אָן, און אין דער יוגענד האָבען זיי נעבעך געמוזט גענוג אויסגעריסען ווערען. דער באַרג איז דאָ אויס־געזייעט מיט פֿיעל גראַניט־שטיקער, און דער גרעסטער טייל בוימער האָט געמוזט אַרומשלענגלען מיט די וואָרצלען די דאָזיגע שטיינער אָדער איינגאַנצען אַרויסרייסען זיי, און מיט גרויס מיה געפֿינען זיך אַ באָדען, פֿון וואַנען זיי זאָלען קאָנען שעפּען נאַהרונג פֿאַר זיך. דאָ און דאָרט ליעגען די שטיינער אויסגעלעגט אַזוי ווי אַ טויער, איינער אויפֿ'ן אַנדערען, און אויבען אויף זיי שטעהען די בוימער, אַראָבגעלאָזט די נאַקעטע וואָרצלען איבער די דאָזיגע שטיין־טויערען און ערשט אונטען ביי זייער צופֿוסענס דערגרייכענדיג דעם באָדען. אַזוי אַז עס דאַכט זיך, זיי וואַקסען אין דער פֿרייער לופֿט. און דאָך האָבען זיי זיך דערהויבען צו אַ געוואַלטיגער הויך, און, ווי צוזאַמענ־געוואַקסען מיט די אַרומגעפּלאָכטענע שטיינער, שטעהען זיי פֿעסטער, ווי זייערע בעקוועמע קאָלעגען אין די פֿרידליכע וועלדער פֿון די טאָלען. אַזוי שטעהען אויך אין לעבען יענע גרויסע מענער, וועלכע זענען ערשט רעכט שטאַרק און פֿעסט געוואָרען נאָכדעם, ווי זיי האָבען בייגעקומען די מניעות און שטערונגען. אויף די צווייגען פֿון די טאַנען האָבען געקלעטערט וועווריקלעך און אונטער זיי האָבען שפּאַ־צירט די געלע הירשען. ווען איך זעה אַזאַ ליעבעס, איידעלעס טיער, קאָן איך נישט בעגרייפֿען, ווי אַזוי האָבען דאָס געבילדעטע לייט אַ פֿערגעניגען זיי צו יאָגען און צו טויטען. אַזאַ טיער איז שוין בארמהערציגער פֿאַר די מענשען: מיט איהר מילך האָט זי געשטילט דעם שמערצליכען דורשט פֿון דער הייליגער זשענעוויעוואַס זוהן.

ליעב און הערליך האָבען די גאָלדענע זונען־שטראַהלען אַריינ־געדרונגען דורך די געדיכטע גרינע טאַנען־בלעטער. די בוימוואָרצלען האָבען געבילדעט נאַטירליכע טרעפּ. אומעטום ווייכע מאָך־בּענק; דען די שטיינער זענען בעוואַקסען מיט די שענסטע מינים מאָך, אַזוי ווי מיט העל־גרינע סאַמעטענע קישענס. ליעבליכע לופֿטיגקייט און פֿערחלומטעס געמורמעל פֿון קוואַלען. דאָ און דאָרט זעהט מען, אַז

דאָס וואַסער רוישט זילבערהעל אונטער די שטײנער און שווינקט אַרום די נאַקעטע בוימוואָרצלען און בוימפּעדים. ווען מען בויגט זיך אַראָב צו דעם דאָזיגען טרײַבען, פֿערנעהמט מען אַזוי ווי די געהײמע בילדונגס־געשיכטע פֿון די געוויקסען און דאָס רוהיגע האַרץ־קלאַפּען פֿון דעם באַרג. אין אײניגע ערטער שלאָגט דאָס וואַסער שטאַרקער פֿון די שטײנער און וואָרצלען אַרויס, און בילדעט קרײנע קאַסקאַדען. ווי גוט איז דאָ צו זיצען! עס מורמעלט און רוישט אַזוי וואונדערבאַר, די פֿויגעל זינגען אָבגעהאַקטע בענקשאַפֿטס־קלאַנגען, די בוימער פֿליסטערען, ווי מיט טויזענד מײדעלשע צונגען, ווי מיט טויזענד מײדעלשע אויגען קוקען אויף אונז די זעלטזאַמע בערג־בלומען, זײ שטרעקען צו אונז אויס די וואונדערליך־ברײטע, מאָדנע געקאַרבטע בלעטער, שפּיעלענדיג פֿינקלען דאָ און דאָרט די לוסטיגע זונען־שטראַהלען, די קלוגע גרעזעלעך דערצעהלען זיך גרינע מעשה־לעך. אַליך איז ווי פֿער׳כשופֿ׳ט, עס ווערט אַליך היימליכער און היימליכער, אַנ׳אַלטער־אַ׳טער טרוים לעבט אויף, די געליבטע ערשײנט — אַך, וואָס פֿערשווינדט זי ווידער אַזוי שנעל!

וואָס העכער מען שטײַגט אַרויף אויפ׳ן באַרג, אַליך קורצער, קלײן־געוואַקסענער ווערען די טאַנען, עס האַלט זיך, זײ ווערען אַליך מעהר און מעהר אײנגעשרומפּען, ביז עס בלײַבען נאָר קוסטעס פֿון יאַגדעס, שוואַרצע און רויטע, און בערג־קרײַטיכער. דאָ ווערט עס שוין אויך פֿיהלבאַר קעלטער. דאָ ערשט זעהט מען ווי געהעריג די וואונדערליכע גרופּען פֿון די גראַניטען־שטיקער; אָפֿט זענען זײ איבערראַשענד גרויס. דאָס מוזען אפּנים זײן די קוילען, וועלכע די בייזע גײַסטער וואַרפֿען אײנער צו דעם אַנדערען אַריבער אין דער וואַלפּירגיס־נאַכט, ווען אַהער קומען אָן די מכשפות אויף בעזימער און מיסט־גאָפּלען צו רײַטען, און עס הויבט זיך אָן דאָס שרעקליכע טײַוועלשע שפּיעל, ווי דאָס ווערט דערצעהלט פֿון דער בעגלויבטער אַם, און ווי עס איז צו זעהען פֿון די שענע „פּויסט־בילדער“ פֿון דעם גרויסען מײַסטער רעטש. יאָ, אַ יונגער דיכטער, וואָס איז פֿאַרבײַ־געריטען דעם בראָקען אין דער ערשטער מאַי־נאַכט, אויפ׳ן וועג פֿון בערלין קײַן געטינגען, האָט זאָגאַר בעמערקט, ווי אײניגע בע־לעטריסטישע דאַמען האָבען זיך אונטערהאַלטען אויף אַ באַרג־שפּיץ אין אַ עסטעטישער טײ־געזעלשאַפֿט, געמיטליך געלייענט די „אָווענד־צײַטונג“, בעקרוינט אַלס וועלט־געניעס זייערע פּאָעטישע

ציגען־בעקלעך, וועלכע האבען מעקענדיג געשפרונגען ארום טיש, און האבען ארויסגעזאגט זייער ענטציקונג אורטייל וועגען אלע ערשיינונגען אין דער דייטשער ליטעראטור; ווי זיי זענען אבער צו־געקומען צו „ראטקליף" און „אלמאנזאר"*), און האבען ענטזאגט דעם פערפאסער אין פרומקייט און קריסטליכקייט, דאן האט זיך דעם יונגען־מאן דאס האר געשטעלט קאפויר, אנ'אימה איז איהם בע־פאלען, — איך האב דערלאנגט דעם פערד מיט די שפארען און האב אוועקגעיאגט ווייטער.

אין דער אמת'ן, ווען מען שטייגט ארויף אויף די אויבערשטע העלפט פון בראקען, מוז מען זיך דערמאהנען אויף די לוסטיגע בלאקסבערג־געשיכטען, און בעזונדערס אויף די גרויסע מיסטישע דייטשע נאציאנאל־טראגעדיע פון דעם דאקטאר פויסט. מיר האט זיך אלץ געדוכט, אז נעבען מיר דראפעט זיך און קלעטערט אין דער הויך א פערדפוס און עמיצער ציהט אין זיך הומאריסטיש דעם אטעם אריין. איך גלויב, אז מעפיסטאפעל'ן ווערט אויך שווער דאס אטעמען, ווען ער שטייגט ארויף אויף זיין געליעבטען בארג; דאס איז א אונ־געהויער שווערער וועג, און איך בין געווען זעהר צופריעדען, ווען איך האב ענדליך דערזעהען בראקענער גאסטהויז, נאך וועלכען איך האב אזוי לאנג געבענקט.

דאס דאזיגע הויז, ווי עס איז בעקאנט פון א סך אבבילדונגען, בעשטעהט נישט מעהר ווי פון איין שטאק און ליעגט אויפ'ן שפיץ בארג; עס איז אויסגעבויט געווארען ערשט אין יאהר 1800 דורך גראף שטאלבערג־ווערניגעראדע, און אויף זיינע מיטלען ווערט דאס גאסט־הויז אויסגעהאלטען. די מויערען זענען איבערראשענד דיק, צוליעב דעם ווינד און קעלט אין ווינטער־צייט; דאס דאך איז ניעדעריג, און מיטען דאך שטעהט א טורם־ארטיגער פאוויליאן, און ביים הויז ליעגען נאך צוויי קליינע נעבען־געביידען, פון וועלכע איינס דאט אמאל געדיענט אלס אבדאך פאר די בעזוכער פון בראקען.

דער איינטריט אין דאס בראקען־הויז האט ביי מיר ארויסגערו־פען א אונגעוועהנליך, צויבערדאפט געפיהל. נאך א לאנגען איינ־זאמען ארומשטייגען דורך טאנען און פעלזען דערזעהט מען פלוצלונג אין א וואלקען־הויז; שטעדט, בערג און וועלדער זענען

---

*) היינע'ס ווערק.

אונטען געבליבען ליגען, און אויבען געפינט מען א וואונדערליך צונויפגעזאמעלטע, פרעמדע געזעלשאפט, וואס נעהמט דיך אויף כמעט ווי א לאנג ערווארטעטען חבר, האלב נייגיעריג און האלב גלייכגילטיג, ווי דער נאטירליכער שטייגער איז אין אזוינע ערטער. דאס הויז איז געוועזען פול מיט געסט און, אלס א קלוגער מאן, האב איך גלייך א טראכט געטאן מכח נעכטיגען, מכח דער אונ-אנגענעהמקייט פון א שטרוי-געלעגער. מיט א געשטארבענער שטים האב איך גלייך געבעטען דערלאנגען טיי, און דער הערר ווירט איז געוועזען גענוג פערשטאנדיג צו שטויסען זיך, אז אזא קראנקער מענש מוז האבען א לייטיש בעט אויף דער נאכט. ער האט דאס מיר פער-שאפט אין א איינגען צימער'ל, וואו עס האט זיך שוין זעהר היימיש פונאנדערגעלעגט א יונגער קויפמאן — א לאנגעס ברעכמיטעל אין א ברוינעם איבערראק.

אין דער ווירטס-שטוב האב איך געטראפען לוסטער לעבען און בעוועגונג. סטודענטען פון פערשידענע אוניווערזיטעטען. די איינגע זענען ערשט אנגעקומען און קרעפטיגען זיך אונטער, אנדערע גרייטען זיך אוועקצוגעהן, בינדען צו זייערע רענצלעך, שרייבען אריין זייערע נעמען אין ספר הזכרונות, קריגען פון די שטוב-מיידלעך צווייגען פון די בראקען-בוימער; דא ווערט אין די באקען געקנייפט, געזונגען, געשפרונגען, געשטיפט, מען פרעגט, מען ענטפערט, גוט וועטער, פוס-וועג, זייט-געזונד, אדיע. איניגע פון די אוועקגעהענדע האבען אויך א ביסעל אריינגעקעדערט, און די דאזיגע האבען פון דער שענער אויסזיכט א צווייענדיגע הנאה, ווייל א שכור'ער זעהט אלצדינג אין צווייען.

זיך אויסגערוהט ווי עס דארף צו זיין, בין איך ארויף אויפן טורם-פאוויליאן, און האב דארט געפונען א קליינעם הערר מיט צוויי דאמען, א יונגער און אן עלטערער. די יונגע דאמע איז געוועזען זעהר שען. א הערליכע געשטאלט, אויף דעם געלאקטען קאפ א שווארצער אטלאס-הוט, אין דער פארם פון א העלם, וואס זיינע ווייסע פעדערען האבען געשפיעלט מיט'ן ווינד; די שלאנקע גליעדער זענען אזוי פעסט ארומגענומען פון א שווארצזיידענעם מאנטעל, אז עס טרעטען די איידעלע פארמען ארויס, און דאס פרייע, גרויסע אויג בליקט רוהיג אראב אין דער פרייער, גרויסער וועלט.

נאך אלס יונגעל האב איך פון קיין אנדער זאך נישט געטראכט,

ווי פֿון צויבער־און וואונדער־געשיכטען, און יעדע שענע דאַמע, וואָס האָט געטראָגען שטרויס־פֿעדערען אויפֿ'ן קאָפּ, האָב איך געהאַלטען פֿאַר אַ עלפֿען־קעניגין, און ווען איך פֿלעג נאָך בעמערקען, אַז די שלעפּע פֿון איהר קלייד איז נאַס, פֿלעג איך זי האַלטען פֿאַר אַ וואַסער־פֿעע. איצט דענק איך אַנדערש, זינט איך האָב זיך דערוואוסט פֿון דער נאַטורגעשיכטע, אַז יענע סימבאָלישע פֿעדערען קומען אַרויס פֿון די נאַרישסטע פֿויגעל, און אַז די שלעפּע פֿון אַ דאַמען־קלייד קאָן נאַס ווערען אויף אַ זעהר נאַטירליכען אופֿן.

וואָלט איך די אויבענדערמאָהנטע יונגע שענהייט דערזעהען מיט מיינע יונגעלשע אויגען אין דער אויבענדערמאָהנטער שטעלונג אויף דעם ב ר אָ ק ע ן, וואָלט איך זיכער אַ טראַכט געטאָן: דאָס איז די פֿעע פֿון דעם באַרג, און זי האָט דאָס טאַקע אַרויסגערעדט דאָס צויבערוואָרט, דורך וועלכען אַלעס, וואָס אונטען זעהט אַזוי וואונדער־באַר אויס. יאָ, אונגעוועהנליך וואונדערבאַר זעהט אַלעס אויס ביים ערשטען אַראָבקוקען פֿון דעם ב ר אָ ק ע ן, אַלע זייטען פֿון אונזער גייסט ווערען דורכגעזאַפּט מיט נייע איינדריקען, און זיי אַלע, מייסטענס פֿערשידענאַרטיג, זאָגאַר זיך אַליין ווידערשפּרעכענד, פֿערבינדען זיך אין אונזער נשמה אין איין גרויסען, נאָך נישט־דייטליכען, נישט־פֿערשטאַנענעם געפֿיהל. גיט זיך אונז איין קלאָר צו בעגרייפֿען דאָס דאָזיגע געפֿיהל, דאַן ענטפּלעקט זיך פֿאַר אונז דער כאַראַקטער פֿון דעם באַרג. דער דאָזיגער כאַראַקטער איז דורכאויס דייטש, אַזוי ווי אין זיינע חסרונות, אַזוי אויך אין זיינע מעלות. דער בראָקען איז אַ דייטש. מיט דייטשער גרינדליכקייט ווייזט ער אונז קלאָר און דייטליך, ווי אין אַ ריעזען־פּאַנאָראַמע, די הונדערטער שטעדט, שטעדטלעך און דערפֿער, וועלכע ליעגען מייסטענס אין צפֿון־זייט, און אַרום זיי אַלע בערג, וועלדער, טייכען, טאָלען, אונענדליך ווייט. אָבער צוליעב דעם קומט אַלעס אויס, ווי אַ שאַרף־געצייכענטע, ריין־אילומינירטע, ספּעציאַלקאַרטע, אין ערגעץ ווערט דאָס אויג נישט דערפֿרעהט מיט אייגענטליכע שענע לאַנדשאַפֿטען; עס איז דאָך שטענדיג אַזוי, וואָס אונז דייטשע קאָמפּילאַטאָרען, וואָס ווילען אַרויסגעבען דאָס גאַנצע מיט עהרליכער גענויאיגקייט, פֿאַלט קיינמאָל נישט איין, אַרויסצושטעלען דאָס איינצעלנע אין שענער געשטאַלט. דער באַרג האָט אויך אַזוי ווי עפּעס דייטש־רוהיגס, פֿערשטאַנדיגס, טאָלעראַנטעס; און טאַקע דערפֿאַר, ווייל ער קאָן אַזוי ווייט און

קלאָר די זאַכען זעהען. און ווען אַזאַ באַרג עפֿענט זײַנע ריעזען-אויגען, מוז ער געוויס אַ ביסעל מעהר זעהן, ווי מיר, קלײנע מענשעלעך, וואָס קלעטערען אויף איהם אַרום מיט אונזערע צושראָקענע אײגעלעך. אמת, פֿיעלע בעהויפּטען זאָגאַר, אַז דער בראָקען איז זעהר פֿיליסטעריש, און קלוידיוס האָט געזונגען: „דער בלאָקסבאַרג איז דער לאַנגער הערר פֿיליסטער!“ אָבער דאָס איז אַ טעות. אמת, זײַן הוילער קאָפּ, וועלכען ער בעדעקט צײַטענווײַז מיט אַ ווײַסער נעבעלקאַפּע, גיט איהם טאַקע צו אַ פֿיליסטעריש אויסזעהען; אָבער, ווי בײַ מאַנכע אַנדערע גרויסע דײַטשען, טוט ער עס אויס רײנער איראָניע. עס איז זאָגאַר אַ פֿאַקט, אַז דער בראָקען האָט זײַנע קונדסישע פֿאַנטאַסטישע צײַטען, צום בײַשפּיעל, די ערשטע מאַי-נאַכט. דאַן וואַרפֿט ער טריאומפֿירענדיג זײַן נעבעלקאַפּע אין דער לופֿטען, און ווערט, פּונקט אַזוי גוט, ווי מיר אַלע, עכט-דײַטש ראָמאַנטיש משוגע.

איך האָב גלײַך געפּרובט צו פֿערפֿלעכטען אַ שמועס מיט דער שענער דאַמע; דען נאַטורשענהײַטען געניסט מען רעכט ערשט דאַן, ווען מען קאָן זיך גלײַך אויפֿ'ן אָרט אויסרעדען דאָס האַרץ. זי איז נישט געווען גײַסטרײַך, אָבער אויפֿמערקזאַם קלוג. אמת פֿאָרנעהמע פֿאָרמען. איך מײן נישט די געוועהנליכע, שטײַפֿע, נעגאַטיווע פֿאָרנעהמהײַט, וועלכע ווײסט גענוי, וואָס מען טאָר נישט טאָן; איך מײן יענע זעלטענערע, פֿרײַע, פּאָזיטיווע פֿאָרנעהמהײַט, וועלכע ווײסט גענוי, וואָס מיר דאַרפֿען יאָ טאָן, און וועלכע גיט אונז, בײַ פֿאָלקאָם פֿרײַער האַלטונג, די העכסטע חבר'ישע זיכערהײַט. איך האָב, צו מײַן אײגענער גרויסער פֿערוואונדערונג, אַרויסגעוויזען פֿיעל געאָגראַפֿישע קענטנישען, האָב אָנגערופֿען דער פֿעראינטערעסירטער שענהײַט אַלע נעמען פֿון די שטעדט, וועלכע זענען פֿאַר אונז געלעגען, געזוכט און בעוויזען איהר, מיט אַ מינע פֿון אַנ'אמת'ן פּראָפֿעסאָר, די דאָזיגע שטעדט אויף מײַן לאַנדקאַרטע, וועלכע איך האָב אויסגעשפּרייט אויפֿ'ן שטײנערנעם טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטען טורם-פּלאַץ. אײניגע שטעדט האָב איך נישט געקאָנט געפֿינען, אפשר צוליעב דעם, ווײַל איך האָב מעהר געזוכט מיט די פֿינגער, ווי מיט די אויגען, וועלכע האָבען זיך דערווײַלע אָריענטירט אויף דעם געזיכט פֿון דער ליעבער דאַמע און געפֿונען דאָרט פֿיעל שענערע שטעדט. איהר געזיכט האָט געהערט צו די, וועלכע רײצען קײנמאָל נישט, ענטציקען זעלטען, און געפֿעלען שטענדיג. איך האָב

ליעב אַזעלכע געזיכטער, ווײַל זיי ווירקען בערוהיגענד אויף מײַן הייציג האַרץ. די דאַמע איז נאָך געוועזן נישט פֿערהייראַט, אַפֿילו שוין אין יענעם פֿילען בליהען, וואָס גיט פֿאָלקאָם רעכט אויף חתונה האָבען. אָבער דאָס איז שוין אַ טעגליכע ערשײַנונג: דווקא די שענסטע מיידלעך קומט אָן אַזוי שווער אַ מאַן צו קריגען. דאָס האָט שוין אַפֿילו געטראָפֿען נאָר אין די אַלטע צײַטען, און, ווי ס'איז בעקאַנט, זענען אַלע דרײַ גראַציען טאַקע פֿערזעסען געוואָרען.

וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט געקאָנט האָבען צו די דאַמען דער קליינער העדר, וואָס האָט זיי בעגלייט, דאָס האָב איך נישט געקאָנט פֿערשטעהן. דאָס איז געוועזן אַ דינע מערקווירדיגע פֿיגור. אַ קעפּעל, קאַרג בעדעקט מיט גרויע העהרלעך, וועלכע האָבען איבער'ן קורצען שטערען געגרייכט ביז צו די גרינליכע אויגלעך, די קײַלעכדיגע נאָז אַרויסגעשטאַרצט ווײַט פֿאָראויס, דאַגעגען דאָס מויל און קין דערשראָקען צוריקגעצויגען צו די אויערען. דאָס דאָזיגע פּנימ'ל איז דאַכט זיך, גלײַך ווי בעשטאַנען פֿון צאַרטען געלבליכען ליידים, פֿון וועלכען די בילדהויער, קנעטען זייערע ערשטע מאָדעלען. און ווען די שמאָלע ליפּען פֿלעגען זיך צוזאַמענקנײַפּען, פֿלעגען די באַקען פֿערצויגען ווערען פֿון איניגע טויזענד האַלב־קײַלעכדיגע, פֿײַנע קנייטשען. דער קליינער מאַן האָט קײַן וואָרט נישט גערעדט, און נאָר צײַטענווײַז, ווען די עלטערע דאַמע פֿלעגט זיך צו איהם ווענדען מיט אַ פֿרײַנדליכען געמורמעל, פֿלעגט ער שמייכלען, ווי אַ מאָפּס, וואָס האָט אַ קאַטער.

יענע עלטערע דאַמע איז געוועזן דער יונגערערס אַ מוטער, און אויך זי האָט געהאַט די פֿאָרנעהמסטע פֿאָרמען. פֿון איהרע אויגען האָט אַרויסגעקוקט אַ קרענקליך פֿער'חלומ'טע טיעפֿזיניגקײַט, אַרום איהר מויל איז געלעגען שטרענגע פֿרומקײַט, דאָך האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער איז אַמאָל זעהר שען געוועזן, און פֿיעל געלאַכט, און פֿיעל קושען בעקומען, און פֿיעל קושען צוריקגעגעבען. איהר געזיכט איז געוועזן גלײַך צו אַ „קאָדעקס פּאַלימפּסעסטוס"*), וואו אונטער די נײַ־שוואַרצע מאָנאַכען־אותיות פֿון די הייליגע פֿאָטערס זענען נאָך קענטיג די האַלב־אָבגעמעקטע פֿערזען פֿון אַנאַלטגריכישען

---

*) אַ פּאַרמעט, פֿון וועלכען מ'פֿלעגט פֿערצײַטענס אָבקראַצען דאָס פֿריהער אָנגעשריבענע, כדי איבער אַ נײַם דערויף צו שרײַבען.

ליעבעס־דיכטער. ביידע דאַמען זענען אין דעמזעלבען יאָהר געוועזען מיט זייער בעגלייטער אין איטאַליען און האָבען מיר דערצעהלט אַלערליי שענע זאַכען פון רוים, פלאָרענץ און ווענעדיג. די מוטער האָט אַ סך דערצעהלט פון ראַפאַעלס בילדער אין דער קירך פון דער הייליגען פעטער; די טאָכטער האָט מעהר גערעדט פון דער אָפּער אין דעם טעאַטער „פעניטשע“. ביידע זענען געוועזען ענטציקט פון דער קונסט פון די אימפּראָוויזאַטאָרען. נירנבערג איז געווען די געבורטס־שטאָדט פון די דאַמען; דאָך האָבען זיי מיר געקאָנט וועניג דערצעהלען פון דער אַלטערטימליכער הערליכקייט פון דער דאָזיגער שטאָדט. די ליעבע זעליגע קונסט פון דעם מייסטערגעזאַנג, וואָס זיינע לעצטע קלאַנגען האָט אונז ערהאַלטען דער גוטער וואַגענזייל, איז אויסגעלאָשען, און די בירגערינס פון נירנבערג קוויקען זיך מיט איטאַליענישע אומגעלומפּערטע אימפּראָוויזאַציעס און קאָפּהאָנגעזאַנג. אָ, הייליגער סעבאַלדוס, וואָס פאַר אַנאָרימער פּאַטראָן ביזטו איצט!

דערווייל, פאַר דער צייט פון אונזער שמועס, האָט גענומען ווערען טונקעלער; די לופט איז געוואָרען נאָך קעלטער, די זון האָט געזונקען אַליך טיעפער, און דער טורם־פּלאַץ האָט זיך אָנגעפילט מיט סטודענטען, אַרבייטער־יונגען און אייניגע מיוחס'דיגע בירגער, מיט זייערע פרויען און טעכטער; זיי האָבען אַלע געוואָלט זעהן דעם זון־אונטערגאַנג. דאָס איז אַ ערהאַבען בילד, וואָס שטימט די נשמה צו אַ תפילה. אַ גאַנצע פיערטעל שעה זענען אַלע געשטאַנען ערנסט, שווייגענדיג, און האָבען געקוקט, ווי די שענע פייער־קויל איז ביסלעכוויז פערזונקען אין מערב־זייט; די געזיכטער זענען געוואָרען בעשטראַהלט פון דער אָווענד־רויטקייט, די הענד האָבען זיך נישט־ווילענדיג צונויפגעלעגט, — גלייך ווי מיר וואָלטען געשטאַנען, ווי אַ פרומע געמיינדע, אין אַ הייליגען ריעזען־טעמפּעל, דער כהן האָלט אויפגעהויבען די הענד אין דער הויך, און פונ'ם אָרגעל גיסען זיך די אונשטערבליכע הייליגע קלאַנגען.

שטעהענדיג אַזוי פערזונקען אין אַ פרומען שווייגען, הער איך, ווי עמיצער רופט אויס נעבען מיר: „ווי שען איז אָבער פאָרט די נאַטור אין אַלגעמיין!“ די ווערטער זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער געפּיהלפולער ברוסט פון מיין צימער־חבר, דעם יונגען קויפמאַן. זיי האָבען מיך ווידער אומגעקעהרט אין מיין וואָכעדיגע שטימונג.

איך בין איצט ווידער געווען אימשטאַנד צו זאָגען די דאַמען זעהר
פיעל אינטערעסאַנטעס וועגען דעם זון-אונטערגאַנג און רוהיג פיהרען
זיי אין זייער צימער אַרײַן, גלײַך ווי גאָרנישט געווען. זיי האָבען מיר
אויך ערלויבט צו אונטערהאַלטען זיי נאָך אַ שעה. אונזער אונטער-
האַלטונג האָט זיך, אַזוי ווי די ערד אַליין, געדרעהט אַרום דער זון. די
מוטער האָט געטענה׳ט, אַז די אין נעבעל-פערזונקענע זון האָט
אויסגעזעהען, ווי אַ רויטגליהענדע רויז, וואָס דער גאַלאַנטער הימעל
האָט אַראָבגעוואָרפען אין דעם ווײַטאויסגעשפּרייטען, ווײַסען חופּה-
דעקטוך פון זײַן געליבטער ערד. די טאָכטער האָט אַ שמייכעל גע-
טאָן און בעמערקט, אַז דער אָפטער אָנבליק פון אַזעלכע נאַטור-
ערשײַנונגען שוואַכט אָב דעם אײַנדרוק, וואָס זיי מאַכען. די מוטער
האָט פערריכט די דאָזיגע פאַלשע מיינונג מיט אַ שטעלע פון געטהעס
רייזע-בריעף, און האָט מיך אַ פראַגע געטאָן, צי איך האָב געלעזען
דעם „ווערטהער“? איך וואָלט שווערען, אַז מיר האָבען אויך גערעדט
פון אַנגאָרישע קעץ, עטרוסקישע וואַזעס, טערקישע שאַלען, לאָקשען
און לאָרד בײַראָנ׳ען; פון בײַראָנ׳ס געדיכטען האָט די עלטערע דאַמע
זאָגאַר איינינע פערזען וועגען זון-אונטערגאַנג אַרויסגעשטאַמעלט
אויף אויסווענינ זעהר ליעבליך און זיפצענדיג דערביי. דער יונגערער
דאַמע, וואָס האָט נישט פערשטאַנען קיין ענגליש און האָט זיך
דאָך געוואָלט בעקאַנען מיט די דאָזיגע געדיכטען, האָב איך רעקאָ-
מענדירט די איבערזעצונג פון מײַן שענער, גײַסטרייכער מיטבירגערין,
באַראָנעסע עליזע פאָן האָהענהויזען; איך האָב אויך נישט דורכ-
געלאָזט די געלעגענהייט, ווי איך טו עס שטענדיג מיט יונגע דאַמען,
מיט היץ צו פּראָטעסטירען געגען בײַראָנ׳ס גאָטלאָזיגקייט, האַרט-
הערציגקייט, מרה-שחורה, און דער הימעל ווייסט, וואָס נאָך פאַר
אַ חטאים.

פאַרטיג געוואָרען מיט דעם דאָזיגען ענין, בין איך נאָכאַמאָל
אַוועק שפּאַצירען אויף דעם בראָקען; ווײַל גאָר פינסטער איז
דאָרט קיינמאָל נישט. דער נעבעל איז געווען נישט שטאַרק, און איך
האָב בעטראַכט די קאָנטורען פון די ביידע בערגלעך, וועלכע הייסען —
„דער מזבח פון די מכשפות“, און „די בימה פון די שדים“. פּלוצלונג
אָבער האָט איך בעקאַנטע שטימען, מען נעהמט מיך אַרום און מען
קושט מיך. דאָס זענען געוועזען מיינע לאַנדסלייט, וועלכע האָבען
פערלאָזען געטינגען מיט פיער טעג שפּעטער און זענען נשתומם גע-

וואָרען, ווידער טרעפֿענדיג מיך אײנעם אַלײן אויף דעם בלאָקסבאַרג. עס איז אַוועק אַ סדרה פֿון דערצעהלעניש, פֿערוואונדערונג, פֿראַגען און ענטפֿערס, לאַכען און ערינערונגען, און אין געדאַנק זענען מיר ווידער געוועזען אין אונזער געלעהרטער סיביר, וואו די קולטור איז אַזוי גרויס, אַז די בערען בינדט מען צו אין די שײנקהײַזער, און די צאָבעלס זאָגען די יעגער „גוטען אָוועַנד".

אין גרויסען צימער איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ אָוועַנד־מאָהלצײַט. אַ לאַנגער טיש מיט צוויי רײהען הונגעריגע סטודענטען. צום אָנהויב געוועהנליכער אוניווערזיטעטס־שמועס: דועלען, דועלען און נאָכאַמאָל דועלען. די געזעלשאַפֿט איז מײסטענס בעשטאַנען פֿון סטודענטען פֿון דער האַללער אוניווערזיטעט, און האַללע איז דעריבער געוואָרען דער מיטעלפּונקט פֿון דעם שמועס. די שויבען פֿון די פֿענסטער בײַם האָפֿראַט שיץ זענען געוועזען עקזעגעטיש בעלויכטען. דערנאָך האָט מען דערצעהלט, אַז דער לעצטער באַל בײַם קעניג פֿון קיפּר איז געוועזען זעהר גלענצענד, אַז ער וויל אײַנטרעטען אין אַ מאָרגאַנאַטישע הײראַט מיט אַ פּרינצעסין פֿון דעם ליכטענשטײן־הויז, אַז ער האָט אָבגעזאָגט זײַן אָפֿיציעלע מעטרעסע, און אַז דאָס גאַנצע מיניסטעריום איז דערפֿון אַזוי גערירט געוואָרען אַז עס האָט לויט דער פֿעראָרדנונג פֿון דער רעגירונג אַזש געוויינט, געוויס דאַרף איך נישט דערמאָהנען, אַז די אַלע נײַס האָבען זיך בעצויגען אויף די פּני פֿון האַללער ביער־שײנקעל. נאָכדעם איז אַוועק אַ רעד מכּח די צוויי חינעזער, וועלכע האָבען זיך פֿאַר געלד געלאָזט בעווײַזען פֿאַר צוויי יאָהרען אין בערלין, און איצט זענען זיי בעשטימט געוואָרען אין האַללע פֿאַר פּריוואַט־דאָצענטען פֿון חינעזישער עסטעטיק. מען האָט גענומען שיטען מיט וויצען. מען האָט אַרויסגעזאָגט אַ סברה, אַז אַ דײַטש לאָזט זיך זעהען פֿאַר געלד אין חינאַ; און צו דעם דאָזיגען צוועק איז גלײַך פֿערפֿאַסט געוואָרען אַ מודעה, אין וועלכער די מאַנדאַרינען טשינג־טשאַנג־טשונג און הי־האַ־האָ בעשטעטיגען, אַז ער איז אַן עכטער דײַטש, און רעכענען אויס אַלע זײַנע קונצשטיק, וועלכע זענען איבערהויפּט בעשטאַנען אין פֿילאָזאָפֿירען, טאַבאַק־רייכערען און געדולד; און צום סוף מודעה, איז געשטאַנען, אַז צוועלף אַ זייגער — די שעה, ווען מען פֿלעגט איהם געבען עסען — זאָל מען נישט מיטבריינגען קײן הינט, ווײַל זיי נעהמען שטענדיג אַוועק בײַם אָרימען דײַטש זײַן בעסטען ביסען.

אַ יונגער בחור, וואָס איז נישט לאַנג געוועזן אין בערלין, האָט אַ סך גערעדט וועגן דער דאָזיגער שטאָט, אָבער זעהר איינזײַטיג. ער האָט בעזוכט וויסאָצקי'ס טאַנצקלאַס און דאָס טעאַטער; וועגן ביידע זאַכען איז ער געווען בײַ אַ פֿאַלשער מיינונג. „די יוגענד איז אַ מזיק אויף ווערטער" א. אַז. וו. ער האָט דערצעהלט וועגן די טעאַטער־קאָסטיומען, וועגן די סקאַנדאַלען צווישען די שוישפּיעלער און שוישפּיעלערינס א. אַז. וו. דער יונגער־מאַן האָט נישט געוואוסט, אַז דער אויסערליכער גלאַנץ שפּיעלט איבערהויפּט די ערשטע ראָל אין בערלין, און דערפֿאַר דאַרף ער זיך קודם כל בעפֿעסטיגען אויף די טעאַטער־ברעטער און דעריבער קומט דער טעאַטער־אַדמיניסטראַציע אויס דאָס רוב צו זאָרגען „וועגען דער פֿאַרבּ פֿון דער באָרד אין דער אָדער יענער ראָליע", וועגען דער טרײַהייט פֿון די קאָסטיומען, וועלכע ווערען פֿאָרגעצייכענט דורך געשוואָרענע היסטאָריקער און גענייהט פֿון וויסענשאַפֿטליך־געבילדעטע שניידער. און דאָס איז אונבעדינגט נויטיג. ווײַל זאָל, אַ שטייגער, מאַריאַ סטיואַרט טראָגען אַ שירץ, וואָס געהערט שוין צו די צײַטען פֿון דער קעניגין אַננאַ, וועט דער באַנקיר קריסטיאַן גומפּעל געוויס און מיט רעכט זיך בעקלאָגען, אַז צוליעב דעם געהט איהם פֿערלאָרען יעטווידער אילוזיע; און זאָל, למשל, לאָרד בערליי על־פּי טעות אָנטהאָן די הויזען פֿון היינריך דעם פֿיערטען, וועט די קריעגסראַטין פֿאָן שטיינצאָפּף, געבאָרען ליליענטוי, געוויס דעם גאַנצען אָווענד נישט אַראָבנעהמען די אויגען פֿון אַזאַ אַנאַכראָניזם. אַזוינע מיני דאגות פֿון אילוזיעס, וואָס בעזאָרגען די הויפּט־דירעקציע, לאָזען זיך אָבער נישט אויס מיט שירצען און הויזען, זיי בעציהען זיך אויך אויף די פּערזאָנען, וועלכע זענען אין זיי אײַנגעוויקעלט. אַזוי, למשל, זאָגט מען, אַז אין גיכען וועט די ראָליע פֿון אָטעללאָ געשפּיעלט ווערען דורך אַן אמת'ן מאַוור, וועלכען פּראָפֿעסאָר ליכטענשטיין האָט עקסטראַ אויסגעשריבען פֿון אַפֿריקאַ; אין דער דראַמע „מענשענהאַס און תשובה" וועט די ראָליע פֿון עלאַליע שפּיעלען אַן אמת'ע געפֿאַלענע פֿרוי, פֿון פּעטער'ן — אַן אמת'ער שוטה און פֿון דעם אונבעקאַנטען — אַן אמת'ער אָבגענאַרטער מאַן — אַלץ אַזוינע פּאַרשוינען, וואָס מען דאַרף זיי שוין נישט אויסשרײַבען פֿון אַפֿריקאַ. אין „דער מאַכט פֿון די אומשטענדען" וועט די ראָליע פֿון דעם העלד שפּיעלען אַן אמת'ער שריפֿטשטעלער, וואָס האָט שוין אַמאָל געקריגען אַ פּאָר

פּעטש; אין דער „אַלטער פּרוי" וואָס יאַראָמירס ראָליע שפּילען דער קינסטלער, וועלכער האָט שוין ווירקליך איינמאָל עמיצען בעראויבט, אָדער לכל הפחות עפּעס געגנבעט; די לידי מאַקבעט וואָס שפּילען אַ דאַמע, וועלכע איז אפילו, ווי טיק פאָדערט עס, בטבע זעהר ליבעספּויל, אָבער דאָך איז זי חאָטש אויף ווייניגער נישט איז בעקאַנט מיט דעם בלוטיגען אַנבליק פון אַ עקעלהאַפּטען מאָרד; און ענדליך, כדי צו שילדערען פוסטע, טעמפּע, גראָבע מענשען, וואָס אַגאַנזשירט ווערען דער גרויסער וואָרם, דער גרויסער וואורם, וועלכער ענטציקט איטליכס מאָל זיינע גייסטיגע חברים, ווען ער בעווייזט זיך אַרויס אין זיין אמת'ער גרויס אין פראַכט. און דאָס דער אויבען־דערמאָהנטער יונגער מענש שלעכט בעגריפען די פערהעלטנישען פון דעם בערלינער טעאַטער, דאַן האָט ער נאָך פיעל ווייניגער פערשטאַנען, אַז די שפּאַנטינישע יאַניטשאַרען־אָפּערעס, מיט זייערע פויקען, העלפאַנדען, טרומייטען און טאַמטאַמס, זענען אַ הערפּאָאיש מיטעל צו שטאַרקען דעם קריגערישען גייסט פון אונזער פערשלאָפענעם פאָלק, אַ מיטעל, וואָס פלאַטאָן און ציצעראָן האָבען שוין פאָרגעלעגט, מיט שכל'דיגע מלוכה־כונות. ווייניגער פאַר אַלץ האָט דער יונגער מענש בעגריפען די דיפּלאָמאַטישע בעדייטונג פון באַלעט. מיט מאַטערניש האָב איך איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז אין האָגע'ס פיס שטעקט מעהר פּאָליטיק, ווי אין בוכהאָלצס קאָפּ, אַז אַלע זיינע טאַנץ־טורען בעטייטען דיפּלאָמאַטישע פערהאַנדלונגען, אַז איטליכע בעוועגונג זיינע האָט אַ פּאָליטישע בעדייטונג; אַזוי, צום ביישפּיעל, מיינט ער, דאָס אונזער קאַבינעט, ווען ער בייגט זיך מיט בענקשאַפט פאָראויס און שפּרייט די הענד ברייט פונאַנדער; ווען ער דרעהט זיך הונדערט מאָל איבער אויף איין פוס, נישט ריהרענדיג זיך פון דעם אָרט, מיינט ער דאָס דעם בונדעסטאַג; ווען ער שלעפּט זיך אַרום, ווי מיט געבונדענע פיס, האָט ער דאָס אין זינען די קליינע פירסטען; ווען ער פאַלט, ווי אַ שכור'ער פון די פיס, בעצייכענט ער דאָס אייראָפּייאישע גלייכגעוויכט; ווען ער קנילט צוזאַמען די געבויגענע הענד, שטעלט ער דאָס פאַר אַ קאָנגרעס; און, ענדליך, ווען ער הויבט זיך ביסלעכווייז אויף אַלץ העכער און העכער, בלייבט דאַן רוהען אין דער דאָזיגער שטעלונג אַ היבשע צייט, און לאָזט זיך דערנאָך פלוצלונג אין די שרעקליכסטע שפּרונגען, שילדערט ער דאָס אונזער צו גרויסען פריינה אין מזרח.

דעם יונגען מאַן האָבען זיך ממש די אויגען געעפֿענט, און איצט האָט ער פֿערשטאַנען, פֿאַרוואָס טענצער ווערען בעסער בעצאָהלט, ווי גרויסע דיכטער, פֿאַרוואָס הערט מען פֿון באַלעט נישט אויף צו רעדען ביים דיפּלאָמאַטישען קאָרפּוס, און פֿאַרוואָס ווערט אַ שענע טענצערין אָפֿט אויסגעהאַלטען פּריוואַט פֿון דעם מיניסטער, וועלכער מאַטערט זיך געוויס טאָג און נאַכט, זי זאָל בעגרייפֿען זיין פּאָליטיש סיסטעמעלע. איך שווער ביים אַפּיס*)! ווי גרויס איז די צאָהל פֿון די עקזאָטערישע**), און ווי קליין איז די צאָהל פֿון די עזאָטערישע**) טעאַטער־בעזוכער! דאָ שטעהט דאָס בלינדע פֿאָלק און גאַפֿט, און בעוואונדערט שפּרונגען און טאַנץ־פֿיגורען, און שטודירט אַנאַטאָמיע אין די פּאָזעס פֿון מאַדאַם לעמיער, און אַפּלאָדירט די אַנטראַשאַ פֿון פֿרייליין רעניש, און פּלוידערט פֿון גראַציע, האַרמאָניע און לענדען — און קיינער הויבט נישט אָן צו פֿערשטעהן, אַז אין די געטאַנצטע רמזים האָט ער פֿאַר די אויגען דעם גורל פֿון דעם דייטשען פֿאַטערלאַנד.

צווישען אַזוינע געשפּרעכען האָט מען דאָך אויך אין זינען געהאַט דאָס נוצליכע, און אַרום די גרויסע שיסלען, וואָס זענען געוועזען ערהרליך אָנגעפֿילט מיט פֿלייש, קאַרטאָפֿעל א. אַז. וו., האָט מען פֿלייסיג געאַרבייט. דאָך איז דאָס עסען געוועזען שלעכט. איך האָב דערויף לייכט אויפֿמערקזאַם געמאַכט מיין שכן, אָבער ער האָט מיר מיט אַנאַקצענט, אין וועלכען איך האָב אין איהם דערקענט אַ שווייצער, גאָר ניט העפֿליך געענטפֿערט, אַז מיר, דייטשען, זיינען נישט בעקאַנט ניט מיט דער אמת'ער פֿרייהייט, ניט מיט דער מידה פֿון שמח בחלקו. איך האָב אַ ציה געטהון מיט די אַקסלען און בעמערקט, אַז די בעסטע פֿירסטען־קנעכט און לאַקייען זענען אומעטום די שווייצער, און מייסטענטיילס ווערען זיי אַזוי אָנגערופֿען, און אַז די איצטיגע שווייצערישע פֿרייהייטס־העלדען איבערהויפּט, וואָס פּלוידערען אַזוי פֿיעל פֿאַר'ן עולם וועגען פּאָליטישער העלדישקייט, קומען ביי מיר שטענדיג אויס, ווי האָזען, וועלכע שיסען אויף די עפֿענטליכע ירידען פֿון פּיסטאָלעטען, ברענגען דורך זייער העלדישקייט

---

*) אַנ'אָקס, וואָס איז געוועזען פֿערהייליגט ביי די אַלטע עגיפּטער;
**) עקזאָטעריש—אינערליך; **) עזאָטעריש—אויסערליך שטעהענד.

אַרײַן אַלע קינדער און פֿויערים אין גרויס איבערראַשונג, און זענען דאָך נישט מעהר, ווי האָזען.

דער זוהן פֿון די אַלפּען איז געווים נישט אויסען געווען דערמיט קײַן שום ביִז, „דאָס איז געוועזען אַ דיקער מאַן, אַלזאָ, אַ גוטער מאַן", זאָגט צערוואַנטעס. אָבער מײַן שכן פֿון דער אַנדער זײַט, אַ גרייפּסוואַלדער, האָט זיך געפֿונען שרעקליך בעליידיגט פֿון זײַן בעמערקונג; ער האָט איהם גענומען דערווייזען, אַז די דײַטשע ענערגיע און תמימות איז נאָך נישט אויסגעלאָשען, זיך דערבײַ הילכיג געשלאָגען אין האַרצען, און אויסגעליידיגט אַ אונגעהויערע מאָס ווײַסביער. דער שווייצער האָט געזאָגט: „נו! נו!" אָבער וואָס בערוהיגענדער ער האָט דאָס געזאָגט, אַלץ מעהר איז דער גרייפּסוואַלדער אַרײַנגעקומען אין היץ. ער האָט געהערט צו יענע צײַטען, ווען די לײַז האָבען געלעבט אַ גוטען טאָג און די פֿריזירער זענען געשטאַנען אין סכנה צו שטאַרבען פֿאַר הונגער. ער האָט געטראָגען אַראָבהענגענדע, לאַנגע האָהר, אַ ריטערליך היטעלע, אַ שוואַרצען, אַלט-דײַטשען ראָק, אַ שמוציג העמד, וואָס האָט צו גלײַכער צײַט אויך געדיענט אַלס וועסט, און אונטער'ן העמד אַ מעדאַליאָן מיט אַ בינטעל האָהר פֿון בליוכערס פֿערד. ער האָט אויסגעזעהען, ווי אַ נאַר אין נאַטירליכער גרויס. איך האָב ליעב צו מאַכען אַ ביסעל מאָציאָן בײַם עסען, און דעריבער האָב איך מיך אַרײַנגעלאָזט מיט איהם אין אַ פּאַטריאָטישען וכוח. ער האָט זיך געהאַלטען בײַ דער מיינונג, אַז דײַטשלאַנד מוז אײַנגעטײלט ווערען אין אַכט און דרײַסיג ראַיאָנען. איך האָב, דאַגעגען, גע'טענה'ט, אַז עס מוזען זײַן אַכט און פֿירציג, ווײַל דאַן וועט מען קאָנען פֿערפֿאַסען אַ סיסטעמאַטיש האַנדבוך וועגען דײַטשלאַנד, און ס'איז דאָך נויטווענדיג, צו פֿערבינדען דאָס לעבען מיט דער וויסענשאַפֿט. מײַן גרייפּסוואַלדער פֿרײַנד איז אויך געווען אַ דײַטשער באַרד און האָט מיר אײַנגערוימט אַ סוד, אַז ער אַרבײַט אויף אַ נאַציאָנאַל-העלדען-געדיכט, וואו ער וועט בעזינגען הערמאַנען און די הערמאַן-שלאַכט. איך האָב איהם געגעבען אייניגע נוצליכע עצות פֿאַר דעם דאָזיגען עפּאָס. איך האָב איהם געמאַכט אויפֿמערקזאַם דערויף, אַז די זומפּען און בערגיגע וועגען פֿון דעם טעוטאָבורגער וואַלד קאָן ער זעהר שען שילדערען מיט וואַסערדיגע און באַרגיגע פֿערזען, און אַז עס וואָלט געווען פֿון זײַן זײַט אַ פּאַטריאָטישע פֿײַנקײַט, ווען אין זײַן פּאָעם זאָגט באַרוס און די איבעריגע רוימער רעדען לויטער אונזין. איך

האָף, אַז דאָס דאָזיגע קונצשטיק וועט איהם, ווי אַנדערע בערלינער דיכטער, זיך אַזוי גוט אײַנגעבען, אַז עס וועט מאַכען די פֿאָלקאָמסטע אילוזיע.

ביי אונזער טיש איז וואָס ווײַטער געוואָרען אַלץ טומעלדיגער און אָפּענהערציגער, דער ווײַן האָט אַרויסגעשטויסען דאָס ביער, די בעכערס פּונש האָבען גענומען שוימען, מען האָט געטרונקען, זיך געווינשעוועט און געזונגען. עס האָט אויפֿגעשאַלט דער אַלטער „לאַנדעספּאַטער" און די העררליכע ליעדער פֿון וו. מילער, ריקערט, אוהלאַנד א. אַז. וו. מעטפֿעסעלס שענע מעלאָדיען. בעסער פֿאַר אַלץ האָבען געקלונגען אונזער אַרנדטס דײַטשע ווערטער: „דער גאָט, וואָס האָט אײַזען בעשאַפֿען, האָט קײנע קנעכט נישט געוואָלט!" און אין דרויסען האָט עס געברויזט, גלײַך ווי דער אַלטער באַרג האָט מיטגעזונגען, און אײניגע שוואַנקענדע חברים האָבען זאָגאַר פֿערזיכערט, אַז ער שאָקעלט פֿרעהליך מיט זײַן הוילען קאָפּ, און אונזער צימער בעוועגט זיך דעריבער אַהין און אַהער. די פֿלאַשען זענען געוואָרען ליידיגער און די קעפּ פֿולער. אײנער האָט געברומט, אַ צווייטער האָט געזונגען מיט אַ דין פֿאַלצעטעל, אַ דריטער האָט דעקלאַמירט פֿון דער „שולד", אַ פֿירטער האָט גערעדט אויף לאַטײַן, אַ פֿינפֿטער האָט געדרשנ'ט וועגען מעסיגקײַט, און אַ זעקסטער האָט זיך געשטעלט אויפֿ'ן שטוהל און גענומען האַלטען אַ רעדע: „מײַנע העררען! די ערד איז אַ קײַלעכדיגער וואַלץ, די מענשען זענען אײַנצעלנע שטיפֿטעלעך אויף איהם, צוזייהט און צושפּרייט אַפּנים אָהן קײן שום כונה; אָבער דער וואַלץ דרעהט זיך, די שטיפֿטעלעך שטויסען זיך אָן דאָ און דאָרט, און גיבען אַרויס אַ קלאַנג, אײניגע אָפֿט, אַנדערע זעלטען, דאָס שאַפֿט אַ וואונדערבאַרע, קאָמפּליצירטע מוזיק, און די דאָזיגע מוזיק הייסט וועלט-געשיכטע. אַלזאָ, וועלען מיר צום ערשטען רעדען פֿון דער מוזיק, דערנאָך פֿון דער וועלט, און ענדליך פֿון דער געשיכטע; אָבער די געשיכטע וועלען מיר אײַנטיילען אין פּאָזיטיוו און שפּאַנישע פֿליגען —" און אַזוי האָט ער גערעדט ווײַטער מיט זין און אונזין.

אַ געמיטליכער מעקלענבורגער, וואָס האָט געהאַלטען אַרײַנגעשטעקט די נאָז אין דאָס גלאָז פּונש און מיט אַ גליקליכען שמייכעל געשמעקט דעם שוים, האָט געמאַכט די בעמערקונג, אַז איהם איז איצט אויפֿ'ן האַרצען, גלײַך ווי ער וואָלט ווידער שטעהן פֿאַר דעם טע-

אַמער-בופֿעט אין שווערין. אַנ'אַנדערער האָט געהאַלטען אַ גלאָז ווייַן פֿאַר די אויגען, אַזוי ווי אַ שפּאַקטיוו און האָט אונז דערמיט, דאַכט זיך, זעהר אויפֿמערקזאַם בעטראַכט, און דער רויטער ווייַן איז איהם דערווייל גערונען איבער די באַקען אין דעם אַרויסגעשטאַרצטען מויל אַריין. דער גרייַפֿסוואַלדער, פּלוצלונג בעגייסטערט, האָט זיך אַ וואָרף געטהון אויף מייַן ברוסט און גענומען שרייַען אין התלהבות: „אָ, ווען דו וואָלסט מיך געקאָנט פֿערשטעהן! איך בין אַ פֿער-ליעבטער, איך בין אַ גליקליכער, איך ווער ווידער געליעבט, און — איך שווער בייַ גאָט! — זי איז אַ געבילדעט מיידעל, דען זי האָט פֿולע בריסט, און טראָגט אַ ווייַס קלייד, און שפּיעלט קלאַוויר!“ — אָבער דער שווייצער האָט געוויינט, און האָט צערטליך געקושט מייַן האַנד, און האָט נישט אויפֿגעהערט צו פּישטשען: „אָ, בעבעלי! אָ, בעבעלי!“

אין דעם דאָזיגען טומעל און געפּילדער, וואו די טעלער האָבען זיך געלערנט טאַנצען און די גלעזער — פֿליהען, זענען אַנטקעגען מיר געזעסען צוויי יונגלעך, שען און בלאַס ווי מאַרמאָר-בילדער, איינער מעהר ענהליך אויף אַדאָניס'ן, דער אַנדערער — מעהר אויף אַפּאָלאָן. עס איז קוים געווען צו בעמערקען דעם לייַכטען רויזען-טון, וואָס דער ווייַן האָט אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף זייערע באַקען. מיט אומענדליכער ליעבע האָבען זיי געקוקט איינער אויפֿ'ן אַנדערן, גלייַך ווי איינער וואָלט געקאָנט לייענען אין דעם אַנדערנס אויגען, און אין די דאָזיגע אויגען האָט עס געשטראַהלט, גלייַך ווי אַהין זענען אַרייַנגעפֿאַלען איינינגע ליכט-טראָפּפען פֿון יענער שאָל, פֿול מיט פֿלאַקערנדע ליעבע, וואָס אַ פֿרומער מלאך טראָגט דאָרט אויבען איבער פֿון איין שטערן צום אַנדערן. זיי האָבען גערעדט שטיל, מיט בענקשאַפֿטס-ציטערנדע שטי-מען, און דאָס זענען געוועזען טרויעריגע געשיכטען, פֿון וועלכע עס האָט אַרויסגעקלונגען אַ וואונדער-שמערצליכער טאָן. „לאָרע איז איצט אויך טויט!“ האָט איינער געזאָגט און האָט אָפּגעזיפֿצט, און נאָך אַ קליינעם שווייַגען האָט ער דערצעהלט פֿון אַ האַללער מיידעל, וואָס איז געוועזען פֿערליעבט אין אַ סטודענט, און אַז דער דאָזיגער סטודענט האָט פֿערלאָזען האַללע, האָט זי מעהר מיט קיינעם ניט גערעדט און ווע-ניג געגעסען, און טאָג און נאַכט געוויינט, און אַלץ בעטראַכט דאָס קאַנאַריק-פֿייגעלע, וואָס דער געליעבטער האָט איהר אַמאָל געשענקט. דער פֿויגעל איז געשטאָרבען, און באַלד נאָך דעם איז אויך לאָרע

געשטאָרבען!" אַזוי האָט ער געענדיגט די ערצעהלונג, און ביידע יונגלעך זענען ווידער אַנטשוויגען געוואָרען און האָבען געזיפצט, גלייך ווי דאָס האַרץ האָט זיי געוואָלט צושפּרינגען. ענדליך האָט דער אַנדערער געזאָגט: „מיין נשמה איז טרויעריג! קום מיט מיר אַרויס אין די דונקעלע נאַכט! איך וויל איינאָטעמען דעם הויך פון די וואָלקענס און די שטראַהלען פון דער לבנה. חבר פון מיין וועהמוט! איך האָב דיך ליעב, דיינע ווערטער קלינגען ווי דאָס געפּליסטער פון די טייך-שטעקליך, ווי די שטראָמען פון די קוואַלען, זיי קלינגען ווידער אין מיין ברוסט, אָבער מיין נשמה איז טרויעריג!"

דאָ האָבען זיך ביידע יונגלעך אויפגעהויבען, איינער האָט פערוואָרפען די האַנד אַרום דעם אַנדערנס האַלז, און זיי האָבען פערלאָזען דאָס רוישענדע צימער. איך בין זיי נאָכגעגאַנגען און האָב דערזעהן, ווי זיי זענען אַריין אין אַ פינסטערע קאַמער, ווי איינער האָט אָנשטאָט דעם פענסטער, געעפענט אַ גרויסען קליידער-שראַנק, ווי ביידע זענען פאַר איהם שטעהן געבליבען מיט בענקשאַפטליך-אויסגעשטרעקטע הענד, און האָבען גערעדט איינציגווייז. „איהר וועהונגען פון דער דעמערנדער נאַכט!" האָט אויסגערופען דער ערשטער, „ווי דערקוויקענד קיהלט איהר מיינע באַקען! ווי ליעבליך שפּיעלט איהר מיט מיינע פלאַטערנדע לאָקען! איך שטעה אויף דעם באַרגס פערוואָגעלטען שפּיץ, אונטער מיר ליגען די שלאָפענדע שטעדט פון די מענשען, און ס'בלאַנקען די בלויע וואַסערן. הער-צו! דאָרט אונטען אין טאָל רוישען די טאַנען! דאָרט איבער די בערג-שפּיצען ציהען אין נעבעל-געשטאַלטען די גייסטער פון די פאָטערס. אָ, ווען איך וואָלט געקאָנט מיט אייך יאָגען אויף דעם וואָלקען-פערד דורך די שטורמישע נאַכט, איבערן ברויזענדען ים, צו די שטערן אַרויף! אָבער וועה-וועה! איך בין בעלאָדען מיט לייד, און מיין נשמה איז טרויעריג!" — דאָס אַנדער יונגעל האָט אויך פונקט אַזוי אויסגעשטרעקט אין טיעפער בענקשאַפט זיינע הענד צו דעם קליידער-שראַנק, טרערען האָבען אַ פלייץ געטהון פון זיינע אויגען, און מיט אַ וועהמוטיגער שטים האָט ער גערעדט צו אַ פּאָר הויזען פון געלען לעדער, וואָס ער האָט עס אָנגענומען פאַר דער לבנה: „שען ביזטו, דו טאָכטער פון הימעל! ליעבליכע גליקזעליגקייט איז אין דער רוה פון דיין פּנים! דו וואַנדערסט אַרום אין ליעבליכקייט! די שטערן געהען דיר נאָך דיינע בלויע פּעדים אין מזרח! ביי דיין אָנבליק פרעהען זיך די וואָלקענס, און

עס לויכטען זייערע הונקעלע געשטאַלטען. ווער איז גלייך צו דיר אין דעם הימעל, די טאָכטער פון נאַכט? פערשעמט זענען די שטערן אין דיין געגענוואַרט, און ווענדען־אָב די גרינפונקלענדע אויגען. וואוהין, ווען פריהמאָרגענס ווערט בלייך דיין געשטאַלט, אַנטלויפסטו פון דיין וועג? האָסטו אויך, פונקט ווי איך, דיין שלאָס? וואוינסטו אין שאָטען פון וועהמוט? זענען דיינע שוועסטער פון הימעל אַראָבגעפאַלען? זיי, וואָס פלעגען מיט דיר פריידיג די נאַכט צוברענגען, זענען שוין מעהר נישטאָ? יאָ, זיי זענען אַראָבגעפאַלען, אָ שענעס ליכט, און דו פערבאָרגסט זיך אָפט צו טרויערען אויף זיי. דאָך וועט אַמאָל קומען די נאַכט, און דו, אויך דו וועסט זיין פערגאַנגען, און וועסט האָבען דאָרט אויבען פערלאָזט דיינע בלויע וועגען, דאַן וועלען די שטערן אויפהויבען זייערע גרינע קעפ, וועלכע האָבען זיך אַמאָל געשעמט פאַר דיין געגענוואַרט, זיי וועלען זיך פרעהען. דאָך איצט ביזטו אָנגעקליידט אין דיין שטראַהלען־פראַכט, און קוקסט אַראָב פון דעם הימעלס טויערן. צורייסט די וואָלקען, אָ ווינדען, כדי די טאָכטער פון נאַכט זאָל קאָנען פריי לייכטען, און די וואַלדיגע בערג זאָלען אויפגלאַנצען, און דער ים זאָל זיינע שוימענדע שטראָמען קייקלען אין דער ליכט!"

אַ גוטבעקאַנטער, נישט זעהר קיין מאָגערער פריינד, וואָס האָט מעהר אויסגעטרונקען, ווי אויפגעגעסען, הגם ער האָט אויך היינטיגען אָוועגד, ווי געוועהנליך, פערשלונגען אַ פּאָרציע רינדפלייש, וואָס וואָלט גענוג געווען אויף אָנצוזעטיגען זעקס גוואַרדיע־לייטענאַנטען און איין אומשולדיג קינד, — איז ער געקומען צופליהען אין דעם דאָזיגען מאָמענט אין אַ צו־גוטען הומאָר, ד. ה. ווי אַן אמת'ער חזיר, האָט די ביידע עלעגישע פריינד נישט זעהר איידעל אַריינגעשטופּט אין שראַנק אַריין, האָט זיך אַ לאָז געטהון צו דער הויז־טיר און אויפגעהויבען אַ מערדערליך געשריי. דאָס געפילדער אין זאַל איז געוואָרען אַלץ ווילדער און פערטויבטער. די ביידע יונגלעך אין שראַנק האָבען געיאָמערט און געקרעכצט, אַז זיי ליגען צושמעטערט צו־פוסענס דעם באַרג; דער איידעלער רויטוויין האָט זיי אַרויסגעשטראָמט פון האַלז, זיי האָבען איינער דעם אַנדערן פערפלייצט, און איינער האָט געזאָגט צו דעם אַנדערן: „זיי געזונד! איך פיהל, אַז איך געה־אָב מיט בלוט. פאַרוואָס וועקסטו מיך, פריהלינגס־לופט? דו חנפ'עסט מיר, ווי אַ ליעבהאָבערין און זאָגסט: „איך בעטוי דיך מיט טראָפּענס פון

הימעל. דאָך די צייט פֿון מיין וועלקען איז נאָהענט, נאָהענט דער שטורם, וואָס וועט מיינע בלעטער צוטראָגען! מאָרגען וועט קומען דער וואַנדערער, ס׳וועט קומען דער, וואָס האָט מיך אין מיין שענהייט געזעהען, זיין אויג וועט מיך אומעטום זוכען אין פֿעלד, און וועט נישט געפֿינען". — אָבער אַלץ איז פֿערטויבט געוואָרען פֿון דער גוט-בעקאַנטער באַסען-שטים, וועלכע האָט זיך אין דרויסען פֿאַר דער טיר אונטער קללות און פֿריידיגע געשרייען גאָטלעסטערליך בע-קלאָגט, אַז אויף דער גאַנצער פֿינסטערער וואַנדער-גאַס ברענט נישט קיין איינציגע לאַמטערן, און מען קאָן אַפילו נישט זעהען, ביי וועמען האָט מען אויסגעשמירט די פֿענסטער-שויבען מיט קויט.

איך קאָן אַ סך אַריינגיסען — די עניוות ערלויבט מיר נישט אויסצוזאָגען וויפֿיעל פֿלאַשען — און גאַנץ פֿול בעלאָדען האָב איך דערגרייכט צו מיין שלאָפֿצימער. דער יונגער קויפֿמאַן איז שוין גע-לעגען אין בעט, מיט זיין קאַלך-ווייסער יאַרמעלקע און זאַפֿראַן-געלען קאַפּטעל פֿון היגיענישער פֿלאַנעל. ער האָט נאָך נישט גע-שלאָפֿען און געפּרובט צו פֿערבינדען מיט מיר אַ שמועס. ער איז געוועזען פֿון פֿראַנקפֿורט-אויף׳ן-מיין, און דעריבער האָט ער גלייך גענומען רעדען וועגען די יודען, וועלכע האָבען פֿערלאָרען יעטווידער געפֿיהל פֿאַר דאָס שענע און אידעלע, און פֿערקויפֿען די ענגלישע סחורות מיט פֿינפֿאונצוואַנציג פּראָצענט אונטער דעם פֿאַבריק-פּרייז. מיך האָט אָנגענומען אַ חשק אַ ביסעל איהם צו מיסטיפֿיצירען און איך האָב איהם אַ זאָגג געטהון, אַז איך בין אַ נאַכט-וואַנדלער און מוז ביי איהם פֿאָראויס בעטען אום ענטשולדיגונג, אויב איך וועל שטערען זיין שלאָף. ער האָט נעבעך, ווי ער האָט זיך מיר אויף מאָרגען מודה געווען, אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿען, און איז געווען אין איינע שרעק, איך זאָל אין נאַכטוואַנדעל-צושטאַנד נישט אָנמאַכען קיין אומגליק מיט די פּיסטאָלעטען, וועלכע זענען געלעגען פֿאַר מיין בעט. איינגענטליך איז מיר געגאַנגען נישט פֿיעל בעסער, ווי איהם, איך האָב זעהר שלעכט געשלאָפֿען. וויסטע, שרעקליכע, פֿאַנטאַסטישע געשטאַל-טען. אַ קלאַוויר-אויסצוג פֿון דאַנטעס „גיהנם". צום סוף האָט זיך מיר גאָר געחלומט, איך געפֿין זיך אויף דער אויפֿפֿיהרונג פֿון אַ יוריס-טישער אָפּערע, אונטערן נאָמען „פֿאַלצידיאַ" — דער טעקסט איז לויט דער [illegible] פֿון ירושה-רעכט, פֿערפֿאַסט פֿון גאַנס און די מוזיק פֿון ספּאָנטיני. אַ [illegible]גענער חלום. דאָס רוימישע פֿאָרום האָט פּרעכטיג

געליכטען; סערוויליוס געשעניס אלס פרעטאר אויף זיין שטוהל, די באנא אין שטאלצע פאלבען פערוואָרפען, האָט זיך צוגאָסען אין שטורמישע רעציטאציוועז; מארקוס טולליוס עלווערזוס אלס פריי-מאדאָנא לעגאטאריא, אין דער גאנצער פראכט פון זיין ליעבליכער ווייבליכקייט, האָט ער געזונגען די ליעבעס-שמעלצענדע בראוואור-אריע רעפערענדאריען, quic unque civis romanus אנגע-פארבט, ווי מיט רויטער ציגעל-פארב, האָבען געברומט ווי א האָר פון נישט-מינדיגע; פריוואט-דאָצענטען, געקליידעט אלס גע-ניעס אין טריקאָ פון לייב-קאָליר, האָבען געטאנצט א פאר-יוסטיניא-נישען באלעט און האָבען מיט בלומען בעקראנצט די צוועלף לוחות; אונטער דונער און בליץ איז פון דער ערד ארויס דער בעליידיגטער גייסט פון דער רוימישער געזעצגעבונג; גלייך האָבען זיך געלאָזט הערען טרומייטען, טאמטאמס, עס האָט א פלייץ געטהון א פייער-רעגען, .Cuni ommcausa

פון דעם דאָזיגען ליארם האָט מיך ארויסגעראטעוועט דער בראָקען-ווירט, אויפוועקענדיג מיך, איך זאָל געהן זעהען דעם זונ-אויפגאנג. אויף דעם טורעם האָבען שוין איניגע געוואַרט און זיך געריבען די צופראָרענע הענד; אנדערע, מיט'ן שלאָף נאָך אין די אויגען, האָבען זיך מיט צרות געדראפעט ארויף; ענדליך איז די שטילע געמיינדע ווידער געשטאנען פערזאמעלט ווי נעכטען אין אָוענד, און שווייגענדיג האָבען מיר געקוקט, ווי אויפ'ן האָריזאָנט האָט זיך אויפגעהויבען די קליינע העל-רויטע קויל, איבערן הימעל האָט זיך צוגאָסען א ווינטערדיג-דעמערנדע בעלייכטונג, די בערג האָבען געשוואומען, ווי אין א וויים-אויפגעברויזטען ים, און נאָר זייערע שפּיצען זענען דייטליך ארויסגעטראָטען פאר אונזערע אויגען, אזוי אז אינ׳ האָט זיך געדאכט, מיר שטעהען אויף א קליינעם בערגעל, אין מיטען אויף א פערפלייצטען טאָל, וואו עס טרעטען נאָר ערטערווייז ארויס טרוקענע, קליינע ערד-בערגעלעך. כדי פעסטצוהאלטען דאָס געזעהענע, און איבערגעפיהלטע אין ווערטער, האָב איך אָנגעשריבען פאלגענדען געדיכט:

העלער ווערט עס שוין אין מורח,
ווי די זון הויבט נאָר אָן פונקלען,
ווייט און ברייט די בערגער-שפּיצען,
אין דעם נעבעל-ים זיך טונקלען.

וואָלט איך האָבען מיילען-שטיוועל,
וואָלט איך פאַר'ן ווינד געשיקטער
יאָגען איבער יענע שפּיצען,
צו דעם הויז פון מיין געליעבטער.

כ'וואָלט פון בעטעל, וואו זי שלומערט,
אַראָבציהען די גאַרדינען,
וואָלט איהר שטיל געקושט אין שטערן,
און אין איהרע מויל'ס רובינען.

און נאָך שטילער וואָלט איך שעפּטשען
צו דעם ליעבען קינד דערביי:
וועה אין חלום, אַז מיר ליעבען,
איביג בלייבען מיר זיך טריי!

דערווייל איז מיין בענקשאַפט נאָך אַ פריהשטיק געוואָרען איך זעהר גרויס און, אָבגעזאָגט מיינע דאַמען איינינגע העפליכ-קייטען, האָב איך אַוועקגעאיילט אַראָבצו אין דער וואַרימער שטוב טרינקען קאַפע. און ס'איז צייט געווען; אין מיין מאָגען איז געווען פונקט אַזאַ פוסטקייט, ווי אין דער גאָסלאַרשער סטעפאַנקירך. אָבער צוזאַמען מיט דעם אַראַבישען געטראַנק האָט זיך איבער מיינע גליעדער צונאָסען דער וואַרימער מזרח, עס האָט מיך דורכגענומען די דופט פון די אָריענטאַלישע רויזען, עס האָבען אויפגעקלונגען די זיסע ליעדער פון דער מזרח-נאַכטיגאַל, די סטודענטען האָבען זיך פער-וואַנדעלט אין קעמלען, פון די שטוב-מיידלעך מיט זייערע קאָנגרעווישע בליקען זענען געוואָרען הורים, די פיליסטער-נעזער זענען געוואָרען מינאַרעטען א. אַז. וו.

דאָס בוך, וואָס איז נעבען מיר געלעגען, איז אָבער נישט געווען דער קאָראַן. אמת, אונזין איז דאָרט געווען גענוג. דאָס איז געווען דאָס אַזוי געהויפטע בראָקען-בוך, וואו אַלע רייזענדע, וועלכע שטייגען אַרויף אויפ'ן באַרג, פערשרייבען זייערע נעמען, און דער גרעסטער טייל פערצייכענט נאָך דאָרט איינינגע געדאַנקען און, ווען דער דאָזיגער מין פעהלט, איז די געפיהלען. אַ סך דריקען זיך אָפּ אויס אין פערזען. אין דעם דאָזיגען בוך זעהט מען, וואָס פאַר אַ שרעקליכע זאַכען עס קומען פאָר, ווען דער גרויסער ערב-רב

פּליטערען נעהמט זיך פֿאַר בײַ געוויסע געלעגענהייטען, ווי דאָ, למשל, אויפֿ'ן בראָקען, צו ווערען פּאָעטיש. דער פּאַלאַץ פֿון דעם פּרינץ פֿון פּאַללאַגאָניאַ ענטהאַלט נישט אַזעלכע גרויסע געשמאַקלאָזיגקײַטען, ווי דאָס דאָזיגע בוך, וואו עס גלאַנצען בעזונדערס אַרויס די העררען אַקציזאײַננעהמער מיט זייערע פֿערשימעלטע הויכגעפֿיהלען, די קאָנטאָר-יונגלעך מיט זייערע פּאַטעטישע נשמה-אויסגעניסען, די אַלטדײַטשע רעוואָלוציאָנס-דילעטאַנטען מיט זייערע אויסגעדראָשענע פֿראַזען, די בערלינער שול-לעהרער מיט זייערע שוימ-מולדיגע התפּעלות-מליצות א. אַז. וו. העדר יאָהאַנעס האַגעל וויל זיך אַמאָל אויך אַרויסווײַזען פֿאַר אַ שריפֿטשטעלער. דאָ ווערט בעשריבען די מאַיעסטעטישע פּראַכט פֿון דעם זון-אויפֿגאַנג; דאָרט קלאָגט מען זיך אויף שלעכט וועטער, אויף גענאַרטע ערוואַרטונגען, אויף דעם נעבעל, וואָס פֿערשטעלט אַלע אויסזיכטען. „אין נעבעל אַרויפֿגעקומען און אין נעבעל אַראָבגעקומען!“ איז אַן־אויסגעדראָשענער וויץ, וואָס ווערט איבערגע'חזר'ט פֿון הונדערטער. עפּעס אַ קאַראָלינאַ שרײַבט, אַז בײַם אַרויפֿשטײַגען אויפֿ'ן באַרג האָט זי פֿערנעצט די פֿיס. עפּעס אַ נאַאיווע האַהנבעען האָט גענומען דאָס דאָזיגע אומגליק אין זינען, און שרײַבט לאַקאָניש: „אויך איך בין בײַ דער געשיכטע נאַס געוואָרען“. דאָס גאַנצע בוך גיט אָב מיט אַ ריח פֿון קעז, ביער און טאַבאַק; גלײַך ווי מען זאָל לייענען קלוירענס אַ ראָמאַן.

אין דער צײַט, וואָס איך האָב צוויי אַזאַנאָפֿן געטרונקען קאַפֿע און געבלעטערט דאָס בראָקען-בוך, איז אין צימער אַרײַנגעקומען דער שווייצער מיט צופֿלאַמטע באַקען, און מיט גרויס בעגײַסטערונג האָט ער גענומען דערצעהלען פֿון דעם ערהאַבענעם בילד, וואָס ער האָט גענאָסען אויבען אויפֿ'ן טורעם, ווען דאָס ריינע, רוהיגע ליכט פֿון דער זון — סימבאָל פֿון אמת — האָט געקעמפֿט מיט די נאַכטיגע נעבעלמאַסען; דאָס האָט אויסגעזעהען, ווי אַ גײַסטער-שלאַכט, וואו אויפֿגעצאָרנטע ריזען שטרעקען אויס זייערע לאַנגע שווערדען, פֿול-בעוואָפֿענטע ריטער יאָגען אויף טײַוועלשע פֿערד, סטראַגען זיך רײַטוועגען, סֿפֿלאַטערען פֿאָהנען, פֿון ווילדסטען תוהו-ובוהו שווימען אַרויס משוגעה'דיגע בילדער פֿון חיות-רעות, ביז אַלעס דרעהט זיך ענדליך משוגענערוויז צוזאַמען, צורינט אַלץ בלאַסער און בלאַסער און פֿערשווינדט. נישט צו לאָזען אַ זכר. די דאָזיגע דעמאַג-

גישע נאַטור־ערשײַנונג האָב איך פֿערזאַמט, און ווען עס זאָל קומען צו אַ חקירה ודרישה, קאָן איך מיט כל השבועות פֿערזיכערן, אַז איך ווייס פֿון גאָרנישט, אויסער ווי פֿון דעם געשמאַק פֿון דעם גוטען ברוינעם קאַפֿע. אַך, דער קאַפֿע איז אַפּילו שולדיג געווען אין דעם, וואָס איך האָב מײַן שענע דאַמע פֿערגעסען, און איצט איז זי געשטאַנען פֿאַר דער טיהר מיט דער מוטער און בעגלייטערין האַבענדיג בדעה אַרײַנצושטײַגען אין וואָגען. איך האָב קוים צײַט געהאַט, אונטערצולויפֿען אַהין און צו פֿערזיכערן זיי, אַז עס איז קאַלט. זי האָט אויסגעוויזען אונצופֿריעדען, וואָס איך בין פֿריהער נישט געקומען; דאָך האָב איך באַלד פֿונאַנדערגעגלעט די ברוגזדיגע קנייטשען אויף איהר שענעם שטערן, אַוועקשענקענדיג איהר אַ וואונדערליכע בלום, וואָס איך האָב מיט אַ טאָג פֿריהער אַראָבגע־ריסען פֿון אַ שטיילער פֿעלזען־וואַנד מיט דער געפֿאַהר צו ברעכען האַלז און נאַקען. די מוטער האָט פֿערלאַנגט, איך זאָל איהר זאָגען דעם נאָמען פֿון דער דאָזיגער בלום, גלײַך ווי זי וואָלט געפֿונען פֿאַר נישט פּאַסיג, אַז איהר טאָכטער זאָל אַרײַנשטעקען אַ פֿרעמדע אומבעקאַנטע בלום אין ברוסט — ווײַל די בלום האָט אין דער אמת'ן פֿערנומען דעם דאָזיגען טײַערען פּלאַץ, וואָס דאָס האָט זיך איהר געוויס נעכטען נישט געחלומט אויף איהר אײַנזאַמער הויך. דער שווײַגענדיגער בעגלייטער האָט איצט מיט אַ מאָל אויפֿגעעפֿענט דאָס מויל, איבערגעצעהלט די שטויב־פֿעדים פֿון דער בלום און האָט נאָכן טרוקען געזאָגט: זי געהערט צו דער אַכטער קלאַס.

עס ערגערט מיך איטליכס מאָל, ווען איך זעה, אַז גאָטס ליעבע בלומען האָט מען, פּונקט ווי אונז, אויך אײַנגעטיילט אין קאַסטעס, לויט ענליכע אויסערליכע סימנים, ד. ה., לויט די פֿער־שיעדענהײַטען פֿון די שטויב־פֿעדים. אויב מען מוז שוין יאָ זיי אײַנטיילען, טאָ זאָל מען חאָטש פֿאָלגען טעאָפֿראַסטס פֿאָרשלאַג, וואָס האָט געוואָלט אײַנטיילען די בלומען מעהר לויט זייערע גײַסטיגע סימנים, נעמליך, לויט זייער גערוך. וואָס עס אָנבעלאַנגט צו מיר, האָב איך אין דער נאַטור־וויסענשאַפֿט מײַן אייגען סיסטעם, לויט וועלכען איך טייל אַלץ אײַן אין זאַכען, וואָס מען קאָן עסען, און אין זאַכען, וואָס מען קאָן נישט עסען.

פֿונדעסטוועגען איז דער עלטערער דאַמע געוועזען זעהר בעקאַנט די געהיימניספֿולע נאַטור פֿון די בלומען, און נישט־ווילענדיג

האָט זי מיר אַרויסגעזאָגט, אַז די בלומען, װען זײ װאַקסען אין גאָרטען אָדער אין בלומען־טעפּ, פרעהען זײ זי זעהר; װען זי זעהט אָבער אַן אָפּגעריסענע בלום, װערט איהר ברוסט דורכגענומען פון אַ שטילען פערבענקטען בעאונרוהיגענדען און פּײַנליכען געפיהל — װײַל אַזאַ בלום איז דאָך אײגענטליך אַ בר־מינן, אַ צאַרטער בלומען־בר־מינן, װאָס לאָזט טרויעריג אַראָבהענגען זײַן פערװעלקט קעפּעלע, װי אַ טויט קינד. די דאַמע האָט זיך שיער נישט אַלײן דערשראָקען פאַר דעם טריבען װידערשײַן פון איהר בעמערקונג, און עס איז געװען מײַן פליכט צו פעריאָגען עס מיט אײניגע װאָלטערשע פערזען. אָבער װי אַ פּאָר פראַנצויזישע װערטער קאָנען דאָס אונז גלײַך װידער אַרײַנברענגען אין דער געהעריגער אָנשטענדיגער שטימונג! מיר האָבען געלאַכט, די הענד זענען געװאָרען געקושט, עס איז ליעבליך געװאָרען געשמײכעלט, די פערד זענען געװען אונגעדולדיג, און דער װאָגען האָט זיך לאַנגזאַם און שװער גענומען שלעפּען באַרג־אַראָב.

איצט האָבען די סטודענטען זיך אויך גענומען קלײַבען אין װעג אַרײַן. די רענצלעך זענען געװאָרען אָנגעבונדען, די רעכענונגען, װעלכע זענען איבער אַלע ערװאַרטונגען אויסגעקומען ביליג, געסילוקט; די גאַסטפרײַנדליכע שטובמײדלעך, מיט שפּורען פון גליקליכער ליעבע אויף די געזיכטער, האָבען געבראַכט, װי דער שטײגער איז, צװײַגען פון די בראָקען־בוימער, געהאָלפען בעפעסטיגען זײ אויף אונזערע מיצען, בעלוינט געװאָרען דערפאַר מיט עטליכע קושען אָדער גראָשען, און מיר האָבען זיך אַלע געלאָזט באַרג־אַראָב, דערבײַ זענען אײניגע, און צװישען זײ אויך דער שװײצער און דער גרײַפּס־װאַלדער, אַװעק מיט'ן װעג קײן שירקע, און די אַנדערע, אַ מאַן צװאַנציג, און צװישען זײ אויך מײַנע לאַנדסלײַט און איך, געפיהרט פון אַ באַרג־װײַזער, האָבען זיך אַװעקגעלאָזט דורך די אַזוי גערופענע שנײ־לעכער אַראָב־צו קײן אילזענבורג.

געגאַנגען זענען מיר, שיער נישט ברעכענדיג האַלז און קאָפּ. די האַללערשע סטודענטען מאַרשירען שנעלער פאַר דער עסטרײַכישער לאַנדװעהר. אײדער איך האָב בעװיזען זיך אַרומצוקוקען, איז שוין דער נאַקעטער טײל באַרג מיט די צעװאָרפענע שטײנגרופּען געװען הינטער אונז, און מיר זענען אַרײַן אין אַ טאַנען־װאַלד, װי איך האָב איהם געזעהען מיט אַ טאָג פריהער. די זון האָט שוין

גענאָסען אַראָב איהרע יום־טוב׳דיגע שטראַהלען און בעלויכטען די דראַמאַטיש און פערשיעדענאַרטיג געקליידעטע בורשען, וואָס האָבען אַזוי מונטער אַריינגעדרונגען אין די געדיכטסטע ערטער, דאָ פערשטאונדען, דאָרט ווידער זיך בעוויזען, אין די זומפען־ערטער געלאָפען איבער די אויסגעלעגטע בוים־שטאַמען, ביי די משופע׳דיגע טיעפענישען געקלעטערט איבער די אַראָבהענגענדע וואָרצלען, זיך געריסען אויף די קאָמישסטע טענער און שטימען, און בעקומען צוריק פונקט אַזא פרעהליכען ענטפער פון די צוויטשערנדע וואַלד־פויגעל, פון די רוישענדע טאַנען, פון די מורמלענדע נישט־געזעהענע קוואַלען, און פון דעם שאַלענדען עכאָ. ווען פרעהליכע יוגענד און שעגע נאַטור קומען זיך צוזאַמען — פרעהען זיי זיך איינער מיט׳ן אַנדערען.

וואָס טיעפער מיר זענען אַראָבגעשטיגען, אַלץ ליעבליכער האָבען געראוישט די אונטערערדישע וואַסערען, נאָר צייטענווייז פלעגען זיי אַ פינקעל טאָן אַרוים פון צווישען שטיינער און קוסטעס, גלייך ווי אַרויסקוקענדיג בגנבה, צי מען מעג זיך אַרויסבעווייזען אויף דער ליכטיגער וועלט, און ענדליך פלעגט אַ קליינע פאַליע ענטשלאָסען אַ שפרונג טאָן אַרוים. דאָ קומט פאָר די געוועהנליכע ערשיינונג: איין מזיק מאַכט דעם אָנהויב, און די גאַנצע מחנה שרעקעדיגע, צו איהר איינענעם ערשטוינען, ווערט פלוצלונג בעהאַרצט פון מוט און אײלט זיך צו פעראייניגען מיט יענעם ערשטען. אַ מענגע אַנדערע קוואַלען זענען איצט האַסטיג אַרויסגעשפרונגען פון זייער בעהעלטניש, זיך פערבונדען מיט דעם צום ערשטען אַרויסגעשפרונגענעם, און כאַלד האָבען זיי צוזאַמען געבילדעט שוין אַ היבש טייכעלע, וואָס האָט געראוישט אין טאָל אַראָב אין אונצעהליגע וואַסערפאַלען און זיך וואונדערליך געשלענגעלט. און דאָס איז די אילזע, די ליעבליכע, זיסע אילזע. זי ציהט זיך דורך דאָס געבענשטע אילזע־טאָל, ביי זיינע ביידע זייטען שטייגען בּיסלעכווייז די בערג אַלץ העכער און העכער, בעוואַקסען ביז זייער צופוסענס שוין נישט מיט טאַנען און אַנדערע נאָדעלבוימער, נאָר מייסטענס מיט בוכען, אייכענבוימער און געוועהנליכע בלעטער־בוימלעך. ווייל די דאָזיגע מינים בלעטערבוימער וואַקסען איבערהויפט אויף דעם „אונטער־האַרץ", ווי מען רופט די מזרח־זייט בראָקען, אין גענענזאַץ צו זיין מערב־זייט, וועלכע הייסט „אויבערהאַרץ", און איז ווירקליך פיעל

העכער, און דערינבער אויך פיעל גינסטיגער פאר דאס וואקסען פון נאדעל־בוימער.

עס איז נישט צו בעשרייבען, מיט וואס פאר א פרעהליכקייט, נאאיוויטעט און חנ'עוודיגקייט די אילוזע שטראמט־ארונטער איבער די וואונדערליך אויסגעזעצטע פעלז־שטיקער, וואס זי טרעפט אויפ'ן וועג, אזוי אז דא שלאגט איהר וואסער ווילד ארויס, אדער יאגט זיך שוימענדיג, דארט גיסט עס זיך ארויס אין ריינעם בויגען פון אלערליי שטיינשפאלטען, ווי פון גיסקאנען, און שפרינגט אונטען ווידער איבער די קליינע שטיינער, ווי א מונטער מיידעל. יא, די זאגע איז אמת. די אילוזע איז א פרינצעסין, וואס לויפט לאכענדיג און בליי־הענדיג פון בארג אראב. ווי בלאנקט אין זונענשיין איהר ווייס שוים־קלייד! ווי פלאטערען אין ווינד איהרע זילבערנע בוזים־בענדער! ווי פונקלען און בליצען איהרע דיאמאנטען! די הויכע בוכען שטעהען דערביי, גלייך ווי ערנסטע פאטערס, וועלכע קוקען מיט א פערבאר־גענעם שמייכעל אויף די שטיפערישע פערשייטקייט פון דעם ליעב־ליכען קינד; די ווייסע בעריאזעס שאקלען זיך, ווי צופריעדענע מוהמעס און צוגלייך שרעקען זיי זיך פאר די געוואגטע שפרונגען; דער שטאלצער איינכענבוים קוקט דארויף, ווי א ברוגז'דיגער פעטער, וואס וועט דארפען בעצאהלען פאר דעם דאזיגען פערגעניגען; די פויגעלעך אין דער לופטען טריאומפירען פון התפעלות, די בלומען אויפ'ן ברעג פליסטערען צערטליך: א, נעהם אונז מיט, נעהם אונז מיט, ליעב שוועסטער'ל! — אבער דאס לוסטיגע מיידעל שפרינגט ווייטער אהן אנ'אפהאלט, און פלוצלונג גיט זי א חאפ דעם טרוי־מענדען דיכטער, און עס שטראמט אויף מיר אראב א בלומען־רעגען פון קלינגענדע שטראהלען און שטראהלענדע קלאנגען, און די חושים פערגעהען מיר פאר לויטער הערליכקייט און איך הער נאר די פלייטען־זיסע שטים:

איך בין די פרינצעסין אילוזע,
מיין שלאס איז אין אילזענשטיין;
קום מיט נאך מיר אהינצו,
מיר וועלען גליקליך זיין.

דיין קאפ וועל איך בענעצען
מיט פרישער, קלארער אינד.

די זאָלסט דײַנע שמערצען פֿערגעסען,
דו טרויעריג־קראַנקעס קינד!

אין מײַנע ווײַסע אָרימס,
און אין דער ווײַכער ברוסט, —
דאַן ווערסטו ליעגען און טרוימען,
פֿון אַלטען גליק און לוסט.

איך וועל דיך קושען און האַלזען,
ווי איך האָב געטהון דאָס אַמאָל
דעם ליעבען קײזער היינריך,
וואָס רוהט אין טויטען־טאָל.

און בלײַבט מײַן האַרץ דאָרט אונטען,
דאַן קלינגט מײַן שלאָס פֿון קריסטאָל,
עס טאַנצען די פֿרויען און ריטער,
עס הילכט ווײַט אָב אין דעם טאָל.

עס רוישען די זײַדענע שלעפּעס,
עס קלאַפּען די אײַזערנע שפּאָרן,
די גנאָמען שאַלען און פּויקען
און פֿידלען און בלאָזען אין האָרן.

דאָך דו'סט אין מײַן אָרים פֿערזינקען, —
אַזוי איז מיט היינריך געשעהן:
איהם צוגעהאַלטען די אויערן,
ער זאָל די טראָמפּײַטען פֿערזעהן.

אונענדליך גליקועליג איז דאָס געפֿיהל, ווען די וועלט פֿון די ערשײַנונגען גיסט זיך צונויף מיט דער וועלט פֿון, אונזער נשמה, און גרינע בוימער, געדאַנקען, פֿויגעל־געזאַנג, בענקשאַפֿט, הימעלסבלוי־קײַט, ערינערונגען און קרײַטיכער־דופֿט פֿלעכטען זיך צונויף אין זיסע אַראַבעסקען. די פֿרויען קענען אַמבעסטען דאָס דאָזיגע געפֿיהל — און דעריבער מעג אויף זײַערע ליפּען שוועבען אַזאַ ליעב אונגלויביג שמײכעלע, ווען מיר לויבען מיט גדלות פֿון שול־יונגלעך אונזערע לאָגישע מעשים, נעהמען זיך איבער דערמיט, וואָס מיר האָבען אַלץ אַזוי שען אײַנגעטיילט אין אָביעקטיוו און סוביעקטיוו, און

פערזארגט אונזער קאפ, אזוי ווי אן אפטייק, מיט טויזענד שופלאדען, וואו אין איינער ליגט שכל, אין דער אנדערער פערשטאנד, אין דער דריטער וויץ, אין דער פערטער שלעכטער וויץ, און אין דער פינפטער גארנישט, ד. ה. אידעען.

פערזונקען אין טרוימען, האב איך כמעט נישט בעמערקט, אז מיר האבען שוין פערלאזען די טיעפעניש פון דעם אילזענטאל און זענען ווידער געשטיגען בארג-ארויף. דער וועג איז געווען זעהר שטייל און שווער, און נישט איינער האט קוים געקענט אבהאפען דעם אטעם. דאך האבען מיר, ווי אונזער פעטער, עליו השלום, וואס ליגט בעגראבען אין מעללן, זיך פאראויס פארגעשטעלט דעם פערגעניגען פון שטייגען בארג-אראב, און מיר זענען אזוי ארום געווארען נאך מונטערער. ענדליך האבען מיר דערגרייכט דעם אילזענשטיין.

דאס איז אן אונגעהויערער גראניט-פעלז, וועלכער הויבט זיך לאנג און הויך פון דעם אבגרונד ארויס. פון דריי זייטען רינגלען איהם ארום די הויכע וואלד-בעדעקטע בערג, אבער די פערטע, די צפון-זייט, איז פריי, און פון דאנען קאן מען אראבקוקען אויף אילזענבורג און אילזע, וואס ליעגען אונטען ווייט אין טאל אראב. אויפ'ן שפיץ פון דעם פעלז, וואס זעהט-אויס, ווי א טורעם, שטעהט א גרויסער אייזערנער צלם, און עס איז נאך דא פלאץ פאר פיער מענשען-פיס, אויפ'ן פאל פון א נויט.

אזוי ווי די נאטור האט דורך שטעלונג און פארם בעפוצט דעם אילזענשטיין מיט פאנטאסטישער פראכט און רייץ, אזוי האט אויך די זאגע אויסגעגאסען אויף איהם איהר רויזען-שיין. גאטשלאק שרייבט: „מען דערצעהלט, אז דא איז געשטאנען א פערכישופט שלאס, אין וועלכען ס'האט געוואוינט די רייכע שענע פרינצעסין אילזע, וואס באדט זיך נאך עד-היום יעדען פריהמארגען אין דער אילזע; און ווער עס פאלט-אויס דאס גליק צו טרעפען זי צו דער רעכטער צייט, דעם פיהרט זי אוועק אין דעם פעלז, וואו איהר שלאס איז און בעלוינט איהם קעניגליך“. אנדערע דערצעהלען א שענע געשיכטע וועגען דער ליעבע פון פריילין אילזע און ריטער פאן וועסטענבערג, וועלכע איינער פון אונזערע בעקאנטסטע דיכטער האט ראמאנטיש בעזונגען אין דער „אווענד-צייטונג“. אנדערע ווידער דערצעהלען אנדערש: אז דאס איז געווען דער אלטזאקסישער קייזער היינריך, וואס האט גענאסען מיט אילזען, דער שענער וואסער-פעע

אין איהר פֿערצױבערטען פֿעלזען־שלאָס די קײזערליכסטע שעהן. אײנער פֿון די נײַסטע שרײַבער, הערר נימאַן, װעלכער האָט אָנגעשריבען אַ האַרצרײַזע־בוך, װאו ער רעקלעמט־אױס מיט אַ התמדה, װאָס פֿערדינט געלױבט צו װערען, און מיט גענױע ציפֿער די הױך פֿון די בערג־שפּיצען, די אָבװײַכונגען פֿון דער מאַגנעט־נאָדעל, די חובות פֿון די שטעדט און דאָס גלײַכען, פֿערזיכערט אָבער, אַז „דאָס װאָס מען דערצעהלט פֿון דער שענער פּרינצעסין אילזע, געהערט צו די בבא־מעשות“. אַזױ זאָגען די אַלע לײַט, צו װעלכע אַזאַ פּרינצעסין האָט זיך קײנמאָל ניט בעװיזען. מיר אָבער, װעלכע געפֿינען איבערהױפּט לײַטזעליגקײַט אין די אױגען פֿון די שענע דאַמען, װײסען דאָס בעסער. קײזער הײנריך האָט עס אױך געװאוסט. נישט אומזיסט זענען די אַלט־זאַקסישע קיסרים געװען אַזױ צוגעבונדען צו זײער הײמישען האַרץ. מען דאַרף נאָר דורכבלעטערן דעם שענעם לינעבורגער פּנקס, װאו עס זענען אַזױ װאונדערליך און האַרציג אױסגעקריצט די גוטע אַלטע מלכים, פֿול־בעװאָפֿענט, הױך אױף זײערע שלאַכט־פֿערד, די הײליגע קײזער־קרױן אױף דעם טײַערן קאָפּ, רוט און שװערד אין די פֿעסטע הענד; און אױף די ליבע בערדיגע געזיכטער קאָן מען זעהר לײַכט לײענען, װי אָפֿט זײ האָבען געבענקט נאָך די זיסע הערצער פֿון זײערע האַרץ־פּרינצעסינס און דעם האַרציגען רױשען פֿון די האַרצװעלדער, װען זײ פֿלעגען זײַן אין דער פֿרעמד, אפילו אין דעם ציטראָנען און גיפֿט־רײַכען לאַנד איטאַליען, װאוהין זײ מיט זײערע נאָכפֿאָלגער פֿלעגען אָפֿט פֿערלאָקט װערען פֿון דעם װאונש צו הײסען רױמישער קײזער — אַנ׳עלט דײַטשע תאוה, נאָך טיטולען, װאָס האָט אומגעבראַכט קײזער און לאַנד.

מײַן עצה איז אָבער, אַז יעדערער, װאָס שטעהט אױפֿן שפּיץ פֿון אילזענשטײן, זאָל ניט האָבען אין זינען ניט קײזער און לאַנד, ניט די שענע אילזע, און זאָל טראַכטען נאָר פֿון די פֿיס זײַנע, װײַל װען איך בין דאָרטען געשטאַנען, פֿערזונקען אין געדאַנקען, האָב איך פּלוצלונג דערהערט די אונטערערדישע מוזיק פֿון דעם צױבער־שלאָס, און איך האָב דערזעהען, װי די בערג אַרום מיר האָבען זיך געשטעלט אױף די קעפּ, און די רױטע ציגעל־דעכער אין אילזענבורג האָבען אָנגעהױבען צו טאַנצען, און די בלױע בױמער זענען אַרומגעפֿלױגען אין דער לופֿטען, אַזױ אַז עס איז מיר פֿאַר די אױגען בלױ און גרין געװאָרען, דער קאָפּ האָט מיך גענומען שװינדלען, און איך װאָלט גע-

װיס אַראָבּגעפֿלױגען אין תּהום אַרײַן, װען איך זאָל מיך ניט געװען פֿעסט אָנחאַפּען אָן דעם אײַזערנעם צלם. געװיס װעט מיך קײנער ניט בּעשולדיגען, װאָס איך האָבּ עס געטהון, געפֿינענדיג זיך אין אַזאַ סכנה.

---

די „האַרצרײַזע“ איז און בּלײַבּט אַ פֿראַגמענט, און די פֿערשיעדענפֿאַרביגע פֿעדים, װעלכע האָבּען זיך דאָ אַזױ שױן צוזאַמענגעשפּינט, כּדי זיך צו פֿערװעבּען אין אַ האַרמאָניש גאַנצעס, װערען פּלוצלונג אָבּגעשניטען, װי מיט דער שער פֿון דער פֿאַטאַלער פּאַרצע. אפשר װעל איך זײ אַמאָל װײַטער פֿערעפֿענטליכען מיט מײַנע קינפֿטיגע ליעדער, און דאָס װאָס איז איצט קאַרג פֿערשװיגען געװאָרען, װעט דאַמאָלס אינגאַנצען אַרױסגעזאָגט װערען. סוף-כּל-סוף איז דאָך דאָס אַלץ אײנס, װען און װאו עפּעס װערט אַרױסגעזאָגט, װיבּאַלד מען זאָגט עס איבּערהױפּט אַרױס. די אײנצעלנע װערק מעגען זיך בּלײַבּען פֿראַגמענטען, אױבּ נאָר זײ בּילדען אין זײער פֿעראײניגונג אײן גאַנצעס. דורך אַזאַ פֿעראײניגונג קאָנען די פֿעהלערן פֿערריכט װערען, דאָס קרומע אױסגעגלײַכט װערען און דאָס צו-שאַרפֿע געמילדערט װערען. דאָס װעט זיך שױן אפשר טרעפֿען בּײַ די ערשטע בּלעטער פֿון דער האַרצרײַזע, און זײ װאָלטען געװיס קאָנען מאַכען אַ װעניג װײַכערן אײַנדרוק, װען דער לעזער װאָלט ערגעץ אין אַנאַנדער אָרט דערזעהען, אַז די אומצופֿרידענהײַט, װאָס איך פֿיהל צו געטינגען בּכלל, הגם זי איז איצט נאָך גרעסער װי אין דער צײַט, װען איך האָבּ זי אַרױסגעזאָגט, איז דאָך װײַט נישט אַזױ גרױס, װי די פֿערעהרונג, װאָס איך פֿיהל האָרט צו אײניגע פּערזאָנען. און פֿאַרװאָס זאָל איך דאָס פֿערשװײַגען. דער עיקר מײן איך דאָ יענעם טײַערען מאַן, װאָס האָט שױן אין די פֿריהערע צײַטען גענומען אַזאַ פֿרײַנדליכען אַנטײל אין מיר, אין מיר שױן דאַמאָלס אײַנגעפֿלאַנצט אַ טיעפֿע ליעבּע צו שטודירען די געשיכטע, האָט שפּעטער נאָך מעהר געשטאַרקט מײַן התמדה, און דורכדעם אַרױסגעפֿיהרט מײַן גײַסט אױף רוהיגערע װעגען, האָט אָנגעװיזען מײַן לעבּענסמוט הײלזאַמערע ריכטונגען, און האָט בּכלל צוגעגרײַט פֿאַר מיר יענע היסטאָרישע נחמות, אָהן װעלכע איך װאָלט פֿאַר קײן אופֿן מעהר נישט געקאָנט פֿערטראָגען די פּײַנליכע ערשײַנונגען פֿון אַלטעגליכען לעבּען. איך מײן דאָס געאָרג סאַרטאָרינס'ן, דעם גרױסען געשיכטספֿאָרשער און מענשען, װאָס זײַן

אויג איז אַ קלאָרער שטערן אין אונזער דונקעלער צייט, און וואָס זיין פֿריינדליך האַרץ שטעהט אָפֿען פֿאַר אַלע פֿרעמדע לײדען און פֿרײדען, פֿאַר די דאגות און זאָרגען פֿון בעטלער און קעניג, און פֿאַר די לעצטע זיפצען פֿון אונטערגעהענדע פֿעלקער און זייערע געטער.

איך מוז דאָ אויך בעמערקען, אַז דער איבערהאַרץ, יענער טייל פֿון האַרץ, וועלכען איך האָב בעשריבען ביז צום אָנפֿאַנג פֿון דער אילוזע־טאָל, זעהט ווייט ניט אַזוי פֿרעהליך אויס, ווי דער ראָמאַנטיש־מאַלערישער אונטערהאַרץ און איז מיט זיין ווילד־שטרענגער, טאַנען־דונקעלער שענהייט פּונקט דער היפּך פֿון דעם ערשטען. פּונקט אַזוי ווי די דריי טאָלען, פֿון דער אילוזע, פֿון דער באָדע און פֿון דער זעלקע, בילדען אויך צווישען זיך חנ'עוודיגע קאָנטראַסטען, ווען מען קאָן נאָר פּערזאָניפֿיצירען דעם חאַראַקטער פֿון יעדען טאָל. דאָס זענען דריי פֿרויען־געשטאַלטען, און ס'איז נישט אַזוי לייכט צו אונטערשיידען, וועלכע פֿון זיי איז די שענסטע.

פֿון דער ליעבער זיסער אילוזע און וועגען דעם, ווי זיס און ליעבליך זי האָט מיך אויפֿגענומען, האָב איך שוין געזאָגט און געזונגען. די מעלאַנכאָלישע שענהייט, די באָדע, האָט מיך צוגענומען נישט אַזוי גנעדיג, און ווען איך האָב זי צום ערשטען מאָל דערזעהען אין דעם דונקעלען ריבעלאַנד, האָט זי אויסגעוויזען זעהר בייז און האָט זיך איינגעהילט אין אַ זילבערגרויען רעגען־שלייער; זי האָט איהם אָבער מיט האַסטיגער ליעבע אַראָפּגעוואָרפֿען, ווען איך האָב אַרויפֿגעשטייגט אויפֿ'ן שפּיץ פֿון ראָסטראַפּע, איהר געזיכט האָט מיך געלויכטען אַנטקעגען אין זוניגער פּראַכט, פֿון אַלע איהרע גלידער האָט געוועהט אַ קאָלאָסאַלע צערטליכקייט, און פֿון דער בעצוואונגענער פֿעלזענברוסט האָבען זיך אַרויסגעריסען אַזוי ווי בענקשאַפֿטס־זיפצען און צושוואומענע קלאַנגען פֿון וועהמוט. נישט אַזוי צערטליך, אָבער פֿרעהליכער האָט זיך צו מיר אויסגעוויזען די שענע זעלקע, די שענע ליעבליכע דאַמע, וואָס איהר איידעלע איינפֿאַכקייט און הייטערע רוה האַלטען פֿון דערווייטענס אַלע סאַנטימענטאַלע פֿאַמיליאַריט[illegible]ן, וועלכע גיט אָבער אַרויס דורך אַ האַלב־פֿערבאָרגענעם שמייכעל איהר שטיפֿערישע נאַטור; איך האַלט, אַז דאָס אַבנ"ם איז געזעהען די סבה, וואָס אין דעם זעלקע־טאָל האָבען מיך געטראָפֿען זעהר פֿיעל אונאַנגענעהמליכקייטען; אַזוי, אַ שטייגער, וועלענדיג איבערשפּרינגען איבער דאָס וואַסער האָב איך געטראָפֿען פּונקט אין מיטען, דערנאָך, ווען איך האָב

געוואָלט אָנשטאָט די פֿערנעצטע שיך אָנטאָן פּאַנטאָפֿעל, איז מיר איינע פֿערלאָרען געגאַנגען, דער ווינד האָט ביי מיר אַראָפּגעריסען דאָס היטעל, די וואַלד־דערנער האָבען מיך צושטאָכען די פֿיס און ליידער אַזוי ווייטער. דאָך בין איך גערן מוחל דער שענער דאַמע די אַלע אונאַנגענעהמליכקייטען, ווייל זי איז שען. און איצט שטעהט זי מיר פֿאַר די אויגען מיט איהר גאַנצען שטילען חן און אַזוי ווי זי רעדט צו מיר: „ווען איך לאַך אַפּילו, איז עס אויך אין גיטען מוט, און איך בעט אייך זעהר, בעזינגט מיך!" די הערליכע באָרדע טרעט אויך אַזוי אַרויס אין מיין זכרון און איהר דונקעל אויג רעדט: „דו ביזט צו מיר גלייך אין שטאָלץ און אין שמערץ, און איך וויל, דו זאָלסט מיך ליעב האָבען". אויך די שענע אילזע איז געקומען צושפּרינגען, חנ׳עוודיג און בעצויבערנד מיט איהר מינע, געשטאַלט און בעוועגונג; זי איז מאָדנע עהנליך אויף דאָס וואונדערשענע וועזען, וואָס בעזעליגט מיינע חלומות, און פּונקט ווי זי קוקט זי מיך אָן מיט אונווידערשטעהליכער גלייכגילטיגקייט, און דאָך אין דער זעלבער צייט אַזוי טיעף, אַזוי אייביג, אַזוי דורכזיכטיג אמת׳דיג. — און אָט בין איך פּאַריס, די דריי געטינס שטעהן פֿאַר מיר, און דעם עפּעל גיב איך אָב דער שענער אילזען.

היינט איז דער ערשטער מאַי. ווי אַ ים לעבען צוגיסט זיך דער פֿריהלינג איבער דער ערד, דער ווייסער שוים פֿון די בליהונגען בלייבט הענגען אויף די בוימער, אַ ווייטער, וואַרימער נעבעל־גלאַנץ פֿערשפּרייט זיך אומעטום, אין דער שטאָדט פֿינקלען לוסטיג די פֿענסטער־שויבען פֿון די הייזער, אויף די דעכער בויען ווידער די שוואַלבען זייערע נעסטען, אויף די גאַסען וואַנדלען די מענשען און וואונדערן זיך, וואָס די לופֿט איז אַזוי מחיה׳דיג, און זיי אַליין איז אַזוי וואונדערליך אויפֿ׳ן האַרצען, די פּויערטעס אין קאָלירטע קליידלעך ברענגען פֿיילכען־בוקעטען, די אונטערגעוואָרפֿענע קינדער מיט זייערע בלויע קליידלעך און זייערע ליעבע ממזר׳ישע געזיכטער שפּאַצירען איבער דעם יונגפֿערנשטיג און פֿרעהען זיך, גלייך, ווי זיי וועלען היינט געפֿינען זייערע טאַטעס, דער בעטלער אויף דער בריק קוקט אַזוי צופֿריעדען, גלייך ער האָט געוואונען דאָס גרויסע געווינס, אַפּילו דעם שוואַרצען, נאָך נישט אויפֿגעהאַנגענעם מעקלער, וואָס לויפֿט דאָרט אַרום מיט זיין אָבנאַרערישען מאַנופֿאַקטור־סוחר׳ישען געזיכט.

בעשײַנט די זון מיט אירע טאָלעראַנטסטע שטראַהלען, — איך װעל געהן װאַנדערן הינטערן שטאָדט.

עס איז דער ערשטער מאַי, און איך טראַכט פון דיר, דו שענע אילזע — אָדער זאָל איך דיך רופען „אַגנעס", װײַל דער דאָזיגער נאָמען געפעלט מיר בעסער פאַר אַלע? איך טראַכט פון דיר, און איך װאָלט װידער װעלען זעהן, װי דו לױפסט ליכטענדיג פון באַרג אַראָב. בעסער אָבער װאָלט איך װעלען שטעהן אונטען אין טאָל און אויפנעהמען דיך אין מײַנע אָרימס. — עס איז אַ שענער טאָג, — אומעטום זעה איך די גרינע פאַרב, די פאַרב פון האָפנונג. אומעטום, װי דורך אַ ליעבען װאונדער, לאָזען זיך פונאַנדער די בלומען, און אויך מײַן האַרץ װיל װידער בליהען. דאָס דאָזיגע האַרץ איז אויך אַ בלום, גאָר אַ װאונדערליכע בלום. עס איז נישט קײן בעשײדענע פײלכען-בלום, נישט קײן לאַכענדע רויז, נישט קײן רײנע ליליע, אָדער אַנ- אַנדער בלימעל, װאָס פרעהט מיט אַרטיגער ליעבליכקײט דאָס מײ- דעלשע האַרץ און װערט אַזוי שען אַרײַנגעשטעקט אין דעם שענעם בוזים, װאָס הײַנט װעלקט עס און מאָרגען בליהט עס װידער. דאָס דאָזיגע האַרץ איז מעהר גלײַך צו יענער שװערער אונגעװעהנליכער בלום פון בראַזיליענס װעלדער, װעלכע בליהט, לויט דער זאַגע, נאָר אײנמאָל אין הונדערט יאָהר. מיך קומט אַרויף אויפ'ן זכרון, אַז יונגעלװײַז האָב איך אַזאַ בלום געזעהן. בײַנאַכט האָבען מיר דער- הערט אַ שאָס װי פון אַ פיסטאָלעט, און אויף מאָרגען האָבען מיר די שכנ'ישע קינדער דערצעהלט, אַז דאָס איז געװעזען זײער „אַלאָע", װעלכע האָט מיט אַזאַ קנאַל פלוצלונג אויפגעבליהט. זײ האָבען מיך אװעקגעפיהרט אין זײער גאָרטען און דאָ האָב איך צו מײַן גרויס פערװאונדערונג דערזעהען, אַז דאָס נידעריגע האַרטע געװיקס מיט די נאַריש-ברײטע, שאַרף-געצײַהנטע שטעכיגע בלעטער, האָט זיך איצט פלוצלונג אַ הויב געטהון אין דער הויך, און אויבען, װי אַ גאָלדענע קרוין, האָט זיך פונאַנדערגעלאָזט די הערליכסטע בלום. מיר קינדער האָבען אַזוי הויך נישט געקאָנט אַרױפקוקען, און דער אַלטער, שמענ- דיג-שמײכלענדער קריסטיאַן, װאָס האָט אונז האָלד געהאַט, האָט צוגעשטעלט צו דער בלום אַ הילצערנע לײטער, און דאַן האָבען מיר אַרויפגעקלעטערט אין דער הויך, װי די קעץ, און האָבען נײַגעריג בעטראַכט דעם אָפענעם בלומען-שויס, פון װאַנען עס זענען מיט אונ-

ערהערטער פראַכט אַרויסגעגאַנגען די געלע שטראַהלען-פעדים און די ווילד-פרעמדע ריחות.

אָ, אַגנעס, נישט אָפט און נישט לייכט קומט דאָס דאָזיגע האַרץ צום בליהען; אויף וויפיעל איך געדענק, האָט עס נאָר איין-איינאייינציג מאָל געבליהט, און דאָס איז שוין געווען זעהר לאַנג צוריק, שוין אַודאי הונדערט יאָהר. און ווי העררליך זיינע בלומען האָבען זיך האַמאָלס נישט פונאַנדערגעלאָזט, דאָך האָט עס אַפּנים דער מאַנגעל אין זונען-שיין און וואַרימקייט אַריינגעבראַכט אין אַני-עלענדען צושטאַנד, אויב ס'איז גאָר אינגאַנצען נישט פערטיליגט געוואָרען פון אַ פינסטערן ווינטערשטורם. איצט אָבער וואַקסט עס און שפּראָצט ווידער אין מיין ברוסט, און דערהערסטו פלוצלונג דעם שאָס — מיידעל, זאָלסטו זיך ניט שרעקען. איך האָב זיך ניט דערשאָסען, — מיין ליעבע האָט עס צוריסען די קנאָספּען און אַרויס-געשאָסען אין שטראַהלענדע ליעדער, אין אייביגע דיטיראַמבען, אין פריידיגער האַרמאָניע.

אויב אָבער די דאָזיגע הויכע ליעבע איז פאַר דיר צו הויך, מיידעל, טאָ גיב זיך דאַן אַנעצה, שטעל-צו אַ הילצערנע לייטער, קלעטער אַרויף אויף איהר און פון דאָרט קוק אַראָב אין מיין בליהענ-דיגעם האַרץ..

עס איז נאָך פריה. די זון האָט קוים דורכגעמאַכט אַ העלפט פון איהר וועג, און מיין האַרץ דופּעט שוין אַזוי שטאַרק, אַז מיין קאָפּ ווערט בערוישט, און איך ווייס שוין מעהר נישט, וואו עס הערט-אויף די איראָניע און ס'הויבט זיך אָן דער הימעל, איך בעפעל-קער די לופט מיט מיינע זיפצען, און איך וואָלט אַליין וועלען צוריי-נען ווערען אין זיסע אַטאָמען, צונויפגיסען זיך מיט דער נישט-בעשאַפענער גאָטהייט; — און וואָס וועט זיין, ווען די נאַכט וועט צופאַלען, און די שטערן וועלען אויפשיינען אויפ'ן הימעל, „די אומגליקזעליגע שטערן, וואָס קאָנען דיר זאָגען — —"

עס איז דער ערשטער מאַי, דער לעצטער קרעמער-יונגעל האָט היינט דאָס רעכט צו ווערען סענטימענטאַל, — ווילסטו עס דען דעם דיכ-טער פערוועהרען?



רעדוואַרד קיפּלינג.

# דאָס בוך פון דער ווילדניס

איבערזעצט דורך „לעאָן.

פערלאַג

„וועלט-ביבליאָטעק".

וואַרשאַ

תרע"א.



# מאָוגלי'ם ברידער.

> מיט שאָטען פערשפרייט ווערט די וויסטע גאנץ ברייט,
> ט ש י ל נייער פיהרט נאַכט שוין, אויך מאַנג דער וואַמפיר;
> עס הושכ'ט ארום, און מיט זינג און מיט רוהם
> די וועלט ברייט און פרייהייט רעניערען איצט מיר!
> מעג רוהען אין שלאָף אין די שטעלער דאָס שאָף, —
> מיר אַיילען מיט נענעל און צייהן צום געפעכט!
> ווער קראפט האָט און מוט — אַגו, שנעל אין מאַרשרוט —
> גערענק נאר און היט פון דער וויסטע דאָס רעכט!
>
> (נאַכט־געזאנג אין דער וויסטע).

עס איז געווען זיעבען אוהר אין אָבענד פון אַ הייסען טאָג אויף די בערג פון סיאָני, ווען דער וואָלף דער פאָטער האָט זיך אויפגעהאַפּט פון טאָג־שלאָף, זיך אַרומגעקראַצט, אַ געגעץ געטהון און אָנגעהויבען אויסצוגלייכען די לאַפּעס איינע נאָך דער אַנדערער, כדי אַראָבצוטרייסלען פון זיך דאָס געפיהל פון מידיגקייט, וואָס ער האָט נאָך געפיהלט אין די עקען. די וועלפין איז געלעגען אויסגע־צויגען, האַלטענדיג אַריינגעשטעקט די גוואַלדיגע גרויע נאָז צווישען די פיער וועלפעלעך, וועלכע האָבען זיך איבערגעדרעהט און גע־

פּישטשעט. דורך דער עפענונג אין גרוב, וואָס האָט זיי געדינט אַלס וואָהנונג, האָט אַריינגעלויכטען די לבנה.

— אוהרר! — האָט דער וואָלף געזאָגט — שוין צייט זיך צו לאָזען אויף דער יאַגד.

און ער האָט שוין געוואָלט זיך לאָזען טיעף אין טהאָל אַריין, אַלס פּלוצלונג האָט אַ נישט גרויסער שאָטען מיט אַ וואָלינען וועדעל פערצוימט דעם אַרויסגאַנג און האָט אָנגעהויבען הוילען.

— ערפאָלג דיר, אָנפיהרער פון די וועלף! ערפאָלג דיינע איידעלע קינדערלעך, הלואי זאָלען זיי בעקומען שטאַרקע ווייסע ציינער, הלואי זאָלען זיי קיינמאָל נישט פערגעסען וועגען די אונגליקליכע, וועלכע ליידען הונגער!

דאָס איז געווען אַ שאַקאַל, טאַבאַקי דער פוסטעפּאַסניק. די אינדישע וועלף פעראַכטען טאַבאַקי'ן, וועלכער שלעפּט זיך אומעטום אַרום, מאַכט אָן מחלוקת, טראָגט פאַנאַנדער רכילות און פרעסט די שמאַטעס און שטיקלעך פעל אויף די מיסטען פון די דערפער. נאָר גלייכצייטיג האָט מען מורא פאַר איהם, דען קיינער אין דער וויסטע איז נישט גענייגט אַזוי ווי טאַבאַקי אַריינצופאַלען אין אַ שגעון פון ווילדען כעס, און אין אַזאַ פאַל פערגעסט ער זיין פּחדנות, און דורכלויפענדיג דעם גאַנצען וואַלד בייסט ער אַלץ, וואָס ער טרעפט אין וועג. אפילו דער טיגער אַליין אַנטלויפט און בעהאַלט זיך פאַר דעם קליינעם משוגענעם טאַבאַקי, דען משוגעת איז די גרעסטע שאַנדע, וואָס קאָן דערגעהן אַ ווילדע חיה. דאָס, וואָס מען רופט ביי אונז וואַסער־משוגעת, הייסט ביי זיי בעזועסענהייט, פאַר וועלכער מען בעהאַלט זיך ווי איינער קאָן

— טאָ גיה דיר אַריין און זוך, — האָט דער וואָלף געזאָגט טרוקען, — האָטש אין אמת'ן איז דאָ גאָר נישטאָ צום עסען.

— פאַר אַ וואָלף, נאַטירליך, — האָט טאַבאַקי געענטפערט, — נאָר פאַר אַזאַ קליינינקע פערזאָן ווי איך, וועט שוין דאָס מינדעסטע ביינדעל זיין אַ גאַנצער מאָהלצייט. נישט מיר, דאָס שאַקאַלען־פאָלק, מעגען זיך ערלויבען צו מאַכען הֲוָיוֹת און זיין איבערקלייבער.

און ער האָט אָנגעהויבען אַרומצוזוכען, ביז ער האָט אין ווינקעל

געפונען אַ ביין פון אַ סערנע מיט אַ רעשטעל פלייש, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און עס אָנגעהויבען אַרומגריזשען מיט אַפּעטיט.

— אַ דאַנק פאַר דער שענער אויפנאַהמע, — האָט ער געזאָגט, זיך בעלעקענדיג, — אַזעלכע שענע, טייערע קינדערלעך! וואָס פאַר אַ גרויסע אויגען זיי האָבען! און נאָך אַזוי יונג! וואָס אַנ'אֶמת איך מוז געדענקען, אַז קעניגליכע קינדער וואַקסען אויס נאָך אין וויגעלע.

טאַבאַקי האָט זעהר גוט געוואוסט, ווי נישט פּאַסיג עס איז צו לויבען קינדער, ווען זיי הערען, דעריבער טאַקי האָט ער מיט גרויס פערגניגען בעטראַכט די פערלעגענהייט פון פאָטער און מוטער. אַ ווײַלע איז ער געזעסען שווייגענדיג און געשעפּט נחת פון דער אונאַנגענעהמהייט, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט, דאַן האָט ער זיך אָבגערופען מיט אַ בייזען כיון:

— דער גרויסער שער-האַן בייט אום דעם געגענד פון זיין געיעג. איך האָב געהערט, אַז בשעת דער קינפטיגער לבנה, וועט ער אָנהויבען פיהרען די יאַגד אין די קאַנטען.

שער-האַן איז געווען דער טיגער, וועלכער האָט געוואָהנט צוואַנציג מייל ווייט פון דאַנען נישט ווייט פון טייך וואַינגונגאַ

— ער האָט דערויף קיין רעכט נישט! — האָט דער וואָלף אויסגעשריען מיט צאָרן. — לויט די געזעצען פון דער וויסטע, טאָר מען נישט אומבייטען דעם געגענד אָהן אַ געהעריגער אָנמעלדונג. ער וועט אונז אויפרודערן די חיות אויף אַ שטרעקע פון צעהן מייל אַרום און פונקט דאַן, ווען איך מוז הרגענען פאַר צוויי׳ען.

— מיט רעכט האָט איהם די מוטער אַ נאָמען געגעבען „דער לאָהמער", — האָט זיך אָנגערופען די וועלפין מיט אַ זאַנפטער שטימע. — פון געבוירענטאָג אָן הינקט ער אויף איין פוס, און דעריבער האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געהרגעט קיין זאַך אויסער הויז-קעלבער. ער האָט ערצירנט און אויפגערודערט אויף זיך די דאָרפס-לייט פון נעבען וואַינגונגאַ, און איצט וויל ער אויך אויפרודערן אונזערע דאָרפס-לייט. זיי וועלען אָנהויבען דורכמושטערן די וויסטע, כדי איהם צו פאַנגען... ער וועט נאַטירליך זיך אויסדרעהען, נאָר מיר און אונזערע קינדער וועלען מיר זיין געצוואונגען זיך אָבצוטראָגען פון דאַנען, ווען זיי וועלען אונטערצינדען די

גראָזען. אין אֶמת'ן, מיר האָבען פאַר וואָס שעֶר־האַנ'ען צו בעֶדאַנקען.

— זאָל איך איהם וויסען געבען וועגען אייער דאַנקבאַרקייט?— האָט טאַבאַקי געזאָגט.

— שווייג! — האָט דער וואָלף אַ ברום געטהון בייז. — זאָלסט זיך מיר שוין אָבטראָגען פון דאַנען מיט דיין אָדון. דו האָסט שוין גענוג אָנגעמאַכט אויף איין נאַכט.

דערויף האָט טאַבאַקי געענטפערט רוהיג:

— איך געה אַוועק. איך האָב מיר אייגענטליך געקאָנט פערשפּאָרען די מיה, פון אָנזאָגען אייך די בשורה, דען אָט קאָנט איהר שוין אַליין דערהערען שער־האַנ'ען דאָרט, אין טהאָל, צווישען די געדיכטע בוימער.

דער וואָלף האָט אָנגעשטעלט די אויערן.

פון אונטען, פון דער לאָנקע, וואָס האָט זיך געצויגען אַראָב ביז צום סאַמע טייכעל, האָט זיך געלאָזט הערען אַ שאַרפער, צעֶרייצטער, צאָרנדיגער און הויכער געשריי פון טיגער, פון וועלכען עס איז אַנטרונען געוואָרען זיין רויב און וועלכען עס האָט כלל נישט געאַהרט, וואָס די גאַנצע וויסטע וועט זיך וועגען דעם דערוויסען.

— שוטה! — האָט דער וואָלף געזאָגט. — אָנהויבען די נאַכט־אַרבייט מיט אַזאַ געררודער! ער מוז אַדאי מיינען, אַז אונזערע הירשען זענען גלייך צו זיינע אויסגעפּאַשעטע אָקסען פון געבען וואַינגוננאַ.

נאָר די וועלפין האָט איהם איבערגעהאַקט.

— שטיל! נישט נאָך קיין אָקס און נישט נאָך קיין הירשיאָגט ער זיך היינטיגע נאַכט, נאָר נאָך אַ מענשען.

דעם טיגערס קלאָג־געשריי איז איבערגעגאַנגען אין אַ מין אונאויפהערליכעם ברומען, וואָס האָט אויסגעוויזען, ווי עס וואָלט אַרויסגעקומען פון יעדען פונקט פון דער גאַנצער שטרעקע. די דאָזיגע שטימע בעטויבט די האָלצהעקער און די וואַנדערענדע פאַסטוכער, וועלכע נעכטיגען אונטער'ן בלויזען הימעל, אַזוי שטאַרק, אַז נישט זעלטען פאַלען זיי גלייך אַריין אין טיגער'ס פּרעסער.

— נאָך אַ מענשען! — האָט אויסגערופען דער וואָלף, אויסשטשירענדיג די ווייסע ציינער. — פע! עס האָט איהם שוין הייבט

עס פערפּעהלט ווערעם און פרעש אין די זומפּען, דאָס ער מוז זיך שוין נעהמען צו פרעסען מענשען און דערצו נאָך אויף אונזער ערד!

די געזעצען פון דער וויסטע, וועלכע בעשטימען נישט קיין זאַך אָהן אַ פּרינציפּ, פערבאָטען יעדער חיה אויפצופרעסען אַ מענשען, סיידען מען טוידט איהם, כּדי אויסצולערנען די קינדער, ווי מען דאַרף טוידטען, נאָר אויך דאַן מוז מען איהם פאַנגען אויסער די גרענצען פון געגענד, וואָס די מהגה אָדער דער אייגענער שטאַם פערנעהמט. די אמת'ע סבּה פון דעם דאָזיגען פערבאָט איז דאָס, וואָס דאָס ערמאָרדען אַ מענשען ברענגט פריהער אָדער שפּעטער צו דעם, וואָס עס דרינגען אַריין ווייסע מענשען, וועלכע זענען בעוואָפּענט מיט געוועהר און זיי זיצען אויף עלפאַנטען, און אויך עטליכע הונדערט ברוינע מענשען, וואָס זענען בעוואָפּענט מיט גאָנגען, ראַקעטען און פאַקעלען, און דאַן — וועה איז צו אַלע איינוואָהנער פון דער וויסטע. נאָר צווישען זיך ערקלערען די חיות יענץ געזעץ דערמיט, וואָס עס פּאַסט נישט זיך צו יאָגען נאָך אַ מענשען, וואָס איז דאָס שוואַכסטע און שוצלאָזעסטע פון אַלע לעבענדיגע בעשעפעניש'ן. אויך זאָגט מען — און מיט רעכט — אַז די מענשען־פרעסער ווערען קרעציג און פערלירען די ציינער.

דאָס ברומען האָט זיך פערשטאַרקט, געוואָרען מעכטיגער, ביז עס האָט אויסגעבראָכען אין אַ דונערנדען אויסשריי פון אַ טיגער, וואָס וואַרפט זיך אויף זיין רויב.

נאָר באַלד דערנאָך האָט זיך דערהערט דאָס משונה'דיגע, פאַר אַ טיגער נישט ווירדיגע קלאָגען פון שער־האַן.

— עס איז איהם נישט געלונגען — האָט די וועלפין געזאָגט. — וואָס איז עס געשעהן?

דער וואָלף האָט געמאַכט איניגע שריט צו'ם אויסגאַנג־צו און האָט דערהערט, ווי שער־האַן האָט כּסדר געברומט און ווילד געוואָיעט, נישט אויפהערענדיג זיך צו וואַרפען אין די קוסטעס אויף אַלע זייטען.

— דאָס איז אַ שלימזל! אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ פייער־שייטען פון האָלצהעקער און זיך אָבגעבריהט די פיאַטעס — האָט דער וואָלף אַ ברום געטהון. — טאַבאַקי איז צוזאַמען מיט איהם.

— עמיץ קומט אַרויף אויף אונזער בערגעל — האָט די וועלפין געזאָגט, זיך צוהערענדיג מיט איין אויער. — האַלט זיך פאַרזיכטיג.

עס האָט אָנגעהויבען לייכט צו קנאַקען צווישען די קוסטעס. דער וואָלף האָט צונויפגעצויגען די זייטען, זיך איינגעצויגען אין זיך, בערייט אַ שפרונג צו טהון. און אָט, ווען איהר וואָלט געווען דערביי, וואָלט איהר דערזעהן די וואונדערבאַרסטע זאַך אין דער וועלט, און נעמליך: אַ וואָלף, וואָס האָט זיך פערהאַלטען אין סאַמע מיטען שפרונג. ער האָט זיך אַלאָז געטהון, נאָך איידער ער האָט בעוויזען צו דערקענען, אויף וועמען ער וואַרפט זיך, דערנאָך אָבער האָט ער געפּרובט זיך פערהאַלטען. דערפון איז אַרויסגעקומען אַ שפרונג פון פיער ביז פינף פוס גראַד אין דער הויך, נאָך וועלכען ער איז אַראָבגעפאַלען כמעט אויף דעם זעלבען אָרט, פון וועלכען ער האָט אַ שפרונג געטהון.

— אַ מענש! — האָט ער אויסגעקרעכצט. — אַ קליין מענשעלע. טהו נאָר אַ קוק!

ווירקליך, פאַר איהם איז געשטאַנען, אָנגעלעהנט אויף אַ קליין שטעקעל, אַ ברוינליך נאַקעט יונגעלע, וואָס הויבט ערשט אָן צו געהן, דאָס ליבסטע און ווייכסטע בעשעפעניש'על, וואָס האָט זיך נאָר ווען עס איז געקאָנט בעוויזען ביינאַכט אין דעם וואָלפען-גרוב. עס האָט אויפגעהויבען דאָס קעפּעלע, אַ קוק געטהון דעם אַלטען וואָלף גלייך אין די אויגען אַריין און זיך צעלאַכט.

— איז דאָס הייסט עס אַ קליינער מענש? — האָט די וועלפין געזאָגט. — איך האָב נאָך קיינמאָל אַזעלכען נישט געזעהן. ברענג איהם אַהער!

דער וואָלף, וועלכער איז געוואָהנט אַריבערצוטראָגען זיינע אייגענע קינדער, קאָן אין פרעסער אַריבערטראָגען, ווען ער וויל, אַ איי און דאָס נישט צעקוועטשען. און האָטש די קיהנבאַקען פון דעם אַלטען וואָלף האָבען זיך צונויפגעדריקט אויף דעם קינדס פּלייצעס, דאָך האָט אָפילו קיין איין צאָהן נישט אַ ראַץ געטהון זיין הויט, ווען ער האָט עס אַוועקגעלעגט צווישען זיינע קינדערלעך.

— ס'אַ שעניקער! ס'אַ נאַקעטינקער!... און אַזאַ מוטיגער!— האָט די וועלפין געריהרט גערעדט.

דאָס קינד האָט זיך צוגעדריקט צוזאַמען מיט די וועלפּעלעך צו'ם וואַרעמען שוים.

— האַ, האַ! ער נעהמט זיך אויך מיט אַלע איבעריגע צו דער וועטשערע... אַזוי, איז דאָס הייסט עס אַ קליינער מענש.... עס איז נאָך זיכער נישט געווען קיין וועלפּין, וועלכע זאָל זיך קאָנען בערימען, דאָס זי האָט צווישען איהרע אייגענע קינדער געהאַט אַ מענשען.

— פערקעהרט, איך האָב שוין אַמאָל געהערט וועגען אַזאַ מין מעשה, נאָר אַלענפאַלס נישט אין אונזער מחנה און נישט פאַר אונזערע צייטען, — האָט דער וואָלף געענטפערט. — ער האָט גאָר קיין וואָל נישט; איך וואָלט איהם געקאָנט הרגענען, ווען איך וואָלט זיך נאָר צוגעריהרט צו איהם מיט'ן פוס. דערווייל אָבער, זעה נאָר, ער קוקט אויף מיר און האָט גאָר קיין מורא נישט!

דער שיין פון דער לבנה איז פלוצלונג פערלאָשען געוואָרען בייםם אַיינגאַנג צו'ם גרוב, ווייל דער געוואַלדיגער קוואַדראַט-מע-סיגער קאָפּ און דער ברייטער קאַרק פון שער-האַן האָבען פער-שטאָפּט די גאַנצע לאָך און זיך געסטאַרעט זיך אַריינצוקוועטשען אינוועניג. פון הינטען האָט טאַבאַקי געברומט:

— גנעדיגער העְרר, גנעדיגער העְרר! ער איז אַריינגעגאַנגען אַהער.

— אַ, שער-האַן! וואָס פאַר אַ עהרע פאַר אונז — האָט זיך אָנגערופען דער וואָלף דער פאָטער, און זיינע אויגען האָבען אַ בליץ געטהון מיט צאָרן. — וואָס ווינשט זיך עס שער-האַן?

— מיין רויב. דער קליינער מענש האָט זיך געלאָזט אַהער, אין דער זייט. זיינע עלטערן זענען אַנטלאָפען. גיעב מיר איהם אָב!

שער-האַן איז ווירקליך, ווי דער וואָלף האָט געזאָגט, אַרויס-געשפּרונגען אויף אַ לאַגער פון האָלצהעקער, און די אָבגעבריהטע פיס האָבען איהם געמאַכט אונזיניג פאַר צאָרן. נאָר דער וואָלף האָט געוואוסט, אַז די לאָך אין גרוב איז צו שמאָל פאַר אַ טיגער. שטעהענדיג מיט'ן קאָפּ און קאַרק אַריינגעדריקט אין דער ענגער לאָך, האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ מענש, וועלכער וואָלט וועלען קעמפּפען אין אַ פעסעל.

— די וועלף זענען אַ פריי פאָלק און פאָלגען נאָר די בע-

פֶעהלֶען פון דעֶם הויפּט פון דעֶר מחנה, נאָר נִישט אַ וועֶלכעֶן עֶס אִיז קעֶלבעֶר-שוהט. דעֶר קלֵיינעֶר מעֶנש געֶהעֶר אונז, און מִיר וועֶלעֶן אִיהם טוידטעֶן, ווען עֶס וועֶט אונז געֶפעֶלעֶן ווערעֶן.

— געֶפעֶלעֶן ווערעֶן, זעֶהט נאָר! וואָס אִיז דאָס עֶפּעֶס פאַר אַ ווערטעֶר! אִיך שווער אויפ'ן אָקס, וועֶלכעֶן אִיך האָב געֶטויט: צִי דעֶן מוז אִיך ווארטעֶן מִיט אַנ'אַרײַנגעֶשטעֶקטעֶר נאָז אִין דעֶם דאָזִיגעֶן הִינטִישעֶן גרוב אַייעֶרן, אויף דעֶם, וואָס געֶהעֶר אונבעֶדִינגט מִיר? אִיהר הערט, שעֶר-האַן רעֶדט דאָס צו אַייך!...

דעֶם טִיגעֶרס רִיטש האָט פול געֶמאַכט דעֶם גרוב מִיט אַ דונעֶר. דִי וועֶלפִין האָט אָבגעֶוואָרפעֶן דִי קִינדעֶר פון דעֶר ברוסט און אִיז צוגעֶשפּרונגעֶן צום אַרויסגאַנג, אָנשטעֶלעֶנדִיג אִיהרעֶ צוויי אויגעֶן, וואָס האָבעֶן געֶגלאַנצט אִין דעֶר פִינסטעֶרנִיש אַזוי ווִי צווײ גרִינעֶ לבנות, אַקעֶגעֶן דִי ברעֶנעֶנדעֶ אויגעֶן-עֶפּעֶל פון שעֶר-האַן.

— אויב אַזוי, ווֶעל אִיך, דעֶר בײזעֶר גײַסט, דִיר עֶנטפעֶרן. דעֶר קלֵיינעֶר מעֶנש געֶהעֶר מִיר, דו הערסט, לאָהמעֶר, מִיר געֶהעֶר עֶר! עֶר וועֶט נִישט געֶטויט ווערעֶן. עֶר וועֶט לעֶבעֶן, און עֶר וועֶט אַרומגעֶהן מִיט דעֶר מחנה און וועֶט געֶהן אויף דעֶר יאַגד מִיט דעֶר מחנה, — און דו וועֶסט זעֶהן, דו, פאַנגעֶר פון קלֵיינעֶ נאַקעֶטעֶ בעֶשעֶפּעֶנִישעֶן, דו פרעֶש-פרעֶסעֶר, דו פִיש-מעֶרדעֶר: דו וועֶסט זעֶהן, עֶר וועֶט נאָך אַמאָל אויף דִיר מאַכעֶן אַ יאַגד! און אִיצט — אַוועֶק זאָלסטו מִיר געֶהן פון דאַנעֶן! אויב נִישט, שווער אִיך אויף דעֶם הִירש, וועֶלכעֶן אִיך האָב געֶטוידט (דעֶן אִיך עֶרנעֶהר מִיך נִישט מִיט קעֶלבעֶר, וואָס פגר'ן פון הונגעֶר), דאָס דו וועֶסט צורִיקקעֶהרעֶן צו דײַן מאַמעֶן, דו אָבגעֶברִיהטעֶ בעֶסטיעֶ פון דעֶר ווִיסטעֶ, נאָך פִיעל לאָהמעֶר, ווִי דו בִיזט געֶקומעֶן אויף דעֶר וועֶלט. אַוועֶק פון דאַנעֶן!

דעֶר וואָלף האָט אויפגעֶהויבעֶן דִי אויגעֶן עֶרשטוינט. עֶר האָט שוין געֶהאַט פעֶרגעֶסעֶן וועֶגעֶן יעֶנעֶ צײַטעֶן, ווען עֶר האָט, נאָך אַ הײסעֶן קאַמפּף מִיט אַנדעֶרעֶ פִינף וועֶלף, אַיינגעֶנומעֶן פאַר זִיך זײַן וועֶלפִין, ווען בשעת די גרויסעֶ שטרײַטעֶן פון דעֶר מחנה האָט מעֶן אִיהר אַ נאָמעֶן געֶגעֶבעֶן, און זִיכעֶר נִישט אומזִיסט, „דעֶר בײזעֶר גײַסט". שעֶר-האַן וואָלט זִיך געֶקאָנט שטעֶלעֶן אַקעֶגעֶן דעֶם וואָלף, נאָר די וועֶלפִין האָט עֶר מורא געֶהאַט אַ קלאַפּ צו טהון, דעֶן עֶר האָט געֶוואוסט, אַז אִין דעֶר פּאָזִיציעֶ אִיז זִי פִיעל שטאַרקעֶר ווִי עֶר און

אַז זי וועט קעמפּפען ביז צום טויט. און ער איז אַוועקגעגאַנגען פון דער לאָך ברומענדיג, און ווען ער האָט זיך שוין דערפיהלט אויף אַ פרייער שטרעקע האָט ער אויסגערופען:

— אויף זיין מיסט איז יעדער הונד ביי זיך גרויס! מיר וועלען זעהן, וואָס די מחנה וועט זאָגען אויף אַזאַ מין ערציהונג פון אַ קליינעם מענשען. דער קליינער געהער מיר, און מעג זיין וואָס עס וויל זיך, סוף כל סוף מוז ער אַריינפאַלען אין מיינע ציינער, דאָס זאָלט איהר זיך נעהמען אין זינען אַריין, איהר, רוי־בער מיט די וואָליגע וועדלען!

די וועלפין איז געפאַלען אַ מידע צווישען די וועלפעלעך, און דער וואָלף האָט זיך אָבגערופען ערנסט:

— שער־האַן איז גערעכט. מען מוז דעם קליינעם ווייזען דער מהנה. צי טראַץ דעם ווילסטו איהם בעהאַלטען ביי זיך, מוטער?

זי האָט אַזש אויסגעקרעכצט:

— צי איך וויל איהם בעהאַלטען!... געקומען אַ נאַקע־טינקער, ביינאַכט, איינער אַליין, שטאַרבענדיג פון הונגער און האָט אפילו קיין שרעק נישט געפיהלט. זעה, אָט האָט ער שוין אָבגעשטופּט אָן אַ זייט איינס פון אונזערע. און דער דאָזיגער לאָה־מער שינדער וואָלט איהם געטוידט, און דערנאָך וואָלט ער אַנט־לאָפען צו וואַינגונגאַ, וועהרענד די היגע דאָרפס־לייט וואָלטען דער־וויילע אַריינפאַלען אין אונזערע לאַגערס, מאַכענדיג אַ אָבלאַווע, כדי זיך נוקם צו זיין פאַר זיין טויט. צי איך וויל איהם בעהאַל־טען? אָבער נאַטירליך! ליעג דיר, קליין פרעשעלע, מיין מאָוגלי, דען איך וועל דיך רופען מאָוגלי־פרעשעלע. עס וועט קומען אַ צייט, ווען דו וועסט זיך אַרויסלאָזען אויף דער יאַגד נאָך שער־האַנ׳ען, אַזוי ווי ער האָט זיך היינט געיאָגט נאָך דיר!

— מיר וועלען זעהן, וואָס אונזער מהנה וועט זאָגען, — האָט דער וואָלף געזאָגט.

די געזעצען פון דער ווילדע בעשטימען מפורש, אַז יעדער וואָלף, נאָך זיין חתונה האָבען, מעג אַרויסגעהן פון דער מהנה, צו וועלכער ער געהער, נאָר פון דער מינוט, ווען זיינע וועלפּע־לעך וואַקסען אונטער אויף אַזוי פיעל, אַז זיי קאָנען זיך שוין האַלטען אויף די פיס, מוז ער זיי ברענגען אויף דער פערזאַמלונג פון דער מהנה, וואָס קומט פאָר געוועהנליך יעדען מאָנאַט ביי

דער פולער לבנה, כדי די איבעריגע וועלף זאָלען זיך קאָנען אי־בערצייגען, אַז דאָס זענען זיי טאַקי די זעלביגע. נאָך דער דאָזיגער בעקוקעניש ווערט די וועלפעלעך ערלויבט צו געהן, וואוהין זיי געפעלט, און ביז דער מינוט, ווען זיי איז געלונגען צו פאַנגען די ערשטע סערנע, טאָר קיין ערוואַקסענער וואָלף פון דער זעלביגער מחנה אין קיין פאַל נישט הרג'ענען קיינעם פון זיי. דעם מערדער קומט טויט־שטראָף אויף דעם אָרט, וואו מען האַפּט איהם. בעקלערט זיך וועגען דעם אַ ווײַלע, און איהר וועט מודה זײַן, דאָס אַזוי דאַרף צו זײַן.

אַלס דער וואָלף דער פאָטער האָט זיך דערוואַרט די מינוט, ווען די קליינע וועלפעלעך האָבען שוין אָנגעהויבען אַרומלויפען, האָט ער זיי אין דער נאַכט פון דער פערזאַמלונג געבראַכט צוזאַמען מיט מאָוגלי'ן און מיט דער וועלפין אויף דעם בעראַטונגס־פעלזען, ד. ה. אויפ'ן שפּיץ פון אַ באַרג, וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט מיט פעלזען, אויף וועלכען אַרום הונדערט וועלף האָבען געקאָנט רוהיג האַלטען אַ בעראַטונג. אַקעלאַ, אַ גאַנץ גרויסער גרויער וואָלף, וואָס האָט געלעבט איינזאַם און וואָס זײַן קראַפט און פערשטאַנד האָבען איהם געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער מחנה, איז געלעגען אויסגעצויגען אויף זײַן פעלזען; עטוואָס ניעדעריגער האָבען זיך אויסגעלעגט העכער פיערציג וועלף פון פערשיעדענסטען אַלטער און קאָליר, אָנהויבענדיג פון די אַלטע וועלף מיט זייער דאַכס־קאָליר, וואָס יעדער פון זיי האָט זיך געקאָנט אַליין אַ עצה געבען מיט אַ הירש, ביז די יונגע שוואַרצע דרייעהריגע וועלף, וועלכע עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי וועלען דאָס אויך קאָנען בעווייזען. דער איינזאַמער איז שוין צייט אַ יאָהר געווען זייער אָנפיהרער. יונגערהייד איז ער צוויי מאָל געהאַט אַרײַנגעפאַלען אין אַ וואָלפענ־נעץ, און איינמאָל האָט מען איהם זאָגאַר שטאַרק צעשלאָגען מיט שטעקענס און איהם אַוועקגעוואָרפען אַלס אַ טויטען; ער האָט דעריבער שוין גוט געקענט די מענשליכע זיטען און אויספיהרונג.

קיין גרויסע וכוחים האָט מען אויפ'ן פעלזען נישט געהאַלטען. די וועלפעלעך זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרען אויפ'ן מיטען פון ראָד, אין וועלכען עס זענען געזעסען אויך זייערע עלטערן, און פון צייט צו צייט איז איינער פון די עלטערע וועלף רוהיג

צוגעגאַנגען צו איינעם פון די קלײנע, זיך אויפמערקזאַם צוגע־קוקט צו איהם און מיט שטילע טריט צוריקגעגאַנגען אויף זיין אָרט. צייטענווייז האָט איינע פון די מוטערס אַרויסגעשטעקט איהר וועלפּעלע אויפ׳ן שיין פון דער לבנה, וועלענדיג זיך איבערצייגען, צי איז עס ניט צעקוועטשט געוואָרען. אַקעלאַ האָט פון זיין אָרט אויסגעשריען:

— איך איז בעקאַנט דאָס געזעץ. איך איז בעקאַנט דאָס געזעץ. קוקט זיך צו אויפמערקזאַם, וועלף!

און נאָך איהם האָבען די מוטערס וויעדערהאָלט מיט אונ־רוהע:

— קוקט זיך צו אויפמערקזאַם, קוקט זי צו אויפמערקזאַם, וועלף!

ענדליך האָט די וועלפין די מוטער דערפיהלט, ווי די וואָל שטעלט זיך איהר שטייף אויפ׳ן קאַרק: דער וואָלף דער פאָטער האָט אַריינגעשטויסען „מאָוגלי־פרעשעלע׳ן״, ווי מען האָט איהם גע־רופען, אויפ׳ן מיטען פון ראָד, וואו דאָס קינד האָט זיך מיט אַמאָל אַ וואָרף געטהון אויף דער ערד מיט אַ געלעכטער און האָט אָנ־געהויבען צונויפקלויבען די שטיינדעלעך, וועלכע האָבען געלויכטען אין גלאַנץ פון דער לבנה.

אַקעלאַ האָט אפילו ניט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון צווי־שען די אויסגעצויגענע לאַפּעס, וויעדערהאָלענדיג אַלץ מיט דעם זעלבען טאָן:

— קוקט זיך צו אויפמערקזאַם.

פּלוצלונג האָט זיך אַנ׳איינגעהאַלטענער ריטש געלאָזט הע־רען פון הינטער די פעלזען. דאָס האָט שער־האַן געשריען:

— דער קליינער געהער מיר. גיעט מיר איהם אַוועק. וואָס קאָן אַ פריען פאָלק אָנגעהן אַ קליינער מענש?

ביי אַקעלאַ׳ן האָבען אפילו די אויערן קיין ציטער ניט גע־טהון. ער האָט זיך ווייטער געערדט:

— קוקט זיך צו אויפמערקזאַם, וועלף! אַ פריי פאָלק פאָלגט ניט קיינעמס בעפעהלען אויסער איינענע. קוקט זיך צו אויפ־מערקזאַם!

אַרום און אַרום האָט זיך דערהערט אַנ׳איינגעהאַלטען גע־מורמעל, און עפּעס אַ יונגער פיער־יעהריגער וואָלף האָט זיך גע־

זענדעט צו אַקעלאַ'ן און האָט ווידערהאָלט שער־האַנ'ס פראַגע:

— וואָס קאָן אַ פרייַען פאָלק אָנגעהן אַ קלייַנער מענש?

די געזעצען פון דער וויסטע בעהויפטען, אַז אויב עס ערוועקט זיך אַ צווייַפעל, צי אַ יונג וועלפעל האָט דאָס רעכט צו געהערען צו דער מחנה, איז אויב צוויי מיטגלידער פון דער מחנה, אויסער די עלטערן, גיבען זייערע שטימען פאַר איהם, בלייַבט ער פאַר דער מחנה.

— ווער גיעט זיין שטימע פאַר דעם דאָזיגען קלייַנעם מענשען? — האָט אַקעלאַ געזאָגט. — ווער פון די מיטגלידער פון פרייַען פאָלק גיעט אַ שטימע?

קיין ענטפער. די וועלפין די מוטער האָט זיך שוין געגרייט צו'ם קאַמפף, וויסענדיג, אַז אויב עס וועט דערגעהן ביז אַ קאַמפף, וועט עס שוין זיין איהר לעצטער. פלוצלונג האָט דער איינציגער אויסלענדער, וועלכער איז צוגעלאָזען געוואָרען צו די בעראַטונגען פון דער מחנה, באַלאָו, אַ פערשלאָפענער ברוינליכער בער, וועלכער לערנט די וועלפעלעך די געזעצען פון דער וויסטע, דער אַלטער באַלאָו, וועלכער האָט אומעטום אַ פרייַען איינגאַנג, ווייַל ער ערנעהרט זיך נאָר מיט ניס, וואָרצלען און האָניג, — זיך אַ הויב געטהון און אויסגעמורמעלט:

— פאַר דעם קלייַנעם מענשען... פאַר דעם קלייַנעם מענשען? — האָט ער אָנגעהויבען. — איך גיעב מייַן שטימע פאַר דעם קלייַנעם מענשען... אַ קלייַנער מענש דאָס איז גאָר קיין בייז נישט. איך קאָן נישט שען רעדען, נאָר איך רעד אֶמת. ערלויבט איהם אַרומצולויפען מיט דער מחנה, פעראייניגט איהם מיט די איבעריגע. און איך אַליין וועל איהם לעקציעס געבען.

— מיר מוזען האָבען נאָך איין שטימע — האָט זיך אַקעלאַ אָבגערופען. — באַלאָו, דער לעהרער פון אונזערע קינדער, האָט שוין איין שטימע געגעבען. ווער שטעהט־צו צו באַלאָו'ס מיינונג?

אויפ'ן מיטען פון ראָד איז געפאַלען עפּעס אַ שאָטען. דאָס איז געווען באַגהירא, די שוואַרצע פאַנטערין. איהר פוטער איז געווען שוואַרץ ווי טינט, נאָר ביי אַ געוויסער בעלייַכטונג האָט עס זיך אומגעביטען. באַגהיראַ'ן האָבען געקענט אַלע און קיינער האָט נישט געוואַגט צו שטערען איהרע פלענער, דען זי איז געווען

אויך אַזוי הִטרעָ ווִי טאַבּאַקי, אויך אַזוי דרייסט ווִי אַ ווִילדעָר בִּיפעָל (בּוִיוואָל) און אויך אַזוי אונעָרשראָקעָן ווִי אַ פעָרוואונדעָטעָר עָלפאַנט. נאָר אַ שטימעָ האָט זִי געָהאַט זִיסעָר ווִי דעָר ווִילדעָר האָנִיג, וואָס רינט אַראָבּ טראָפּעָנווייז פון דִי בּוימעָר, און דִי האָהר אִיהרעָ זעָנעָן געָוועָן דעָלִיקאַטעָר ווִי פוּך.

— אַקעָלאַ, און דו, פריי פאָלק! — האָט זִי אָנגעָהויבּעָן בּרוּמעָן. אִין אייעָר פעָרזאַמלונג האָבּ אִיך נִישט קיין שטִימעָ. נאָר דִי געָזעָצעָן פון דעָר ווִיסטעָ זאָגעָן, אַז אויבּ עָס עָרוועָקט זִיך אַ צווייפעָל בּנוגע צו אַ מִינדעָריעָהרִיגעָן, קאָן זיין לעָבּעָן ווערעָן אויסגעָלעָזט פאַר אַ געָווִיסעָן פּרייז. און ווער עָס מעָג אָדעָר טאָר נִישט בּעָצאָהלעָן דעָם אויסלעָזונגס־פּרייז, וועָגעָן דעָם ווערט אִין געָזעָץ נִישט דעָרמאָהנט. צִי בּין אִיך נִישט געָרעָכט?

— פאָלשטעָנדִיג! — האָבּעָן אויסגעָשריעָן דִי עָבּיג־הונגעָריגעָ יונגעָ וועָלף.

— פאָלגט בּאַגהִיראַ׳ן. דעָר קליינעָר קאָן אויסגעָלעָזט ווערעָן. אַזוי פעָרלאַנגט דאָס געָזעָץ.

— אַזוי ווִי אִיך האָבּ נִישט דאָ קיין רעָכט צו זאָגעָן אַ מיינונג, דעָרִיבּעָר בּעָט אִיך אַ ערלויבּנִיש.

— רעָד, רעָד! — האָבּעָן אויסגעָשריעָן עָטלִיכעָ צעָהנדלִיגעָר שטִימעָן.

— עָס אִיז אַ שאַנדעָ צו עָרמאָרדעָן קליינעָ נאַקעָטעָ קִינדעָר. אויסעָר דעָם וועָט דעָר קליינעָר, ווען עָר וועָט אונטעָרוואַקסעָן, פאַר אייך זיין אַ בּעָסעָרעָר בּיסעָן. בּאַלאָו האָט זִיך פאַר אִיהם אָנגעָנומעָן. צו בּאַלאָו׳ס מיינונג גִיבּ אִיך צו אַן אָקס, און דעָרצו נאָך אַ פעָטעָן אָקס, וועָלכעָן אִיך האָבּ נאָר וואָס געָטוידט קוים אַ האַלבּעָ מייל וויט פון דאַנעָן, נאָר נעָהמט צו צווִישעָן זִיך דעָם קליינעָם מעָנשעָן לויט דִי געָזעָצעָן. צִי שטעָרט עָפּעָס מיין פּלאַן?

עָס האָט זִיך אָנגעָהויבּעָן אַ בּרומעָריי פון עָטלִיכעָ צעָהנדלִיגעָר שטִימעָן:

— וואָס קאָן דאָס שאָדעָן? עָר וועָט סיי ווִי סיי שטאַרבּעָן פון דִי ווִינטעָר־רעָגעָנס; דִי זון וועָט אִיהם פעָרבּרעָנעָן... צִי דאַרפעָן מִיר מורא האָבּעָן פאַר אַ נאַקעָטעָן פראָש?... זאָל עָר זִיך אַרומלויפעָן מִיט דעָר מחנה... וואו אִיז דעָר אָקס, בּאַגהִיראַ?... מעָן דאַרף אִיהם אויפנעָהמעָן!

און עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַקעלאַ'ס איינגעהאַל-טענעס בילען:

— קוקט זיך צו אויפמערקזאַם, קוקט זיך צו אויפמערקזאַם, וועלף!

מאָוגלי האָט זיך נאָך אַלץ געשפּילט מיט די שטיינדעלעך, נישט לעגענדיג קיין מינדעסטע אַכט אויף די וועלף, וועלכע זענען איינער נאָכ'ן צווייטען צוגעגאַנגען איהם בעקוקען.

ענדליך האָבען זיך אַלע אַ לאָז געטהון טיעף אין טהאָל אַריין, אויפצוזוכען דעם גע'הרג'עטען אָקס, און אויפ'ן פּלאַץ זענען גע-בליבען נאָר אַקעלאַ, באַגהיראַ, באַלאָו און מאָוגלי'ס אָפּעקונעס.

שער-האַן האָט נאָך געריטשעט אין דער פינסטערניש, און-זיניג פון צאָרן, דערפאַר וואָס איהם איז נישט געלונגען צו בע-קומען צוריק דאָס יונגעל.

— ריטשע דיר, וויפיעל דיין האַרץ גלוסט, — האָט באַגהיראַ אַ ברום געטהון פאַר זיך, — עס וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס דאָזיגע קליינס וועט דיך צווינגען צו ריטשען מיט אַנ'אַנדערן טאָן, אָדער איך האָב שוין אינגאַנצען אויפגעהערט קענען די מענשען.

— ס'איז גוט, וואָס עס האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט, — האָט אַקעלאַ געזאָגט: — די מענשען און זייערע קליינע זענען קלוגע בעשעפענישען. דער דאָזיגער קליינער קאָן אונז צו נוץ קומען.

— אמת, — האָט באַגהיראַ געענטפערט, — ער קאָן אונז צו נוץ קומען, דען קיינער קאָן נישט אָבלייקענען, אַז ער וועט שטענדיג זיין דער אָנפיהרער פון דער מחנה.

אַקעלאַ האָט גאָרנישט געענטפערט. ער האָט געטראַכט וועגען דער כינוט, וואָס ערוואַרטעט יעדען הויפּט פון דער מחנה, ווען די קרעפטען וועלען איהם אויסגעהן און, ווערענדיג שוואַכער פון טאָג צו טאָג, וועט ער סוף כל סוף געטוידט ווערען דורך די וועלף, און זיין שטעלע וועט פערנעהמען אַ נייער הויפּט, וועל-כען עס וועט אין דער צוקונפט אויך נישט אויסמיידען דער זעל-בער שיקזאַל.

— נעהם איהם — האָט ער געזאָגט צו'ם וואָלף דעם פאָ-טער — און ערציה איהם, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מיטגליעד פון אַ פרייען פאָלק.

אָט אויף אַזאַ אופן איז מאָוגלי אויפגענומען געוואָרען צווישען

דער מהנה וועלף פון סיאָני פאַר דעם פרייז פון אַ אָקס און פאַר אַ גוט וואָרט פון באַלאָו.

. . . . . . . .

און איצט מוזט איהר איבערשפּרינגען גאַנצע צעהן אָדער עלף יאָהר און זיך בלויז פאָרשטעלען די וואונדערבאַרע לעבענס־אַרט פון מאוגלי צווישען די וועלף, דען ווען איך וואָלט דאָס געוואָלט בעשרייבען, וואָלט איך געמוזט פערפאַסען איין גאָט ווייס וויפיעל ביכער.— ער איז אויפגעוואַקסען צוזאַמען מיט די וועלפעלעך, האָטש זיי, פערשטעהט זיך, זענען שוין לאַנג געוואָרען וועלף, ווערענד ער איז נאָך אַלץ געווען אַ קינד. דער וואָלף דער פאָטער האָט איהם אויסגעלערנט צו פערדיענען אויף צו'ם לעבען און האָט איהם ערקלערט די בעדייטונג פון יעדער זאַך אין דער וויסטע אַזוי לאַנג, ביז עס האָט ענדליך יעדער ציטער פון אַ גרעזעל, יעדער וואַרעמער ווינד־הויך ביינאַכט, יעדער געשריי פון אַ סאָווע איבער זיין קאָפּ, יעדעס גערויש פון דער קאָרע, וואָס איז צעראַצט געוואָרען דורך אַ פלע־דערמויז, וואָס האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ בוים זיך אָבצורוהען, יעדער פלאַטש פון דעם מינדעסטען פישעלע אין טייך,— דאָס אַלץ האָט בעקומען פאַר איהם פונקט אַזאַ בעדייטונג, ווי די ביוראָ־אינטערעסען פאַר אַ מענשליכען געשעפטס־אַרבייטער. בשעת די פוי־זען צווישען די לעקציעס האָט ער זיך געזעצט אויף דער זון און איז געשלאָפען, דערנאָך האָט ער געגעסען און איז ווידער איינגע־שלאָפען; ווען די שמוציגקייט אָדער די היץ האָט איהם דאָקוטשעט, האָט ער זיך געבאָדען אין די וואַלד־טייכען, און ווען עס האָט איהם אויסגעפעהלט האָניג (פון באַלאָו'ן האָט ער זיך דערוואוסט, אַז האָניג און ניס זענען אויך אַזאַ אַנגענעהמע נאַהרונג ווי רויהע פלייש), פלעגט ער אַרויפקריכען נאָך האָניג אויף די בוימער. די דאָזיגע קונסט האָט איהם אויסגעלערנט באַגהירא. זי פלעגט זיך אויסציהען אויף אַ צווייג און פלעגט איהם צורופען: „קום צו מיר, ברודער'ל!" און מאוגלי פלעגט מיט אַמאָל נעהמען קלעטערן אַזוי ווי דאָס פוילטיער, נאָר סוף כל סוף האָט ער זיך דערין איינגעאיבט און פלעגט מוטיג דורכקריכען דורך די דיקע צווייגען אַזוי ווי אַ גרויע מאַלפּע.

מען האָט איהם בעשטימט אַ אָרט אויף דעם בעראַטונגס־פעלזען בשעת די פערזאַמלונגען, און דאָרט טאַקי האָט ער געמאַכט די ענטדעקונג, אַז ס'איז איהם גענוג אָנצושטעלען אַ בליק אויף וועלכען

עס איז וואָלף, כּדי איהם צוּ צווינגען אַראָבצוּלאָזען די אויגען; פון דעמאָלט אָן פלעגט ער דאָס טײלמאָל טהון פון פער.ניגען וועגען. טײלמאָל פלעגט ער אַרויסציהען די לאַנגע דערנער־נאָדלען פון די קודלעס פון זײנע פרײנד, דען די וועלף לײדען שרעקליך פון די נאָדלען און דערנער, וואָס פערפּלאָנטען זיך אין זײער פעל. בײנאַכט פלעג.ט ער אַראָבגעהן דורך דער משופּעקײט פון באַרג אויף די בּעאַרבײטע פעלדער און פלעגט זיך נײגיעריג צוּקוּקען צוּ די דאָרפס־לײט אין זײערע הײזלעך, נאָר ער האָט צוּ מענשען נישט געהאַט קײן צוטרויען, דען באַגהירא האָט איהם אַמאָל געוויזען אַ פירזײטיגען קאַסטען מיט אַ צוּפאַלענדע וועגדטעל, וועלכער איז געווען אַזוי קונציג בּעהאַלטען אין גראָז, אַז ער האָט שיער נישט אַרויסגעטרעטען דערויף, און זי האָט איהם ערקלערט, אַז דאָס איז אַ נעץ. נאָר זײן הויפּט־פערגניגען איז געווען זיך אַרײנצושטופּען מיט באַגהיראַ'ן ביז אין די סאַמע פינסטערסטע געדיכטעסטע קוסטעס און דאָרט דורכשלאָפען אַ גאַנצען לאַנגען טאָג, כּדי דערנאָך, ווען די נאַכט קומט אָן, זיך צוּצוּקוקען, ווי באַגהיראַ געהט אויף דער יאַגד. זי פלעגט טויטען אויף רעכטס און אויף לינקס, ווי דער הונגער פלעגט איהר פיהרען, און מאוגלי האָט אויך געטהון דאָס זעלבע, נאָר מיט איין אויסנאַהם. דען פון דער מינוט, ווי ער האָט שוין אָנגעהויבען פערשטעהן, האָט איהם באַגהיראַ געזאָגט, אַז ער טאָר קײנמאָל נישט אָנריהרען קײן בהמות, ווײל אויף דער פערזאַמלונג פון דער מחנה איז ער אויסגעלעזט געוואָרען פאַר דאָס לעבען פון אַ אָקס.

— די גאַנצע וויסטע געהער דיר,— האָט באַגהיראַ צוּ איהם געזאָגט,— מעגסט אין איהר הרגענען אַלץ, אויף וואָס דו האָסט נאָר גענוג כּח, נאָר צוּ'ם אָנדענקען פון יענעם אָקס, וועלכער האָט דיך אויסגעלעזט, טאָרסטו קײנמאָל נישט ערמאָרדען נישט עסען קײן רינד, צי יונג צי אַלט. אַזוי פערלאַנגט דאָס געזעץ פון דער וויסטע.

און מאוגלי האָט עס שטרענג אָבגעהיט.

אָט אַזוי איז ער אויפגעוואַקסען און איז געוואָרען שטאַרק, ווי עס מוז ווערען שטאַרק אַ יונגעל, וואָס געהט נישט אין שולע און בּעשעפטיגט זיך נישט אין לעבען מיט קײן אַנדער זאַך אויסער דעם, וואָס אַנבּעלאַנגט צוּ'ם עסען.

די וועלפין האָט איהם עטליכע מאָל ווידערהאָלט, אַז שער־האַן איז נישט אַזאַ בּעשעפעניש, צוּ וועלכער מען מעג האָבען צוטרויען,

און אַז סוף כל סוף וועט ער זײַן געצוואונגען צו טױדטען שער־האַנ׳ען; אַ יונג וועלפּעלע וואָלט אָהן צווייפעל אַזאַ וואָרנונג געדענקט אין יעדער מינוט פון זײַן לעבען, נאָר מאוגלי האָט דאָס פערגעסען, דען ער איז געווען נאָר אַ קליין יונגעל, טראָץ דעם, וואָס ער וואָלט זיך אַליין זיכער אָנגערופען וואָלף, ווען ער וואָלט געקאָנט רעדען אויף וועלכער עס איז מענשליכער שפּראַך.

שער־האַן האָט וועגען איהם נישט פערגעסען. וואָס מעהר דער הױפּט אַקעלאַ איז עלטער געוואָרען און האָט פערלאָרען זײַנע קרעפטען, אַלץ אַ נעהנטערע פריינדשאַפט האָט דער לאָהמער טיגער געשלאָסען מיט די יונגסטע וועלף פון דער מחנה, וועלכע האָבען זיך מיטגעשלעפּט מיט איהם, זיך ערנעהרענדיג פון זײַנע רעשטלעך; וואָס אַנ׳אמת, אַקעלאַ וואָלט דאָס קיינמאָל נישט ערלויבט, ווען ער וואָלט געהאַט געגוג מוט אַרויסצווייזען זײַן גאַנצע מאַכט. אויסער דעם האָט שער־האַן געהנפה׳ט די וועלף, אויסדריקענדיג זיי זײַן פערוואונדערונג, וואָס אַזוי פיעל שענע יונגע יעגער לאָזען זיך פיהרען ביי דער נאָז פון אַנ׳אַלטען וואָלף און אַ קליינעם מענשען

— אַ סברא, — פלעגט שער־האַן זאָגען, — דאָס אויף דער פערזאַמלונג וואַגט איהר נישט איהם צו קוקען גלײַך אין די אויגען.

און די יונגע וועלף האָבען געמורמעלט און געקוועטשט מיט די רוקענס.

באַגהיראַ, וואָס איהרע אויגען און אויערן האָבען דערגרייכט אומעטום, האָט וועגען דעם עפּעס דערהערט און האָט אַ פּאָר מאָל אויסדריקליך מאָוגליין ערקלערט, דאָס שער־האַן לויערט אויף זײַן לעבען. נאָר מאוגלי האָט געלאַכט און געענטפערט:

— פאַר מיר נעהמט זיך אָן די גאַנצע מחנה, דו, און אויך באַלאו, האָטש אַ לעדיג־געהער, דאָך וועט ער נישט זשאַלעווען זײַנע לאַפּעס אויף צו בעשיצען מיך. וואָס זשע האָב איך מורא צו האָבען?

איין מאָל אין אַ הייסען טאָג איז באַגהיראַ׳ן געקומען אין קאָפּ אַ נײַער געדאַנקען, פיליכט אונטער דעם איינפלוס פון די אויסגע־הערטע ידיעות. עס קאָן אויך זײַן, אַז סאַהי, דאָס שטאַכעלטיער, האָט איהר וועגען דעם עפּעס געזאָגט. גענוג איז, אַז ווען זי איז איין מאָל געווען מיט מאוגלי׳ן אַליין טיעף אין די געדיכטעסטע קוסטעס, האָט זיך באַגהיראַ אָנגערופען צום יונגעל, וואָס איז גע־לעגען מיט׳ן קאָפּ אָנגעלעהנט אויף דעם שענעם שוואַרצען פוטער פון דער פּאַנטעריך:

— ברודערל, וויפיעל מאָל האָב איך דיך שוין געוואָרנט, דאָס שער־האַן איז דיין שונא?

— אַזוי פיעל מאָל וויפיעל ניט עס וואַקסען אָט אויף דער דאָזיגער פּאַלמע,— האָט געענטפערט מאוגלי, וועלכער האָט, ווי עס ווייזט אויס, נישט געקאָנט צעהלען.— נאָר וואָס מאַכט עס אויס? מיר ווילט זיך שלאָפען, באַגהירא, און שער־האַן בעדייט פאַר מיר אַזוי פיעל, וויפיעל דער רווישענדער פפוי (פּאַווע), מאָר

— ניין, ס'איז שוין צייט נישט צו שלאָפען. באַלאו ווייס דאָס, און איך ווייס עס אויך; די גאַנצע מחנה ווייס, און אפילו די דאָזיגע קליינע דאַמהירשען ווייסען שוין אויך... טאַבאַקי אַליין האָט דאָס דיר שוין געזאָגט.

— אָ, אָ!— האָט מאוגלי אויסגערופען.— טאַבאַקי איז די טעג געקומען צו מיר און האָט מיך אָנגעהויבען זידלען, דאָס איך בין אַ קליינע נאַקעטע בעשעפעניש, וואָס טויג נישט צו קיין זאַך. נאָר איך האָב אָנגעהאַפּט טאַבאַקי'ן פאַר'ן וועדעל און איהם אַ זעץ געטהון צוויי מאָל אָן דעם שטאַם פון אַ פּאַלמענבוים, כדי איהם אויסצולערנען אַ שענערע אויפפיהרונג.

— האָסט דאָס געטהון אונבערעכענט, דען טאַבאַקי, האָטש ער איז אַ שלימזל, האָט געהאַט דיר עפּעס צו זאָגען, וואָס געהט דיך שטאַרק אָן. עפען זשע אויף די אויגען, ברודערל. שער־האַן וואַגט נישט דיך צו טויטען אין דער וויסטע, נאָר טהו נאָר אַ קלער, דאָס אַקעלאַ איז שוין זעהר אַלט געוואָרען, דאָס ס'איז שוין נישט וויים דער טאָג, אין וועלכען ער וועט נישט קאָנען טוידטען אַ הירש, און דאַן וועט ער אויפהערען צו זיין דער אָנפיהרער פון דער מחנה. דאָס רוב פון די וועלף, וועלכע האָבען בעשלאָסען דיך אויפצונעהמען אין דער מחנה, זענען שוין אויך אַלט געוואָרען, און די יונגע וועלף זענען דער מיינונג— אין דערין האָט זיי שער־האַן איבערצייגט— דאָס פאַר אַ קליינעם מענשען איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין דער מחנה. אין גיכען וועסטו ווערען אַ מאַנספּערזאָן

— און וואָס איז דאָס אַזוינס אַ מאַנספּערזאָן, דאָס ער זאָל נישט קאָנען לויפען צוזאַמען מיט זיינע ברידער?— האָט מאוגלי געזאָגט.— איך בין געבוירען געוואָרען אין דער וויסטע, איך האָב ערפילט די געזעצען פון דער וויסטע, און עס איז נישטאָ קיין איין וואָלף, וואָס איך האָב פון זיינע לאַפּעס נישט אַרויסגעצויגען קיין

גאָדלען. זיי זענען דאָך אַלע מײַנע ברידער!...

באַגהיראַ האָט זיך אויסגעצויגען ווי גרויס זי איז און האָט צוגעמאַכט די אויגען.

— ברודערל — האָט זי געזאָגט — ריהר נאָר אָן מיט דײַן האַנד אונטער מײַן קינבאַק.

מאַוגלי האָט אויסגעצויגען אַ שטאַרקע ברוינליכע האַנד און אונטער דאָס סאַמע דעליקאַטסטע בערדעל פון באַגהיראַ, דאָרט וואו עס האָבען זיך געצויגען מעכטיגע מוסקעלן בעדעקט מיט דעם וואָליגען פוטער, האָט ער אָנגעטאַפּט אַ נישט גרויסען גאָלען פלאַץ.

— קיינער אין דער וויסטע וויים נישט, דאָס איך, באַגהיראַ, טראָג דעם דאָזיגען צייכען... אַ צייכען פון אַ קייט... און דאָך, ברודערל, בין איך געבוירען געוואָרען צווישען מענשען; צווישען מענשען איז געשטאָרבען מײַן מוטער, אין דעם טיערגאָרטען פון דעם קעניגליכען פּאַלאַץ אין אודייפּור. און דאָס איז די סבה, פאַרוואָס איך האָב פאַר דיר געגעבען אויסלעז-פרײַז דעמאָלט, אויף דער בעראַטונג, ווען דו ביזט געווען אַ אָרעמע קליינע נאַקעטע בעטע-פּעניש. יאָ, איך בין אויך געבוירען געוואָרען צווישען מענשען. איך האָב קיינמאָל נישט געזעהן, די וויסטע. מען האָט מיך ער-צויגען הינטער קראַטעס, אין אַ אײַזערנע קלאַטקע — נאָר אין אַ געוויסער נאַכט האָב איך דערפיהלט, דאָס איך בין באַגהיראַ, אַ פּאַנטערין, און נישט קיין שפּיעלצײַג פאַר מענשען: מיט איין זעץ מיט דער לאַפּע האָב איך צעטרימערט די עלענדע שלעסער און בין אַוועקגעגאַנגען. און אַזוי ווי איך האָב דערקענט די מענשליכע זיטען, בין איך אין דער וויסטע געוואָרען נאָך שרעקליכער ווי שער-האַן. נישט אמת?

— ווירקליך, — האָט מאַוגלי געענטפערט, — די גאַנצע וויסטע האָט מורא פאַר באַגהיראַ'ן... אויסער מאַוגלי'ן.

— אָ, דו, דו ביזט אַ קליינער מענש! — האָט די פּאַנטערין געזאָגט מיט ריהרונג — און פונקט אַזוי ווי איך האָב צוריקגעקעהרט אין דער וויסטע, אַזוי מוזטו אויך סוף כל סוף צוריקקעהרען צו די מענשען, דײַנע ברידער... אויב נאָר מען וועט דיך פריהער נישט טויטען אויף דער בעראַטונג.

— נאָר פאַרוואָס, פאַרוואָס וואָלט מען וועלען מיך הרגענען?

— האָט מאַוגלי געפרעגט.

— טהו אַ קוק אויף מיר — האָט באַגהיראַ געזאָגט.

מאוגלי האָט איהר אויפמערקזאַם אַ קוק געטהון גלייך אין די אויגען. אין אַ פערלויף פון אַ האַלבע מינוט אַרום האָט די גרויסע פּאַנטערין אָבגעדרעהט דעם קאָפּ.

— אָט זעהסטו שוין פאַרוואָס — האָט זי געזאָגט, פערלעגענדיג די לאַפּעס איינע אויף דער אַנדערער. — אפילו איך קאָן דיר נישט קוקען אין די אויגען, האָטש איך בין געבוירען געוואָרען צווישען מענשען און האָטש איך ליעב דיך, ברודערל. די אַלע ווידער האָבען דיך פיינד דערפאַר, וואָס זיי קאָנען נישט אויסהאַלטען דיין בליק, וואָס דו האָסט פערשטאַנד, וואָס דו האָסט אַרויסגעצויגען די שטעכעדיגע נאָדלען פון זייערע לאַפּעס, און וואָס דו ביזט אַ מענש.

— איך האָב דאָס נישט געוואוסט, — האָט מאוגלי געזאָגט אומעטיג, פערציהענדיג די דיקע, שוואַרצע ברעהמען.

— אין וואָס בעשטעהט דאָס געזעץ פון דער וויכטע? קודם כל׳ טהו אַ קלאַפּ, ערשט דערנאָך לאָז הערען דיין שטימע. שוין דיין אונפאָרזיכטיגקייט אַליין בעווייזט, דאָס דו ביזט אַ מענש. זיי זשע אויסגערעכענט. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז ביי דער ערשטער מפלה פון אַקעלאַ, — און דעם אונגליקליכען ווערט פון טאָג צו טאָג שווערער זיך אַנ׳עצה צו געבען אויף דער יאַגד, — וועט זיך די גאַנצע מחנה אַ לאָז טהון אויף איהם און אויף דיר. זיי וועלען צונויפרופען אַ פערזאַמלונג אויפ׳ן פעלזען, און דאַן... דאַן... איך וויים שוין! — האָט באַגהיראַ אויסגעשריען, אויפשפרינגענדיג אויף די פיס. — לויף וואָס שנעלער אין טהאָל צו די מענשליכע הייזלעך, און נעהם דאָרט אַביסעל פון דער רויטער בלום, וואָס זיי אַרבייטען אויס. ווען עס וועט אָנקומען די מינוט, וועסטו דערין געפינען אַ מעכטיגערען שוץ ווי אין מיר, אין באַלאו און אין די מיטגליעדער פון דער מחנה, וואָס שטעהען אויף דיין זייט. לויף שנעל נאָך דער רויטער בלום!

רויטע בלום האָט באַגהיראַ אָנגערופען דאָס פייער. דען קיין איין בעשעפעניש אין דער וויסטע רופט נישט אָן דאָס פייער מיט זיין ריכטיגען נאָמען. אַלע פיהלען זייער גאַנץ לעבען פאַר׳ן פייער אַ טוידט־שרעק און זיי פערדרעהען מיט אַלערליי אויסדריקען, אַבי נאָר עס נישט אָנצורופען ביים ריכטיגען נאָמען.

— די רויטע בלום! — האָט מאוגלי געזאָגט. — איך קען זי...

זי בליהט אויף פאַרנאַכט-צייט הינטער זייערע הייזער. איך וועל געהן נאָך איהר.

— אָט דאָס הייסט ביי מיר אַ קליינער מענש! — האָט באַגהיראַ אויסגערופען מיט שטאָלץ. — פערגעס נאָר נישט, אַז די דאָזיגע בלום וואַקסט אין קליינע טעפּלעך. האַפּ צו איינס פון זיי פלוצלונג און בעהאַלט ביז דער מינוט, ווען דו וועסט דאָס בעדאַרפען.

— גוט — האָט מאוגלי געזאָגט. — איך געה. נאָר צי ביזטו זיכער, באַגהיראַ — און רעדענדיג דאָס האָט ער אַרומגענומען מיט'ן אָרעם איהר פּראַכטפולע האַלז און האָט איינגעזונקען זיין בליק אין איהרע גרויסע אויגען — צי ביזטו זיכער, דאָס אין דעם אַלעם איז שולדיג שער-האַן?

— אין נאָמען פון די צעטרימערטע ריגלען, וואָס האָבען מיר די פריי-הייט געגעבען, שווער איך, דאָס איך בין דערין זיכער, ברודערל.

— אויב אַזוי — אין נאָמען פונ'ם אָקס, וועלכער האָט מיך אויסגעלעזט, שווער איך, דאָס איך וועל שער-האַנ'ען עהרליך אויס-צאָהלען, וואָס עס קומט איהם פון מיר, און אפשר וועט ער נאָך בעקומען עפּעס מעהר.

און ער האָט זיך ערהייטערט אונטערשפּרינגענדיג.

— אָט דאָס איז מיר אַ מענש, אַנ'אמת'ער מענש! — האָט די פּאַנטערין געזאָגט צו זיך, זיך ווידער בעלעגענדיג, — אָ, שער-האַן, קיינס פון דיינע געיעגען קאָן נישט צוגעגלייכט ווערען בנוגע צו די רעזולטאַטען, צו יענעם געיעג אויף דאָס פרעשעלע מיט צעהן יאָהר צוריק!

מאוגלי איז שוין געווען ווייט אין וואַלד. ער איז געגאַנגען מיט אַ זיכערן שריט, פיהלענדיג, ווי גוואַלדיג דאָס האַרץ קלאַפּט איהם. שוין האָט זיך אויפגעהויבען דער אָבענד-נעבעל, ווען ער איז דערגאַנגען ביז צו'ם גרוב. ער האָט אָבגעעטעמט, קוקענדיג אַראָב-צו אין טהאָל. די יונגע וועלף זענען נישט געווען, נאָר די מוטער האָט טיעף אין גרוב דערקענט פון דעם אונרוהיגען אָטעמען, אַז עפּעס אַהרט איהר פרעשעלע.

— וואָס איז דיר, זיהנעלע? — האָט זי געפרעגט.

— אָ, גאָרנישט, דאָס זענען נאָר די פּלוידערייען פון די פלעדערמייז בנוגע צו שער-האַנ'ען, — האָט ער געענטפערט. — איך געה פאַנגען אויף די בעאַרבייטע פעלדער.

ער האָט זיך פערטיעפט צווישען די געדיכטע קוסטעס, אײַלענדיג צום טהאָל, צו די ברעגען פון טײַכעל. דאָרט האָט ער זיך אָבגעשטעלט, דען זײַנע אויערן האָבען דערגרײַכט די געשרײַען פון דער מהנה אויף דער יאַגד. ער האָט געהערט דאָס בלעקען פון אַנ׳אַרומגערינגעלטען כאַמבהור (הירש) און זײַן העכסט אונרוהיגעס שנאָרכען, און דערנאָך דאָס רײַצען זיך פון די יונגע וועלף:

— אַקעלאַ! אַקעלאַ! זאָל נאָר דער אײנזאַמער ווײַזען זײַן קראַפט. לאָזט נאָר דעם אָנפיהרער פון דער מהנה! וואַרף זיך אַרויף, אַקעלאַ!

ווי עס ווײַזט אויס האָט זיך דער אײנזאַמער אַרויפגעוואָרפען און עס האָט זיך איהם נישט אײַנגעגעבען, דען מאוגלי האָט דערהערט, ווי ער האָט אַ קריצע געטהון מיט די צײהן און אָנגעהויבען בילען, ווען דער הירש האָט איהם מיט די פאָדערשטע פיס אַנידערגעוואָרפען אויף דער ערד. נישט הערענדיג מעהר האָט מאוגלי געאײַלט ווײַטער, און וואָס נעהנטער ער איז געקומען צו די פעלדער, וואָס ווערען בעאַרבײַט דורך די דאָרפסלײַט, זענען די געשרײַען הינטער איהם אַלץ שוואַכער און פערשטומט געוואָרען.

— באַגהירא זאָגט דעם אמת! — האָט ער אָבגעסאָפעט, זיך פערגראָבענדיג אין אַ באַרג היי, וואָס איז געווען אויסגעשאָטען פאַר׳ן פענסטער פון אײן הײַזעל. — מאָרגען איז דער טאָג פון אָברעכענען זיך מיט אַקעלאַ׳ן און מיט מיר.

ער האָט צוגעדריקט דאָס געזיכט צו דער שויב און האָט געקוקט אויפ׳ן פײַער, וואָס האָט געגליהט אויפ׳ן קוימען. ער האָט געזעהן, ווי דעם דאָרפסמאַנס ווײַב איז אויפגעשטאַנען בײַנאַכט און האָט פערשטאַרקט דאָס פײַער, צוואַרפענדיג שוואַרצע צווײַגלעך; און אין דער פריה, ווען אין דער קאַלטער פינסטערניש האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען גרויען אויף טאָג, האָט ער דערזעהן אַ יונגעל, וואָס האָט גענומען אין די הענד אַ קאָשעק, וואָס איז פון אינווייניג געווען אויסגעגלעט מיט ערד, איהם אָנגעפיהלט מיט רויטע קויהלען, און פערדעקענדיג איהם מיט אַ פלאַכטע, איז ער אַרויסגעגאַנגען פאַשען די קיה.

— אָט דאָס איז עס אינגאַנצען! — האָט מאָוגלי אַ קלער געטהון. — וויבאַלד אַ קינד קאָן זיך דערמיט אַנ׳עצה געבען, האָב איך אויך נישט פאַר וואָס מורא צו האָבען.

און אַרויסרוקענדיג זיך פון הינטער'ן ווינקעל, איז ער פערלאָפען דעם יונגעל דעם וועג, איהם אַרויסגעריסען פון די הענד די קויהלען און איז פערשוואונדען געוואָרען אין נעבעל, וועהרענד דער בעראַבעוועטער האָט געמאַכט אַ אומגעהויערן געוואַלד פאַר גרויס שרעק.

— זיי זענען אינגאַנצען עהנליך צו מיר, — האָט מאָוגלי געקלערט, בלאָזענדיג אויף די קויהלען, ווי די פרוי האָט געטהון ביינאַכט. — נאָר דאָס וועט מיר שטאַרבען, אויב איך וועל דאָס נישט געבען צו עסען.

און ער האָט אַרויסגעוואָרפען אויף די קויהלען עטליכע צווייגעלעך און עטליכע שטיקלעך טרוקענע קאָרע. אויפ'ן מיטען פון דער הויכקייט אַרויסגעהענדיג אויפ'ן באַרג, האָט ער בעגעגענט באַגהיראַן, וואָס אויף איהר פוטער האָבען טראָפּענס פון פריהמאָרגענ־טוי געגלאַנצט ווי דימאַנטען.

— אַקעלאַ האָט פערשפּיעלט, — האָט די פּאַנטערין געזאָגט.— זיי וואָלטען איהם נאָך ביינאַכט דערהרג'עט, נאָר זיי ווילען זיך שוין מיט אַמאָל אָבּרעכענען מיט דיר אויך. זיי האָבען דיך געזוכט אויפ'ן באַרג.

— איך בין געווען אויף די בעאַרבייטע פעלדער. איך בין שוין צוגעגרייט — זעה!

מאָוגלי האָט איהר געוויזען דאָס טעפּעל פול מיט קויהלען.

— אויסגעצייכענט. איך האָב געזעהן, אַז די מענשען לעגען אַריין דערין טרוקענע צווייגלעך, און באַלד בליהט־אויף זייער עק די רויטע בלום. דו האָסט גאָר קיין מורא נישט?

— ניין. וואָס האָב איך זיך מורא צו האָבען? איך דערמאָהן מיך איצט... ווי אין חלום.... דאָס איין מאָל, נאָך איידער איך בין געוואָרען אַ וואָלף, בין איך געשלאָפען פאַר אַ רויטער בלום, און עס איז מיר געווען אַנגענעהם און וואַרעם.

אַ גאַנצען טאָג איז מאָוגלי געזעסען אין גרוב, היטענדיג דאָס טעפּעל און צולעגענדיג אין איהם טרוקענע שטיקלעך האָלץ. ענדליך האָט ער זיך אויסגעזוכט אַ צווייג פון פּאַסיגער גרויס, און אין אָבענד, ווען טאַבאַקי איז געקומען צום גרוב, איינלאַדענדיג איהם מיט אַ גאַנץ שאַרפען טאָן אויף דעם בעראַטונגס־פּעלזען, האָט ער איהם אָפּגענומען מיט אַזאַ שפּאָטישען געלעכטער, אַז טאַבאַקי איז אַנט-

לאָפּען געוואָרען צעמישטערהייד און מאָאוגלי איז געגאַנגען אויף די פערזאַמלונג, נישט אויפהערענדיג צו לאַכען.

אַקעלאַ דער איינזאַמער איז געלעגען נעבען זיין פעלזען אַלס צייכען, אַז די שטעלע נאָך איהם איז פריי, און שער־האַן מיט זיין סוויטע וועלף, וועלכע ער האָט בעשענקט מיט זיינע רעשטלעך, איז זיך אַרומגעגאַנגען אין דער לענג און אין דער ברייט, אָבנעהמענדיג זיי עס וויזט אויס, צייכענס פון פערעהרונג. באַגהיראַ איז געלעגען נעבען מאָאוגלין, וועלכער האָט געהאַלטען זיין טעפּעל צווישען די קניה. ווען אַלע האָבען זיך שוין פערזאַמעלט, האָט שער־האַן גענומען דאָס וואָרט — אַ אונערהערטע זאַך אין דער צייט פון אַקעלאַ׳ס רעגירונג.

— ער האָט קיין רעכט נישט צו רעדען — האָט באַגהיראַ אַ פורמעל געטהון. — זאָג דאָס איהם. ער איז אַ הונד׳ס־זוהן — ער וועט זיך דערשרעקען.

מאָאוגלי איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס.

— פריי פאָלק, — האָט ער אויסגערופען, — צי איז שער־האַן אונזער אָנפיהרער? ווי קומט אַ טיגער זיך אַריינצומישען אין דער פערוואַלטונג פון דער מחנה?

— נעהמענדיג אין אַכט, דאָס די שטעלע פון הויפּט איז פריי, און אַזוי ווי מען האָט מיך געבעטען, דאָס איך זאָל נעהמען דאָס וואָרט... — האָט שער־האַן אָנגעהויבען.

— ווער האָט דיך געבעטען? — האָט מאָאוגלי געענטפערט. — צי דען זענען מיר דאָ אַלע אַ באַנדע שאַקאַלען, דאָס מען זאָל זיך ערניע־דעריגען פאַר דעם דאָזיגען שוהט? די לייטונג פון דער מחנה געהער נאָר דער מחנה!

דאַן האָבען זיך דערהערט וואָ־ענדע שטימען:

— שווייג, קליינער מענש!

— לאָזט איהם רעדען! ער האָט ערפילט אונזערע געזעצען!

ביז עס האָבען ענדליך אַ ברום געטהון די אַלטע וועלף:

— לאָז רעדען דער געשטאָרבענער וואָלף!

דער הויפּט, פון וועלכען עס האָט זיך אַרויסגעדרעהט די היה אויפ׳ן געיעג, האָט בעקומען דעם טיטעל: דער געשטאָרבענער וואָלף און האָט איהם געטראָגען ביז׳ן טויט, אויף וועלכען עס קומט איהם נישט אויס לאַנג צו וואַרטען.

אַקעלאַ האָט אויפגעהויבען דעם אַלטען קאָפּ און האָט גערעדט נישט גערן:

— פרײַ פאָלק, און אויך איהר, שער-האַנס שאַקאַלען! צוועלף יאָהר האָב איך אײַך געפיהרט צום געיעג און אײַך צוריק פון איהם בעגלייט, און די דאָזיגע גאַנצע צײַט איז קיין איינער פון אײַך נשט אַרײַנגעפאַלען אין קיין נעץ און איז נישט פערוואונדעט געוואָרען. איצט האָט זיך דאָס רויב פון מיר אַרויסגעדרעהט. איהר ווייסט, ווי מען האָט מיר אָבגעטהון דאָס דאָזיגע שטיקעל. איהר ווייסט, אַז מען האָט מיך אַרויסגעבראַכט אויף אַ הירש, וועלכען מען האָט נאָך נישט געהאַט גענוג אָנגעיאָגט, כדי אַרויסצוווײַזען מײַן שוואַכקײַט. דאָס איז געווען קונציג אָבגעמאַכט. איצט ערלויבט אײַך דאָס געזעץ מיך צו טויטען אויף דעם בעראַטונגס-פעלזען. און דעריבער פרעג איך אײַך: ווער וויל פערניכטען דעם איינזאַמען? איך האָב דאָס רעכט צו פאָדערן, לויט די געזעצען פון דער וויסטע, דאָס איהר זאָלט קעגען מיר אַרויסגעהן איינציגווײַז.

עס האָט געהערשט אַ לאַנגעס שווײַגען. קיינער האָט נישט געהאַט קיין השק צו קעמפּפען אויף טויט און אויף לעבען מיט'ן איינזאַמען. נאָר שער-האַן האָט אַ ריטש געטהון:

— עט! לאָמיר זיך נישט אָבגעבען מיט דער דאָזיגער צייהנלאָזער, צום טויט פעראורטיילטער אַלטער שמאַטע. דאָ איז נאָך דאָ אַ קליינער מענש, וועלכער לעבט אַביסעל צו לאַנג. פרײַ פאָלק, דאָס איז מײַן רויב, לויט רעכט און געזעץ. גיעט מיר איהם אָב! זאָל זיך שוין אַמאָל ענדיגען דער דאָזיגער נאַרישער שפּאַס מיט אַ וואָלף-מענשען. שוין צעהן יאָהר, ווי צוליעב איהם איז קיין מנוחה נישטאָ אין דער וויסטע. גיעט מיר אָב דעם קליינעם מענשען, אויב נישט, וועל איך שטענדיג פיהרען די יאַגד אין די דאָזיגע קאַנטען און איך וועל פאַר אײַך נישט איבערלאָזען דאָס מינדעסטע ביינדעלע. דאָס איז אַ מענש, אַ מענשען-קינד! איך האָב איהם פײַנד ביז'ן מאַרך פון די ביינער!

דערויף האָט דער גרעסטער טייל פון דער מחנה אָנגעהויבען צו הוילען:

— אַ מענש! אַ מענש! וואָס קאָן אַ מענש האָבען צו טהון מיט אונז? זאָל ער זיך אָבטראָגען צו זײַנעם גלײַכען!

— וואָס הייסט, איהר ווילט, דאָס ער זאָל אויפרודערען קעגען

און די דאָרפס־אײנוואָהנער? — האָט שער־האַן אויסגעשריען. — קײנמאָל! גיעט מיר איהם אָב. דאָס איז אַ מענש, וועלכען קײנער פון אײך קאָן אין די אויגען נישט קוקען.

אַקעלאַ האָט ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ, זאָגענדיג:

— ער האָט מיט אונז געטײלט די נאַהרונג. ער איז געשלאָפען מיט אונז. ער האָט געטוידט חיות צוזאַמען מיט אונז. ער האָט אויף קײן האָר נישט אָבגעטרעטען פון די געזעצען פון דער ווּסטע!

— און איך האָב פאַר איהם געצאָפּערט אַ אָקס אויף אויס־צולעזען איהם. אמת, דער ווערט פון אַ אָקס איז נישט זעהר גרויס, נאָר באַגהיראַ'ס עהרע איז נאָך אַזוי פיעל ווערט, דאָס זי זאָל עס שיצען — האָט באַגהיראַ צוגעגעבען מיט אַ זיסענקער שטימע.

— אַ אָקס, וואָס מען האָט בעצאָהלט פאַר צעהן יאָהרען! — האָט זיך דערהערט אַ מורמלען אין דער פערזאַמלונג. — אַ סך קאָנען אונז אָנגעהן די ביינער פון פאַר צעהן יאָהרען!

— און די שבועה? — האָט באַגהיראַ געזאָגט, אויסשטשירענדיג די ווײסע צײהן. — מיט רעכט רופט מען אײך אָן אַ פרײַ פאָלק!

— קײן מענש טאָר זיך נישט פעראײניגען מיט'ן פאָלק פון דער ווּסטע! — האָט שער־האַן געגוואַלדעוועט. — גיעט מיר איהם אָב!

— ער איז אונזער ברודער אין אַלע הינזיכטען, אויסער דעם בלוט, — האָט אַקעלאַ ווײַטער גערעדט, — און איהר ווילט איהם טוידטען! ווירקליך, איך האָב שוין צו לאַנג געלעבט! עס זענען שוין פערהאַן צווישען אײך אַזעלכע, וואָס פרעסען בהמות, און ווי איך האָב געהערט, האָבען זיך שוין אײניגע אָבגעלערנט פון שער־האַנ'ען אַוועקצוגויבען בײַנאַכט קינדער פון פאַר די דאָרפישע הײַזלעך. איהר זענט ניעדערטרעכטיגע, און ווי צו ניעדערטרעכטיגע וועל איך אײך זאָגען, וואָס עס וועט זײַן. איך מוז שטאַרבען, דאָס איז שוין בע־שלאָסען; מײַן לעבען האָט שוין דעריבער נישט קײן גרויסען ווערט, ווען נישט דאָס וואָלט איך דאָס געצאָפּערט פאַר דאָס לעבען פון דעם קלײנעם מענשען. נאָר כדי צו רעטען די עהרע פון דער מחנה... אָט יענע קלײניגקײט, וועלכע איהר פערגעסט, ווי עס ווײַזט אויס, לעבענדיג אָהן אַ הויפּט.. זאָג איך אײך צו, דאָס אויב איהר וועט ער־לויבען דעם קלײנעם מענשען צוריקצוקעהרען צו די זײַניגע, וועל איך אפילו מיט קײן צאָהן נישט ריהרען; ווען עס וועט קומען מײַן צײַט צו שטאַרבען. איך וועל מיך כלל נישט פערטײדיגען. די מחנה וועט דאַדורך געווינען אַמווענינגסטענס דרײַ לעבענס. מעהר קאָן איך

ניִשט טהון, נאָר אויב איהר וועט דערויף בעֶשטעהן, קאָן איִך אַייך פעֶרשפּאָרעֶן די שאַנדעֶ צו עֶרמאָרדעֶן אַ ברודעֶר, וועֶלכעֶן איִהר קאָנט גאָרניִשט פּאָרוואַרפעֶן... אַ ברודעֶר, וועֶלכעֶן איִהר האָט אַלייִן אויפגעֶנוּמעֶן איִן דעֶר מחנה אויפ'ן גרונד פון די געזעצען פון דעֶר וויִסטעֶ.

— דאָס איז אַ מעֶנש! אַ מעֶנש! אַ מעֶנש! — האָט די פעֶר־זאַמלונג געֶרוישט.

און דאָס רוב פון די וועֶלף האָבעֶן אָנגעֶהויבעֶן אַרומריִנגלעֶן שעֶר־האַנ'עֶן, וועֶלכעֶר האָט זיִך געֶקלאַפּט מיִט'ן וועֶדעֶל איבעֶר די זייַטעֶן.

— איִצט איִז געֶקומעֶן דייַן צייַט! — האָט באגהיִראַ שטיִ־לעֶרהייד געֶזאָגט צו מאוגליִן. — אונז בלייַבט שוין איצט קייִן זאַך אויסעֶר קאַמפף.

מאוגלי איז אויפגעֶשטאַנעֶן, האַלטעֶנדיִג דעֶם טעֶפּעֶל מיִט די קויהלעֶן, זיִך אויסגעֶצויגעֶן און אַ געֶנעֶץ געֶטהון דעֶר פעֶרזאַמלונג אונטעֶר דעֶר נאָז. נאָר איִן אֶמת'ן האָט איִהם אָנגעֶהאַפּט אַ שטאַר־קעֶר צאָרן און אַ וועֶהטאָג, דעֶן ביִז איִצט האָבעֶן די וועֶלף איהם נאָך קייִנמאָל ניִשט געֶגעֶבעֶן צו פיִהלעֶן, ווי שרעֶקליִך זיי האָבעֶן איִהם פייַנד.

— הערט! — האָט עֶר אויסגעֶרופעֶן. — הערט אויף צו בילעֶן ווי די הינד. צו אָפּט שוין האָט איהר מיר די נאַכט אויס־געֶרעֶדט, דאָס איך ביִן אַ מעֶנש, האָטש איך האָב געֶוואָלט בלייַבעֶן אַ וואָלף צוויִשעֶן אַייך דאָס גאַנצעֶ לעֶבעֶן מייַנס. איִצט אַנעֶרקעֶן איך די ריִכטיִגקייַט פון אַייעֶרעֶ ווערטעֶר. איך וועֶל אַייך שוין דעֶריבעֶר מעֶהר ניִשט אָנרופעֶן ברידעֶר, נאָר סאַג (הינד), אַזוי ווי אַ מעֶנש וואָלט אַייך אָנגעֶרופעֶן. וואָס איהר האָט צו טהון, דאָס וועֶט ניִשט איהר בעֶשליִעסעֶן. דאָס איז מייַן זאַך, און כדי איהר זאָלט דאָס קלאָר פעֶרשטעֶהן, האָב איך אַייך געֶבראַכט אַ ביִסעֶל פון דעֶר רויטעֶר בלום, פאַר וועֶלכעֶר איהר, הינד, ציִטערט!

דאָס רעֶדעֶנדיג האָט עֶר אַ וואָרף געֶטהון דאָס טעֶפּעֶל אויף דעֶר עֶרד, און פון די פאַנאַנדעֶרגעֶגליִהטעֶ קויהלעֶן האָבעֶן זיִך די בעֶרגלעֶך פון טרוקעֶנעֶם מעֶך איִן אַיין אויגעֶנבליִק אָנגעֶהאַפּט איִן אַ פלאַם. די גאַנצעֶ בעֶראַטונג האָט איִן טוידט־שרעֶק אָנגעֶהויבעֶן אַנטלויפעֶן פאַר דאָס שפּריִנגעֶן פון פייַעֶר.

מאוגלי האָט צוגעשטעקט זײַן טרוקענעם צווײַג צו די קויהלען, ביז עס איז אָנגעברענט געוואָרען מיט אַ קנאַק, און דאַן האָט ער מיט איהם אַרומגעדרעהט איבער'ן קאָפּ צווישען די וועלף, וועלכע האָבען זיך צוזאַמענגעפּרעסט פון שרעק.

— איצט ביזטו זייער הערר — האָט באַגהיראַ געזאָגט שטילערהייד. — רעטע אַקעלאַ'ן פון טויט. ער איז דיר שטענדיג געווען אַ גוטער פרײַנד.

אַקעלאַ, דער אַלטער שטאָלצער וואָלף, וועלכער האָט נאָך קיינמאָל אין לעבען נישט געבעטען אום רחמנות, האָט אויפגעהויבען אַ בעטענדען בליק צו מאוגלי'ן, און דער איז געשטאַנען פאַר איהם אַ נאַקיטער, מיט צעלאָזטע קודלעס האָהר, וואָס זענען איהם אַראָבגעהאנגען איבער די אָרעמס, אין דעם שיין פון דעם פלאַמענדיגען צווײַג, וועלכער האָט פערשפּרייט אַרום און אַרום וואַקעלענדע און ציטערענדע שאָטענס.

– גוט, — האָט מאוגלי געענטפערט, קוקענדיג אַרום זיך.— איצט זעה איך, דאָס איהר זענט הינד. איך געה אַוועק פון אײַך צו די בעשעפעניששען פון מײַנעם גלייכען. די ווּיסטע איז פאַר מיר פערשלאָסען, איך מוז פערגעסען זייער שפּראַך און אייער געזעלשאַפט, נאָר איך וועל זײַן באַרמהערציגער פון אײַך, און צו'ם אַנדענקען פון דער ברידערשאַפט, וועל איך, ווען איך וועל ווערען אַ מענש צווישען מענשען, אײַך נישט פערראַטען פאַר זיי אַזוי ווי איהר האָט מיך פערראַטען.

ער האָט אַ שטופּ געטהון מיט דער פוס דאָס פײַער, פון וועלכען עס האָבען זיך אַרויסגעשיט פונקען!

— עס וועט נישט זײַן קיין קאַמפף צווישען מיר און צווישען עמיצען פון דער מחנה. נאָר איידער איך געה אַוועק, מוז איך נאָך בעצאָהלען איין חוב.

ער איז צוגעגאַנגען מיט ברייטע טריט צו שער-האַנ'ען, וועלכער האָט אידיאָטיש געבלינצעלט מיט די אויגען פאַר'ן פײַער, און האָט איהם אָנגעהאַפּט פאַר די קודלעס אונטער דער באָרד. באַגהיראַ איז אויף יעדען פאַל געגאַנגען גלייך נאָך איהם.

— אויף די פיס, הונד! — האָט מאוגלי אַ געשריי געטהון.— שטעל זיך, ווען אַ מענש רעדט צו דיר, אַז נישט, צינד איך דיר אונטער דײַנע קודלעס!

שעֶר־האַן האָט פאַנאַנדערגעֶצויגעֶן די אויעֶרן און פעֶרמאַכט די אויגעֶן, דעֶן דעֶר פלאַמעֶנדיגעֶר צווייַג האָט שוין געֶשימעֶרט אָט נעֶבעֶן איהם.

דעֶר דאָזיגעֶר קעֶלבעֶר־דעֶרשטיקעֶר האָט אַ מאָל געֶזאָגט, דאָס עֶר וועֶט מיך עֶרמאָרדעֶן אין דעֶר אַנוועֶזעֶנהייַט פון דעֶר בעֶראַטונג דעֶרפאַר, וואָס ס'איז איהם נישט געֶלונגעֶן מיך צו עֶרמאָרדעֶן, ווען איך בין געֶוועֶן אַ קינד. זעֶהט זשע, ווי מיר, מעֶנשעֶן, בעֶשטראָפעֶן הינד. אָט אַזוי, און אַזוי, און נאָך אַמאָל. זאָלסט זיך מיר נישט דערוועֶגעֶן צו ריהרעֶן מיט די וואָנסעֶס, לאָהמעֶר אויב דו ווילסט נישט, איך זאָל דיר אַרייַנפאַקעֶן די רויטעֶ בלום אין האַלז אַרייַן.

אַזוי רעֶדעֶנדיג האָט עֶר געֶקלאַפּט מיט'ן צווייַג איבעֶר שעֶר־האַנ'ס קאָפּ, און דעֶר טיגעֶר האָט געֶציטעֶרט און געֶהוילט, אויסגעֶהעֶנדיג פון שרעֶק.

– געֶנוג אויף איצט. אַנטלויף, דו אָבגעֶברעֶנטעֶ קאַץ פון דעֶר וויסטעֶ, נאָר געֶדעֶנק מייַנעֶ ווערטעֶר: קוים וועֶל איך צוריקקעֶהרעֶן צו'ם עֶרשטעֶן מאָל אויף דעֶר פעֶלזעֶן־פעֶרזאַמלונג, ווי עֶס פאַסט פאַר אַ מעֶנשעֶן, וועֶל איך אויפ'ן קאָפּ טראָגעֶן שעֶר־האַנ'ס פעֶל. וואָס אַנבעֶלאַנגט צו אַקעֶלאַ'ן, זאָל עֶר זיך לעֶבעֶן, ווי איהם געֶפעֶלט. איך פעֶרבאָט אייך איהם צו טויטעֶן. אַם עֶנדעֶ מיין איך, אַז איהר וועֶט שוין דאָ נישט בלייַבעֶן אַזוי לעֶנגעֶר, מיט אַרויסגעֶשטעֶקטעֶ צינגעֶר, פונקט ווי איהר וואָלט געֶוועֶן עֶפּעֶס מעֶהר ווי הינד, וועֶלכעֶ איך מוז אַרויסטרייַבעֶן אָט אַזוי. אַוועֶק פון דאַנעֶן.

דאָס פייַעֶר האָט געֶוואַלדיג אַ פלאַם געֶטהון אויפ'ן עֶק פון דעֶם צווייַג, און מאַוגלי האָט איהם אַרומגעֶדרעֶהט אַרום דעֶר פעֶרזאַמלונג. די וועֶלף זעֶנעֶן הוילעֶנדיג זיך צעֶלאָפעֶן פאַר די פונקעֶן, וועֶלכעֶ האָבעֶן אָנגעֶצונדעֶן די וואָל אויף זיי. עֶנדליך זעֶנעֶן געֶבליבעֶן נאָר אַקעֶלאַ, באַגהירא און אַ צעֶהן וועֶלף, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן פון אָנהויב אָן געֶשטאַנעֶן אויף מאַוגלי'ס זייַט. און מיט אַמאָל האָט מאַוגלי דעֶרפיהלט עֶפּעֶס אַ אינעֶרליכעֶן וועֶהטאָג, עֶפּעֶס אַזוינס, וואָס עֶר האָט נאָך קייןמאָל נישט געֶפיהלט. עֶסעֶס האָט איהם צוגעֶדריקט דאָס האַרץ, עֶר האָט אַ שלוכץ געֶטהון, און איבעֶרן געֶזיכט זעֶנעֶן איהם אַראָבגעֶרונעֶן טרעֶהרעֶן.

— וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס? — האָט עֶר אויסגעֶרופעֶן.—

איך וויל נישט פערלאָזען די וויסטע. איך ווייס נישט, וואָס עס טהוט זיך מיט מיר. צי דען האַלט איך ביים שטאַרבען, באַגהירא?

— ניין, ברודערל, דאָס זענען טרעהרען. דאָס טרעפט זיך מיט אַ מענשען, — האָט באַגהירא געענטפערט. — דו האָסט שוין אויפגעהערט צו זיין אַ מענשעלע, ביזט אַ גאַנצער מענש. פון איצט אָן איז די וויכטע ווירקליך פאַר דיר פערשלאָסען.... לאָז זיי ריינען, מאוגלי, — דאָס זענען נאָר טרעהרען.

און מאוגלי האָט זיך געזעצט און האָט ביטער געוויינט, אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט איהם געדאַרפט צעפּלאַצט ווערען. דאָס איז געווען זיין ערשטער געוויין אין לעבען.

איצט וועל איך אַוועקגעהן צו די מענשען. נאָר צום ערשטען מוז איך מיך געזעגענען מיט דער מוטער.

ער איז אַוועקגעגאַנגען צום גרוב, אין וועלכען די וועלפין האָט געוואָהנט מיט איהר מאַן, און איז אַנידערגעפאַלען אַ פערוויינטער אויף איהר ברוסט, און די פיער וועלפעלעך האָבען מורא׳דיג געהוילט.

— איהר וועט מיך נישט פערגעסען? — האָט מאָוגלי געפרעגט.

— קיינמאָל, כל זמן מיר וועלען זיין אימשטאַנד דיר נאָכצושפּירען, — האָבען זיי געענטפערט. — קום צו גיהן צו די פיס פון באַרג, ווען דו וועסט זיין אַ מענש, וועלען מיר זיך דורכרעדען; און מיר וועלען אָבטרעטען אין די בעאַרבייטע פעלדער, וועלען מיר זיך שפּיעלען צוזאַמען ביינאַכט.

— קום אין גיכען צוריק! — האָט דער וואָלף דער פאָטער געזאָגט. — קעהר צוריק, קליין פערשטענדיג פרעשעלע, דען דיין מוטער און איך זענען מיר שוין אַלט.

— קום אין גיכען צוריק, מיין נאַקעטער קלייניניקער, — האָט די וועלפין געזאָגט, — דען זיי וויסען, מענשען-זוהן, דאָס איך האָב דיך געליעבט מעהר ווי אַנדערע פון מיינע אייגענע קינדער.

— איך וועל צוריקקעהרען אויף זיכער, — האָט מאוגלי געזאָגט, — און טאַקי דעריבער, כדי אויסצוציהען שער-האַנ׳ס פעל אויף דעם בעראַטונגס-פעלזען. פערגעסט מיך נישט. זאָגט אַלעמען אין דער וויסטע, דאָס זיי זאָלען מיך קיינמאָל נישט פערגעסען.

עס האָט שוין געטאָגט, ווען מאוגלי איז אַראָבגעגאַנגען פון באַרג איינער אַליין, און זיך געלאָזט גיהן צו יענע געהיימניספולע בעשעפענישען, וועלכע הייסען אָנגערופען מענשען.

---



# די יאַגד אויפ'ן טיגער.

ווי איז עס געגאַנגען דיר היינט אויפ'ן פעלד?
— אָ, ברודער, כ'בין לויערענט שיער נישט געפרוירען פון־
קעלט.
און וואו איז? דיין רויב און פון זיענ דיין געזאַנג?
— אָ, ברודער, אין וואַלד דאָרט ביי זיך איז געבליבען
דער פאַנג.
און וואו איז פערשוואונדען דיין שטאָלץ און דיין מאַכט?
— אָ, ברודער, אַ סוף האָט דאָס אונגליק צו אַלעם געמאַכט.
און איצט וואוהין לויפסטו ביי זינען־אויפגעהן?
— אָ, ברודער, אין הייל, זיך צו נעהמען דאָס לעבען
אַליין.

פערלאָזענדיג דעם וואָלפען־גרופ, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָבגערעכענט מיט דער מתנה אויף דעם בעראַטונגס־פּלוצען, האָט זיך מאָוגלי געלאָזט געהן צו די בעאַרבייטע פעלדער, וואָס געהערען צו די אַיינוואָהנער פון דערפעל, נאָר דאָ האָט ער זיך נישט אָבגעשטעלט, דען עס איז נאָך געווען נאָהענט צו דער וויסטע, און וועלכער ער האָט איבערגעלאָזט אַמוועניגסטענס נאָך איין געפעהר־

ליכען שונא. ער איז דעריבער געגאַנגען ווייטער אויף דעם שטיי־נערדיגען וועג, זיך אַראָפּלאָזענדיג אַלץ מעהר אין טהאָל אַריין, און דורכגעהענדיג מיט אַ מעסיגען שריט, נישט אַבּרוהענדיג זיך, אַ מייל צוואַנציג, איז ער אָנגעקומען אין אַ גאַנ, אונבּעקאַנטען געגענד. דאָס איז געוועזען אַ גלייך בּרייט פעלד, איבּערגעהאַקט דאָ און דאָרט מיט קליינע בּערגלעך און גריבּלעך. פון איין זייט האָט זיך גע־זעהן אַ קליין דערפעל, פון דער אַנדערער זייט, אויף דער משופּע־קייט פון אַ בּאַרג, האָט זיך געצויגען אַ געדיכטער וואַלד בּיז צו די סאַמע פּאַשע־פעלדער, און דאָרט האָט ער זיך פּלוצלונג אי־בּערגעריסען, אַזוי ווי אָבּגעהאַקט. דאָ און דאָרטען איבּער דעם גאַנצען טהאָל האָבּען זיך געפּאַשעט בּהמות און בּיפעלען. די קליינע יונגלעך, וואָס האָבּען געהיט די סטאַדעס, ווי זיי האָבּען דערזעהן מאָוגלי'ן, זענען זיי זיך צולאָפען מיט אַ געשריי, און די געלע הײמלאָזע הינד, וועלכע שלעפּען זיך שטענדיג אַרום איבּער די אינדישע דער־פער, האָבּען אָנגעהויבּען אוננעהויער צו בּילען. מאָוגלי, געיאָגט פון הונגער־געפיהל, איז געגאַנגען אַלץ פאָרווערטס, בּיז ער איז צו־געקומען צום טויער פון דאָרף, נעבּען וועלכען ער האָט בּע־מערקט בּיי אַ זייט אַ בּאַרג דערנער־צווייגען, וואָס זענען געווען צוגע־גרייט אויף צו פערצוימען דעם וועג, נאָכדעם ווי עס וועט פינסטער ווערען.

— המ, המ, — האָט ער געזאָגט צו זיך, דערקענענדיג איינע פון יענע בּאַריקאַדען, אויף וועלכע ער פלעגט נישט איין מאָל אָנטרעפען בּשעת די נאַכט־רייזען, זוכענדיג נאָה־ונג, — הייסט עס, אַז אפילו דאָ האָבּען די מענשען מורא פאַר די איינוואָהנער פון דער וויסטע.

ער האָט זיך צוגעזעצט בּיים טויער און געוואַרט. ווי עס איז אָנגעקומען דער ערשטער מענש, איז ער אויפגעשטאַנען, און אַריינלעגענדיג אַ פינגער אין די אָפענע ליפען האָט ער געגעבּען צו פערשטעהן, אַז ער גאַהרט עסען. דער מענש האָט אַ קוק געטהון, אויסגלאָצענדיג די אויגען, זיך אומגעדרעהט און זיך געלאָזט לויפען מיט'ן גאַנצען כּח דורך דער איינציגער דאָרפס־גאַס צום פּריסטער, אַ פעטער אינדוס אין אַ ווייסען מאַנטעל מיט רויטע און געלע פלע־קען אויפ'ן געזיכט. אין אַ ווײַלע אַרום איז דער פּריסטער שוין געווען בּיים טויער, און מיט איהם שטאַרקע הונדערט מאַן, וועלכע האָ־

בּען אויסגעגלאָצט די אויגען, געזכוה׳ט, געשריען און געשטעקט די פינגער אויף מאָוגלי׳ן.

— די דאָזיגע בּעשעפּענישען, וואָס ווערען אָנגערופען מענשען, צייכענען זיך נישט שטאַרק אוים מיט זייער אויספיהרונג, — האָט מאָוגלי צו זיך געזאָגט. — אפילו די גרויע מאַלפּעס וואָלטען זיך נישט אויפגעפיהרט אויף אַזאַ אופן ווי זיי.

און פערוואַרפענדיג אויף הינטען די צעלאָזטע לאַנגע האָר האָט ער געקוקט אויף דער מאַסע קרום, ווי פון אַ זייט.

— איהר האָט נישט וואָס מורא צו האָבען, — האָט דער פּריעסטער געזאָגט. — קוקט זיך צו צו די צייכענס אויף זיינע הענד און פיס. דאָס זענען צייכענס פון בּייסען פון וועלף. ווי עס וויַיזט אוים, איז עס אַ וואָלפען־קינד, וואָס איז אַנטלאָפען פון דער וויסטע.

די קליינע וועלפעלעך, ווען זיי פלעגען זיך שפּיעלען מיט מאָוגלי׳ן, פלעגען איהם אַמאָל אַראַץ טהון מיט די צייהן פּיעל שטאַרקער ווי זיי האָבען געוואָלט, און דעריבּער האָט ער אויף די הענד און די פיס געהאַט פּיעל ווייסליכע שראַמען. נאָר קיינמאָל אין לעבען וואָלט איהם נישט געקומען אין קאָפּ זיי אָנצורופען צייכענס פון בּייסען, דען ער האָט זעהר גוט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ בּיס.

— אַ ר ר ע! אַ ר ר ע! — האָבען אונטערדעסען געשריען צוויי צי דריי ווייבער. — עלענדעס קינד! צעבּיסען פון וועלף! און אַזאַ שען יונגעל! די אויגען בּרענען בּיי איהם ווי פייער. בּנאמנות, מעסוא, ער איז גאָר עהנליך צו דיין זיהנעלע, וואָס דער טיגער האָט אַוועקגערויבּט.

— לאָזט מיר נאָר זיך צוקוקען, — האָט אויסגערופען אַ פרוי מיט שווערע קופּערנע רינגען אויף די פינגער פון די פיס און הענד, פערשטעלענדיג מיט דער האַנד די אויגען, כדי זי זאָל זיך בּעסער קאָנען צוקוקען.

— ריכטיג. עטוואָס דאַרער, נאָר אויגען האָט ער פּונקט אַזוינע ווי מיין יונגעל.

דער פּריעסטער איז געוועזען אַ מענש מיט פערשטאַנד און האָט געוואוסט, אַז מעסוא איז געוועזען די פרוי פון דעם רייַכסטען הירט אין גאַנצען געגענד. ער האָט דעריבּער אויפגעהויבּען אויף אַ קורצע

צייט די אויגען צו׳ם הימעל, און דאַן האָט ער געזאָגט פייערליך:

— דאָס, וואָס די וויסטע האָט צוגענומען, גיעט די וויסטע צוריק. נעהם דאָס דאָזיגע יונגעל צו זיך, מיין שוועסטער, און פערגעס נישט צו בעדאַנקען געהעריג דעם פריעסטער, וועלכער קאָן אַזוי טיעף דורכדרינגען די סודות פון מענשליכען לעבען.

— אין נאָמען פון אָקס, וועלכער האָט מיך אויסגעלעזט, — האָט מאָוגלי געזאָגט צו זיך, — הערענדיג די דאָזיגע רעדערייען, וואָלט איך געקאָנט מיינען, אַז איך בין ווידער אויף דעם בעראַטונגס־פעלזען, וואו די מתנה בעקוקט מיך. נאָר קוים בין איך אַ מענש, מוז איך זיך אויפפיהרען ווי אַ מענש.

אין דער מינוט, ווען די פרוי האָט מאָוגלי׳ן גענעבען אַ צייכען, ער זאָל געהן מיט איהר, האָט זיך די מאַסע גלייך צעשפרייט. די פרוי האָט מאָוגלי׳ן גלייך אַריינגעפיהרט אין שטיבעל, אין וועלכען עס איז געווען אַ בעט, געמאָלט אויף רויט, אַ גרויסער קאַסטען פון אויסגעברענט לייהם אויף צו האַלטען קאָרן, וואָס איז געווען בעפוצט מיט אַ מאָדנעם בולט־אויסגעשניצטען געמעלדע, ארום אַ האַלב טוץ קופערנע ראָנדלעס, אַ קליינע סטאַטועּ פונ׳ם גאָט אין אַ נישט גרויסער נישע אין וואַנד, און אויף דער וואַנד אַן אמת׳ער שפיעגעל, איינער פון יענע שפיעגלען, וואָס ווערען פערקויפט בשעת די דאָרפס־ירידען.

זי האָט איהם געגעבען אַ גרויסע גלאָז מילך מיט ברויט, און אַרויפלעגענדיג די האַנד אויף זיין קאָפּ, האָט זי איהם געקוקט אין די אויגען. זי האָט זיך געקלערט, אַז אפשר איז דאָס ווירקליך איהר זוהן, וואָס דער טיגער האָט אַוועקגערויבט און אַוועקגעטראָגען אין דער וויסטע, און איצט איז ער צו איהר צוריקגעקומען. און קלערענדיג אַזוי האָט זי איהם אָנגערופען מיט׳ן נאָמען:

— נאַדזו! נאַדזו!

נאָר מאָוגלי האָט מיט קיין צייכען נישט אַרויסגעוויזען, אַז ער קען דעם דאָזיגען נאָמען.

— צי דערמאָהנסטו זיך נישט, ווי איך האָב דיר געגעבען נייע שיכעלעך? — האָט זי געפרעגט. נאָר אַ קוק טהוענדיג אויף זיינע האַרטע פיס ווי האָרן, האָט זי שמערצליך אויסגערופען:

— ניין, אויף די פיס איז קיינמאָל קיין שיך נישט געווען! נאָר אַזוי ווי אין אַלעם דערמאָהנסטו מיך מיין נאַדזו, וועל איך

דיך האַלטען פאַר מײַן אײגענעם זוהן.

מאָוגלי האָט זיך געפּיהלט זעהר שלעכט, דען ער איז דאָס ערשטע מאָל אין לעבען געווען אונטער אַ דאַך; ערשט ווען ער האָט אַ קוק געטהון אויף דעם שטרויענעם פּולאָפּ, האָט ער זיך איבערצײַגט, אַז ער וועט קאָנען אין איהם מאַכען אַ לאָך, ווען עס וועט זיך איהם ווילען אַרויסקריכען אויף דרויסען, איבריגענס, דאָס פענסטער איז כלל נישט פערמאַכט געוואָרען.

דערנאָך האָט ער געזאָגט צו זיך: — וואָס קומט מיר אַרויס, וואָס איך בין אַ מענש, ווײַבאַלד איך פערשטעה נישט די מענשליכע שפּראַך. איצט בין איך דאָ אויך אַזוי הילפלאָז און שטום, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ מענש ביי אונז אין דער וויסטע. איך מוז מיך אויסלערנען רעדען ווי מענשען.

איצט איז איהם צונוץ געקומען דאָס, וואָס בשעת ער האָט געלעבט מיט די וועלף, האָט ער זיך אויסגעלערנט נאָכצומאַכען די אויסרופונגען פון די הירשען אין דער וויסטע און דאָס גרונצען פון די יונגע ווילדע שווײַנען. און אַזוי האָט מאָוגלי יעדען אויסדריק, וואָס מעסואַ האָט אַרויסגערעדט, ווידערהאָלט כמעט פּאָרוואורפס-לאָז, און נאָך אײדער די נאַכט איז אָנגעקומען, האָט ער שוין געקאָנט אָנרופען מיט זײַערע נעמען אַ גרויסע צאָהל זאַכען אין שטיבעל.

ווען עס איז אָנגעקומען די מינוט זיך צו לעגען שלאָפען, האָט אויסגעבראָכען אַ שטיקעל ככסוך, דען מאָוגלי האָט אין קיין פאַל נישט געוואָלט שלאָפען אַנ׳אַרעסטירטער אין שטיבעל, וואָס האָט איהם אינגאַנצען דערמאָהנט די נעץ פאַר פּאַנטערען, און בשעת מען האָט פערשלאָסען די טהיר, איז ער אַנטלאָפען דורכ׳ן פענ-סטער.

נאָר מעסואַ׳ס מאַן האָט געזאָגט:

— לאָז איהם צורוה. דו מוזט געדענקען, אַז ווי עס ווײַזט אויס איז ער נאָך קײנמאָל נישט געשלאָפען אין קיין בעט. אויב ער איז אונז ווירקליך צוגעשיקט געוואָרען אָנשטאָט אונזער זוהן, וועט ער פון אונז נישט אַנטלויפען.

מאָוגלי האָט זיך אויסגעצויגען אויף דעם פרײַען ריינעם גראָז בײַ׳ם ברעג פון פעלד, נאָר ער האָט נאָך נישט בעוויזען צוצו-מאַכען די אויגען, אַלס ער האָט דערפּיהלט, ווי עפּעס אַ גרויער

ווײַכער פּראָפעסאָר האָט זיך צוגעטוליעט צו זײַן געזיכט.

— פּע! — האָט אַ מורמעל געטהון דער גרויער ברודער (דער עלטסטער פון די קינדער פון דער וועלפּין דער מוטער). — עס האָט געלוינט צו לויפען נאָך דיר העכער צוואַנציג מײַל! מען פּיהלט שוין פון דיר טשאַד און שטאַל־ריח פּונקט ווי פון אַ מענשען. האַק אויף, ברודערל, איך ברענג דיר נײַעס.

— וואָס הערט זיך עפּעס גוטס אין דער ווּסטע? צי זענען אַלע געזונד? — האָט מאָוגלי געפרעגט, האַלטענדיג דעם וואָלף אין זײַנע אָרעמס.

— אַלע, אויסער יענע וועלף, וועלכע האָבען זיך אָבגעבריהט פון דער רויטער בלום. נאָר הער אויס. שער־האַן האָט זיך געלאָזט אויפ'ן געיעג ערגעץ ווײַט, וואַרטענדיג ביז דער פּוטער וועט איהם אָבוואַקסען, דען דו האָסט איהם אונגעהויער צוגעברענט; ער שווערט אָבער, אַז ווען ער וועט צוריקקומען, וועט ער דײַנע בײַנער דערטרינקען אין וואַינגוננאַ.

— אונז בײַדען בינדט אַ שבועה, דען איך האָב איהם אויך עפּעס צוגעזאָגט. נאָר ווי די מעשה איז, איז גוט איך זאָל וועגען אַלעם וויסען. הײַנט פּיהל איך מיך זעהר אויסגעמאַטערט דורך די דאָזיגע געשעהעניששען, נאָר געדענק, גרויער ברודער, מיר שטענדיג מיטצוטיילען, ווי עס וועט נאָר געשעהן עפּעס נײַעס.

— דו וועסט נישט פערגעסען, דאָס די ביזט אַ וואָלף? דו וועסט זיך נישט לאָזען אײַנרעדען פון די מענשען אונז צו פערגעסען? — האָט דער גרויער ברודער געפרעגט מיט אַ אונרוהיגע שטימע.

— קײַנמאָל. איך וועל שטענדיג געדענקען, דאָס איך מוז דיך ליעבען און אויך די איבעריגע אײַנוואָהנער פון גרוב, איך וועל אָבער אויך דאָס נישט פערגעסען, אַז איך בין אַרויסגעטריבען געוואָרען פון דער מחנה.

— ווער ווײַס, צי מען וועט דיך נישט אַרויסיאָגען אויך פון דער דאָזיגער אַנדערער מחנה! די מענשען זענען מענשען, ברודערל, און זײַער פּלאַפּלען האָט אַזאַ ווערט פּונקט ווי דאָס קוואַקען פון די פּרעש אין זומפּ. דאָס צווייטע מאָל, ווען איך וועל דיך בעזוכען, וועל איך וואַרטען אויף דיר צווישען די באַמבוסען אויפ'ן ברעג פון דעם פּאַשע־פּעלד.

די גאַנצע פאָלגענדע דריי מאָנאַטען איז מאָוגלי נישט אַרויסגעגאַנגען פון טויער פון דאָרף און האָט די גאַנצע צייט געווידמעט אויף צו ערלערנען די מענשליכע זיטען און אויפפיהרונגען. קודם כל האָט מען איהם געהייסען טראָגען אַ גורט אויף די לענדען, און דאָס האָט איהם אונגעהויער געשטערט; דערנאָך האָט מען איהם געלערנט צו דערקענען דעם ווערט פון געלד, וואָס ער האָט בשום אופן נישט געקענט פערשטעהן, און בעאַרבייטען די ערד, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר צוועקלאָז. די קליינע דאָרפישע קינדער פלעגען איהם שטענדיג צערייצען. דאָס גאַנצע גליק, וואָס די געזעצען פון דער וויסטע האָבּען איהם אויסגעלערנט איינצוהאַלטען דעם כעס, דען אין דער וויסטע איז דאָס לעבען און די נאַהרונג אָנבעלאַנגט נאָר פון קאַלטבלוטיגקייט; און דאָך, ווען די קינדער פלעגען לאַכען איבער איהם, וואָס ער פערדרעהט די ווערטער, אָדער זיי האָבען געשפּעט אויס איהם דערפאַר, וואָס ער האָט נישט ליעב זיך אָבצוגעבען מיט אַזוינע שפּיעלערייען, ווי צום ביישפּיעל לאָזען אַ פאַפּיערענע שלאַנג אין דער לופט, — דאַן פלעגט איהם אָנהאַפּען אַ שטאַרקער חשק זיך אַרויפצוואַרפען אויף די קינדער און זיי צעהאַקען די קעפּ — און כדי דעם דאָזיגען חשק צו פערשטיקען, האָט ער זיך געמוזט ווידערהאָלען, אַז פאַר אַ יעגער פּאַסט נישט צו טויטען קליינע נאַקעטע בעשעפעּנישען. וועגען זיין קראַפט האָט ער נישט געהאַט דעם מינדעסטען בעגריף. אין דער וויסטע, אין פערגלייך מיט די חיות, האָט ער זיך געפיהלט פאַר אַ שוואַכען, נאָר אין דאָרף האָבען די מענשען גערעדט, אַז ער איז שטאַרק ווי אַן׳אָקס.

וועגען דעם אונטערשייד, וואָס עס בילדען די קלאַסען צווישען מענשען, האָט ער אויך נישט געהאַט די מינדעסטע פאָרשטעלונג. ער פלעגט טיילמאָל העלפען די טעפּער אַרויסציהען פאַר׳ן וועדעל אַ עזעל, וועלכער האָט זיך אַריינגעגליטשט אין לייהם, אָדער אַיינלעגען צוזאַמען זייערע טעפּ, ווען זיי האָבען זיך געגרייט צו פאָהרען אויפ׳ן יריד אין האַניוואַראַ. דאָס איז געווען זעהר נישט פאַסיג, דען אַ טעפּער געהער צו דער ניעדעריגסטער קלאַס, הייגט בפרט נאָך זיין עזעל. נאָר ווען דער פריעסטער האָט איהם דאָס בעמערקט, האָט מאָוגלי איהם אַ זאָג געטהון, אַז ער וועט איהם אויך אַרויפזעצען אויף אַ עזעל, און דער פריעסטער האָט דעריבער געראַטען מעסואַ׳ס

מאַן, ער זאָל וואָס שנעלער אַרויסיאָגען דעם יונג צו דער אַרבייט. איין מאָל האָט דער הויפּט פון דערפעל וויסען געגעבען מאָוגלין, אַז פון מאָרגען אָן מוז ער אַרויספיהרען די ביפעלען אויף דעם פאַשע־פעלד און זיי היטען די גאַנצע צייט, וואָס זיי וועלען זיך פאַשען.

מאָוגלין איז די זאַך שטאַרק געפעלען געוואָרען. נאָך דעם זעלבען אָבענד, ווען ער האָט געהאַט די עהרע צו בעקומען אַ געזעלשאַפטליכע אַרבייט, איז ער צוגעגאַנגען צו אַ רעדעל מענשען, וועלכע פלעגען זיך יעדען טאָג פאַרנאַכטצייט פערזאַמלען אויפ׳ן געמויערטען ברוק אונטער דעם שאָטען פון אַ ברייטען פייגענבוים. דאָס איז געווען דער דאָרפס־קלוב, וועלכער האָט געהאַט די עהרע, עס זאָלען קו־ען צו איהם אויף צו שמועסען און רויכערן אַ ליולקע זיי דער הויפּט, דער אויפזעהער און דער באַרבירער, וואָס האָבען געוואוסט אַלע אָרטיגע רכילות׳ען, אַזוי אויך דער אַלטער בולדעאָ, דער דאָרף־שיצער, וועלכער האָט געהאַט אַנ׳אַלט־מאָדישען ביקס. די מאַלפּעס האָבען גאַלעגאָטשעט, העננענדיג אויף די אויבערשטע צווייגען, אין אַ נאָרע אונטער דעם ברוק האָט געוואָהנט די ברילען־שלאַנג, וועלכער מען האָט יעדען אָבענד דערלאַנגט אַ שיסעל מיט מילך, דען דאָס איז געווען אַ היילינע שלאַנג, און די אַלטע לייט זענען געזעסען אַרום און אַרום בוים, געפּלוידערט און געפּיפּקעט פון די לאַנגע לולקעס ביז שפּעט ביינאַכט. מען האָט דאָרט דער־צעהלט ערשטוינענדע געשיכטעס וועגען געטער, מענשען און רוחות, און בולדעאָ פלעגט דערצעהלען נאָך ערשטוינענדערע מעשות וועגען די זיטען פון די חיות אין דער וויסטע, אַזש די קינדער, וואָס זענען געזעסען אַביסעלע ערווייטערט פון ברוק, זענען אויסגעגאַנגען פון נייגיעריגקייט און ענטציקונג. דער גרעסטער טייל פון די מעשות איז געווען וועגען חיות, דען די דאָזיגע דאָרפסלייט האָט די וויסטע אָפּט אָנגעריהרט: דאָ האָט אַ דאַמהירש אָדער אַ ווילדער שווייַן זיי צעטרעטען די תבואות, דאָ האָט אַ טיגער אַוועקגערויבט אַ מענשען פאַרנאַכט־צייט פון נעבען דעם דאָרפס־טויער.

מאָוגלי, וועלכער האָט נאַטירליך געהאַט אַ שטיקעל ידיעה אין דעם אינהאַלט פון געשפּרעך, האָט זיך געמוזט פערשטעלען דאָס געזיכט, כדי מען זאָל ניט דערזעהן זיין געלעכטער, און נאָר זיינע אַקסלען האָבען געציטערט, ווען בולדעאָ, האַלטענדיג דעם ביקס אין דער לענג אויף די קניה, איז איבערגעגאַנגען פון איין גע־

שיכטע צו דער צווייטער, איינע וואונדערבאַרער פון דער אַנדערער.

דען בולדעאָ האָט ערקלערט, אַז דער טיגער, וועלכער האָט אַזוי עקזעקוטירט מעסואַ'ס זוהן, איז געווען אַ רוח, אַז אין איהם איז געזעסען אַ פערשאָלטענער גלגול פון דעם אַלטען פּראָצענטניק, וועלכער איז געשטאָרבען מיט עטליכע יאָהר צוריק.

— איך ווייס זיכער, אַז אַזוי איז עס, — האָט ער געזאָגט, — דען דער פּראָצענטניק פון דאַס האָט געהינקט אויף איין פוס, וועלכע מען האָט איהם צעבראָכען בשעת די אונרוהען, ווען מען האָט איהם אויך פערברענט אַלע רעכנונגס־ביכער. און אָט דער דאָזיגער טיגער, וועגען וועלכען איך רעד, הינקט אויך אויף איין פוס, ווי מען קאָן אַיינזעהן פון די נישט גלייכע שפורען פון זיינע לאַפּעס.

— ריכטיג, ריכטיג, אמת! — האָבען איינשטימיג בעשטעטיגט די בכבוד'יגע אַלטע לייט.

— די דאָזיגע גאַנצע געשיכטע איז אַ אויסגעטראַכטער פּוסטער ליגען, — האָט זיך מאָוגלי אָבגערופען. — דער דאָזיגער טיגער הינקט, ווייל ער איז געבאָרען געוואָרען אַ לאָהמער, דאָס ווייסען דאָך אַלע. זאָגען, אַז דעם פּראָצענטניק'ס נשמה איז מגולגל געוואָרען אין אַ חיה, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט אַפילו דעם מוט פון אַ שאַקאַל, דאָס איז אַ דיינע קינדערשע נאַרישקייט.

בולדעאָ האָט אַ ווײַלע פון גרויס ערשטוינונג קיין וואָרט נישט געקאָנט אויסרעדען, און דער הויפּט פון דאָרף האָט אויף מאָוגלי'ן אויסגעגלאָצט די אויגען.

— אַ, דאָס איז דאָס יונגעל פון דער ווילדער וויסטע? — האָט ענדליך בולדעאָ געזאָגט. — ווי באַלד דו ביזט אַזאַ קלוגער, טאָ פּרוב בעסער ברענגען דעם טיגער'ס פעל אין האַניוואַרא, דען די רעגירונג האָט בעשטימט אַ נאַגראַדע פון הונדערט רופּיען פאַר זיין קאָפּ... און נאָך בעסער וואָלט געווען, זאָלסט אינגאַנצען שווייגען, ווען עלטערע רעדען.

מאָוגלי איז אויפגעשטאַנען און אַוועקגעהענדיג האָט ער געזאָגט ווי צו זיך:

— אַ גאַנצען אָבענד האָב איך געהערט בולדעאָ'ס מעשות, און קוים איין מאָל אָדער צוויי מאָל איז איהם געלונגען צו זאָגען דעם אמת וועגען דער וויסטע, וועלכע ליעגט איהם אָט דאָ פאַר די אויגען.

אויב אַזוי, טאָ ווי קאָן מען גלויבען זיינע ערצעהלונגען וועגען געטער, מכשפות און רוחות, וועלכע ער האָט כלומר׳שט געזעהן?

בולדעאָ האָט אַזש אָנגעהויבען מאַפען פאַר כעס אונטער דעם איינדרוק פון מאָוגלי׳ס בעליידיגונג, און דער הויפט פון דאָרף האָט זיך אָבגערופען:

— עס איז שוין לאַנג צייט צו פערזאָרגען דעם דאָזיגען יונג צו׳ם פּאַשען די בהמות.

לויט דעם מנהג, וואָס איז איינגעפיהרט כמעט אין אַלע אינדישע דערפער, ווערען די סטאַדעס בהמות און ביפעלען אַרויסגעפיהרט גאַנץ פריה אויף די פּאַשע־פעלדער; עס בעגלייטען זיי גאַנץ קליינע פאַסטוכער, וועלכע פיהרען זיי אָב צוריק אין דאָרף גלייך ווי עס קומט אָן די נאַכט. די זעלבע חיות, וועלכע וואָלטען צעטרעטען אויף טויט יעדען ווייסען מענשען, לאָזען זיך שלאָגען, שטופּען און פיהרען פון קליינע קינדער, וואָס זייערע קעפּלעך דערגרייכען אָפט נישט ביז זייערע פּרעסערס. כל זמן די קינדער בלייבען נעבען די סטאַדעס, שטעהען זיי נישט אין קיין געפאַהר, דען אַפילו א טיגער וואַגט נישט צו בעפאַלען אויף א גרעסערע סטאַדע בהמות; ערשט ווען זיי צערווייטערען זיך, וועלענדיג אָנרייסען בלומען אָדער האַפּען א עקדיש, טרעפט, דאָס זיי ווערען אַוועקגערויבט. פאַרטאָג איז מאוגלי אַרויס דורך דאָס דאָרף־געסעל, זיצענדיג אויפ׳ן רוקען פון ראַמאַ, דעם גרעסטען אָקס פון דער סטאַדע; נאָך איהם האָבען זיך געצויגען איינער נאָכ׳ן אַנדער׳ן די אַש־פאַרביגע ביפעלען מיט די לאַנגע הערנער און מיט אַ ווילדען בליק, און מאוגלי האָט בנוגע צו די איבעריגע יונגלעך גלייך פערנומען די שטעלע פון אַנאָנפיהרער. בעפעהלענדיג איינעם פון די יונגלעך, מיט׳ן נאָמען קאַמיאַ, צו פּאַשען די בהמות און זיך נישט ערווייטערען פון די סטאַדעס, איז ער אַליין אַוועקגעגאַנגען מיט די ביפעלען ווייטער, טרייבענדיג זיי מיט אַ לאַנגע און גלאַטיגע באַמבוס־רוט.

די אינדישע פּאַשע־פעלדער זענען רייך אין פעלזען, בערגלעך, טהאָלען און קליינע גריבער, אין וועלכע די סטאַדעס צעשפּרייטען און בעהאַלטען זיך. די ביפעלען געפעלען שטאַרק די זומפּען, וואָס אין זייער וואַרעמער בלאָטע וואַלגערען זיי זיך און וואַרעמען זיך שטונדען־לאַנג. מאוגלי האָט זיי בעגלייט ביז׳ן עק פון׳ם פעלד, ביז צו׳ם אָרט, וואו די וואַינגונגאַ פליסט אַרויס פון דער וויסטע, דאָרט

איז ער אַראָבגעקראָכען פון ראַמאַ'ס רוקען און איז אַריינגעשפּרונגען אין אַ טהאָל, וואָס איז געוועזען אַרומגעוואַקסען מיט באַמבוסען, וואו ער האָט געפונען דעם גרויען ברודער.

— אַ, — האָט דער גרויער ברודער געזאָגט, — שוין פיעל טעג וואַרט איך דאָ אויף דיר. וואָס בעדייט דאָס, וואָס דו קומסט מיט אַ סטאַדע בהמות?

— מען האָט מיך אַזוי געהייסען. איך בין פאַרלויפיג דער דאָרפס־פּאַסטוך. וואָס הערט זיך וועגען שער־האַנ'ען

— ער איז געוועזען און האָט לאַנג געלויערט אויף דיר אין דיזע קאַנטען. איצט האָט ער זיך ווידער דערוויטערט, דען עס האָט איהם אויסגעפעהלט צו'ם רויב. נאָר ער וועט צוריקקעהרען, דען ער וויל דיך טויטען.

— אויסגעצייכענט, — האָט מאָוגלי געזאָגט. — כל זמן ער וועט זיין ווייט, זיץ דו, אָדער איינער פון די ברידער אויף אָט דעם דאָזיגען פעלזען, כדי איך זאָל קאָנען דערזעהן, אַרויסגעהענדיג פון דאָרף. קוים אָבער וועט ער צוריקקעהרען, וואַרט אויף מיר אין גרוב אוים'ן מיטען פעלד נישט ווייט פון דעם בוים דהאַק. איך האָב כלל נישט קיין חשק זיך אַליין אַריינצוואַרפען אין שער־האַנ'ס פּרעסער.

דערנאָך האָט זיך מאוגלי אויסגעזוכט אַ ווינקעל אין שאָטען, דאָרט האָט ער זיך געלעגט און איז איינגעשלאָפען, און די בי־פעלען האָבען זיך רוהיג געפּאַשעט אַרום איהם. דאָס פּאַשען בהמות געהער אין אינדיען צו די פוילסטע בעשעפטיגונגען. די אָקסען געהען איבער פון איין אָרט אויפ'ן אַנדער'ן, פליקען אַרוים דאָס פּאַשע, לעגען זיך און געהען ווידער איבער ערגיץ אַנדערש, און כמעט קיינמאָל ריטשען זיי נישט, נאָר פון צייט צו צייט מרוקען זיי אונטער. די ביפעלען רופען זיך נאָך זעלטענער אָב, און אַריינקריכענדיג איינער נאָכ'ן צווייטען אין די זומפּיגע פלוסען, פערגראָבען זיי זיך אינגאַנצען אין דער בלאָטע אַזוי, אַז פון דער הויך שטעקען אַרויס נאָר זייערע קעפּ מיט די גרויסע פּאָרצעלאַן־בלויליכע אויגען, און זיי ליגען אונבעוועגליך ווי די קלעצער. אונטער די ברענענדע זונען־שטראַהלען זעהען־אויס די פעלזען, ווי זיי וואָלטען געציטערט אין דער פאַנאַנדערגעברענטע אַטמאָספערע; נאָר דער גייער אַליין, וועלכער זעהט קוים זיך געזעהן אין דער הויך, פּייפט זיך שטיל

אונטער, נאָר די יונגלעך וויסען, אַז דער דאָזיגער גייער וואָלט זיך גלייך אַראָפּגעלאָזט, דורכשפּאַלטענדיג די לופט מיט די פליגלען, ווען איינער פון זיי וואָלט געשטאָרבען, אָדער ווען אַ קוה וואָלט געפאַלען; אַז דערנאָך וואָלט דער נאָהענטסטער גייער, וועלכער לויערט איינציגע מייל וויַיטער, דערזעהענדיג דאָס דאָזיגע אַראָפּלאָזען זיך, וואָלט ער אויך געקומען צו פליהען, ערוועקענדיג דאַדורך צום פליהען אויך זיין שכן, און אַז אויף אַזאַ אופן וואָלטען זיך אַרום דעם נאָך וואַרעמען קערפּער פערזאַמעלט, נישט וויסענדיג פון וואַנען, עטליכע צעהנדליגער אויסגעהונגערטע גייערס. די פּאַסטוכלעך שלאָפען, האַפּען זיך אויף און שלאָפען וויעדער איין; פלעכטען קוישלעך פון שילף־ראָהר און קלויבען אָן אין זיי סאַמעט־בלומען; האַפּען הייַשערעקלעך און צווינגען זיי צו קעמפּפען מיט איינאַנדער; פלעכטען האַלז־בענדער פון רויטע און שוואַרצע ניס, וואָס וואַקסען אין דער וויסטע; לויערן אויף די עקדישען, וואָס וואַרעמען זיך אויף די פעלזען, אָדער אויף די שלאַנגען, וואָס יאָגען זיך נאָך די פרעש אין די זומפען; זינגען ענדליך לאַנגע, לאַנגע ליעדער מיט מאָדנע טרילען אויפ׳ן סוף פון יעדער שורה, לויט דעם מנהג פון די דאָרטיגע מענשען, און איין טאָג וויַיזט זיך זיי אויס לענגער ווי אַנ׳אַנדערן דאָס גאַנצע לעבען. ציַיטענוויַיז בויען זיי אויס פון בלאָטע גאַנצע פּאַלאַצען און שטעלען אַרום זיי אַרום אויסגעקנעטענע פון דער זעלבער בלאָטע מענשען־פיגורען, פערד און ביפעלען, שטעקען אַריין די מענשען אין די הענד געוויקסע און צווייַגען, און שטעלען זיך פאָר, אַז דאָס זענען קעניגען אין דער שפּיץ פון מיליטער, אָדער געטער, וועלכע מען מוז אָפּגעבען כבוד. ענדליך קומט אָן דער אָבענד, די קינדער פערזאַמלען מיט אַ געשריי די סטאַדעס, די ביפעלען קריעכען אַרויס פון דער קלעפּיגער בלאָטע מיט אַ קנאַק, וואָס איז עהנליך צו די שאָסען פון אַ פּיסטאָלעט, וואָס הערען זיך איינער נאָכ׳ן אַנדערן, און אַלע ציהען זיך אין אַ לאַנגער שורה דורך דאָס דונקעלע פעלד צו די דאָרפס־ליכטעלעך, וואָס וואַקלען זיך פון דער וויַיטען.

טאָג ביי טאָג האָט מאָוגלי אַרויסגעטריבען די ביפעלען צו די זומפען; טאָג ביי טאָג האָט ער געזעהן אין אַ וויַיטקייט פון אַנדערהאַלבען מייל (ענגלישע) דעם רוקען פון גרויען ברודער אַלז

צייכען, אַז שער־האַן איז נאָך נישט צוריקגעקומען, און טאָג ביי טאָג, ליגענדיג אויפ'ן גראָז, האָט ער זיך צוגעהערט צו די גע־רוישען אַרום זיך און האָט געטרוימט וועגען דעם אַמאָליגען לע־בען אין דער וויסטע. אין די דאָזיגע לאַנגע שטילע פריה־מאָר־גענס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז ער וואָלט געקאָנט דער־הערען יעדעס שטרויכלען זיך פון שער־האַנ'ס הינקענדיגער לאַפּע, האָט ווייט אין דער וויסטע אויפ'ן ברעג פון וואַינגוונגאַ.

ענדליך אין אַ געוויסען טאָג האָט זיך דער גרויער ברודער שוין מעהר נישט געוויזען אויף דעם אָבגערעדטען אָרט. מאָוגלי האָט זיך צעלאַכט און האָט זיך געלאָזט מיט דער סטאַדע ביפע־לען אויפ'ן מיטען פון דעם פּאַשע־פעלד צו'ם טהאָל, וואָס נאָ־הענט נעבען איהם איז געשטאַנען דער צו'ם דהאַק, וועלכער איז אינגאַנצען געווען בעדעקט מיט רויטליך־גאָלדיגער בליהונג. דאָרט האָט ער געפונען דעם גרויען ברודער, ביי וועלכען יעדעס האָר איז געשטאַנען קאַפּויר אויפ'ן רוקען.

— ער האָט זיך בעהאַלטען אַ גאַנצען מאָנאַט, כדי שוואַ־כער צו מאַכען דיין וואַכזאַמקייט און פּאָרזיכטיגקייט. נאָר די לעצטע נאַכט איז ער דורכגעגאַנגען דורך די פעלדער אין דער בעגלייטונג פון טאַבאַקי און האָט נאָכגעשפּירט דיינע פרישע שפּו־רען, — האָט דער וואָלף געזאָגט, שווער אָטעמענדיג.

מאָוגלי, פערציהענדיג די ברעהמען, האָט געענטפערט:

— איך האָב נישט מורא פאַר שער־האַנ'ען, נאָר טאַבאַקי איז אַ היטרע חיה!

— אָ, האָב נישט קיין מורא פאַר קיין שום זאַך, — האָט דער גרויער ברודער געענטפערט, בעפּייכטענדיג לייכט מיט דער צונג זיינע ליפּען. — היינט ביי זונען־אויפגאַנג האָב איך זיך גע־זעהן מיט טאַבאַקי'ן, וועלכער בעשעפטיגט זיך איצט מיט אויס־לערנען די גייערס זיין קונסט. און ווי איך האָב איהם געסטראַ־שעט, אַז איך וועל איהם די ביינער צעברעכען, האָט ער מיר אַלץ מודה געווען: שער־האַן האָט בעשלאָסען צו לויערן אויף דיר אין אָבענד ביי'ם דאָרף־טויער, נאָר אויף דיר אַליין. דער־וויילע שלאָפט ער אין דעם גרויסען גרוב צווישען די קוסטעס אויף דעם אויסגעטריקענטען פלאַץ פון דער וואַינגוונגאַ.

— צי האָט ער היינט עפּעס געגעסען, אָדער ער וויל מאַ־

בעגן די יאַגד ניכטערנערהייד? — האָט מאָוגלי געפּרעגט, וויסענ-
דיג, אַז פון דעם ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע וועגדט זיך
זיין לעבען אָדער טויט.

— ער האָט גאַנץ פריה געטוידט אַ ווילדען שוויין... און
האָט געטרונקען אויך. פערגעס ניכט, אַז שער-האַן קאָן ניכט
פאַסטען אפילו דאַן, ווען ער וויל זיך נוקם זיין.

— אַה, שוטה, שוטה! אָט דאָס איז אַ נאַרישער הויר! געגע-
געסען און געטרונקען! און ער מיינט, אַז איך וועל וואַרטען, ביז
ער וועט זיך אויסשלאָפען! איז וואו, הייסט עס, ליעגט ער? ווען
דאָ וואָלטען נאָר געווען צעהן פון אונזערע, וואָלטען מיר שוין
דערגאַנגען צו איהם, כל זמן ער שלאָפט נאָך. נאָר די ביפעלען
ריהרען זיך ניכט פון אָרט, ביז מען ריהרט זיי ניכט פאַנאַנדער,
און איך קאָן ליידער ניכט זייער שפּראַך. אפשר וואָלט עס געגע-
לונגען איהם אַרומצורינגלען און אַריינגעהן פון יענער זייט, לויט
זיינע שפּורען, וואָס די ביפעלען וואָלטען געקאָנט דערשמעקען?

— אָ, ניין! ער איז שווימענדיג אַריבער איבער דער וואַינ-
גונגאַ און איז אַ לאַנגע צייט געשוואומען קעגען שטראָם, כדי עס
זאָל ניכט בלייבען קיין שפּורען פון איהם.

— דאָס האָט איהם געוויס טאַבאַקי געראַטען. איהם אַליין
וואָלט דאָס קיינמאָל אין קאָפּ ניכט געקומען.

מאָוגלי האָט זיך טיעף פערטראַכט, האַלטענדיג אַ פינגער
אין מויל.

— דער אויסגעטריקענטער פלאַץ פון דער וואַינגונגאַ קומט
אויס אַקעגען דאָס גלייכע פעלד אין אַ האַלבע מייל ווייט פון דאַ-
נען. איך וואָלט געקאָנט געהן אַרום דער וויסטע און דורכפיה-
רען די סטאַדע צום איינגאַנג אין גרוב, און דערנאָך, יאָגענדיג
זיי אין טהאָל אַראָב, פערניכטען אַלץ, וואָס זיי וועלען טרעפען
אויפ'ן וועג... נאָר ער וועט אַנטרונען ווערען פון דער אַנדערער
זייט... גרויער ברודער, צי וואָלסטו מיר ניכט געטהון אַ טובה,
צו צעטיילען די סטאַדע אויף צוויי טיילען?

— אַליין וואָלט איך זיך אפשר ניכט געקאָנט אַנ'עצה געגע-
בען, נאָר איך האָב דאָ ניכט ווייט אַ גוטען פריינד און דאָס —
ניכט אַבי וועמען.

דאָס רעדענדיג, האָט זיך דער גרויער ברודער שנעל ער-

זויַטעֶרט און איז פעֶרשוואונדעֶן געֶוואָרעֶן ערגעֶץ אין אַ לאָך. אין אַ ווײַלעֶ אַרום האָט זיך פון דעֶר דאָזיגעֶר לאָך אַרויסבעֶוויזעֶן אַ געֶוואַלדיגעֶר גרויסעֶר קאָפּ, וואָס איז מאָוגלי'ן געֶוועֶן זעֶהר גוט בעֶקאַנט, און אין דעֶר פעֶרשטויבטעֶר לופט האָט דורכגעֶקלונגעֶן דעֶר פורכטבאַרסטעֶר פון די אָבקלאַנגעֶן פון דעֶר וויסטעֶ: דאָס וואָיעֶן פון אַ וואָלף, וואָס האָט זיך אַרויסגעֶלאָזעֶן אויף דעֶר יאַגד אין סאַמעֶ מיטעֶן טאָג.

— אַקעֶלאַ, אַקעֶלאַ! — האָט מאָוגלי אויסגעֶרופעֶן, פּאַטשעֶנדיג מיט די העֶנד. — איך האָב מיך געֶדאַרפט ריכטעֶן, אַז דו וועֶסט וועֶגעֶן מיר נישט פעֶרגעֶסעֶן. מיר האָבעֶן נישט קיין קליינעֶ אַרבײַט אויפ'ן קאָפּ. אַקעֶלאַ, צעֶטייל די סטאַדעֶ אויף צווייעֶן. אויף איין זײַט די קיה און די קעֶלבעֶר, אויף דעֶר אַנדעֶרעֶר זײַט די אָקסעֶן און די אַרבײַטס-ביפעֶלעֶן.

בײדעֶ וועֶלף זעֶנעֶן דורכגעֶלאָפעֶן אין גאַלאָפּ דורך דעֶר סטאַדעֶ הין און צוריק, און די חיות, פאַרסקעֶ־דיג און אויפהויבעֶנדיג די קעֶפּ, האָבעֶן זיך צעֶטײלט אויף צוויי מחנות.

אויף איין זײַט די קיה, וועֶלכעֶ האָבעֶן זיך צוזאַמעֶנגעֶדריקט אַרום די קעֶלבעֶר, וואָס האָבעֶן זיך געֶשטופּט אין מיטעֶן, האָבעֶן געֶוואָרפעֶן מורא'דיגעֶ בליקעֶן און איבעֶרגעֶטרעֶטעֶן פון איין פוס אויף דעֶר אַנדעֶרעֶר, זײַעֶנדיג גרייט, אויב איינעֶר פון די וועֶלף וועֶט זיך פעֶרהאַלטעֶן אפילו אויף איין ווײַלעֶ, זיך אַרויפצוואַרפעֶן אויף איהם און איהם צעֶטרעֶטעֶן מיט די קאָפּיטעֶס; אויף דעֶר אַנדעֶרעֶר זײַט האָבעֶן די יונגעֶרעֶ און עֶלטעֶרעֶ אָקסעֶן אויך געֶפּאָרסקעֶט און צוגעֶטופּעֶט מיט די פיס, נאָר טראָץ זייעֶר פורכטבאַרעֶן אויסזעֶהן, זעֶנעֶן זיי דאָך געֶוועֶן פיעל וועֶניגעֶר געֶפעֶהרליך, דעֶן זיי האָבעֶן נישט געֶהאַט קיין קעֶלבעֶר צו בעֶשיצעֶן. דאָס פאַנאַנדעֶרבײלעֶן די סטאַדעֶ איז אויסגעֶפיהרט געֶוואָרעֶן אַזוי וואויל, אַז אפילו זעֶקס מעֶנשעֶן וואָלטעֶן דאָס נישט געֶקאָנט בעֶסעֶר מאַכעֶן.

— וואָס דאַרף מעֶן ווײַטעֶר טהון? — האָט אַקעֶלאַ געֶפרעֶגט פעֶרמאַטעֶרט. — זיי סטאַרעֶן זיך צו פעֶראייניגעֶן זיך נאָך אַמאָל.

מאָוגלי איז אַרויפגעֶשפּרונגעֶן אויף ראַמאָ'ס רוקעֶן און האָט אויסגעֶרופעֶן:

— יאָג די אָקסעֶן אויף לינקס, אַקעֶלאַ! און דו, גרויסעֶר ברודעֶר, ווען מיר וועֶלעֶן אָבגעֶהן, האַלט די קיה אין אָרדנונג און

צווינג זיי, זיי זאָלען אַרײַנגעהן אין גרוב!

— ווײַט? — האָט דער גרויער ברודער געפרעגט, עטעמענדיג שווער און נישט אויפהערענדיג צו בײַסען זײַך רעכטס און אויף לינקס.

— ביז צו דעם אָרט, וואו די ברעגען זענען אַזוי הויך, אַז שער־האַן וועט נישט קאָנען אַרויפקלעטערען אויף זיי! — האָט מאָוגלי אויסגערופען. — דאָרט פערהאַלט זיי, ביז מיר וועלען אָנ־קומען.

ווען אַקעלאַ האָט אָנגעהויבען בילען און יאָגען, האָבען די אָקסען זיך געריהרט פון זייער אָרט, און דער גרויער ברודער איז געשטאַנען כמעט אונטער די קעפּ פון די קיה. זיי האָבען זיך אויף איהם אַ וואָרף געטהון, נאָר ער איז אַנטלאָפען פאָרווערטס, און אַזוי האָט ער זיי געפיהרט צו'ם אײַנגאַנג צו אין גרוב אַרײַן. אונטערדערעסען האָט אַקעלאַ געטריבען די אָקסען ווײַט אויף לינקס.

— אויסגעצייכענט! נאָך איין מאָל אַזוי אָנדרינגען, און זיי וועלען שוין אַליין געהן ווי עס דאַרף צו זײַן... אויפמערקזאַמ־קײַט, אַקעלאַ, און איצט נעהם אין אַכט! אַ פּאָר מאָל אָנריהרען מיט די ציינער, און די אָקסען וועלען פליהען! הו־י־אַ! מיט זיי איז די זאַך זיכערער, ווי מיט נאָכיאָגען זיך נאָך אַנ'אַלטען הירש. דו האָסט אַוודאַי נישט גערעכענט, אַז אַזעלכע דיקע אָקסען זאָלען קאָנען לויפען אַזוי שנעל? — האָט מאָוגלי אויסגעשריען.

— אָ!... איך האָב אַמאָל געמאַכט יאַגד אויף זיי... זײַנער צײַט... — האָט אַקעלאַ אָבגעסאָפּעט צווישען די וואָלקענס שטויב.— צי איז שוין נישט צײַט זיי צו לאָזען צו טהון צו דער ווּיסטע צו?

— יאָ, יאָ, וואָס שנעלער! ראַמאַ ווערט אונזיניג פאַר צאָרן. אַה, ווען איך וואָלט איהם נאָר געקאָנט געבען צו פערשטעהן, וואָס איך פערלאַנג פון איהם הײַנט!

די אָקסען זענען אומגעדרעהט געוואָרען, דאָס מאָל אויף רעכטס, און זיי זענען אַרײַנגעלאָפען צווישען געדיכטע קוסטעס, צעשמעטערענדיג מיט אַ קנאַק די צווײַגען. די אַנדערע פּאַסטוכלעך, וועלכע האָבען זיך דערצו צוגעקוקט, שטעהענדיג ערווײַטערט אַ האַלב מײַל נעבען זייערע סטאַדעס, זענען מיט'ן גאַנצען כח אַוועק־געלאָפען אין דאָרף אַרײַן און האָבען געגעבען צו וויסען, אַז די בּיפעלען זענען משוגע געוואָרען און אַנטלאָפען. דערווײַל אָבער

איז מאָוגלי'ס פּלאַן געווען אַ גאַנץ איינפאַכער. אַרומלויפענדיג אַ גרויסען ראָד, האָט ער געוואָלט דערגעהן ביז צום אויבערשטען בּרעג פון גרוב, און יאָגענדיג דורכ'ן גרוב די גאַנצע סטאַדע, האָט ער געוואָלט פּאַקען שער־האַנ'ען צווישען די אָקסען און די קיה. ער האָט געוואוסט, אַז דער אָנגעפרעסענער און אָנגעטרונקענער טיגער וועט ניט זיין אימשטאַנד ניט צו קעמפפען, ניט אַרויפצו־קלעטערען אויפ'ן באַרג. איצט האָט ער מיט זיין שטימע בערוהיגט די בּיפעלען, ווערענד אַקעלאַ איז אונטערדעסען געבליבען וויט אויף הינטען און האָט זיך בענוגענט מיט אַ ביל טהון פון ציַיט צו ציַיט, כדי אויפצומונטערן די לעצטע רייהען. די גאַנצע סטאַדע האָט איצט געבילדעט אַ גאַנץ גרויסען האַלב־ראָד, דען עס איז געגאַנגען אין דעם, אַז ווען מען וועט שוין נאָהנט צוגעהן צום גרוב, זאָל מען שער־האַנ'ען ניט אויפוועקען פאַר דער ציַיט. ענדליך איז מאָוגלי'ן געלונגען צו פערזאַמלען די אונזיניג־געוואָרענע היות אויף דער לאָנקע, וואָס לאָזט זיך משופּעדיג אַראָב ביז צום סאַמע גרוב. עס איז דאָ געווען אַזוי הויך, אַז פון הינטער די שפּיצען פון די בוימער האָט מען געקענט דערזעהן דאָס גלייכע פעלד, וואָס ציהט זיך אין טהאָל, נאָר מאָוגלי האָט דערויף ניט געקוקט, נאָר ער האָט בעטראַכט די ברעגען פון באַרג. מיט דער גרעסטער בע־פריעדיגונג האָט ער זיך איבערצייגט, אַז די ווענד פון באַרג זענען געווען כמעט גלייכע, זענקרעכטע, און די צונויפגעפּלאָנטעטע וויין־געוויקסע, וואָס זענען געוואַקסען פון דער הויך ביז אונטען, האָבען דעם טיגער געמאַכט אונמעגליך צוצוקומען אַהין, ווען ער וואָלט וועלען דורך דאָרטען אַנטלויפען.

— איצט לאָז זיי זיך אָבּרוהען, אַקעלאַ, — האָט ער געזאָגט, אויפהויבענדיג די הענד אין דער הויך. — זיי האָבען איהם נאָך ניט דערשמעקט. זאָלען זיי זיך אויססאָפּען. איך מוז שער־האַנ'ען אָנזאָגען ווענען מיין וויזיט. מיר האָבען איהם אין דער נעץ.

ער האָט צוגעלעגט צו די ליפּען די הענד, וואָס זענען געווען איינגעלעגט אַזוי ווי אַ טרומייט, און האָט אַ געשריי געטהון טיעף אַראָב צו צום גרוב. די שטימע האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט אַזוי ווי אין אַ טונעל, און די וויעדער־קולות זענען אַריבערגעשטראָמט אַזוי ווי וועלען פון פעלזען צו פעלזען.

אין אַ לאַנגע וויילע אַרום האָט זיך געלאָזט הערען דאָס געצויגענע

און פערשלאָפענע מיאוּקען פון דעם אָנגעפּרעסענעם טיגער, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַפּט פון שלאָף.

— ווער רופט מיך? — האָט שער־האַן געשריען.

אין דער הויך, איבערן גרוב, האָט זיך דורכגעטראָגען מיט אַ געשריי אַ פּראַכטפולער פּפוי, קלאַפּענדיג מיט די פליגעל.

— דאָס בין איך, מאָוגלי. דו, קעלבער־רויבער, שוין צייט זיך צו לאָזען אויפ'ן בעראַטונגס־פעלזען! אַקעלאַ, שטופּ זיי אַראָב אונטען! אונטען אַראָב, ראַמאַ, אונטען!

די סטאַדע האָט זיך אַ ווײַלע אַוואַקעל געטהון אויפ'ן ברעג פון דער אַראָבהענגענדיגער משופּעקייט, נאָר ווי זי האָט דערהערט דאָס יעגער־וואָיען, וואָס אַקעלאַ האָט אַרויסגעגעבען מיט אַ פולער שטימע, האָט זי זיך אַלאָז געטהון אין גאַלאָפּ, פונקט ווי אַ דאַמפּף־שיף אויף אַ שנעלען וואַסער־שטראָם, פערשפּריצענדיג אַרום זיך זאַמד און שטיינדלעך. קוים האָט זי זיך שוין אַלאָז געטהון, האָט זי זיך שוין נישט געקאָנט אָבהאַלטען, און נאָך איידער זי איז אַרײַנגעפאַלען אויף שער־האַנ'ס געלעגער, האָט ראַמאַ דערשמעקט דעם טיגער און האָט אַ ריטש געטהון.

— אַהאַ! — האָט זיך מאָוגלי אָבגערופען, זיצענדיג אויף זײַן רוקען. — דו האָסט שוין ענדליך דערפיהלט, אין וואָס עס געהט.

אַ וועלע פון שוואַרצע הערנער, פרעסער פול מיט שוים און אָנגעשטרענגטע אויגען האָט זיך אַראָבגעקײַקעלט ווי אַ קנויל אי־בער דעם ברייטען גרוב, אַזוי ווי עס קייקלען זיך אַראָב פעלזען בשעת אַ וואַסער־פערפלייצונג, אָבשטויסענדיג צו די ברעגען די שוואַ־כערע אָקסען, וועלכע האָבען זיך געמאַכט אַ וועג, פערניכטענדיג די גראַזען און קוסטעס. זיי האָבען שוין איצט געוואוסט, אַז זיי מוזען אויספיהרען יענע מורא'דיגע אַטאַקע פון די ביפעלען, אַקעגען וועל־כער עס קאָן קיין טיגער נישט בײַשטעהן. ווי שער־האַן האָט דער־הערט דאָס קלאַפּען פון קאָפּיטעס, איז ער אויפגעשטאַנען און זיך שווערפעלטיג געשלעפּט צו'ם אונטערשטען אַרויסגאַנג פון גרוב, זו־כענדיג אויף רעכטס און אויף לינקס אַ בעקוועמערען פּלאַץ צו אַנטלויפען. נאָר די ברעגען זענען געווען גלײַכע, און דער שפּאָרער מאָהלצייט, און דאָס וואַסער, וואָס ער האָט זיך אָנגעטרונקען, האָבען איהם געמאַכט אונפעהיג זיך אָנצושטרענגען, כדי זיך צו פערטיידיגען. די סטאַדע איז אַרײַנגעפאַלען אין זומפּף, וואָס דער

טיגער האָט נאָר וואָס פערלאָזען, אָנפילענדיג מיט אונגעהויערע גוואַלדען דעם שמאָלען גרובּ ווי אַ קעסעל, און אויפ'ן צווייטען עק פון גרובּ האָבּען זיך געלאָזט הערען אַלס ענטפער אויך אַזעלכע גוואַלדען. מאָוגלי האָט דערזעהן, ווי שער-האַן האָט זיך פּלוצ-לונג אומגעדרעהט (דען ער האָט געוואוסט, אַז אין דער דאָזיגער פערצווייפעלטער לאַגע איז שוין בּעסער זיך צו שטעלען אַקעגען די בּיפּעלען, איידער אַקעגען די קיה מיט די קעלבּער), נאָר פּלוצ-לונג האָט זיך ראַמאַ אומגעשטרויכעלט, נאָר גלייך האָט ער זיך ווידער אַלאָז געטהון, צעקוועטשענדיג מיט די פיס עפּעס ווייכס, און אין דער שפּיץ פון די איבּעריגע אָקסען איז ער אָנגעפאַלען אויף דער צווייטער סטאַדע מיט אַזאַ אימפּעט, אַז די שוואַכערע אָקסען זענען געפאַלען פון די פיס. לויפענדיג אין אַזאַ אימפּעט זענען בּיידע סטאַ-דעס אַרויסגעשטופּט געוואָרען אויף דאָס גלייכע פעלד, וואו זיי האָבּען זיך הראָפּענדיג אָבּגעהאַלטען, אָנשטעלענדיג די הערנער און טופּענדיג מיט די פיס. מאָוגלי האָט אויסגעוואַרט בּיז אַ פּאַסיגער מינוט, און דאַן האָט ער זיך אַראָבּגערוקט פון ראַמאַ'ס רוקען און האָט אָנגעהויבּען שלאָגען מיט זיין שטעקען די הוית אויף רעכטס און אויף לינקס.

— אַקעלאַ, שנעלער, צענעהם זיי! צענעהם זיי, דען זיי וועלען זיך צעשטויסען מיט די הערנער! רוק זיי אָבּ, אַקעלאַ!.... האַי!... ראַמאַ! האַי. האַי, האַי!... מיינע קינדער... רוהיג איצט, רוהיג! אָט איז שוין נאָך אַלעם.

אַקעלאַ און דער גרויער בּרודער זענען דורכגעלאָפען דורך די בּיידע סטאַדעס, בּייסענדיג די בּיפּעלען אין די פיס; די סטאַדע האָט זיך מיט אַמאָל אינגאַנצען אומגעדרעהט, וועלענדיג זיך ווי-דער אַלאָז טהון בּארג אַרויף, נאָר מאָוגלי'ן איז געלונגען אויס-צודרעהען ראַמאַ'ן אין דער געהעריגער ריכטונג, און נאָך איהם האָבּען זיך נאָכגעצויגען אויך די איבּעריגע בּיפּעלען. שער-האַנ'ען האָט מען נישט געדאַרפט דערענדיגען הרגענען. אַרום איהם האָבּען זיך שוין גייערס פערזאַמעלט.

— געפּגר'ט ווי אַ הונד, בּרידער, — האָט מאָוגלי געזאָגט, אַרויסציהענדיג דעם מעסער, וועלכען ער האָט שטענדיג געטראָגען אין דער פּאַתוע, האַלטענדיג איהם פערבּונדען אויפ'ן האַלז, כל זמן ער האָט געלעבּט צווישען מענשען. — נאָר ער וואָלט אין

קיין פאַל זיך נישט געשטעלט קעמפפען. וואַהללאה! זיין פעל וועט שען אויסזעהן אויף דעם בעראַטונגס-פעלזען. מען דאַרף זיך געהמען צו דער אַרבייט, נישט פערליערענדיג קיין צייט.

אַ קינד, וואָס איז ערצויגען געוואָרען צווישען מענשען, וואָלט אפילו נישט געוואַגט אַ קלער צו טהון אָבצושינדען די פעל פון אַ צעהן-פיסיגען טיגער, נאָר מאָוגלי האָט זעהר גוט געוואוסט, אויף וואָס עס האַלט זיך די פעל פון אַ חיה און ווי מען דאַרף זי אָבשינדען. נאָר אַלענפאַלס איז דאָס געווען אַ אונגעהויער שווערע אַרבייט, און מאָוגלי האָט געשניטען, געצויגען און געהאָרעוועט אַ גוטע שטונדע, וועהרענד די וועלף זענען געשטאַנען און האָבען זיך צוגעקוקט מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער, און נאָר ווען ער האָט עס פערלאַנגט, זענען זיי צוגעגאַנגען און האָבען געהאָלפען ציהען די פעל. פּלוצלונג האָט עמיצענס האַנד זיך אַראָבגעלאָזט אויף זיין אַקסעל, און ווען ער האָט אויפגעהויבען די אויגען האָט ער הינטער זיך דערזעהן בולדעאָ'ן מיט'ן מושקעט. די קינדער האָבען אין דאָרף דערצעהלט, ווי די בּיפעלען זענען אונזיניג אַנטלאָפען, און בולדעאָ איז דעריבּער אַרויסגעלאָפען אין גרוים צאָרן, וועלענדיג גיך בע-שטראָפען מאָוגלי'ן דערפאַר, וואָס ער האָט שלעכט געהיט די סטאַדעס. די וועלף, דערזעהענדיג, ווי אַ מענש קומט אָן, האָבען זיך בעהאַלטען.

— וואָס איז דאָס גאָר פאַר אַ משוגעת! — האָט בולדעאָ אויסגערופען אין צאָרן. — רעדסטו זיך היינסט עס איין, אַז דו וועסט קאָנען איינער אַליין אָבשינדען די פעל פון אַ טיגער!... וואו האָבען איהם די בּיפעלען געהרגעט?... באַ, דאָס איז ער דאָך טאַקי דער לאָהמער טיגער, וואָס פאַר זיין קאָפּ האָט מען בע-שטימט הונדערט רופּיען... נו, שוין גוט, דאָס מאָל וועט דיך אויסמיידען דער שטראָף דערפאַר, וואָס דו האָסט פערלאָזט די סטאַדע, און עס קאָן נאָך זאָגאַר זיין, אַז דו וועסט בעקומען פון מיר איין רופּיע, ווען איך וועל אָבטראָגען די פעל קיין האַניוואַראַ.

ער האָט אַ זוך געטהון אין זיין גאַרטעל, אַרויסבעקומען פון דאָרטען אַ שטיינדעל און קרעמיען, און ער האָט זיך איינגעבויגען, וועלענדיג אָבברענגען שער-האָנ'ס וואָנסעס, ווי עס איז דער מנהג ביי דעם רוב פון די אינדישע יעגער, וועלכע טהוען דאָס, כדי עס זאָל זיי נישט בעזוכען דער רוח פון דער געטוידטער חיה.

— המ, המ! — האָט מאָוגלי געזאָגט ווי צו זיך אַליין, אַראָפּרייסענדיג די פעל פון איין לאַפע. — ווילסטו הייסט עס אָפּטראָגען די פעל קיין האַניוואראַ און בעקומען די נאַגראַדע, און מיר וועסטו געבען איין רופּיע? אָט וויל איך שוין בעסער איבערלאָזען די פעל פאר זיך. רוק זיך אָב מיט'ן פייער, אַלטער!

— ווי רעדסטו עפּעס צו דעם אָנפיהרער פון די דאָרפס-יעגער? אַ צופאַל און די נאַרישקייט פון די ביפעלען האָבען דיר געהאָלפען הרגענען די דאָזיגע חיה. דער טיגער איז געווען אָנגעפרעסען, ווען נישט דאָס וואָלט ער זיך איצט געשפּאַציערט אַ מייל צוואַנציג ווייט פון דאַנען. אפילו אָבשינדען איהם ווי עס דאַרף צו זיין קאָנסטו נישט, דו קליינער קבצן, און דו ער'וויבסט זיך צו רעדען צו מיר צו בולדעאָ'ן: „ברען איהם נישט אָב די וואָנסעס!“ מאָוגלי, דער-פאר וועסטו נישט בעקומען אַלס נאַגראַדע אפילו קיין אַנגע, נאָר דערפאַר וועל איך דיך אָבשמייסען ווי עס דאַרף צו זיין, און אַ סוף. צעשטעך מיר נישט די נבלה!

— אין נאָמען פון דעם אָקס, וועלכער האָט מיך אויסגע-לעזט! — האָט מאָוגלי אַ ברום געטהון, זיך נעהמענדיג צו דער לאָפּאַטקע, — צי דען מוז איך דעם גאַנצען פאַרמיטאָג אויסהערען די רעדערייען פון דער דאָזיגער מאַלפּע? אַקעלאַ, צו מיר! דער דאָזיגער מענש האָט מיך שוין דערעסען!

בולדעאָ, וועלכער איז נאָך אַלץ געווען איינגעבויגען איבער שער-האַנ'ס קאָפּ, האָט זיך פּלוצלונג דערזעהן אַנ'אויסגעצויגענעם אויפ'ן גראָז מיט אַ גרויען וואָלף, וועלכער איז איהם געלעגען אויף די פיס. און מאָוגלי האָט זיך ווייטער רוהיג געשונדען די פעל, אַזוי ווי אויסער איהם וואָלט אין גאַנץ אינדיען קיינער נישט געווען.

— אַזוי, אַזוי — האָט ער געזעדט דורך די ציינער. — ווירק-ליך, בולדעאָ, דו האָסט רעכט, דו וועסט מיר קיינמאָל נישט געבען אפילו קיין אַנגע פאַר אַ נאַגראַדע! איך האָב געהאַט פון לאַנג.... פון זעהר לאַנג אַ סכסוך מיט דעם דאָזיגען לאָהמען טי-גער, נאָר איך האָב געזיעגט!

מען מוז בולדעאָ'ן אָבגעבען רעכט, דאָס ווען ער וואָלט געווען יונגער מיט אַ יאָהר צעהן און וואָלט בעגעגענט אַקעלאַ'ן אין וואַלד, וואָלט ער זיך נישט אונטערגעגעבען אָהן אַ קאַמפּף, נאָר אַ וואָלף,

וואָס פאָלגט אַ קליינעם יונגעל, וואָס האָט וויעדער פערזענליכע סכסוכים מיט מענשען־פרעסענדע טיגערען, האָט נישט געקאָנט זיין קיין געוועהנליכע חיה. דאָס מוז זיין אַ כשוף, אַ צויבער, אָדער נאָך עפּעס ערגערס, האָט בולדעאָ געקלערט, און ער האָט זיך געשטעלט אַ פראַגע, צי די קמיעה, וואָס ער טראָגט אויפ׳ן האַלז, וועט זיין גענוג איהם צו בעשיצען? ער איז געלעגען נישט ריהרענדיג זיך אפילו און ערוואַרטענדיג, אַז אָט אָט וועט מאָוגלי אַליין פערוואַנדעלט ווערען אין אַ טיגער.

— מ אַ ה אַ ר אַ י אַ ה! גרויסער קעניג! — האָט ער ענדליך אַרויסגערעדט שטילערהייד און אונטערטעניג.

— וואָס אַזוינס? — האָט מאָוגלי שפּאָטיש געפרעגט, נישט אומדרעהענדיג דעם קאָפּ.

— איך בין אַלט. איך האָב נישט גערעכענט, אַז דו זאָלסט זיין עפּעס מעהר, ווי אַ קליינער פאַסטוכעל. צי וועסטו מיר ערלויבען אויפצושטעהן און אַוועקצוגעהן, אָדער דיין דיענער מוז מיך צורייסען?

— געה דיר בשלום. נייַדענק נאָר, אַז נאָך אַמאָל זאָלסטו נישט האָבען קיין פרעטענזיעס צו מיין רויב. לאָז איהם אָב, אַקעלאַ!

בולדעאָ איז, שטרויכלענדיג זיך, אַנטלאָפען צו׳ם דאָרף וואָס שנעלער, זיך אומקוקענדיג, צי איז שוין מאָוגלי אַמאָל נישט פערוואַנדעלט געוואָרען אין עפּעס אַ ווילדע חיה. גלייך ווי ער איז אָנגעקומען אין דאָרף, האָט ער אָנגעהויבען לאַנג און ברייט אַרומצורעדען וועגען כשוף, צויבער און נישט גוטע, וואָס האָט געצוואונגען דעם פריסטער צו מאַכען אַ הייסט ערנסטע מינע.

מאָוגלי האָט דערווייל פאָרטגעזעצט זיין אַרבייט, און דער אָבענד איז שוין אינגאַנצען אָנגעפאַלען, איידער עס איז איהם מיט דער הילף פון די צוויי וועלף געלונגען אָבצושינדען אינגאַנצען פון קערפער די גרויסע, פערבלוטיגטע פעל.

— איצט לאָ׳מיר דאָס בעהאַלטען און אָבפיהרען די ביפעלען. העלף מיר זיי צונויפצוזאַמלען, אַקעלאַ.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט די סטאַדע צוריקגעקעהרט אַהיים דורך די שאָטענס פון דער אָנפאַלענדער נאַכט. צוקומענדיג צום דערפעל, האָט מאָוגלי דערזעהן ליכטער, דערהערט אַ פייפעניש, שטימען פון מושעלן און אַ קלינגערײַ. אַמוועניגסטענס אַ העלפט

פון די דאָרפס־איינוואָהנער האָט אָבגעוואַרט בײַ'ם טויער זײַן צו־ריקקומען.

— דאָס איז דערפאַר, ווײַל איך האָב געטווידט שער־האַנ'ען! — האָט ער אַ טראַכט געטהון.

פלוצלונג האָט אַ האָגעל שטיינער איהם אַ פײַף געטהון פאַר די אויערן און ער האָט דערהערט די געשרייען פון די דאָרפס־לײַט:

— כשוף־מאַכער! וואָלפענזוהן! רוח פון דער וויסטע! טראָג דיך אָב! טראָג דיך גלײַך אָב פון דאַנען, אַז ניט וועט דיך דער פריעסטער ווידער פערוואַנדלען אין אַ וואָלף. שיעס, בולדעאָ, שיעס!

בולדעאָ האָט אַ שאָס געטהון מיט אַ גרויסען קנאַק, און גלײַך האָט איינער פון די יונגע ביפעלען אַ ריטש געטהון פון וועהטאָג.

— ווידער כשוף! — האָבען די דאָרפס־לײַט געשריען. — ער קאָן אָבשטויסען די קוילען! בולדעאָ... דאָס איז טאַקי דײַן ביפעל.

— וואָס בעדײַט דאָס אַלעס? — האָט מאָוגלי געפרעגט ער־שטוינט, ווען די שטיינער זענען געדיכט דורכגעפלויגען איבער זײַן קאָפּ.

— די דאָזיגע ברידער דײַנע שיידען זיך ניט פיעל אונטער פון די יעניגע פון דער מחנה, — האָט אַקעלאַ געענטפערט, זיך רו־היג בעזועצענדיג. — אויף וויפיעל איך פערשטעה די שפּראַך פון די קוילען, האָבען זיי השק דיך אַרויסצוטרײַבען.

— וואָלף! וואָלפענזוהן! טראָג דיך אָב! — האָט געשריען דער פריעסטער בעוועגענדיג מיט אַ צווײַגעל פון אַ הייליגען געוויקס, וואָס ווערט אָנגערופען טולסי.

— ווידער אַרויסטרײַבען? דעמאָלט דערפאַר, וואָס איך בין געווען אַ מענש. הײַנט ווידער דערפאַר, וואָס איך בין אַ וואָלף. געהען מיר אַלזאָ, אַקעלאַ!

עפּעס אַ פרוי (דאָס איז געווען מעסואַ) איז צוגעלאָפען צו דער סטאַדע, רופענדיג מיט אַ געוויין:

— מײַן זוהן, מײַן זוהן! זיי זאָגען, אַז די ביזט אַ כשוף־מאַכער, אַז דו קאָנסט, ווען דו דאַרפסט, פערוואַנדעלט ווערען אין אַ

היה. איך גלויב דאָס נישט, נאָר דאָך גײה אַוועק פון דאַנען, דען זיי וועלען דיך הרגענען. בולדעאָ זאָגט, אַז דו ביזט אַ כשוף־מאַכער, נאָר איך ווייס, אַז דו האָסט זיך נאָר נוקם געווען. נאַדזו!

— קעהר צוריק, מעסואַ! — האָט די מנַסע געשריען. — קעהר צוריק, אָדער מיר וועלען דיך פערשטיינען!

מאָוגלי האָט זיך צעלאַכט מיט אַ נישט גוטען טרוקענעם געלעכטער. איין שטיינדעל האָט איהם געטראָפען אין די ליפען.

— קעהר שנעל צוריק, מעסואַ! דאָס איז איינע פון יענע נאַרישע מעשות, וואָס זיי דערצעהלען זיך אונטערן גרויסען בוים, ווען די נאַכט קומט אָן. איך האָב זיך אַמווענינגסטענס נוקם געווען פאַר דעם טויט פון דיין זוהן! זײַ געזונד און איִל זיך צו, דען איך וויל זיי אָבשיקען די סטאַדע נאָך שנעלער, אײדער עס וועלען דערפליהען צו מיר זייערע שטיינער. איך בין נישט קיין כשוף־מאַכער, מעסואַ. זײַ געזונד!

— און איצט די לעצטע אָנשטרענגונג, אַקעלאַ! צווינג די סטאַדע צו לויפען.

די ביפעלען האָט מען נישט געדאַרפט צווינגען. ווי נאָר אַקעלאַ האָט אַ וואָיע געטהון, האָבען זיי זיך אַלאָז געטהון ווי אַ לאַווע דורך דעם טויער, צעטרייבענדיג די מאַסע אויף רעכטס און אויף לינקס.

— צעהלט זיי גוט אויס, צי האָב איך נישט איינעם פון זיי אַוועקגערויבט! — האָט מאָוגלי געשריען מיט פעראַכטונג. — צעהלט זיי גוט אויס, דען איך וועל שוין מעהר נישט זײַן קיין פאַסטוך אויף אײַערע פאַשע־פעלדער. זײַט געזונד, מענשען־קינדער, און דאַנקט מעסואַ'ן דערפאַר, וואָס איך פעריאָג אייך נישט מיט מײַנע וועלף פון אײַער איינענער גאַס.

ער האָט זיך אָבגעדרעהט און איז אַוועקגעגאַנגען אין דער בעגלייטונג פון דעם וואָלף דעם אײנזאַמען, און קוקענדיג אויף די שטערען, האָט ער זיך געפיהלט גליקליך.

— גענוג שוין מיר צו שלאָפען אין נעצען, אַקעלאַ! לאָמיר נעהמען שער־האַנ'ס פעל און לאָמיר געהן. ניין, מיר קאָנען דעם דאָרף קיין שלעכטס נישט טהון, דען מעסואַ איז געווען גוט צו מיר.

און ווען די לבנה איז אַרויסגעשוואומען, בעגיעסענדיג דאָס ברייטע פעלד מיט אַ מילך־בעלייכטונג, האָבען די ערשטוינטע און איבער־געשראָקענע אײנוואָהנער פון דאָרף דערזעהן פון ווײַטען מאָוגלי'ן

מיט צוויי וועלף הינטער זיך און מיט עפּעס אַ שווערע משא אויפ׳ן קאָפּ; ער איז געגאַנגען מיט יענעם רעגולערען לויפען פון אַ וואָלף, וואָס שלינגט אַיין די שטרעקע, ווי פייער. דאַן האָבען זיי אָנגעהויבען קלינגען מיט די גלעקער און בלאָזען מיט די מושעלן נאָך שטאַרקער ווי פריהער; מעסואַ האָט געוויינט, און בולדעאָ האָט וואָס אַ מאָל מעהר בעפּוצט זיינע שילדערונגען וועגען דער מעשה, וואָס האָט זיך איהם געטראָפען אין דער וויסטע, און ער איז שוין דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז דער וואָלף האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און האָט גערעדט צו איהם ווי אַ מענש.

די לבנה האָט שוין באַלד געהאַלטען ביי׳ם אונטערגעהן, ווען מאוגלי איז מיט די צוויי וועלף אָנגעקומען אונטער דעם בעראַטונגס־פעלזען און איז אַריינגעגאַנגען אין דעם גרוב פון דער וועלפין־מוטער.

— מען האָט מיך אַרויסגעטריבען פון דער מענשען־מחנה, מוטער! — האָט מאָוגלי אויסגעשריען. — נאָר איך קעהר צוריק מיט שער־האַנ׳ס פעל. איך האָב געהאַלטען וואָרט!

די וועלפין, די מוטער איז אַרויסגעגאַנגען מיט שנעלע טריט, און נאָך איהר איהרע קינדער. איהרע אויגען האָבען אויפגעלויכטען, ווען זי האָט דערזעהן די פעל.

— איך האָב דאָס איהם פאָראויס געזאָגט אין דעם טאָג, ווען ער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ און דעם קאַרק אין דעם דאָזיגען גרוב, פערלאַנגענדיג, מען זאָל דיך אַרויסגעבען, קליין פרעשעלע. איך האָב איהם געזאָגט, אַז אָנשטאָט יעגער וועט ער ווערען רויב. גוט האָסטו געטהאָן!

— גוט האָסטו געטהון, ברודערל! — האָט זיך אָבגערופען אַ טיעפע שטימע, וואָס איז אַרויסגעקומען פון צווישען די קוסטעס. — מיר האָבען זיך דאָ געפיהלט איינזאַם אין דער וויסטע אָהן דיר.

און באַגהיראַ האָט זיך אַניעדערגעוואָרפען צו מאָוגלי׳ס באָרוועסע פיס. זיי זענען אַלע צוזאַמען אַרויפגעקראָכען אויף דעם בעראַטונגס־פעלזען, מאוגלי האָט אויסגעשפרייט שער־האַנ׳ס פעל אויף אַ פלאַכען פעלזען, אויף וועלכען עס פלעגט געוועהנליך זיצען אַקעלאַ, און האָט זי צוגעשלאָגען מיט פיער באַמבוס שטעקלעך. דאַן האָט זיך אַקעלאַ געלעגט אויף דער פעל און האָט זיך אָבגערופען מיט זיין אַלטען אויסשריי צו דער מחנה: „קוקט זיך צו אויפמערקזאַם, וועלף!" — פונקט אַזוי ווי דעמאָלט, ווען מען האָט מאָוגלי׳ן צו׳ם ערשטען מאָל

געבראַכט אַהער.

פון דער מינוט, ווי אַקעלאַ איז בעזייטיגט געוואָרען פון דער מאַכט, איז די מחנה געבליבען אָהן אַ אָנפיהרער, געהענדיג אויף דער יאַגד און קעמפּפענדיג ווי איינער האָט געקאָנט. נאָר זויף דעם דאָזיגען אויפרוף האָבען אַלע געענטפערט, און אויף דעם בעראַטונגס־פעלזען האָבען זיך אָנגעהויבען צונויפקומען די וועלף, וואָס פיעל פון זיי האָבען געהינקט, נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך צעבראָכען די פיס אין די וואָלפען־נעצען, אַנדערע האָבען זיך געשלעפּט מיט דורכגעשאָסענע לאַפּעס, אַנדערע ענדליך האָבען געליטען פון קרעץ, וואָס איז אַרויסגעקומען פון נישט ריינער נאַהרונג, און פיעל האָבען אינגאַנצען געפעהלט. די, וועלכע זענען געבליבען לעבען, זענען אַלע געקומען אויף דעם בעראַטונגס־פעלזען און האָבען געקוקט אויף שער־האַנ'ס פעל, וואָס איז געווען אויסגעצויגען אויפ'ן פעלזען, און אויף די מורא'דיגע נעגעל, וואָס זענען געהאַנגען אויף די עקען פון די אויסגעלעדיגטע און הענגענדע לאַפּעס.

— קוקט זיך צו אויפמערקזאַם, וועלף! צי האָב איך נישט געהאַלטען וואָרט? — האָט מאוגלי געזאָגט.

און די וועלף האָבען אָבגעבילט אויף יאָ; און איינער פון זיי, אינגאַנצען פערוואונדעט, האָט אָנגעהויבען וואָיען:

— אַקעלאַ, זיי ווידער אונזער אָנפיהרער! און דו, קליינער מענש, לייט אונז און פיהר אונז אויך — דען מיר וועלען אונטערגעהן, לעבענדיג לאַנג אָהן געזעצען. מיר ווילען ווידער ווערען אַ פרייע פאָלק.

— ניין, — האָט אַ ברום געטהון די פּאַנטערין, — דאָס קען נישט זיין. ווען איהר וועט זאַט, וועט איהר ווידער ברייט אָנצומאַכען אונאָרדנונגען. נישט אומזיסט האָט מען אייך אַ נאָמען געגעבען: פריי פאָלק; איהר האָט געקעמפּפט פאַר דער פרייהייט און איהר האָט זי בעקומען. איצט זאָל זי אייך שפּייזען!

— די מענשען־מחנה און די וואָלפען־מחנה האָבען מיך אויסגעשטויסען פון זיך, — האָט מאָוגלי געזאָגט. — איך וועל דערביבען אַליין אַרומגעהן אין דער וויסטע און מאַכען די יאַגד!

— און מיר וועלען דיר נאָכגעהן! — האָבען אויסגעשריען פיער וועלפעלעך.

מאוגלי האָט זיך ערוועכ...רט און פון דער מינוט אָן האָט ער

גֶעמאַכט דִי יאַגד אִין דעֶר ווִיסטעֶ צוזאַמעֶן מִיט פִיער ווֶעלפּעֶלעֶך. נאָר עֶר אִיז נִישט גֶעבּלִיבּעֶן אוֹיף עֶבִּיג אַיינזאַם, דעֶן אִין עֶטלִיכעֶ יאָהר אַרוּם אִיז עֶר גֶעוואָרעֶן אַ מאַנספּעֶרזאָן און האָט החתונה גֶעהאַט.

נאָר דאָס אִיז שוֹין אַ גֶעשִיכטעֶ פאַר דעֶרוואַקסעֶנעֶ.

---



# מאָוגלי'ס הימנוס,

וואָס ער האָט געזונגען אויף דעם בעראַ-טונגס-פעלזען, טאַנצענדיג אויף שער-האַנ'ס פעל.

---

דאָס איז דער געזאַנג פון מאוגלי. — איך, מאוגלי, זינג. — זאָל הערען די גאַנצע וועלט, וואָס פאַר אַ טהאַטען איך האָב אויפגעטהון.

שער-האַן האָט געסטראַשעט, דאָס ער וועט טויטען, דאָס ביי'ם טויער אין דער אָבענד-דונקעלהייט ועט ער טויטען מיך, מאוגלי-פראָשעלע'ן.

ער האָט געגעסען און געטרונקען. טרינק לאַנג, שער-האַן, דען ווען וועסטו דערנאָך טרינקען? איצט שלאָף און טרוים וועגען דיין רויב.

איינער אַליין בין איך אויף די פאַשע-פעלדער. קום צו געהן, גרויער ברודער! קום אויך דו, איינזאַמער! אויף אַ שטאַרקע חיה וואַרט אויף אונז היינט אַ יאַגד!

פערזאַמעלט די גרויסע ביפעלען און אָקסען מיט דער בלוי-ליכער פעל און מיט'ן אונזיניגען בליק. פיהרט זיי אַהער און אַהין, אַזוי ווי

איך װעל בּעפעהלען. שער־האַן, דו שלאָפסט נאָך! שטעה אױף, אַה, שטעה אױף! אָט קום איך, און די אָקסען געהען נאָך מיר.

ראַמאַ, דער קעניג פון די אָקסען, צעזעצט די ערד מיט דער קאָפּיטע. איהר, װעלען פון װאַינגונגאַ, צי האָט איהר נישט געזעהן שער־האַנ׳ען?

ער איז דאָך נישט קײן סאַהי, ער זאָל זיך קאָנען אין אַ גרוב פערגראָבען, ער איז דאָך נישט מאָר, דער פּראַכטפוילער פויגעל, ער זאָל קאָנען אין די לופט אװעקפליהען.

ער איז דאָך נישט מאַנג, די פלעדערמױז, ער זאָל קאָנען בּלײַבען הענגען אױף אַ צװײַג.

זאָגט, איהר יונגע רױשענדע בּאַמבּוסען, װאו האָט זיך אַהינגעטהון שער־האַן?

אָאו! ער איז דאָ! אַהוּוּ! ער איז דאָ! אונטער ראַמאַ׳ס קאָפּיטעס ליעגט דער לאָהמער טיגער. שטעה אױף, שער־האַן! שטעה אױף און מאָרד! דאָס רױב איז פאַר דיר; דרעה אָב די אָקסען דעם קאַרק!

שאַ: ער שלאָפט. לאָ׳מיר איהם נישט װעקען, דען זײַן קראַפט איז גרױס. די גײַערס האָבען זיך אַראָבגעלאָזען, אום זיך צוצוקוקען צו איהר פון דער נאָהנטען. שװאַרצע מוראַשקעס זענען אַרױסגעקומען אין דער הױך, אום זיך מיט איהר צו בּעקענען. עס פערזאַמעלט זיך אַ פײַנע געזעלשאַפט פון זײַן כּבוד װעגען.

אַללאַלאַ! איך האָב מיך נישט אין װאָס אײַנצוהילען. די גײַערס װעלען דערזעהן, דאָס איך בּין נאַקעט. איך שעם מיך צו בּעגעגענען זיך מיט זײ אַלעמען!

לײַה מיר אַ קלײד, שער־האַן! לײַה מיר דײַן שרײַענד־העלע קלײד מיט די פלאַמענדיגע פּאַסען, דען איך װיל מיך לאָזען געהן אױף דעם בּעראַטונגס־פעלזען.

אין נאָמען פון דעם אָקס, װאָס האָט מיר לעבען געגעבען, איך האָב אַ נדר געטהון. עס פעהלט מיר דײַן קלײד, אום װאָרט צו האַלטען.

מיט אַ מעסער אין דער האַנד, מיט אַ מעסער, װאָס מענשען בּענוצען, מיט אַ יעגער־מעסער אין דער האַנד, בּויג איך מיך אײַן צו נעהמען דאָס, װאָס געהער מיר.

איהר, װעלען פון װאַינגונגאַ, קוקט, װי שער־האַן גיעט מיר

אָב זײַן קלייד, דען ער ליבט מיך. ציה, גרויער ברודער! ציה, אַקעלאַ! שווער איז שער־האַנ׳ס פעל!

די מענשען־מחנה צאָרנט. זיי וואַרפען שטיינער און פלודערען ווי קינדער. בלוט רינט פון מײַנע ליפען. איך געה אַוועק.

אין אַ הייכע לאַנגע נאַכט לויפט מיט מיר שנעל, ברידער. לאָמיר פערלאָזען די דאָרפס־וואָהנונגען און לאָמיר געהן אין די זייט, וואו די לבנה געהט אונטער.

איהר, וועלען פון וואַינגונגאַ! די מענשען־מחנה האָט מיך אַרויסגעטריבען. איך האָב זיי קיין שלעכטס נישט געטהון, און דאָך האָבען זיי מורא פאַר מיר. פאַרוואָס?

דו, וואָלפען־מחנה, דו האָסט מיך אויך אַרויסגעטריבען. די ווילדע איז פאַר מיר פערשלאָסען, דער דאָרפס־טויער אויך. פאַרוואָס?

אַזוי ווי מאַנג הענגט צווישען חיות און פויגעל, אַזוי הענג איך צווישען דאָרף און ווילדע. פאַרוואָס?

איך טאַנץ אויף שער־האַנ׳ס פעל, נאָר אויפ׳ן האַרצען איז מיר שווער. די דאָרפס־שטיינער האָבען מיר געטראָפען אין געזיכט און עס פערוואונדעט. נאָר אויפ׳ן האַרצען איז מיר לײַכט, דען איך בין צוריקגעקומען אין די ווילדע. פאַרוואָס?

איינס און דאָס אַנדערע קעמפפט אין מיר, אַזוי ווי עס קעמפפען די שלאַנגען מיט זיך אין פריהלינג. וואַסער שטראָמט פון מײַנע אויגען, און די ליפען לאַכען. פאַרוואָס?

צוויי מאָוגלי׳ס זענען דאָ אין מיר, נאָר שער־האַנ׳ס פעל ליעגט אונטער מײַנע פיס. די גאַנצע ווילדע ווייס, אַז דאָס האָב איך געטויט שער־האַנ׳ען. קוקט זיך צו אויפמערקזאַם, וועלף!

אַהוו! אויפ׳ן האַרצען איז מיר שווער פון עפּעס, וואָס איך פערשטעה נישט.

---



# ריקי־טיקי־טאַווי.

פאַר דער שלאַנגען־נאָרע ניך
רויט די אויגען שטעלט ער זיך;
רויט די אויגען רופט ער: וואַג
מיט דעם טויט צו קעמפּפען, נאַג!

אויג אָן אויג און קאָפּ ביי קאָפּ;
(שנעלער דרעה דיך, נאַג!)
אָט דאָס איז אַ טאַנץ, אַ האָפּ!
(רעכטס אָב, לינקס קריך, נאַג!)

פון אונז איינער שטאַרבט געוויס;
(אָט איך שפּרינג שוין, נאַג!)
קאָלפּאַק־טרעגער, וועה דיר איז!
(ס'איז נאָך דיר שוין, נאַג!)

דאָס איז די געשיכטע פון דעם גרויסען קאַמפּף, וואָס ריקי־טיקי־טאַווי האָט איינער אַליין אויסגעפיהרט אין די באַדע־צימערען פון דער גרויסער ווילע אין אומגעגענד סעגאָולי. געהאָלפען האָט איהם דאַרזי, דער שניידער־פויגעל, און הוהונדרע, די ביזאַם־ראַטע (קריסאַ), וועלכע רוקט זיך קיינמאָל נישט אַרויס אויפ'ן מיטען פון דער פּאָדלאָגע, נאָר לויפט שטענדיג דורך נאָר איבער דער לענג פון די וועגד, האָט איהם עצות געגעבען, נאָר געקעמפּפט האָט ריקי־טיקי איינער אַליין.

דאָס איז געווען אַ איהנעאומאָן *), וואָס לויט זיין פעל און חעדעל איז ער עהנליך געווען צו אַ קליינער קאַץ, נאָר מיט דער פאָרם פון זיין קאָפּ און מיט זיינע זיטען האָט ער גיכער דערמאָהנט אַ ווייזעל. אויגען האָט ער געהאַט בלייך־ראָזיגע, און אַזוי איז אויך געווען דאָס שפּיצעל פון דעם אונרוהיגען נעזעל; ער האָט געקאָנט קלעטערן, וואו איהם האָט זיך פערוואָלט, מיט וועלכער עס איז פון די פאָדערשטע אָדער הינטערשטע לאַפּקעס אָהן אונטערשייד; ער האָט געקאָנט אָנבלאָזען דעם וועדעל אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט בעקומען די פאָרם פון אַ בערשטעל אויסצוריינינגען דאָס אינערע פון אַ פלעשעל, און זיין קאַמפּף־געשריי, ווען ער האָט געפּאַנגען די מייז אין דעם הויכען גראָז, האָט געקלונגען: ריקק־טיקק־טיקק־טיקקי־טיקקי־טרזק!

אין אַ געוויסען טאָג האָט די זומערדיגע וואַסער־פערפליייצינג בעגאָסען די נאָרע, אין וועלכער ער האָט געלעבט מיט די עלטערן, און האָט איהם אַוועקגעטראָגען, וועהרענד ער האָט געצאַפּעלט מיט די לאַפּקעס און זיך געשטיקט, איבער דער לענג פון דעם קאַנאַל ביי'ם וועג. אַלס ער האָט אויפ'ן וועג אָנגעטראָפען אַ שווימענדעס, נישט גרויסעס בערגעל גראָז, איז ער דערויף אַרויפגעקראָכען און געפאַלען אין הלשות. ווען ער איז צו זיך געקומען, איז ער געלעגען אונטער דער היץ פון דער זון אויפ'ן מיטען פון אַ גאָרטען־אַלעע, אין אַן אמת'דיג טרויעריגען צושטאַנד, און עפּעס אַ קליין יונגעל האָט גערעדט:

— אַה, דאָס איז אַ טויטער איהנעאומאָן. מען דאַרף איהם בעגראָבען.

— ניין, — האָט די מוטער געענטפערט. — מיר וועלען איהם נעהמען און קודם כל אויסטריקענען. אפשר איז ער נאָך נישט געשטאָרבען אינגאַנצען.

מען האָט איהם אַריינגענומען אין שטוב, וואו עפּעס אַ מאַנס־פּערזאָן האָט איהם אָנגענומען מיט צוויי פינגער און געזאָגט, אַז ער איז נישט טויט, נאָר האַלב דערשטיקט. מען האָט איהם דעריבער איינגעוויקעלט אין וואַטע און דערוואַרעמט, ביז ער האָט ענדליך געעפענט די אויגען און אַ ניעס געטהון.

---

*) אזא היה'לע. וואס פערניכטעט שלאנגען. פרעש, מייז און אייער פון קראָקאָדילען.

— און איצט, — האָט דער מאַנסגערהאַן געזאָגט (דאָס איז געווען אַ ענגלענדער, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס בעזעצט אין דער ווילע), — שרעקט איהם נישט איבער; אָט וועלען מיר זעהן, וואָס ער וועט טהון.

עס איז נישט אַזוי לייכט איבערצושרעקען אַ איהנעאומאָן, וואָס די נייגיעריגקייט בעהערשט איהם פון נעזעל ביז'ן וועדעל. דאָס שפּרוכוואָרט פון זיין גאַנצע פאַמיליע איז: „זוך, ווייסטו געפינען", און ריקקי־טיקקי האָט זיך נישט אונטערגעשיידט פון די איבעריגע איהנעאומאָנען. ער האָט בעקוקט דעם קנויל וואַטע, און אַלס ער האָט בעשלאָסען, אַז דאָס איז נישט גוט צום עסען, איז ער אַרומגעלאָפען אַרום טיש, זיך צוגעזעצט, כדי זיך אויסצוגלעטיגען דאָס פוטערל און זיך אויסצוקראַצען, און ענדליך איז ער אַרויפגעשפּרונגען דעם יונגעל אויפ'ן אָרעם.

— האָב נישט מורא, טאַדעאוס, — האָט דער פאָטער געזאָגט, — דאָס איז ביי איהם אַזאַ שטייגער צו שליסען בעקאַנטשאַפט.

— אי, ער קיצעלט מיך אונטער'ן באָרד! — האָט טאַדעאיס אויסגערופען.

ריקקי־טיקקי האָט אַריינגעקוקט דעם יונגעל הינטער'ן קאָלנער, איהם אַ שמעק געטהון ביי'ם אויער, דאַן האָט ער זיך אַראָבגעלאָזט אויף דער ערד, זיך צוגעזעצט און זיך געריבען די נאָז.

— אַליעב בעשעפעניש'על, — האָט זיך אָבגערופען טאַדעאוס'עס מוטער. — און דאָס רופט מען אָן אַ ווילדע חיה! איך רעכען, אַז ער איז אַזוי מוטיג דערפאַר, ווייל מיר זענען געווען גוט צו איהם.

— אַלע איהנעאומאָנען זענען אַזוי, — האָט איהר דער מאַן געענטפערט. — זאָל נאָר טאַדעאוס איהם נישט ציהען פאַר'ן וועדעל און זאָל ער נאָר נישט פּרובען איהם פערשליסען אין אַ קליאַטקע, וועט ער אַרומלויפען פון פריה ביז נאַכט איבער דער גאַנצער שטוב. נאָר מען דאַרף איהם עפּעס געבען צו עסען.

ער האָט בעקומען אַ שטיקעל רויהע פלייש, וואָס האָט איהם זעהר גוט געשמעקט, און אַלס ער האָט געענדיגט דאָס מאָהלצייט איז ער זיך אַרויסגעגאַנגען אויף דער וועראַנדע, זיך געזעצט אויף דער זון און האָט אויסגעשטעלט שטיף זיין וואָל, כדי אויסצוטריקענען יעדעס הערעל ביז צום סאַמע וואָרצעל. דאַן איז איהם לייכטער געוואָרען.

— אין דעם דאָזיגען איינציגען הויז איז פערהאַן מעהר זאַכען

צו פאַרשען, — האָט ער געזאָגט צו זיך, — ווי מײַן גאַנצע פאַ־מיליע האָט געקאָנט געפינען איהר גאַנץ לעבען ; איך וועל דערינבער בלײַבען און וועל פאָרשען.

דעם גאַנצען טאָג איז ער אַרומגעלאָפען איבער דער שטוב. אין די באַדע־רעהרען איז ער שיער נישט דערטרונקען געוואָרען, אויפ'ן שרײַבטיש האָט ער זיך אַײנגעשמירט די נאָז מיט טינט און האָט די זעלבע נאָז אָבגעבריהט בײַ'ם עק פון אַ ציגאַר, ווען ער איז אַרויפגעקראָכען דעם מאַנספערזאָן אויף די קניה, כדי אַקוק צו טהון, ווי שרײַבט מען עס. ווי די נאַכט איז אָנגעקומען, איז ער אַרײַנגעלאָפען אין טאַדעאוס'עס שלאָפצימער, זיך צו צוקוקען, ווי אַזוי מען צינדט אָן אַ נאַפט־לאָמפּ, און ווען טאַדעאוס האָט זיך געלעגט שלאָפען, איז ריקקי־טיקקי אַרויפגעקראָכען צו איהם אין בעט. נאָר ער איז געווען אַ אונרוהיגער חבר, דען די גאַנצע נאַכט האָט ער געמוזט אויפ־שפרינגען בײַ יעדען מינדעסטען געריוש, און אויספאָרשען, פון וואַנען עס נעהמט זיך. ווען טאַדעאוס'עס עלטערן זענען געקומען אַקוק טהון אויף איהם דאָס לעצטע מאָל פאַר'ן שלאָפען געהן, האָבען זיי געטראָפען ריקקי־טיקקי'ן ליעגענדיג וואַך אויף דער קישען.

— דאָס געפעלט מיר כלל נישט, — האָט טאַדעאוס'עס מוטער געזאָגט. — ער וועט מיר נאָך אַ בײַ'ם טהון דאָס יונגעל.

— קײנמאָל אין לעבען, — האָט דער פאָטער געענטפערט. — מיט דעם דאָזיגען קלײנינקען בעשעפעניש'על איז טאַדעאוס זיכערער, ווי עס וואָלט איהם אָבגעהיט אַ שפּירהונד. זאָל זיך נאָר איצט אַרײַנ'גנב'נען אין צימער אַ שלאַנג...

נאָר טאַדעאוס'עס מוטער האָט אַפילו נישט געוואָלט הערען אַזעלכע שרעקליכע זאַכען.

אויף צו מאָרגענס אין דער פריה איז ריקקי־טיקקי געקומען אויף דער וועראַנדע צו'ם פריהשטיק, זיצענדיג אויף טאַדעאוס'עס אָרעם ; מען האָט איהם געגעבען אַ שטיקעל באַנאַן און צוויי געקאָכטע אײער, און ער האָט זיך איבערגעזעצט פון אײן פאָר קניה אויף דער צווײטער, דען יעדער גוט־ערצויגענער איהנעאומאָן ריכט זיך שטענדיג דערויף, אַז ער וועט ווערען אַ הויז־איהנעאומאָן און וועט קאָנען אַרומלויפען איבער די צימערן, און נאָך אַ צײַט פריהער האָט ריקקי־טיקקי'ס מוטער (וועלכע האָט אַמאָל געוואָהנט אין גע־נעראַל'ס הויז אין סעגאָול) איהם זאָרגפעלטיג אויסגעלערנט אַלץ,

דאָס ער האָט צו טהון, אויב ער וועט בעגעגענען ווײַסע מענשען.
דערנאָך האָט ריקקי־טיקקי זיך געלאָזט געהן אין גאָרטען, אום צו זעהן אַליך, וואָס דאָרט איז דאָ צו בעקוקען. דאָס איז געווען אַ גרויסער גאָרטען, וואָס נאָר אַ העלפט פון איהם איז בעאַרבייט געוואָרען, פול מיט שטרויכען פון מאַרעשאַל־ניעל־ראָזען, וואָס זענען געווען גרויס ווי אַלטאַנען, בעוואַקסען מיט לינדען־און פּאָמע־ראַנצען־בוימער, מיט קוסטעס פון באַמבוסען און מיט געדיכטע גרויסע גראָזען.
— אַנ׳אויסגעצייכענט אָרט פאַר יאַגד, — האָט ריקקי־טיקקי געזאָגט, זיך בעלעקענדיג, און מיט אַ אָנגעבלאָזענעם וועדעל ווי אַ בערשטעל האָט ער אָנגעהויבען אַרומלויפען איבער׳ן גאָרטען אין אַלע ריכטונגען, שמעקענדיג אַרום און אַרום. פּלוצלונג האָבען איהם דערגרייכט עפּעס יאָמערנדע שטימען פון אַ דאָרנשטרויך.
דאָס איז געווען דאַרזי, דער שניידער־פויגעל, מיט זיין ווייב. דאָס פּראַכטפולע נעסט, וואָס זיי האָבען זיך אויפגעבויט פון צוויי גוואַלדיגע בלעטער, וועלכע זענען ביי די ברעגען געווען צונויפגע־נעהט מיט האָלץ־פעדעם און אויסגעבעט פון אינווענינ מיט וואַטע און ווייכען פוך, האָט זיך בעוועגט אַהין און אַהער, און זיי זענען געזעסען אויפ׳ן קאַנט און האָבען געקלאָגט.
— וואָס איז געשעהן? — האָט ריקקי־טיקקי געפרעגט.
— מיר זענען זעהר אונגליקליך, — האָט דאַרזי געענטפערט. — איינס פון אונזערע קליינוואַרג איז נעכטען אַרויסגעפאַלען פון נעסט און נאַג האָט עס אויפגעפרעסען.
— הם, — האָט ריקקי־טיקקי געזאָגט, — דאָס איז ווירקליך אַ גרויס אונגליק.... נאָר איך בין דאָ אַ אויסלענדער: ווער איז ער עס דער דאָזיגער נאַג?
אַנשטאָט אַ ענטפער האָבען דאַרזי מיט׳ן ווייב זיך בעהאַלטען אין נעסט, דען פונ׳ם געדיכטען גראָז אונטער׳ן סאַמע שטרויך האָט זיך דערהערט אַ טויבעס צישען, און פון דעם דאָזיגען קלאַנג, וואָס האָט געמאַכט פריערען דאָס בלוט, איז ריקקי־טיקקי אָבגעשפּרונגען שטאַרקע צוויי פוס אויף הינטען. דאַן האָט זיך אַ צאָל נאָך אַ צאָל אָנגעהויבען אַרויסצוהויבען אויפ׳ן גראָז דער קאָפּ און דער ברייטער קאָלפּאַק פון נאַג׳ן, אַ גרויסע שוואַרצע ברילענשלאַנג, וואָס האַלט פון דעם שטעכענדיגען שפּיץ ביז׳ן וועדעל אַמוועניגסטענס פינף

פוּס אין דער לענג. אויפהויבענדיג אַ דריט־הלק פון איהר קערפּער איבער דער ערד, האָט זיך די שלאַנג בעוועגט אויף רעכטס און אויף לינקס און האָט געוואָרפען אויף ריקקי־טיקקי׳ן די גרויזאַמע בליקען, וועלכע פערענדערן קיינמאָל ניט זייער אויסדרוק, מעגען די געדאַנקען פון דער שלאַנג זיין, וואָס זיי זענען.

ווער איז נאַג? — האָט ער געזאָגט. — איך בין נאַג. דער מעכטיגער און גוטער גאָט בראַהמאַ האָט אַרויפגעשטעמפּעלט דעם דאָזיגען פלעק אויף אונזער גאַנצען שטאַם אין דער מינוט, ווען די ערשטע ברילענשלאַנג האָט אויסגעשפּרייט איהר קאָלפּאַק, כדי ער זאָל זי בעשיצען, ווען זי שלאָפט, פאַר דער זון. קוק און ציטער!

ער האָט אויסגעברייטעט מעהר ווי געוועהנליך זיין קאָלפּאַק, אויף וועלכען ריקקי האָט דערזעהן אַ גלאַנציגען צייכען פון ברילען, וואָס עס איז גיכער עהנליך צו אַ האַטשיק. ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע דערשראָקען, אָבער נאָר אויף אַ ווײַלע, דען די איהנעאומאָנען קאָנען זיך ניט לאַנג שרעקען, און האָטש ריקקי־טיקקי האָט נאָך פאַר דעם קיינמאָל ניט געזעהן קיין לעבענדיגע ברילענשלאַנג, דאָך האָט איהם זיין מוטער ניט איין מאָל געשפּײַזט מיט זייער קערפּער, און ער האָט געוואוסט, אַז די איינציגע אויפגאַבע פון אַ דערוואַקסענעם איהנעאומאָן איז צו קעמפּפען מיט די שלאַנגען און זיי אויפצופרעסען. נאַג האָט דאָס אויך געוואוסט און אין דער טיעפעניש פון זיין אייזקאַלטען האַרץ האָט ער דערפיהלט אונרוהע.

— פון דעסטוועגען, — האָט ריקקי־טיקקי געזאָגט, אויפהויבענדיג דעם וועדעל, — מיט אַ פלעק, צי אָהן אַ פלעק, צי מיינסטו, אַז דו מעגסט אויפפרעסען פויגעלעך, וואָס פאַלען אַרויס פון די נעסטער?

נאַג האָט זיך פערשטעלט, ווי ער וואָלט געוועהן פערטראַכט, נאָר ער האָט בעטראַכט די מינדעסטע בעוועגונגען אין גראָז הינטער ריקקי־טיקקי׳ן. ער האָט געוואוסט, אַז די אַנוועזענהייט פון אַ איהנעאומאָן אין גאָרטען בעדײַט פריהער אָדער שפּעטער — זיין טוידט און דעם טוידט פון זיין גאַנצער פאַמיליע, דעריבער האָט ער געוואָלט איינשלעפערן ריקקי־טיקקי׳ס וואַכזאַמקייט. ער האָט דעריבער עטוואָס אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און איהם פערביינגענדיג אויף אַ זײַט האָט ער זיך אָבגערופען:

— לאָמיר זיך דורכשמועסען. עס איז דאָך בעוואוסט, אַז

דו עסט אויף אייער; פאַרוואָס'זשע זאָלען מיר נישט טאָרען אויפעסען פויגעלעך?

— צוריק! קוק זיך אום הינטער זיך! — האָט דאַרזי אויפגעזונגען.

נאָר ריקקי־טיקקי האָט נישט פערלאָרען קיין צייט אויף אויסצוגלאָצען די אויגען. ער האָט אַ שפרונג געטהון אין דער הויך, ווי ער האָט נאָר געקאָנט העכער, און דאָ גלייך אונטער איהם האָט זיך דורכגערוקט דער קאָפּ פון נאַגאַינאַ, נאַג'ס גרויזאַמע ווייב. זי האָט זיך געהאַט צוגעצויגען צו איהם פון הינטען אין דער מינוט, ווען ער האָט געשמועסט, און געוואָלט איהם צורעכט מאַכען מיט אַ מאָל, און איצט האָט זי ווילד געצישט, פון בייזקייט, וואָס איהר איז דאָס נישט געלונגען. ריקקי־טיקקי איז אַראָבגעפאַלען כמעט פּאָפּערעק איהר רוקען, און ווען ער וואָלט געווען ערפאַהרענער, וואָלט ער געוואוסט, אַז דאָס איז די גינסטיגסטע מינוט צו צעשמעטערן איהר רוקען מיט איין ביס. נאָר ער האָט זיך דערשראָקען פאַר דאָס שרעקליכע דרעהען זיך פון דער ברילענשלאַנגס וועדעל. ער האָט אַפילו יאָ אַ ביס געטהון, נאָר נישט גענוג און איז גלייך אַוועקגעשפרונגען פון איהר זיך־פלעכטענדען וועדעל, איבערלאָזענדיג נאַגאַינע'ן אַ צעקאַליעטשעטע און אַ אונזיניגע פאַר צאָרן.

— מיאוס'ער שלעכטער דאַרזי! — האָט נאַג אויסגערופען און האָט אַרומגעפלאָכטען זיין וועדעל ווי מעגליך העכער צו'ם נעסט־צו אַרום דעם דאָרנשטרויך, נאָר דאַרזי האָט זיין נעסט אויסגעבויט אַזוי הויך, אַז די שלאַנגען זאָלען איהם נישט קאָנען דערגרייכען, און דעריבער האָט זיך עס נאָר געוואַקעלט אַהין און אַהער.

ריקקי־טיקקי האָט דערפיהלט, אַז די אויגען ווערען איהם רויט און ברענען ווי פייער, און דאָס איז ביי אַ איהנעאומאָן אַ צייכען פון גרויסען צאָרן; ער האָט זיך געזעצט אויף די הינטערשטע פיס און אויפ'ן וועדעל, אַזוי ווי אַ קליינער קאַנגור, און האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום און אַרום, קריצענדיג מיט די צייהן פאַר כעס. נאָר נאַג און נאַגאַינע זענען פערשוואונדען געוואָרען אין געדיכטען גראָז. ווען אַ שלאַנג טרעפט נישט, ווי זי האָט געוואָלט, וועט זי קיינמאָל גאָרנישט זאָגען און וועט מיט קיין צייכען נישט אַרויסגעבען איהרע פלענער.

ריקקי־טיקקי האָט אויך נישט געקלערט זיי נאָכצויאָגען, דען ער האָט נישט געטרויט זיינע קרעפטען, כדי ער זאָל זיך קאָנען אַרויס-

חאַרפּען אויף צוויי שלאַנגען גלייכצייטיג. ער איז דעריבער אַרומגע־קראָכען איבער דער גאָרטען־אַלעע, וואָס איז געווען בעשאָטען מיט זאַמד־שטיינער, דאַן האָט ער זיך צוגעזעצט נעבען הויז און זיך פערטראַכט. דאָס איז געווען פאַר איהם אַ פראַגע פון אונגעהויערער וויכטיגקייט.

ווען איהר וואָלט איינגעקוקט אין די אַלטע ווערק פון נאַטורגע־שיכטע, וואָלט איהר אין זיי געלייענט, אַז אַ איחנעאומאָן, וואָס איז פערוואונדעט געוואָרען אין קאַמפף מיט אַ שלאַנג, לויפט זוכען אַ געוויסען גראָז, וואָס היילט איהם אויס. נאָר דאָס איז נישט אמת. דער זיעג איז דאָ אַנבעלאַנגט נאָר אָן די פלינקשאַפט פון בליק און פון די פיס — די געשיקטהייט פון דער שלאַנגס קאָפּ קאָנקורירט דאָ מיט דער פלינקשאַפט פון דעם איחנעאומאָנ'ס שפּרונגען; און אַזוי ווי עס איז נישטאָ אַזאַ בליק, וואָס זאָל קאָנען אויסהאַפּען אַלע קאָפּ־בעוועגונגען פון דער אָנפאַלענדער שלאַנג, דעריבער האַנדעלט זיך וועגען אַ פיעל וואונדערבאַרערע זאַך, ווי עפּעס אַ צויבער־גראָז. ריקקי־טיקקי האָט געוואוסט, אַז ער איז נאָך אַ יונגער איחנעאומאָן, און ער איז געווען זעהר צופריעדען מיט זיך, וואָס ער האָט אַזוי קונציג זיך אַרויסגעדרעהט פון דעם אָנפאַל אויף איהם פון הינטען. דאָס האָט איהם אָנגעפילט מיט צוטרויען צו זיינע אייגענע קרעפטען, און ווי ער האָט דערהערט, אַז טאַדעאוס לויפט דורך דער אַלעע, האָט ער זיך צוגעגרייט צו בעקומען די פערדיענטע לאַסקע.

נאָר קוים איז טאַדעאוס פאַר איהם געבליבען שטעהן, ווי עפּעס אַ קליינס האָט זיך אַ דרעה געטהון אין זאַמד און אַ שוואַכע קנעקע שטימעלע האָט אַ שעפּטשע געטהון:

— היט דיך, דען איך טראָג טויט!

דאָס איז געווען קאַראַיט, אַ קליינע שלאַנג פון זאַמד־קאָליר, וואָס האָט ליעב זיך צו בעהאַלטען אין זאַמדיגער ערד. איהר ביס איז אויך אַזוי גיפטיג, ווי דער ביס פון דער ברילענשלאַנג, נאָר אַזוי ווי זי איז זעהר קליין, דעריבער היט זיך קיינער נישט פאַר איהר, און דעריבער מאַכט זי מענשען אָן פיעל מעהר שאָדען.

ביי ריקקי־טיקקי זענען ווידער רויט געוואָרען די אויגען און ער האָט זיך אַרוק געטהון צו קאַראַיט'ן, זיך וואַקלענדיג און איבער־בויגענדיג מיט די בעוועגונגען, וואָס זענען איהם צוגעאייגענט, ווייל דער גאַנצער שטאַם פון די איחנעאומאָנען האָט זיי בירושה. דאָס

זעהט אוים זעהר לוסטיג, נאָר דאָך האָט די דאָזיגע בעוועגונג אַזוי פיעל גלייכגעוויכט, אַז די ענדערונג פון דער ריכטונג, אַלץ איינס אין וועלכער זייט, קאָן אויסגעפיהרט ווערען אין איין אויגענבליק, און בשעת מען האָט צו טהון מיט שלאַנגען איז אַזאַ זאַך אַ גרויסע מעלה. דער קאַמפף מיט קאַראַיט'ן, און דאָס האָט ריקקי־טיקקי נישט געוואוסט, איז געווען פיעל געפעהרליכער ווי מיט נאַג'ן, דען קאַראַיט איז אַזוי קליין און אַזוי געשיקט, דאָס ווען ריקקי וואָלט איהם נישט געהאַפּט פאַר אַמאָל מיט די צייהן פאַר'ן קאַרק וואָס נעהנטער צו'ם קאָפּ, וואָלט ער געקענט זיך אומדרעהען און איהם אַ ריס טהון אין אויג אָדער אין האַלז. נאָר ריקקי האָט זיך דאָס נישט בערעכענט און מיט פייערדיגע אויגען, וואַקלענדיג זיך פון הינטען אויף פאָרענט, האָט ער אויסגעקוקט דעם פּאַסיגסטען אָרט אויף אַריינצוזינקען אין איהם די צייהן. פּלוצלונג האָט קאַראַיט זיך אַ וואָרף געטהון פאָרווערטס. ריקקי איז אָבגעשפּרונגען אויף אַ זייט און געפּרובט אַרויפפאַלען אויף איהם פון דער הויך, נאָר דער בייזער קליינער פערשטויבטער קאָפּ האָט אַ צישע געטהון פאַר זיין סאַמע אָרעם, און ריקקי האָט דעריבער געמוזט אַריבערשפּרינגען איבער דער שלאַנגס קערפּער, דען ער האָט געפיהלט, אַז איהר קאָפּ קריעכט איהם שוין נאָך די פּיאַטעס.

טאַדעאוס האָט אויסגערופען צו דער שטוב־צו:

— קומט נאָר אַ קוק טהון! אונזער איהנעאומאָן הרג'עט אַ שלאַנג!

עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי פון טאַדעאוס'עס מוטער; דער פאָטער איז אַרויסגעלאָפען מיט אַ שטעקען אין דער האַנד, נאָר איידער ער איז צוגעגאַנגען, האָט זיך קאַראַיט אַרויסגעשטעקט אויף איין צאָל צו ווייט, ריקקי־טיקקי איז איהם אַרויפגעשפּרונגען אויפ'ן קאַרק, און אויסציהענדיג דאָס מאָרדעלע צווישען די פאָדערשטע פיסלעך האָט ער איהם אַ ביס געטהון ווי העכער ער האָט נאָר געקאָנט דערגרייכען, דערנאָך האָט ער זיך אַראָבגעלאָזט אויף אַ זייט. דער ביס האָט קאַראַיט'ן געמאַכט אָהנמעכטיג, און ריקקי־טיקקי האָט זיך שוין געוואָלט נעהמען איהם אויפצופרעסען, אָנהויבענדיג פון וועדעל, לויט ווי עס פיהרט זיך צו'ם מיטאָג ביי זייער שטאַם, נאָר צו דער צייט האָט ער זיך דערמאָהנט, אַז אַ פעטער מאָלהלצייט מאַכט שווער דעם קערפּער, און אַזוי ווי איהם איז נויטיג געווען זיין גאַנצע קראַפט

און געשיקטהײַט, דעריבער האָט ער זיך געמוזט צווינגען צו זײַן אײַנגעהאַלטען.

ער איז אַוועקגעגאַנגען זיך אויסרײַבען אין זאַמד, און טאַדע־אוס׳עס פאָטער האָט נאָך צוגעלעגט מיט׳ן שטעקען דעם גע׳פגר׳טען קאַראַיט.

— צו וואָס האָט דאָס איהם געלוינט ?— האָט ריקקי־טיקקי גע־קלערט. — דוכט זיך, איך האָב געטהון אַליץ, וואָס נויטיג איז.

דאַן האָט טאַדעאוס׳עס מוטער איהם אויפגעהויבען פון זאַמד, און טולענדיג איהם צו דער ברוסט, האָט זי געזאָגט, אַז ער האָט טאַדעאוס׳ען גערעטעט דאָס לעבען, דער פאָטער האָט איהם אָנגע־רופען: שליח פון גאָט, און טאַדעאוס האָט אויף איהם געקוקט מיט ברייט־געעפענטע אויגען פאַר שרעק. ריקקי־טיקקי׳ן האָט די דאָזיגע גאַנצע אָזאַציע לוסטיג געמאַכט, דען ער האָט איהר בעדײַטונג נישט פערשטאַנען. די מוטער האָט אויך אַזוי גוט געקאָנט אַ גלעט טהון דאָס יונגעל דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געשפּיעלט אין זאַמד. ריקקי־טיקקי איז געווען צופריעדען מיט זיך

אין אָבענד, בײַם אָבענד־ברויט, ווען ער איז זיך אַרומגעגאַנגען איבער דעם געדעקטען טיש צווישען די גלעזעלעך, וואָלט ער זיך געקאָנט אָנזעטיגען מיט אויסגעצייכענטע נאַשערײַען דרײַ מאָל מעהר, ווי ס׳איז איהם נויטיג געווען, ווען ער וואָלט נישט געמוזט געדענקען וועגען נאַג׳ן און נאַגאַינ׳ען; האָטש עס איז איהם דערנאָך געווען אַנגענעהם צו בעקומען לאַסקעס פון גלעגלעט צו ווערען דורך טאַדע־אוס׳עס מוטער, זיך אַריבער זעצען אויף טאַדעאוס׳עס אָרעם, דאָך האָבען איהם די אויגען גענומען ברענען צײַטענווייז און פון האַלז האָט זיך איהם אַרויסגעריסען אַ לאַנגער קאַמפּס־אויסשריי: ריקק־טיקק־טיקקי־טרזק!

טאַדעאוס האָט איהם אַרײַנגענומען צו זיך אין בעט און פער־לאַנגט, ער זאָל שלאָפען אונטער זײַן סאַמע קינבאַק. ריקקי־טיקקי איז געווען צו גוט ערצויגען, דאָס ער זאָל קראַצען אָדער בײַסען, נאָר קוים איז טאַדעאוס אײַנגעשלאָפען, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אויף די נאַכט בעקוקעניש אַרום הויז, און אין דער פינסטערניש האָט ער זיך אָנגעשלאָגען אָן הוהונדרען, די בּיזאַם־ראַטע, וועלכע גנבה׳ט זיך איבער די ווענד. הוהונדרע איז אַ קליין בעשעפעניש׳על מיט אַ שרעק־עדיג האַרץ. גאַנצע נעכט קלאָגט זי זיך און קריעכט אַרום, בעמיהט

זיך צו מאַכען זיך מוט אַרומצוגעהן אויפ'ן מיטען צימער, נאָר סוף כל סוף וואַגט זי דאָס נישט.

— טויט מיך נישט, — האָט הוהונדרע אויסגעקרעכצט אַ האַלב מיט געוויין.— טויט מיך נישט, ריקקי־טיקקי;

— וואָס פאַלט דיר איין אין קאָפּ? אַ שלאַנגען־בעזיעגער וועט טוידטען ביזאַם־ראַטען?— האָט ריקקי־טיקקי געענטפערט מיט פעראַכטונג.

— ווער עס קעמפפט מיט שלאַנגען, דעם וועלען שלאַנגען טוידטען,— האָט הוהונדרע געענטפערט נאָך מיט מעהר רחמנות.— ווער קאָן מיר ערב זיין, אַז נאַג וועט אין דער פינסטערער נאַכט נישט אָננעהמען מיך פאַר דיר?

— וועגען דעם האָסטו גאָרנישט וואָס מורא צו האָבען,— האָט ריקקי־טיקקי געזאָגט. — דוכט זיך, אַז נאַג איז אין גאָרטען, און דו, אויף וויפיעל איך וויים, געהסטו קיינמאָל נישט אַהין.

— נאָר מיין פריינד, די ראַטע הוא, האָט מיר געזאָגט, אַז... — האָט הוהונדרע אָנגעהויבען, נאָר פלוצלונג האָט זי איבערגעהאַקט.

— אַז וואָס?

— שאַ! נאַג איז דאָ אומעטום, ריקקי־טיקקי. אַ שאָד, וואָס דו האָסט נישט געשמועסט אין גאָרטען מיט הואַן.

— נאָר איך האָב דאָך שוין נישט געשמועסט, און דעריבער וועסטו מיר זאָגען, אין וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ. גיכער, הוהונדרע, דען איך וועל דיר אַ ביס טהון!

הוהונדרע האָט זיך אַנידערגעזעצט און זיך צעוויינט, אַזש די טרעהרען זענען איהר אַראָפּגערונען איבער די וואָנסעס.

— אָ, ווי אונגליקליך איך בין, — האָט זי אויסגערופען. — איך קאָן נישט פועל'ן ביי זיך דורכצוגעהן דורכ'ן מיטען צימער. ששש! איך ברויך שוין גאָר נישט רעדען. צי הערסטו נישט, ריקקי־טיקקי?

ריקקי־טיקקי האָט אָנגעשטרענגט דאָס געהער. אין הויז האָט געהערשט אַ פאָלשטענדיגע שטילקייט, און דאָך האָט זיך איהם געדוכט, אַז ער הערט עפּעס אַ אונערגרייפבאַרען גערויש, עפּעס אַזוי ווי דאָס רוישען פון אַ וועספּע, וואָס געהט איבער דער שויב — אַ גערויש, וואָס איז געקומען דאַדורך, וואָס שלאַנגען־שופּען האָבען זיך געריבען אָן דער וואַנד.

— אָהאָ! דאָס סטאַרעט זיך נאַג אָדער נאַגאַינע זיך אַריינצוציהען

דורך דער רינע אין דעם באַדע־צימער. דו ביזט גערעכט, הוהונדרע, מען מוז זיך דורכשמועסען מיט הואַ׳ן.

ער האָט זיך אַריינגעגליטשט אין טאַדעאוס׳עס וואַנע, און אַזוי ווי ער האָט דאָרט קיינעם נישט געטראָפען, איז ער אַריין אין דער מוטערס באַדע־צימער. דאָרט איז אין דעם אונטערשטען טייל פון דער גלאַטער אויסגעטינכטער וואַנד געווען געמאַכט אַ לאָך אויף אַראָבצו־לאָזען דאָס וואַסער. ריקקי־טיקקי האָט זיך געשטעלט ביי דעם אונ־טערגעמויערטען אָרט, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען די וואַנע, און ער האָט דערהערט, ווי אויסענווייניג, ביי׳ם שיין פון דער לבנה, האָבען נאַג און נאַגאַינע זיך געסוד׳עט.

— ווי באַלד נאָר דאָס הויז וועט בלייבען אָהן מענשען, — האָט נאַגאַינע געזאָגט צו איהר מאַן, — וועט ער אויך זיין געצוואונ־גען זיך צו ערוייטערען, און מיר וועלען ווידער ווערען די העררען פון גאָרטען. געה דיר פאָרזיכטיג און געדענק, אַז קודם כל מוזט אַ ביס טהון דעם מאַנספערזאָן, וועלכער האָט געטוידט קאַראַיט׳ן. ווען דו וועסט צוריקקעהרען און וועסט דערצעהלען, וואָס איז גע־שעהן, וועלען מיר צוזאַמען מאַכען די יאַגד אויף ריקקי־טיקקי׳ן.

— ביזטו נאָר זיכער, אַז דאָס טוידטען די מענשען וועט עפּעס צונוץ קומען? — האָט נאַג געזאָגט.

— אונבעדינגט. ביז בשעת אין הויז זענען קיין מענשען נישט געווען, האָבען מיר דען געהאַט אפילו איין איהנעאומאַן אין גאָרטען? כל זמן דאָס הויז שטעהט לעער, זענען מיר די העררשער איבער׳ן גאָרטען, און פערגעס נישט וועגען דעם, אַז אונזערע אייער אין די מעלאָנען־בייטען וועלען זיך אַ לאַדע טאָג אויספּיקען, און אונזערע קינדער וועלען מוזען האָבען אָרט און רוהע.

— איך האָב וועגען דעם נישט געקלערט, — האָט נאַג געענט־פערט. — געה איך, הייסט עס, נאָר מיין מיינונג איז, אַז די יאַגד אויף ריקקי־טיקקי׳ן וועט שוין זיין איבעריג. איך וועל טוידטען דעם מאַנספערזאָן און זיין ווייב, און אויב איך וועל קאָנען — אויך דאָס קינד, און דערנאָך וועל איך רוהיג צוריקקומען. דאַן וועט דאָס הויז ווערען לעער און ריקקי־טיקקי וועט זיך אַוועקגעהן.

דערהערענדיג דאָס האָט ריקקי־טיקקי אַזש אַ ציטער געטהון פון פיינדשאַפט און צאָרן, אַלס פּלוצלונג האָט זיך דורך דער לאָך אַריינגעשטעקט נאַג׳ס קאָפּ, און גלייך נאָך איהם — זיין פינף־פיס־

לאַנגער גליטשיגער קערפּער. טראָץ זײַן גאַנצען צאָרן, איז ריקקי־טיקקי דערציטערט געוואָרען, דערזעהענדיג די גוואַלדיגע גרויס פון דער ברילען־שלאַנג. די שלאַנג האָט זיך איינגעדרעהט, אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיך אַרומגעקוקט אין פינסטערען צימער, און ריקקי האָט נאָכגעשפּירט איהרע גלאַנציגע אויגען־פּופּילען.

— אויב איך וועל איהם טוידטען אויף דעם אָרט, וועט זיך נאַגאַינע וועגען דעם דערוויסען; אויסער דעם, קעמפּפענדיג אויף אַ לעערער פּאָדלאָגע, וועל איך איהם געבען די אויבערהאַנד איבער מיר. וואָס זשע הויבט מען אָן? — האָט ריקקי געזאָגט צו זיך.

נאַג האָט זיך געוואַקעלט אויף רעכטס און אויף לינקס, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ריקקי־טיקקי דערהערט, אַז ער האָט אָנגעהויבען טרינקען פון דעם גרעסטען קרוג, וואָס מיט איהם האָט מען אָנגעגאָסען די וואַנע.

— אויסגעצייכענט, — האָט די שלאַנג געזאָגט. — און איצט, לאָמיר זיך מישב זײַן. דער מאַנספּערזאָן, ווען ער האָט געטוידט קאַראַיט'ן, האָט געהאַלטען אַ שטעקען אין האַנד. מעגליך, אַז ער האַלט איהם אויך איצט, נאָר ווען ער וועט אין דער פריה זיך קומען באָדען, וועט ער דעם שטעקען מיט זיך נישט האָבען. איך וועל דעריבער אונטערוואַרטען אויף איהם דאָ, ביז ער וועט קומען. נאַגאַינע, דו הערסט? איך וועל דאָ אָבוואַרטען אין דער קעלט ביז אין דער פריה.

פון אויסענווייניג האָט זיך קיין ענטפער נישט געהערט, און דערפון האָט ריקקי־טיקקי פערשטאַנען, אַז נאַגאַינע איז אַוועקגעגאַנגען. נאַג האָט זיך אַרומגעפלאָכטען אָן עטליכע רונגען אַרום דעם בולט'ען דנאָ פון קרוג, און ריקקי־טיקקי האָט געלוישט אונבעוועגליך, ווי אַ מת.

ערשט אין אַ פערלויף פון אַ שטונדע אַרום האָט ער זיך אָנגעהויבען אַרויסצורוקען מיט אַ אונערהערטער פאָרזיכטיגקייט צום קרוג. נאַג איז אַיינגעשלאָפען, און ריקקי האָט זיך צוגעקוקט צו זײַן דיקען קאַרק, אויסזוכענדיג דעם פּאַסיגסטען אָרט אַ ביס צו טהון.

— אויב איך וועל איהם נישט צערייבען דעם רוקען בײַ'ם ערשטען שפּרונג, — האָט ער געטראַכט, — וועט ער זיך נאָך קאָנען בערטיידיגען, און דאַן וועה צו דיר, ריקקי!

ער האָט אויסגעפּאָרשט די דיקהייט פון האַלז ניעדריגער פון

קאָלפּאַק, נאָר דאָס האָט זיך איהם אויסגעוויזען צו דיק, און אַ בּיס טהון נעהנטער צו׳ם ווערעל, וואָלט עס נאַג׳ן געקאָנט נאָר צעך רייצען.

— מען וועט איהם מוזען האַפּען פאַר׳ן קאָפּ, — האָט ער ענדליך געזאָגט, — און טאַקי העכער פון קאָלפּאַק. און קוים וועל איך שוין אָנהאַפּען, טאָר מען איהם נישט אָבלאָזען.

און ער האָט אַ שפּרונג געטהון. דער שלאַנגס קאָפּ איז עטוואָס אָבגעטשאַנען פון דעם קרוג, און ווען ריקקי האָט זיך איינגעזויגט מיט די צייהן אין דער שלאַנגס האַלז, האָט ער געקאָנט אָנשפּאַרען דעם גאַנצען קערפּער אויף דעם בּויכיגען טייל פון לייהמענעם קרוג, צודריקענדיג דעם געגנערס קאָפּ צו דער ערד. דאָס האָט איהם אויף איין סעקונדע געגעבען די אויבערהאַנד, און ער האָט די דאָזיגע סעקונדע אויסגענוצט ווי ער האָט נאָר געקאָנט בעסער. נאָר שוין אין דעם צווייטען אויגענבליק, אַזוי ווי אַ הונד שלייַדערט אַרום אַ ראַטע, אַזוי האָט די שלאַנג איהם געוואָרפען איבער דער פּאָדלאָגע אויף אַלע זייטען, אַרויף און אַראָב, מאַכענדיג גוואַלדיגע קרייזען; נאָר ריקקי-טיקקי׳ס אויגען האָבען נישט אויפגעהערט אַלץ מעהר רויט צו ווערען, און ער האָט זיך פעסט געהאַלטען אָן קערפּער, וואָס האָט ווי אַ בּייטש געשמיסען די פּאָדלאָגע, פּאַנאַנדערוואַר-פענדיג אויף אַלע זייטען דאָ דעם צינענעם שעפּער, דאָ דאָס זייף-קעסטעל, דאָ דאָס בערשטעל, און פּויקענדיג איבער די בּלעכענע וואַנד פון דער וואַנע. זיך אַזוי האַלטענדיג, האָט ער צונויפגעדריקט די צייהן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, דען ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט צעשמעטערט ווערען אויף טויט, און כּדי נישט צו פערשוועכען די עהרע פון גאַנצען שטאַם האָט ער געוואָלט שטאַר-בען מיט איינגעזונקענע צייהן אין פיינד. ער האָט שוין געפיהלט קאָפּ-פערדרעהעניש און אַזאַ וועהטאָג, אַז ער האָט געמיינט, דאָס ער וועט צעפּאַלען אויף שטיקער, אַלס פּלוצלונג האָט סאַמע הינטער איהם זיך דערהערט עפּעס ווי אַ זעץ פון אַ דונער; אַ הייסער הויך האָט איהם דעם זינען בערויבט, און פון דעם רויטען פלאַם האָט זיך די וואָל אויף איהם אָנגעהויבען ברענען. דאָס האָט דער מאַנספּערזאָן, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט דורכ׳ן גערויש, אויסגעשאָסען פון ביידע רעהרען פון אַ פּיסטאָלעט אין נאַג׳ן, ציעלענדיג זיך ניעדריגער פון קאָלפּאַק.

נישט אויפּעפּענענדיג די אויגען, האָט ריקקי־טיקקי נישט אויפ־געהערט צו דריקען פעסט מיט די ציינער, דען איצט האָט ער זיך שוין זיכער געהאַלטען פאַר געשטאָרבען; נאָר דער קאָפּ פון שלאַנג האָט זיך שוין מעהר נישט בעוועגט, און דער מאַנספּערזאָן האָט איהם גענומען אויף די הענד, רעדענדיג.

— און ווידער אַמאָל דער איהנעאומאָן, אַליסע; דאָס מאָל האָט זיין פּרעסערל אונז געראַטעוועט דאָס לעבען.

טאַדעאוס'עס בלאַס־געוואָרענע מוטער איז צוגעגאַנגען, בעקוק־קענדיג נאַג'ס קערפּער, און ריקקי־טיקקי האָט זיך דערשלעפּט ביז דעם יונגעלס שלאָפצימער און האָט די רעשט נאַכט פערבראַכט מיט אויס־פּאָרשען דעליקאַט זיין גאַנצען קערפּער, כדי זיך איבערצוציינגען, צי איז ער ווירקליך צעהאַקט געוואָרען אויף פיערציג שטיקלעך, ווי איהם האָט זיך אויסגעדוכט.

דער פריהמאָרגען האָט איהם געטראָפען אַ אויסגעמאַטערטען, נאָר פול צופרידענהייט מיט די אָבגעטהוענע טהאַטען.

— איצט, — האָט ער געזאָגט, — מוז איך צורעכט מאַכען נאַ־גאַינע'ן, און דאָס איז אַביסעל שווערער ווי צו קעמפּפען מיט פינף נאַגען, און דערצו נאָך איז נישט בעוואוסט, ווען ווען זיך אויס־פּיקען די אייער, וועגען וועלכע זי האָט דערמאָהנט. געוואַלד! מען מוז זיך זעהן מיט דאַרזי'ן!

נישט וואַרטענדיג אויף פריהשטיק איז ריקקי־טיקקי אַרויסגע־לאָפען צום דאָרן־שטרויך, אויף וועלכען דאַרזי האָט מיט'ן גאַנצען האַלז געזונגען אַ זיעג־ליעד. די ידיעה וועגען נאַג'ס טוידט האָט זיך פערשפּרייט איבערן גאָרטען, דען דער אויסקעהרער האָט דעם טויד־טען קערפּער אַרויסגעוואָרפען אויפ'ן מיסט.

— דו אונפערשטענדיגער פעדערן־קנויל, — האָט ריקקי־טיקקי אויסגערופען אין צאָרן. — צי איצט איז אַ צייט אויף זינגען?

— נאַג לעבט נישט, לעבט נישט, לעבט נישט! — האָט דאַרזי אויסגעזונגען. — דער טיכטיגער ריקקי־טיקקי האָט איהם געהאַפּט פאַר'ן קאָפּ און געהאַלטען פעסט. דער מאַנספּערזאָן האָט געבראַכט אַ דונערנדען שטעקען און נאַג איז צעפאַלען אויף צוויי שטיקער! ער וועט שוין קיינמאָל נישט אויפפרעסען מיינע עופ'עלעך!

— דאָס אַלץ איז נישט ווייט פון אמת, נאָר וואו איז נאַגאַינע? — האָט ריקקי־טיקקי געזאָגט, קוקענדיג אַרום זיך אויפמערקזאַם.

— נאַגאַינאַ איז געקומען אונטער דער רינע פון באָדע־צימער און האָט גערופן נאַג׳ן, — האָט דאַרזי ווײַטער געזונגען, — און נאַג איז אַרויסגעקומען אויף אַ עק פון אַ שטעקן! דער אויסקערער האָט איהם גענומען אויף אַ עק פון אַ שטעקן און איהם אַרויסגעוואָרפען אויפ׳ן מיסט. לאָמיר זינגען לכבוד דעם גרויסען רויט־אויגיגען ריקקי־טיקקי!

און אָנבלאָזענדיג דאָס העלזעל, האָט דאַרזי אָנגעהויבען זינגען.

— ווען איך וואָלט נאָר געקאָנט דערגרייכען צו דיין נעסט, וואָלט איך דיר אַרויסגעוואָרפען אַלע עופ׳עלעך! — האָט ריקקי־טיקקי אויסגערופען. — דו פערשטעהסט קיינמאָל נישט צו טהון עפּעס אין דער פּאַסיגער צייט. זיצסט זיך רוהיג אין נעסט, נאָר דאָ אונטען, שטעהט מיר נאָך פאָר אַ קאַמפּף. הער זשע אויף אַ ווײַלע צו זינגען, דאַרזי!

— צוליעב דעם גרויסען, פּראַכטפולען ריקקי־טיקקי וועל איך דאָס טהון, און איך הער אויף, — האָט דאַרזי געענטפערט. — אין וואָס האַנדעלט זיך עס, בעזיעגער פון דעם גרויזאַמען נאַג?

— צום דריטען מאָל פרעג איך דיך: וואו איז נאַגאַינאַ?

— אויפ׳ן מיסט הינטער די שטעלער בעווייגט זי נאַג׳ן. גרויס איז ריקקי־טיקקי מיט די שנעע־ווײַסע ציינער!

— צו אַלדי שוואַרצע יאָהר מיט מיינע שנעע־ווײַסע ציינער! צי האָסטו נישט געהערט, וואו זי בעהאַלט איהרע אייער?

— אין די מעלאָנען־בייטען, דאָרט נישט ווײַט פון מויער, וואו די זון ברענט כמעט דעם גאַנצען טאָג. דאָרט האָט זי זיי בעהאַלטען מיט עטליכע וואָכען צוריק.

— און דיר איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלען אין קאָפּ מיר צו זאָגען האָטש אַ וואָרט וועגען דעם? בײַ׳ם ברעג פון גאָרטען, אונטער׳ן מויער, זאָגסטו?

— נאָר דו רעכענסט דאָך נישט, ריקקי־טיקקי, אויפצועסען די אייער?

— אויפעסען, גראַדע נישט. דאַרזי, אויב דו האָסט האָטש אַ ברעקעל פערשטאַנד, פליה אַוועק צו די שטעלער, פערשטעל זיך, ווי דו וואָלסט געהאַט אַ צעבראָכען פליגעל און לאָז זיך פערפאָלגען פון נאַגאַינאַ׳ן ביז צו דעם דאָזיגען שטרויך. איך מוז געהן צו די מעלאָנען־בייטען, און אויב איך וועל אַהין גלייך געהן, וועט זי מיך דערזעהן.

אין דעם בעפּעדערטען מוח'ל פון דאַרזי האָט זיך מעהר ווי איין געדאַנקען נישט געקאָנט אויסלעגען, און אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז נאַגאַינע'ס קינדער פּיקען זיך אויס פון די אייער פּונקט ווי זיינע אייגענע, האָט זיך איהם, אין דער ערשטער מינוט אויסגעוויזען אַלס א עולה זיי צו פערניכטען. נאָר זיין ווייב איז געווען אַ קלוגער פויגעל און זי האָט פערשטאַנען, אַז פון דער ברילענשלאַנגס אייער קומען אַרויס יונגע ברילענשלאַנגעלעך, איז זי דעריבער אַרויסגעפלויגען פון נעסט, איבערלאָזענדיג דעם מאַן, ער זאָל וואַרעמען די עופ'עלעך און ווייטער בעזינגען נאַג'ס טויט. אין פיעל הינזיכטען איז דאַרזי זעהר ענהליך געווען צו מאַנסלייט.

זי איז צוגעפלויגען אויפ'ן מיסט גלייך צו נאַגאַינע'ן, קרעכ־צענדיג:

— אַה, איך האָב אַ צעבראָכען פליגעל! דאָס יונגעל פון הויז האָט אין מיר אַ שטיין געוואָרפען און האָט מיר צעבראָכען אַ פליגעל!

און אַזוי קלאָגענדיג האָט זי געצאַפּעלט אין פערצווייפלונג.

נאַגאַינע האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ ציטער געטהון:

— אַ, דאָס האָסטו געוואָרנט ריקקי־טיקקי'ן, ווען איך האָב איהם געוואָלט טוידטען. רעדענדיג מיט'ן אמת און אָפענהערציג, האָסטו זיך אויסגעקליבען אַ שלעכטען אָרט אויף צו הינקען.

זי האָט זיך אַ לאָז געטהון אויף דאַרזי'ס ווייב, זיך גליטשענדיג איבער'ן זאַמד.

— דאָס יונגעל האָט עס מיר איבערגעבראָכען מיט אַ שטיין!— האָט דאַרזי'ס ווייב מורא'דיג געפּישטשעט.

— דערווייס זשע זיך אַלס טרייסט פאַר'ן טויט, אַז מיט'ן יונגעל מוז איך מיך אויך אָברעכענען. מיין מאַן ליעגט פון אין דער פריה אָן אויפ'ן מיסט, נאָר איידער די נאַכט וועט אָנפאַלען, וועט אויך דאָס יונגעלע ליעגען שטיל אין שטוב. וואָס זשע אַנטלויפסטו כסדר? וועסט נישט אַנטלויפען פון מיר, דערין בין איך זיכער. טהו נאָר אַ קוק אויף מיר, קליינער שוטה!

דאַרזי'ס ווייב האָט אפילו נישט געקלערט זיך אומצוקוקען, דען זי האָט געוואוסט, אַז אַ פויגעל, וואָס טהוט אַ קוק אַ שלאַנג אין די אויגען, ווערט ווי פערשטיינערט פון שרעק און קאָן זיך שוין נישט ריהרען. זי איז זיך ווייטער אונטערגעפלויגען, קרעכ־צענדיג מיט רחמנות, אַליין נאָהנט פון דער ערד, און נאַגאַינע האָט

זיך שנעל נאָכגעיאָגט נאָך איהר.

העַרענדיג, ווי זי געהט שוין אַרויף אויפ'ן שטעָגעל, וואָס פיהרט צו די שטעלער, האָט זיך ריקקי־טיקקי אַ לאָז געטהון אויפ'ן עק פון דער מעלאָנען־בייט אונטערן סאַמע מויער. דאָרט, אין אַ ווארעמער אויסבעטונג, קונציג בעהאַלטען אונטער די מעלאָנען, זענען געלעגען פינף און צוואַנציג אייער, גרוים ווי די אייער פון אַ באַנ־טאַמער הוהן, אין אַ ווייסליכער פעלכעל אַנשטאָט דעם שאָלעכץ.

— אין דער רעכטער צייט בין איך געקומען, — האָט ריקקי געזאָגט, זעהענדיג די קליינע ברילענשלאַנגען, וואָס זענען געווען איינגעדרעהט אינווייניג פון פעלכעל, און וויסענדיג, אַז ווי זיי וועלען נאָר אונטערוואַקסען, קאָן יעדער פון זיי טוידטען אַ מענשען אָדער אַ איהנעאומאָן. ער האָט ווי שנעלער אָבגעביסען די עקען פון די אייער, סטאַרענדיג זיך צו צעקוועטשען די קליינע ברילענשלאַנגען און צעוואַרפענדיג פון צייט צו צייט די אויסבעטונג, כדי ער זאָל קיין איינס נישט דורכלאָזען. ענדליך זענען געבליבען נאָך קוים דריי אייער. ריקקי־טיקקי האָט שוין אָנגעהויבען לאַכען פון צופריע־דענהייט, אַלס ער האָט פלוצלונג דערהערט אַ מורא'דיגען געשריי פון דאַרזי'ס ווייב:

— ריקקי־טיקקי! איך האָב פערפיהרט נאַגאַינע'ן אין דער זייט פון הויז! זי איז אַרויף אויף דער וועראַנדע און — אַה, קום וואָס שנעלער! זי וויל טוידטען!

ריקקי־טיקקי האָט צעקוועטשט צוויי אייער און האַפענדיג די דריטע אין די ציינער איז ער געלאָפען דורך די מעלאָנען־בייטען צו דער וועראַנדע אַזוי שנעל, אַז זיינע לאַפקעס האָבען כמעט נישט אָנגעריהרט די ערד.

אויף דער וועראַנדע איז טאַדעאוס מיט זיינע עלטערן גע־זעסען ביי'ם טיש צו'ם פריהשטיק. נאָר ריקקי־טיקקי האָט בעמערקט, אַז קיינער פון זיי האָט נישט געגעסען. זיי זענען געזעסען מיט בלאַסע געזיכטער אונבעוועגליך, אַזוי ווי שטיינער. נאַגאַינע איז געלעגען איינגעדרעהט אויף דער מאַטע נעבען טאַדעאוס'עס שטוהל און בעוועגענדיג מיט'ן קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס, האָט זי געצישט מיט טריאומף:

— מענשענ־זוהן, דער מערדער פון נאַג, זיי רוהיג. איך בין נאָך נישט בעריים. וואַרט אַ ווייַלע. ריהרט זיך נישט אַלע

דריַ. אויב איהר וועט זיך אַ ריהר טהון, וועל איך בייַסען, אויב איהר וועט זיך נישט ריהרען, וועל איך אויך בייַסען. אָ, אונזיניגע, וואָס איהר האָט געטוידט מיַין נאַג'ן!

טאַדעאוס האָט אָנגעשטעלט אַ בליק אויפ'ן פאָטער, וועלכער האָט נאָר געקאָנט טהון דאָס, וואָס ער האָט שטילערהייד גערעדט אָהן אויפהער:

— זיי רוהיג, טאַדעאוס... טאַדעאוס... ריהר זיך נישט... טאַדעאוס, ריהר זיך נישט!

דערמאָלט טאַקי איז אָנגעקומען ריקקי־טיקקי און האָט אויסגערופען:

— דרעה דיך אום, נאַגאַינע, דרעה דיך אום און — קעמפף!

— אויף אַלץ וועט קומען אַ צייַט, — האָט זי געענטפערט, נישט אומדרעהענדיג די אויגען. — איך וועל מיך באַלד אויסרעכענען מיט דיר אויך. טהו נאָר אַ קוק אויף דייַנע פריַינד, ריקקי־טיקקי. אונבעוועגליך זענען זיי און ווייס. זיי האָבען מורא. זיי וואַגען זיך נישט צו ריהרען, און אויב דו וועסט צוגעהן נאָך איין שריט — וועל איך אַ ביס טהון!

— געה אַ קוק טהון אויף דייַנע אייער אין דער מעלאָנען־בייט אונטער'ן מויער! — האָט ריקקי געזאָגט. — געה, טהו אַ קוק, נאַגאַינע!

די גוואַלדיגע שלאַנג האָט זיך האַלב אומגעדרעהט און האָט דערזעהן די איי אויף דער וועראַנדע.

— אַה, גיב זי מיר אַוועק! — האָט נאַגאַינע אויסגערופען

נאָר ריקקי־טיקקי האָט אָנגענומען די איי פון ביידע זייַטען מיט די לאַפקעס, און מיט אויגען פערלאָפען מיט בלוט האָט ער אויסגערופען:

— וואָס וועל איך בעקומען פאַר אַ שלאַנגען־איי? פאַר אַ קליינע ברילען־שלאַנג? פאַר אַ קעניגליכע קליינע ברילען־שלאַנג? פאַר דער לעצטער, דער סאַמע לעצטעסטער פון שטאַם, דען די איבעריגע פרעסען שוין די מוראַשקעס אויף דאָרט, צווישען די מעלאָנען!

נאַגאַינע האָט זיך אומגעדרעהט, להלוטין פערגעסענדיג אַלץ צוליעב דער איינציגער איי, און ריקקי האָט דערזעהן, ווי טאַדעאוס'עס פאָטער האָט אויסגעצויגען זיין מוסקולהאַפטע האַנד, און

אָנהאַפּענדיג טאַדעאוס'ן פאַר'ן אָרעם, האָט ער איהם אַריבערגעטראָ־גען איבער דעם נישט גרויסען טישעל, וואָס איז געווען אָנגע־שטעלט מיט גלעזער טהעע, אויף אַ זיכערן אָרט, וואו זי האָט איהם נישט געקאָנט דערגרייכען.

— פערנאַרט! פערנאַרט! ריקק־טק־טק־טק! — האָט ריקקי־טיקקי אויסגעשריען מיט אַ געלעכטער. — דאָס יונגעל איז גע־רעטעט, און דאָס האָב איך, איך, איך געהאַפּט די נאַכט נאַג'ן פאַר'ן קאָלפּאַק אין באַדע־צימער!

און ער האָט אָנגעהויבען אַרומשפּרינגען אויף אַלע זייטען, מיט די פיער לאַפּקעס פאַר אַמאָל, אַראָבבויגענדיג דאָס קעפּעל צו דער ערד.

— ער האָט מיך געשלײַדערט אַהער און אַהין, נאָר מיך צעקלאַפּען האָט ער נישט געקאָנט. ער איז געשטאָרבען נאָך איי־דער דער מענש האָט איהם צעשפּאָלטען אויף צוויי! דאָס האָב איך געמאַכט! ריקקי־טיקקי־טק־טק! אַהער צו מיר, נאַגאַינע! אַהער צו מיר און קעמפף! נישט לאַנג וועסטו אַנ'אַלמנה זײַן!

וויסענדיג, אַז זי האָט שוין פערלוירען די מעגליכקייט צו טוידטען טאַדעאוס'ן און אַז איהר איי ליעגט צווישען ריקקי־טיק־קי'ס לאַפּקעס, האָט נאַגאַינע אַראָבגעלאָזען דעם קאָלפּאַק און אויס־געשריען:

— גיב מיר אָב די איי, ריקקי־טיקקי, גיב מיר אָב די לעצטע פון מײַנע אייער, און איך וועל אַוועקגעהן און וועל שוין אַהער קיינמאָל נישט צוריקקומען.

— יאָ, יאָ, דו וועסט אַוועקגעהן און וועסט שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען, דען דו וועסט זיך פעראייניגען מיט נאַג'ן אויפ'ן מיסט. צו'ם קאַמפּף, אַלמנה! דער גרויסער מענש איז געגאַנגען נאָכ'ן שיסער. קעמפּף!

מיט אויגען, עהנליך צו פאַנאַנדערגעברענטע קוילען, איז ער געשפּרונגען אַרום דער שלאַנג, נישט אַריבערגעהענדיג די ווייט־קייט, פון וועלכער זי וואָלט איהם געקאָנט דערגרייכען. נאַגאַינע האָט זיך אײַנגעצויגען אין זיך און זיך אַ וואָרף געטהון אויף איהם, נאָר ריקקי האָט אַ שפּרינג געטהון און איז אַריבערגעשפּרונגען אי־בער איהר. ווידער אַ וואָרף זיך, און נאָך אַמאָל, און ווידער אַמאָל, און בײַ יעדען מאָל איז דער קאָפּ פון שלאַנג אַראָבגע־

פֿאַלען מיט אַ טויבען זעץ אויף דער מאַטע פֿון דער וועראַנדע, און די שלאַנג האָט זיך אינגאַנצען אײַנגעדרעהט ווי אַ ספּרענזשינע פֿון אַ זייגערל. ריקקי־טיקקי האָט אַלץ געמאַכט קרײַזען, וועלענדיג זיך געפֿינען נאַגאַינע׳ן פֿון הינטען, נאָר זי האָט זיך געפּלאָכטען אין אַ רעדעל, כּדי איהם שטענדיג צו האָבען פֿאַר די אויגען, און איהר וועדעל האָט זיך געשאַרט איבער דער מאַטע, אַזוי ווי פֿער־וועלקטע בלעטער, ווען דער ווינד בלאָזט.

וועגען דער אײַ, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגען אויף דער וועראַנדע, האָט ריקקי־טיקקי גענצליך פֿערגעסען. נאַגאַינע האָט זיך זעהר פֿאַמעליך צוגערוקט צו איהר, ביז זי האָט ענדליך, ווען ריקקי האָט זיך אָבגעשטעלט דעם אָטהעם צו כאַפּען, אַ כאַפּ געטהון די אײַ אין פּרעסער, זיך גענעבען אַ דרעה־אום צו די טרעפּלעך צו און איז אַדורכגעפלויגען ווי אַ קויל איבער׳ן שטע־געל, און ריקקי־טיקקי גלײַך נאָך איהר. אַ שלאַנג, וואָס אַנט־לויפֿט, אום זיך צו רעטען דאָס לעבען, זעהט אויס ווי אַ בײַטש, וואָס הענגט איבער דעם פֿערד׳ס גרושיווע.

ריקקי־טיקקי האָט געפֿיהלט, אַז ער מוז זי דעריאָגען, אַז נישט, וועט ער אַלץ מוזען אָנהויבען פֿון דאָס נײַ. נאַגאַינע האָט זיך געקוקט גלײַך צו׳ם הויכען גראָז נעבען דעם דאָרן־שטרויך, און לויפֿענדיג, האָט ריקקי דערהערט, ווי דאַרזי האָט נאָך אַלץ געזונגען זײַן נישט פּאַסיגעס טריאומף־ליעד. דערפֿאַר איז דאַרזי׳ס ווײַב שוין געוועזען קליגער. ווי זי האָט דערזעהן די אָנקומענדע נאַגאַינע, איז זי אַרויסגעפֿלויגען פֿון נעסט און האָט אָנגעהויבען צו פּאַטשען מיט די פֿליגעל איבער איהר קאָפּ. ווען דאַרזי וואָלט איהר געהאָל־פֿען, וואָלט זיי אפֿשר געלונגען צוריקצוטרײַבען נאַגאַינע׳ן פֿון איהר וועג, נאָר אַזוי האָט די שלאַנג נאָר אַראָבגעלאָזט דעם קאָלפּאַק און האָט געאײַלט ווײַטער. נאָר דאָך האָט די אײנע ווײַלע, וואָס זי האָט זיך פֿערהאַלטען, ריקקי־טיקקי׳ן געגעבען די מעגליכקײַט צוצולויפֿען צו איהר אַזוי נאָהנט, אַז ווען נאַגאַינע איז אַרײַנגעפֿאַלען אין איהר נאָרע, וואו זי פֿלעגט וואָהנען מיט נאַג׳ן, האָט ער געקאָנט אײַנזינקען אין איהר וועדעל זײַנע ווײַסע צייהנדלעך און זיך אַרײַנגליטשען נאָך איהר. נישט פֿיעל איחנעאומאָנען, אפֿילו פֿון די קליגסטע און די עלטסטע, וואָלטען זיך געוואַגט נאָכצויאָגען אַ ברילענשלאַנג אין איהר נאָרע אַרײַן. אין דער נאָרע איז געווען פֿינסטער, און ריקקי־

טיקקי האָט נישט געקאָנט וויסען, צי דער דורכגאַנג ווערט אין דער טיעפעניש נישט ברייטער אויף אַזוי פיעל, אַז די שלאַנג זאָל האָבען די מעגליכקייט זיך אויסצודרעהען און זיך אַרויפוואַרפען אויף איהם. ער האָט זיך פעסט געהאַלטען פאַר'ן ווערעל, זיך אָנ־האַלטענדיג מיט די פאַנאַנדערגעשפרייטע לאַפּקעס ביי'ם אַראָב־לאָזען זיך פון דער פינסטערער משופעקייט פון דער וואַרעמליכער פייכטער ערד.

ענדליך האָט דאָס גראָז ביי דער לאָך פון דער נאָרע זיך אויפ־געהערט צו בעוועגען און דאַרזי האָט געזאָגט:

— שוין אַ סוף מיט ריקקי'ן. לאָמיר אָנהויבען אַ בעגרעבע־ניש־ליעד! געפאַלען דער קעמפפענדער ריקקי־טיקקי! נאַגאַינע וועט איהם געוויס ערמאָרדען אונטער דער ערד!

און גלייך האָט ער אָנגעהויבען אַ טרויעריגען געזאַנג, וואָס ער האָט פערפאַסט אונטער דעם איינדרוק פון דער מינוט, און ווען ער איז דערגאַנגען גראַדע צו דער ריהרענדסטער שטעלע, האָט זיך דאָס גראָז ווידער אָנגעהויבען בעוועגען, און פון דעם גרוב האָט זיך אַרויסגעגראַבעלט אַ לאַפּקע נאָך אַ לאַפּקע, ביז עס האָט זיך ענדליך בעוויזען דער גאַנצער פערבלאָטיגטער ריקקי־טיקקי, זיך בעלעקענדיג די וואָנסעס. דאַרזי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און איז פערשוויגען געוואָרען. ריקקי־טיקקי האָט זיך אַביסעל אָבגע־טרייסעלט פון שטויב און אַ ניס געטהון.

— שוין איינגאַנצען געענדיגט, — האָט ער געזאָגט. — די אלמנה וועט שוין קיינמאָל נישט אַרויסגעהן.

און דערהערענדיג דאָס האָבען די רויטע מוראַשקעס, וועלכע וואָהנען צווישען די שטענגלעך גראָז, זיך אָנגעהויבען אַראָבצולאָזען איינע נאָך דער צווייטער אין דער נאָרע אַריין, כדי זיך איבערצייגען, צי דאָס איז אמת.

ריקקי־טיקקי האָט זיך איינגעדרעהט אין אַ קנויל און איז איינגעשלאָפען אין גראָז. ער איז געשלאָפען זעהר לאַנג, ביז'ן סאַמע אָבענד, דען אין יענעם טאָג האָט ער אויסגעפיהרט אַ שווערע אַרבייט.

אַלס ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער געזאָגט:

— איך קעהר צוריק אַהיים. דאַרזי, זאָג דעם קופּערשמיעד, ער זאָל וויסען געבען אין גאַנצען גאָרטען וועגען נאַגאַינע'ס טויט.

דער קופּערשמיד איז אַ קליין פויגעלע, וואָס זיין שטימע איז איינגאַנצען עהנליך צו אַ קלאַפּ פון אַ האַמער אויף קופּער, און ער לאָזט זיך שטענדיג הערען דערפאַר, ווייל אין די אינדישע דערפער ערפילט ער דעם אַמט פון אַ עפענטליכען אויסרופער, וועלכער גיעט צו וויסען אַלערליי נייעס יעדען, וועד עס וויל איהם נאָר אויסהערען.

געהענדיג אויפ'ן שטעגעל, האָט ריקקי־טיקקי צום ערשטען דערהערט זיין וועק־רוף, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ קליין גלעקעל, וואָס רופט צו מיטאָג, און דערנאָך זיין איינטעניג אויסרופען:

— ד י נ ג־ד אָ נ ג־ט אָ ק ! נאַג געשטאָרבען — ד אָ נ ג ! נאַגאַינע געשטאָרבען ! ד י נ ג־ד אָ נ ג־ט אָ ק !

דערהערענדיג דאָס, האָבען אַלע פויגעל אין גאָרטען אָנגעהויבען זינגען, און די פרעש — קוואַקען, דען נאַג און נאַגאַינע פלעגען פרעסען פרעש ווי אויך קליינע פויגעלעך.

ווען ער איז געקומען אַהיים זענען טאַדעאוס, זיין מוטער, וועלכע איז נאָך געוועזען זעהר בלאַס פון דעם, וואָס זי איז נישט לאַנג געפאַלען אין חלשות, און טאַדעאוס'עס פאָטער אַרויסגעגאַנגען איהם אַקעגען און האָבען שיער נישט געוויינט פון ריהרונג. יענעם אָבענד האָט ער שוין געגעסען אַלץ, וואָס מען האָט איהם געגעבען, כל זמן ער האָט נאָר געקאָנט עסען, און דערנאָך איז ער אויף טאַדעאוס'עס אָרעם געגאַנגען שלאָפען אין זיין בעטעל, וואו טאַדעאוס'עס מוטער האָט איהם נאָך געטראָפען, ווען זי איז געקומען בעזוכען דעם זוהן שפּעט ביינאַכט.

— ער האָט אונז און טאַדעאוס'ן געראַטעוועט דאָס לעבען,— האָט זי געזאָגט צום מאַן.— טהו נאָר אַ קלער, אונז אַלעמען האָט ער געראַטעוועט דאָס לעבען!

ריקקי־טיקקי איז אויפגעשפּרונגען גלייך אויף די פיס, דען די איכנעאומאָנען שלאָפען זעהר לייכט.

— אַ, דאָס זענט איהר,— האָט ער זיך אָבגערופען.— צו וואָס זאָלט איהר זיך בעאונרוהיגען? קיין איין ברילענשלאַנג לעבט שוין נישט, און אפילו ווען איינע וואָלט נאָך יאָ געוועזען,— טאָ צו וואָס בין איך דאָ?

ריקקי־טיקקי האָט געהאַט דאָס רעכט צו זיין שטאָלץ מיט זיך, נאָר ער איז כלל נישט געוואָרען קיין בעל־גאוה; אדרבא,

ער איז ווייטער אויך געשטאַנען אויף דער וואַך אין גאָרטען, ווי־
עס פּאַסט פאַר אַ איהנעאומאָן, מיט ברייטע ציינער און נעגעל;
און דעריבער טאַקי האָט קיין ברילענשלאַנג נישט געוואַגט צו ווייזען
דעם קאָפּ אינווייניג פון צוים.

---

# אַנמערקונג פון דעם איבערזעצער.

דער ענגלישער פּאָעט און ערצעהלער ר ע ד י אַ ר ד ק י פּ ל י נ ג איז איינער פון די גרעסטע און פּאָפּולערסטע שריפטשטעלער פון היינטיגער צייט. זיין גרויסען נאָמען האָט ער זיך געקויפט דורך זיינע ערצעהלונגען און שילדערונגען פון אינדיען און דעם אינדישען לעבען.

ק י פּ ל י נ ג איז אַ ענגלענדער, וועלכער איז געבאָרען און ערצויגען געוואָרען אין באָמביי, אין אינדיען, וואו אַ קליינע צאָהל ענגלענדער רעגירען איבער דאָס אַלטע, גרויסע און האַלב־ווילדע לאַנד. זייענדיג גוט באַקאַנט מיט דעם אינדישען לעבען, האָט ער דאָס דאָזיגע לעבען ווידער געשאַפען אין אַ העכסט־אָריגינעלער קינסטלערישער פאָרם. אויף אַזאַ אופן האָט ער פאַר'ן איראָפּעאישען לעזער ענטדעקט דאָס ווייטע אינדיען מיט זיינע אַלע אייגענאַרטיגע לעבענס־פאָרמען און מערקווירדיגע ערשיינונגען. קיפּלינג'ס ווערק זענען דערייבער דאָפּעלט אינטערעסאַנט: אי דורך זייער קינסטלערישער און פּאָעטישער פאָרם, אי דורך זייער אינהאַלט, וואָס איז גאַנץ ניי פאַר דעם איראָפּעאישען לעזער.

נאָר דאָס בעסטע און שענסטע פון קיפּלינג'ס ווערק, דאָס ווערק, וואָס האָט איהם גלייך געשטעלט אין די ערשטע רייהען פון דער וועלט־ליטעראַטור, איז אָהן צווייפעל זיין „בוך פון דער דזשונגלי" (וויסטע — די ווילדע אינדישע וועלדער). דורך זיין אַבסאָלוט־איינפאַכער, נאָר צוגלייך גרויסאַרטיגער, קינסטלערישער פאָרם, וועלכע יאָגט זיך נישט נאָך קיין עפעקטען און מאַכט דאָך אויפ'ן לעזער דעם שטאַרקסטען איינדרוק (אַ אייגענשאַפט, וועלכע מען טרעפט נאָר ביי די קלאַסיקער), און דורך זיין מערקווירדיגען אינהאַלט, וועלכער טראָגט אונז אַריבער שוין נישט נאָר אין אַ פרעמד לאַנד און צווישען נייע אונבעקאַנטע מענשען, נאָר אין אַ מלוכה, וואו קיין מענשליכע פוס האָט נאָך פיליכט קיינמאָל נישט געטרעטען, וואָס איז פאַר'ן מענשען אינגאַנצען פערשלאָסען און איז דאָך פול מיט אַזוי פיעל אינטערעסאַנטען לעבען, — דורך דיעזע צוויי בעדינגונגען האָט דאָס „בוך פון דער וויסטע" מיט רעכט פערדיענט צו פערנעהמען אַ אָנגעזעהענעם פּלאַץ צווישען די בעסטע קלאַסישע ווערק.

נאָר פאַרלעגענדיג דאָס דאָזיגע ווערק פאַר'ן יודישען לעזער, מוזען מיר פאָרויס געבען איניגע ערקלערענדע בעמערקונגען.

דאָס דאָזיגע בוך פיהרט אונז אַריין אין דער וויסטע און ווייזט אונז איהרע אַלע איינוואָהנער — די חיות. מיר זעהען, ווי זיי לעבען, און נאָך מעהר: מיר הערען, ווי זיי רעדען און דענקען. זייער אַרט לעבען, טראָץ זיין מערקווירדיגקייט, האָט פיעל עהנליכקייט צו'ם

מענשליכען לעבען, און רעדען און דענקען זענען דאָך שוין געװיס נאָר מענשליכע אײגענשאַפטען.

איז װאָס, הײסט עס? צי האָט קיפּלינג אַמאָל נישט געמײנט צו געבען אונז אַ משל, אַ מין אַלעגאָריע, אַ מין סימבאָל פון מענשליכען לעבען, כּדי מיר זאָלען זיך אַראָבנעהמען אַ מוסר, אָדער עפּעס אַ מין סאַטירע אויף די מענשען?

ניין. קיפּלינג איז צופיעל ענגלענדער פאַר אַזעלכע זאַכען. זיין בליק אויפ'ן לעבען איז אַ גאַנץ רעאַליסטישער, און האָטש ער האָט אַ רײַכע שעפּפערישע פאַנטאַזיע, דאָך איז ער אַזוי פיעל ניכטער, אַז ער פאַלט נישט אַריין אין קיין סענטימענטאַלען ראָמאַנטיזמוס.

קיפּלינג האָט נישט געשריבען קיין משל, קיין אַלעגאָריע, קיין סימבאָל און אפילו קיין סאַטירע, נאָר גאָר פּשוט — דערצעהלט דאָס אמת'ע לעבען פון די חיות אין דער אינדישער װיסטע. צו'ם דאָזיגען לעבען האָט ער זיך לאַנג־לאַנג צוגעקוקט און עס לאַנג־לאַנג געפאָרשט, געזאַמעלט פערשיעדענע ידיעות מיט גרוים מיה, ביז עס איז איהם געלונגען אַרײַנצודרינגען אין די טיעפסטע בעהעלטענישען פון דער אינדישער װיסטע, און דאָס, װאָס ער שילדערט אונז, איז דאָס רעאַלסטע לעבען פון דער װיסטע.

און אויב קיפּלינג'ס חיות דענקען און רעדען און טהוען פיעל זאַכען כמעט װי מענשען, איז עס נאָר דערפאַר, װײַל דער אויטאָר האָט נישט געהאַט קיין אַנדער מיטעל, װי צו ענטדעקען פאַר אונז די נשמה פון די חיות, װען ער װאָלט זיך נישט בענוצט מיט די מענשליכע מיטלען. נאָר דערפאַר שטאַמט דאָס דאָזיגע רעדען און דענקען פון זייער אינערליכער פּסיכאָלאָגיע, לויט װי מען קאָן בעמערקען פון זייער לעבען. אויב עס װערט דערצעהלט װעגען געזעצען, װאָס עקזיסטירען צװישען די חיות, זענען דאָס װירקליך געזעצען, האָטש נישט קיין געשריבענע און נישט קיין בעװאוסטזיניגע, נאָר דאָך אָנגענומענע צװישען די חיות, װײַל זייער לעבענס־ערפאַהרען האָט זיי געצװאונגען דאָס אָנצונעהמען.

„דאָס בוך פון דער װיסטע" בעשטעהט פון אַ גאַנצער רײַהע ערצעהלונגען װעגען מאָוגלי, אַ מערקװירדיגער טיפּ פון אַ מענש און אַ װאָלף צוזאַמען, און נאָך פון אַ רײַהע אַנדערע ערצעהלונגען װעגען חיות. אין דעם דאָזיגען ערשטען טייל פון דעם „בוך פון דער װיסטע", װאָס װערט פאָרגעלעגט פאַר'ן לעזער, זענען אַרײַן די בעסטע צװיי ערצעהלונגען פון דער מאָוגלי־סעריע, װאָס יעדע פון זיי שטעלט פאָר אַ גאַנץ בעזונדערע געשלאָסענע זאַך און איינע פון די בעסטע פון די איבעריגע ערצעהלונגען פון דער װיסטע.

———————

